# א י נ ה אַ ל ט

זייט

# מענדל אָשעראָוויטש ז״ל

## 14. יאַנואַר 1887 — 16. אפּריל 1965

... און עס איז געקומען אַ צײַט ווען מענדל אָשעראָוויטש האָט דערפֿילט אַז זײַנע טעג זײַנען געציילטע.

„טעג״ נישט אין אַ בוכשטעבלעכן זין נאָר לויט דעם ביבלישן באַגריף פֿון „ימים״. די צײַט איז געוואָרן קורץ, מע האָט זיך געדאַרפֿט צואײַלן, ווען נישט וועט זײַן צו שפּעט.



מענדל אָשעראָוויטש, וואָס האָט פֿאַרמאָגט אַ ברויזנדן טעמפּעראַמענט, האָט אָבער בטבע פֿײַנט געהאַט אײַלעניש. זײַן שעפֿערישע אַרבעט האָט ער אַלע מאָל געטאָן בנעימות, זאַכלעך און באַטראַכט. אויף די עלטערע יאָרן איז די בנעימותדיקייט נאַטירלעך געוואָרן נאָך מער פּאַוואָליע. דערצו האָט זײַן געזונט־צושטאַנד זיך פֿאַר־

ערגערט. קיין זאך איז אבער נישט געווען אימשטאנד צו צוימען זיין ארבעטסזאמקייט. אין די לעצטע מאנאטן פון זיין לעבן איז די ארבעט אים אנגעקומען זייער שווער; ער איז אבער געווען פארעקשנט, האט נישט געוואלט זיך אונטערגעבן. ער האט „געשפילט א קאמף" מיטן מלאך־המות, האפנדיק אז אזוי לאנג ווי אשעראוויטש וועט ניט פארענדיקן די ארבעט וועט דער מלאך פון טויט אים שאנעווען.

„... איך וויים אז ער שטייט דא ערגעץ אין א ווינקל און טשאטעוועט אויף מיר, אבער ער וועט נישט וואגן מיך צו טשעפען ביז איך וועל פארטיק ווערן מיט דער ארבעט", האט ער זיך געוויצלט ליגנדיק אויף דעם שפיטאל־בעט. זיין אמאליקער קרעפטיקער גוף איז געווען איינגעשרומפן, אבער דער קאפ אויפן קישן איז געווען דער זעלבער לייבן־קאפ, מיט דער גרויער שעוועלורע האר. זיין חיתוך־הדיבור איז געווען ווי אלע מאל, קלאר און פרעציז, יעדע זילבע ווי א שרויטעלע, די „ר" א הארטע, אויסגעקיילעכטע פון אלע זייטן.

ער האט מיר אמאל געהאט דערציילט וועגן זיין באזוך אין סאוועט־רוסלאנד אין די דרייסיקער יארן. ווען עס פלעגט אים דארט באפאלן אן אומעט אין דער דערדריקנדער אטמאספערע פון דער פרעמד, האט ער געטראכט פון דער פרייער אמעריקע און בשעת מעשה אנגעטאפט אין קעשענע די שליסלען פון זיין היים אין ניו־יארק. ער האט געהאט א געפיל אז ווי לאנג ער האלט זיך אן אין די שליסלען וועט אים קיין שלעכטס נישט געשען.

איצט איז די ארבעט געווארן דער שליסל פון פארזיכערונג, דאס שטרויעלע אין וועלכן ער האט זיך אנגעכאפט. ער איז אלע מאל געווען א געוויסנהאפטער בעל־מלאכה, דעריבער האט ער געפילט אז ווי לאנג ער וועט נישט דערפילן זיין אויפגאבע, און פארענדיקן דעם דריטן באנד פון „יידן אין אוקראינע", איז עס זעלבסטפארשטענדלעך אז דער מלאך־המות וועט נישט וואגן אים אנצורירן.

איך געדענק א באזוך ביי אים אין א רעגנדיקן נאכמיטיק. מיר זיינען געזעסן אין זיין ארבעט־צימער, די ווענט פארשטעלט פון אויבן ביז אראפ מיט ביכער, דער שרייב־טיש פארלייגט מיט מאנוסקריפטן און קארעקטורן פון ערשטן באנד „יידן אין אוקראינע". צוליבן וועטער האט אשעראוויטש זיך געפילט יענעם טאג ערגער ווי געוויינטלעך. פון צייט צו צייט האט ער ארויסגענומען פון א שופלאד א זויערע צוקערקע, אויך דעם גאסט מכבד געווען. „דאס דערקוויקט דעם גומען אבער צום הארץ העלפט עס נישט", האט ער זיך באקלאגט. „אוי, וואו נעמט מען כוחות? . . ."

ער האט יענעם טאג מיר געוויזן די הגהות פון זיין „די השכלה ביי יידן אין אוקראינע", ווי אויך מרדכי בערנשטיינס ארבעט „די יידן אין אוקראינע אונטער דער צארישער הערשאפט". דער ערשטער באנד איז שוין געווען כמעט גרייט צום דרוק. אשעראוויטש האט שוין אנגעצייכנט דעם פלאן פארן צווייטן באנד. אבער שוין דאמאלסט האט אים געפייניקט א פארדאכט אז עס וועלן ניט קלעקן קיין פינאנציעלע מיטלען ארויסצוגעבן אלע דריי בענדער.

עטלעכע מאנאטן פאר זיין טויט, ווען איך האב אים באזוכט אין בית־ישראל־שפיטאל, האט ער שוין גערעדט וועגן דער מעגלעכקייט פון נישט־האבן קיין דריטן באנד

מיט א פיינלעכער זיכערקייט. „איך האב צוגעזאגט אין דער הקדמה אז מיר וועלן ברענגען אפהאנדלונגען אויף א סך געביטן... איך זע ניט ווי אזוי מיר וועלן קענען דערפילן דעם צוזאג״, האט ער זיך באקלאגט מיט א ווייטיק אין זיין שטימע.

איצט איז זיין זארג געווען א טאפעלע: ער האט געהאלטן סיי ביים פארלירן די „פארזיכערונג״ קעגן מלאך־המות, און סיי ביים פארראטן זיין צוזאג. אין דער הקדמה האט ער אנגעצייכנט א פלאנמעסיקן וועג: ליטעראטור, רעוואלוציאנערע ארבעטער־באוועגונג, טעאטער און מוזיק ביי יידן אין אוקראינע, חסידות, השכלה און ציוניזם — א לאגישע סעקווענץ וואס וועט נישט פארענדיקט ווערן... דאס האט געמאטערט אשעראוויטשן. ער האט געוואלט כאטש טיילוויז דערפילן דעם צוזאג, נאכפאלגן דעם פלאן אויף וויפל סע וועט זיך לאזן.

מיט גרויסע יסורים איז ער אנגעגאנגען מיט זיין ארבעט. ער האט געזוכט סטעזשקעס וואס זאלן פארקירצן דעם וועג, שנעלער גרייכן דעם ציל. די צייט איז ניט געשטאנען, דער בייזער מלאך האט געלויערט מיט טויזנט אויגן. אשעראוויטשן האט געדינט נאר איין אויג, און די פערלדיקע בוכשטאבן האבן שוין ניט געפלאסן מער אזוי קלאר און דייטלעך פון דער פען אין זיין ציטערדיקער האנט.

און דאן איז געקומען די שעה ווען דער בייזער מלאך האט ניט געוואלט ווארטן מער, אפשר דערפאר ווייל מענדל אשעראוויטש האט אפגעלאזט דאס שטרויעלע... ער האט ניט באוויזן צו פארענדיקן די ארבעט, ער האט אפילו ניט באוויזן צו טאקן און שלייפן דאס צוגעגרייטע ווי עס איז געווען זיין שטייגער. ער האט שוין געפילט אז אפילו דאס וואס ער האט צוגעגרייט וועט נאר טיילוויז אריינגענומען ווערן אין צווייטן באנד. פון א דריטן באנד האט ער ניט געוואגט מער צו חלומען.

האט געפלאצט די סטרונע פון א גרויס, ווארעם, יידיש הארץ . . . „אט איז געווען א מענטש און ער איז מער נישטא, און ס׳ליד פון זיין לעבן האט זיך איבערגעריסן אין מיטן״ — ווי עס זינגט דער דיכטער. פאר מ. אשעראוויטשן זיינען די ווערטער צוגעפאסט ניט נאר אין שייכות מיט דער אונטערנעמונג פון „יידן אין אוקראינע״. מענדל אשעראוויטש האט ארומגעטראגן אין זיך א בינטל חלומות, צווישן זיי אן עמבריא פאר א היסטארישן ראמאן, געבויט אויף די דריי נביאים אין דער תקופה פון מנשה מלך יהודה. ער האט געוואלט פארבינדן יענע תקופה מיט דעם היטלער־חורבן און מיט דער אנטשטייאונג פון מדינת־ישראל — א סארט בעלעטריסטישער חזיון פון ויהי באחרית הימים בליקנדיק אויף צוריקוועגס.

אט דער חלום, ווי אלע אנדערע, איז אפגעשטארבן צוזאמען מיט אשעראוויטשן.

אונדזער יידישע וועלט איז ארעמער געווארן. זי וועט לאנג געדענקען מענדל אשעראוויטשן מיט דאנקבארקייט, ווייל ער האט איבערגעלאזט אן אוצר מיט וועלכן ער האט פארשענערט אונדזער לעבן און דערמיט אויפגעשטעלט פאר זיך אן אייביקן מאנומענט.

געבענטשט זאל זיין זיין אנדענק.

**שלמה בן־ישראל**

# יעקב קופער ז״ל

## דער סימבאָל פון געזעלשאַפטלעכער אַחריות

וועגן דעם פריציַיטיק־פאַרשטאָרבענעם י ע ק ב (ד ז ש ע ק) ק ו פ ע ר קען מען אָן שום איבערטרײַבונג זאָגן, אַז ביז זײַן לעצטן אָטעם־צוג האָט ער געזאָרגט פאַר די יידישע אָרגאַניזאַציעס מיט וועלכע ער איז געווען פאַרבונדן במשך פון צענדליקער יאָרן און אין אַ גרויסער מאָס סטימולירט זייערע טעטיקייטן.

די פרײַנט פון פאַרשטאָרבענעם דזשעק קופער, וועלכע האָבן פון דער נאָענט אָבסערווירט דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן פון דעם האַרציקן, ווײַט־זעעוודיקן פאָלקס־טוער, האָבן געוואוסט, אַז זײַנע פערזענלעכע אינטערעסן זײַנען געווען פאַר אים אַ זײַטיקער ענין און אַז דער קערן און אינהאַלט פון זײַן גאַנץ לעבן איז געווען די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט.



דזשעק קופער איז געווען די טרײַב־קראַפט פון אוקראַיִנער קאָמיטעט, וואָס האָט אין די לעצטע יאָרן אַנטוויקלט אַ פאַרצווײַגטע טעטיקייט ; ער איז געווען די נשמה פון דער רעזניוועקער סאָסײַעטי, די לאַנדסמאַנשאַפט פון דעם שטעטל, וואו ער איז גע־

בוירן געווארן אין יאר 1902; ער האט באלאנגט צו די איבערגעגעבנסטע פירער אין ישראל-באנד-קאמפעין, אין דער הסתדרות, אין יידישן נאציאנאל-פאנד, „האיאס"-קאונסיל, „ארט" און אויך אין „ייווא".

דער פארשטארבענער דזשעק קופער איז געווען א פאלקסטימלעכער מענטש מיט ברייטע האריזאנטן און פארשטענדעניש פאר די פארשידנסטע יידישע באדערפענישן. ער האט געפילט א נויטווענדיקייט זיך צו באטייליקן אין יעדער נאציאנאלער יידישער קערפערשאפט — פאר דער באפרידיקונג פון די מאטעריעלע און גייסטיקע יידישע באדערפענישן.

דזשעק קופער האט באלאנגט צו די ערשטע פאלקס-טוער, וועלכע האבן פארשטאנען, אז פאראלעל מיט דער הילף פאר טאג-טעגלעכע יידישע נויטן, מוזן געמאכט ווערן אלע אנשטרענגונגען, כדי צו פאראייביקן דעם אנדענק פון די העלדן און מארטירער אין די געטאס און שקלאפן-לאגערן — און בכלל די יידישע קרבנות פון פארפאלגונגען און פאגראמען אין פארשידענע צייטן.

צוליב דעם טאקע האט דזשעק קופער מיט אזויפל ברען זיך אריינגעווארפן אין דער ארבעט פון אוקראינער קאמיטעט, וואס האט זיך אונטערגענומען צו פאראייביקן די חרוב-געווארענע יידישע קהילות אין אוקראינע. דאס מאנומענטאלע ווערק וועגן אוקראינער יידנטום איז אין א גרויסער מאס פארווירקלעכט געווארן א דאנק זיין עקשנות.

נישט נאר האט דזשעק קופער געהאלפן שאפן פאנדן פאר דער געשיכטע, נאר ער האט דערמוטיקט די אייגנטלעכע שעפער פון דעם ווערק, בראש מיט דעם רעדאקטאר, דעם באוואוסטן יידישן שריפטשטעלער און היסטאריקער מענדל אשעראוויטש ז"ל, וועלכער האט גענומען אויף זיך דעם גרויסן עול פון געבן א היסטארישן תיקון די שעפערישע אויפטוען פון מארטירערישן אוקראינער יידנטום.

אין מאמענט פון פארצווייפלונג און רעזיגנירטקייט איז מענדל אשעראוויטש געקרעפטיקט געווארן דורך דעם ענדלאזן אפטימיזם פון דזשעק קופער, וועלכער האט אפילו אין די סאמע קריטישסטע מאמענטן נישט פארלוירן זיין ענטוזיאזם און דורכגעבראכן אלע שוועריקייטן, כדי צו פארווירקלעכן די אנגעצייכנטע פלענער פאר דעם ווערק וועגן אוקראינער יידנטום.

דזשעק קופער איז דורכגעדרונגען געווען מיט אן אומגעצוימטן באגער צו פאראייביקן דעם אנדענק פון די אוקראינער קדושים און אפצוהיטן דעם יחוס-בריוו פון די חרוב-געווארענע יידישע קהילות אין דער אוקראינע.

פאר דער משפחה, לאנדסלייט און פארערער פון דזשעק קופער דארף אבער ווי א טרייסט דינען דער פאקט, וואס זיין אנדענק לעבט אין די געמיטער פון הונדערטער, אויב נישט טויזנטער יידישע פאלקס-מענטשן אין ניו-יארק, פאר וועמען ער איז אויסגעוואקסן צו א סימבאל פון מסירת-נפשדיקער איבערגעגעבנקייט פארן יידישן פאלק.

דער דאָזיקער באַנד האָט געזאָלט אויסזען אין גאַנצן אַנדערש. דאָ איז אָפּגעדרוקט אַן ערך אַ דריט־חלק פון דעם וואָס עס ליגט גרייט אין די שופלאָדן פון דער רעדאַקציע. דער גאַנצער מאַטעריאַל איז דורכגעגאַנגען דורך מ. אַשעראַוויטשעס, ע"ה, הענט, און וואָלט ער געלעבט, וואָלט מען שוין געפונען די מיטלען ווי אַרויסצוגעבן אַלע אַרטיקלען וואָס זיינען געווען פאַרפלאַנירט און אויסגעפאַרטיקט פאַר אָט דער אויסגאַבע.

נאָך מער: וואָלט מען געוואוסט מלכתחילה אַז דעם באַנד וועט מען מוזן אַרויסגעבן שטאַרק געקירצט, וואָלט מען דעם מאַטעריאַל אַנדערש אָפּגע־קליבן און אַנדערש צונעשניטן. איז אָבער מ. אַשעראַוויטש אַוועק פון דער וועלט, ווען פיר פון די זעקס אַרבעטן פונעם דאָזיקן באַנד זיינען שוין געווען אויסגעזעצט, און ס'איז שוין געווען אוממעגלעך כאַפּן צוריק. מיט גרויסע אָנשטרענגונגען האָט זיך איינגעגעבן אַריינצונעמען נאָך צוויי אַרבעטן: א. ר. מלאכים אויסגעצייכנטע מאָנאָגראַפיע וועגן דער ייִדישער פּרעסע אין דרום־רוסלאַנד און ג. סוועטס זייער לעבעדיקע אַרבעט וועגן חזנות אין אוקראַינע.

און נאָך עפּעס: מיר זיינען אַפילו ניט בכוח אויסצושטעלן דאָ די עטלעכע אַרבעטן ווי אונדז וואָלט זיך געוואָלט. (תּוכיקע שינויים האָבן מיר ממש אין דער לעצטער מינוט געמאַכט.) ווילן מיר כאָטש אין אונדזער קליינער הערה אָנגעבן, אַז א. ר. מלאכים אַרבעט האָט באַדאַרפט קומען נאָך בעל־מחשבותעס. זיי זיינען טעמאַטיש מער געבונדן און געהערן צו איין פעלד.

זאָלן אונדז אונדזערע לאַנדסלייט און בכלל אונדזערע ייִדישע לייענער מוחל זיין, אין דער איצטיקער סיטואַציע האָבן מיר זיך קיין בעסערע עצה ניט געקענט געבן.

י. ב.

אליעזר שטיינמאַן

# נעכטן־אַנומלטן

## א. עטוואָס וועגן דער העזה

שלייפן מײַנע, צופּט ניט, רײַסט ניט. האַרץ מײַנס, קלאַפּ ניט אַזוי שטאַרק. זכרון, לויף ניט אַזוי גאַלאָפּ, ווי אַ ביסטרע צעפּלאָשעט פערד. שטיל און געלאַסן זאָלט איר מיר זײַן, שטיל און שטילער. מיר לאָזן זיך אויף קבר־אָבות, אויפן קבר פון דעם ליכטיקן נעכטן, אויפן קבר פון אַ געוועזענער ייִדישער גלאָריע, פון אַן עבר, וואָס איז מלא חן.

אַ מאָל איז געווען אַ מלך. אַ מאָל האָט געלעבט אַ מלכותדיקער, שעפערישער ייִדישער שבט אין אוקראַינע־לאַנד. טײַערע ייִדן זײַנען דאָס געווען; ליבע, האַרציקע, פריילעכע, אויך זייער טרויעריקע; פאַרשמײַעטע און פאַרהאַוועטע, דאָך ליטערע און מיושבדיקע מוחות; אַרײַנגעטאָנענע אין פּרנסה־דאַגות און פאָרט גאַנץ אָפּט פון זיך אויסגעטאָן און אין עולמות־עליונים פאַרדבקעטע, נאָך גאָט געלעכצט. פון גויים גערודפטע, אויסגעשטאַנען געבּרענטע ליידן און ביטערע גזירות, און דאָך דעם מוט ניט פאַרלוירן, ווי פעלדזן פעסט, אומדערשראָקן־פאַרשראָקענע. מחמת מרירות־הנפש, ווי קינדער געוויינט, און אויך ווי זיי געלאַכט, געשטיפּט, געפּראַוועט שמחות און חתונות, בריתן, בר־מצוות און סיום־הש״ס. זייערע שמועסן איבער הײַ־יאָריקער גערעטעניש פון תבואות, איבער מילן, קרעטשמעס, פּריצים און אַרענדעס, זײַנען דורכגעפלאָכטן מיט מוסר־מאַמרים און מראי־מקומות פון חכמינו זכרונם לברכה, מיט אַ גמראַ־פּשטל און אַ מימרה פון דער אגדתא, מיט אַ חסידישן סיפּור־המעשׂה און סתם אַ גלײַכווערטל אָדער אַ מקשין־העולם. די וועלט פרעגט, די וועלט פאַרענטפערט, דער של״ה הקדוש זאָגט, רש״י מאַכט, רבינו בחיי שרײַבט און וועלט־חכמים האַלטן. אַ קלייניקייט די וועלט! וועלט איז דאָך עפּעס ניט הפקר. יאָ, אַ וועלט מיט וועלטעלעך און ייִדן וועלן בלײַבן ייִדן, פּונקט ווי זיי זײַנען געווען ייִדן זינט די וועלט איז אַ וועלט. וואָרעם ס'איז דאָך עפּעס ניט קיין פּוסטע וועלט.

די וועלט האָט שוין גאָרניט אויסגעזען פאַר זיי פּוסט. זי איז געווען אָנגעזאַפּט מיט וואָכעדיקע תפילות, שבתדיקע זמירות און ימים־נוראימדיקע ניגונים. דער ניגון באַגלייט דעם ייִדן, וואו ער שטייט און גייט, בײַם דאַוונען און בײַם בענטשן, בײַם אָפּמעסטן אַן אַרשין סחורה בײַם מלמדישן אויסקנעלן מיט דעם ייִנגעלע פּתח אַלף אַ־ה און קמץ בית־בּ־אָ... זאָג זשע נאָך אַ מאָל, ייִנגעלע, און טאַקע נאָך אַ מאָל: פּתח אַלף אַ־ה און קמץ בית בּ־אָ, זינג דאָס אויס, ייִנגעלע, זינג, ייִנגעלע, זינג. ייִנגעלע האָט געפאָלגט און געזונגען, אויסגעזונגען דעם אַלף־בית, דעם גאַנצן חומש מיט די פאַרטײַטשונגען און אויסריידענישן, שווערע סוגיות פון דער גמרא, אויך אַ טיפן רמב״ם, אַ פּרק אין חובת־הלבבות. און אַפילו מיט אַ ניגון דורכגעשפּאַצירט דעם גאַנצן גיהנום פון ראשית חכמה, ווער שמועסט קאַפּיטלעך תהלים, אַגדות און מדרשים. און ווי האַרציק און רירנדיק־מעלאַנכאָליש האָט זיך אויסגעזונגען די אַרומריידעניש פון דעם פּסוק ואני בבואי מפדן ארם — און איך, יעקב, האָב צו אײַער מוטער רחלען ניט אַזוי געטאָן. ווײ, ווי יאָמערלעך האָט דאָס ייִדישע קינד אויסגעניגונט דעם חורבן בית־המקדש, דעם גאַנצן ייִדישן גורל און דערבײַ זיך אַרײַנגעקייקלט אין דורות ייִדישע נרדפים פון אַברהם אָבינו ביז אין די ווײַטע משיחס צײַטן.

משיחס צײַטן, ווי ווײַט זיי זײַנען און ווי נאָענט. משיח איז ניט קיין פאַרנעפּלטער חלום, ניט קיין פאַרהוילענע זעאונג, ניט סתּם אַ גאַפונג און אַ גלוסטונג גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַרײַן. ער, דער גואל־צדק, איז אַ לעבעדיק וועזן, לעבעדיקער און ממשותדיקער פון אַלץ, וואָס רײַסט אויף די אויגן, אַזוי באַשײַמפּערלעך ווי דער הימל און די ערד, איצטיקער און דאָיִקער פון אַלע איצטיקייטן און דאָיִקייטן. זייער באַלדיק און געשווינדיק. ווילט נאָר — קומט ער. און אויב אַפילו איר וועט ניט וועלן, קומט ער דאָך, כאָטש ניט אין אײַלעניש. דער גרויסער פּלא פון משיחן איז, וואָס ער איז דאָ אויך, אײדער ער איז געקומען. דער גאַנצער ייִדישער קיום איז אַ דאַנק דעם דאָזיקן „אײדער". דער ערב־יום־טוב, ווי לאַנג ער איז, איז שוין פאַר זיך אַליין אַ יום־טוב. מזל־טוב. משיח־לעבן, מיר זעען דיך! דו קוקסט אַרויס פון יעדן ווינקעלע און דורך יעדן שפּעלטיקל, הויערסט און לויערסט אומעטום. דו שפּאַצירסט אַרום צווישן די שניט־קראָמען און שפּאַנסט אַרום אויף די ירידים. טוליעסט זיך צו איטלעכן באַזונדער, אַזש דער אָטעם ווערט פאַרכאַפּט פון דיר. דו קומסט און גייסט, קומסט און גייסט, אַזוי ווי דער שבת און דער יום־טוב, אַזוי ווי דער חודש אלול, וואָס קומט מיט אַן אָפּענעם געבייזער און אַ שטיל שטראַלנדיקער הבטחה פון סליחה ומחילה, ווי די ימים־נוראים, ווען סע ציטערט אויך אַ פיש אין וואַסער; ווי דער סוכּות אויסגעפּוצט מיט דעם אתרוג און לולב, וועלכע הייבן זיך שטאָלץ אין דער הייך

און טרייסלען זיך מיט פורכט און ציטערן אין אַלע פיר עקן פון דער וועלט; ווי דער שׂמחת־תּורה ווען ייִדן טאַנצן אויף די טישן און אין די גאַסן; דער חנוכּה מיט די קוויטלעך פון סופר־סתם־אותיות און קינדערישע דריידלעך „נס גדול היה שם״ און דער האַרבער און שמייכלענדיקער פּסח.

דער משיח איז געווען אַ ייִדישער און אויך די גאַנצע וועלט אין איר ערשטער און בעסערער אויסגאַבע, לויט איר אָרט און שורש, איז ייִדיש. די גויים זײַנען צוגעקומען העט שפּעטער און זי אַרײַנגעכאַפּט אין זייערע הענט. זײַנען פּריצים אַרומגעפאָרן אין די קאַרעטעס, אויף הויכע בערג שטייען די דײַטשן מיט די לאַנגע בײַטשן און דער יון געוועלטיקט. אָבער דאָס איז נאָר אויף אַ ווײַל: גלות! די זײַלן פון דער וועלט זײַנען דאָך די ייִדישע אָבות, אונדזערע גרויסע חכמים און תּורה־לערנער. האָבן ייִדן אויך אין דעם פינצטערן גלות זיך געפילט היימיש און האַפּערדיק, פריש און לוסטיק, אויסערלעך ווי אונטערטעניק און אינערלעך שטאָלץ און מוטיק, געבויט סוכּות און אויך מויערן. ייִנגלעך פון חדר זײַנען געגאַנגען אין די ווינטערדיקע אָוונטן מיט לאַמטערנס און געזונגען „הנה אל ישועתי אבטח ולא אפחד״. דערוואַקסענע, מיט תּורה־אָנגעלאָדענע ייִדן, האָבן הילכיק זיך מתווכּח געווען אויך אויפן מאַרק אין לומדישע ענינים. אַזעלכע ייִדן זײַנען דאָס געווען. יאָ, זיי זײַנען געווען. געווען, זײַנען זיי.

איך זאָג: „זיי״, אַז אָך און ווי? ווער זײַנען דען די „זיי״? זיי, דאָס ביסט דו, פּתיחה, מײַן פּעטער נחומס ייִנגעלע און מײַן חדר־חבר, דו און דו... איר אַלע מײַנע חברים בײַם לערנען אַלף־בית און חומש מיט רש״י, איר אַלע גמרא־בחורים פון אונדזערע בתּי־מדרשים אין די שטעטלעך, אַלע תּושבים פון מײַן געבורטס־שטעטל און פון אַלע אַנדערע מקומות פון דעם אַרום. איר אַלע אומגעקומענע, פאַרשניטענע און אויסגעלאָשענע, פון דעם אוקראַיִנישן ייִדישן שבט, איר און אויך מיר אַלע נאָך אײַך פאַרבליבענע, פון וועלכע ס'איז אויסגעשניטן געוואָרן שטיקער פון אונדזערע איכס אין וועמענס הערצער סע איז אויסגעברענט און אויסגעבראָטן געוואָרן היפּש פון דער אמונה אין דעם צלם־אלהים פון דער וועלט, וועמענס לעבנסוועג איז שוין ניט מער נײַערט אַ גיין, אַ גיין אויף קבר־אָבות, אַ צונויפזוכן די שפּורן פון אײַער אויסגיין און אַ צונויפקלײַבן די האַלאָוועשקעס פון אײַערע פאַרברענטע נשמות. יאָ, זיי זײַנען געווען און אויך מיר, זייערע יורשים, מיר, די איצטיקע, זײַנען שוין אויך אָן ערד געוועזענע, אַמאָליקע.

קענען דען הײַנטיקע כּמעט אויסגעלאָשענע צייכענען דעם חנעוודיקן שפּיל פונעם ליכטיקן נעכטן? ווי קען דאָס האַרץ אויסהאַלטן בײַם נישטערן אין קופּעס אַש? ווער האָט דען כּוח אָנצוזאַמלען אין אַ לאַגל אַזעלכע ביטערע טרערן? איז דען פאַראַן אַזאַ שפּראַך מע זאָל אַרײַנהויכן לעבן אין ניט־אויסגעלעבטע לעבנס? מעג מען דען שרײַבן וועגן אַזאַ ביטערן צאָרן, וואָס איז אויסגעגאָסן געוואָרן אויף מוטערס, פאָטערס, שוועסטערס און ברידער, פרײַנד און חברים, אַלע אַזעלכע נאָענטע, אייגענע איכיקע און דאָיִקע? שרײַבן וועגן אוצרות פון קדושים, מאַיאָנטקעס פון חכמה, אַ הימל פון נשמות, גאַנצע מענטשלעכע וועלטן? מיין איך אָבער ניט צו דערציילן וועגן זיי, ווי זיי זײַנען געווען אין זייער לעבעדיקער באַלויכטנקייט, נאָר ווי זיי שעמערירן, טונקלען און טוקן זיך אין מײַן געדעכעניש. ווי זיי זײַנען אײַנגעבאַקן מיר אין האַרצן און אַרײַנגעזאַכט אין מײַנע ביינער מיט זייערע גוססדיקע קרעכצן. הילפלאָז זײַנען מיר צו צייכענען און מאָלן זייערע לעבנס ניט־דערלעבטע, ווי אויפגייענדיקע זונען אָדער ווי לויכטנדיקע לבנות און שײַנענדיקע שטערן, און אַפילו ניט ווי פלאַקערנדיקע פאַקעלן. אָבער פּטור זײַנען מיר ניט אָנצוצינדן נאָך זיי פלעמלעך פון נשמה־ליכטלעך. שלייפן מײַנע, צופּט ניט, רײַסט ניט. האַרץ מײַנס, שלאָג ניט אַזוי שטאַרק. זכּרון, יאָג זיך ניט ווי אַ ביסטרע צעפלאָשעט פערד. לאַנגזאַם זײַ, שטיל און שטילער. שווער־ברוטאַל איז געווען די האַנט, וואָס האָט זיי צעשמעטערט, ברויזנדיק איז געווען דער גרימצאָרן, וואָס איז אויסגעגאָסן געוואָרן אויף זיי; ווילד־הילכיק זײַנען געווען די געשרייען פון די מערדערס, וועלכע האָבן געטראָטן מיט די פיס אויף זייערע געשענדטע קערפערס. דער דרך־ארץ איז מחייב צו שפּאַנען מיט שטילע טריט און טרעטן צווישן מצבות פון די, וועלכע זײַנען אַוועקגעריסן געוואָרן פון אונדז לעבעדיקערהייט און האָבן ניט קיין אַנדער רו און וואוין־אָרט נאָר אין דער טיף פון די זשיפּענדיקע לעבנס אונדזערע.

שאַ־שטיל און שטילער.

ניט קיין הקדמה, אויסרייד, אָדער אַ באַוואָרעניש, נאָר אַ פאַרענטפערונג פאַר זייער ליכטיקן אָנדענקען, ווי אויך אַ תּירוץ פאַר זיך אַליין וועגן דער העזה צו ריידן איבער זונען און לבנות, ווי איבער שאָטנס נעכטיקע.

## ב. וואָס אוקראַיִנע מיינט

אוקראַיִנע איז ניט דאָס וואָס איר נאָמען זאָגט, לויט דעם באַטײַט עק־לאַנד, אָדער גרענעץ־שטרעקע, און זי גופא וועדליק איר פאַרנעם, איז ריזיק. זי האָט זיך איבער בערג און טאָלן און ווילד־וואַלד צעלייגט. איז אײַנגעטיילט אויף פאַרשיידענע געגנטן. די גרעסטע פון זיי דער דניעפּער־שטח און די גרויסע שטרעקעס פון

פאדאליע, וועלכע הייבן זיך אן ביים בוג פון דרום־מערב זייט, גרענעצן זיך מיט דעם דניעסטער און קומען אין ענגער בארירונג מיט מזרח־גאליציע ארויפצודראפען זיך אויף די קארפאטן, כדי זיך אויסטשוכען, דורך כאפן א בליק אויף די בערג, פון דעם גרויסן אומעט, וואס ווארפן אן אויף איר די איינטאניקע און הארץ־נאגנדיקע לאנגע און ברייטע סטעפעס. דער ליכטיקער נעכטן וויל ניט, און קען ניט, זיך צעגיסן ברייט און ווייט. יעדער מענטש איז א קליין וועלטל. יעדע יידישע קהילה א מלוכה פאר זיך. יעדער געגנט אוודאי און אוודאי. א דארפס־ייד איז אנדערש פון א שטאט־ייד, סיי מיט זיין אויסזען און סיי מיט זיין אויסדויער ביי־צושטיין שווערע און ביטערע נסיונות. ס'איז מיט גאר־ניט צו פארגלייכן דעם געמיט־צושטאנד, געדאנקען־גאנג און געפילן־לויף פון א טאל־איינוואוינער צו די פון א בארג־זיצער. טייכן וואשן פנימער און שווענקען אויס נשמות, צערטלען אדער פארהארטעווען כאראקטערן, שפריצן מיט שמחה אדער מיט עצבות. אבער טייכן אליין האבן נאך ניט די גאנצע דעה. אויך זיי פאלן ארונטער דער השפעה פון זייער ארומיקייט; פון די ברעגן און די זאמדן, די ביימער און כלערליי געוויקסן און פלאנצן, פון טאל און בארג און מענטשלעכע שאפונגען, וואס שפיגלען זיך אין זיי; פון ראד־מילן, וועלכע רוישן אין זייער שכנות, און פון שיפן און שיפלעך, וואס שניידן זייערע וואסערן. דאס טיפישע, וואס אין יעדן יחיד, ציט זיין יניקה א סך מער פון דער קליינער נחלה און דער אינטימער היימישקייט, פון דעם ענגן קרייז און דעם ארטיקן קאליר, ווי פון דעם ברייטן כלל און פון דעם גרויסן לויתן, וואס הייסט לאנד און מלוכה. דער מענטש איז לויט זיין נאטור א פראווינצלער, כאטש ער מאכט אלע מאל דעם אנשטעל פון א גרויסשטעטלער און א גרויסוועלטלער. מיין כוונה, דאס איז אויך מיין גורל, צו גיין פוס־טריט אויף דעם קליינעם סטעזשקעלע, וואס פירט צום דניעסטער. איך בין א געבוירענער פון יענע מקומות אין פאדאליע, וועלכע טוליען זיך צום דניעסטער, און ווער סע טוליעט זיך ניט ממש ענג צו זיינע ברעגן, ציט זיך צו אים, לעכצט נאך אים, כאפט זיך אראפ פון צייט צו צייט צו אים זיך אויסצובאדן און זיך אנשפיגלען אין אים.

די דניעסטער־יידן, הן די גאר נאענטע צו אים און הן די א ביסל אפגערוקטע פון אים אין א זייט, שטייען מיר אלע מאל פאר די אויגן. איך קען זיי. איך קען זיי אין זיי און קען זיי אין זיך. בין איך אויסגעוויקט אין זיי און זיי זיינען מיר איינגעבאקן אין הארצן. קלאר בין איך אין זיי, ווי א ייד אין אשרי, מיט אלע זייערע פישטשעווקעס. דניעסטער־געגנט איז דער מיין די אלע יידישע ישובים און קהילות־קדושות, וועמענס בלוט האט גערונען אין גרויסע ריטשקעס אין די יארן ת"ח און ת"ט, אויך פריער, ווי אויך שפעטער, איבער די פעלדער און קליינע טייכעלעך, וועלכע פאלן אריין אין דעם דניעסטער. דאס זיינען די וועגן, וועלכע ס'האבן דורכגעמאכט די רוצחים פון יידן אין די שטעט, וועמענס נעמען עס זיינען פארשריבן מיט בלוטיקע אותיות אין די מגילות הפורעניות פון גאנטעס און כמעלניצקיס צייטן. א שטייגער נעמיראוו, טולטשין, קאמענעץ־פאדאלסק, באר, אלט־קאנסטאנטין, און אנדערע שטעט און שטעטלעך, אין וועלכע ס'זיינען אומגעקומען אן ערך א האלבן מיליאן יידן. אין יענע צייטן אויך אן ערך א דריטל פון יידישן פאלק. א שרעקלעכער פארשניט, א מאוימדיקער אומקום. ס'האט געלויערט חלילה די סכנה פארן קיום־האומה. יידן זיינען דעמאלט, ווי אלע מאל, אריבערגעקומען דעם אומקום, זיך גובר געווען אויפן שטן־המשחית. אפגערונען מיטן בלוט אבער ניט אויסגעגאנגען, נאר אויפגעגאנגען אין אים, אויפגעלעבט אין אים, ווי דער פסוק זאגט „בדמיך חיי". דורכגעלייטערט געווארן דורך אים. דאס קול פון דעם פארגאסענעם בלוט שרייט ארויס פון דער ערד און שטייגט ארויף צום הימל, רייסט דורך דעם הימל און מאכט די שארית־הפליטה פון די פארשניטענע הימלישער, לויטערער, טיפזיניקער און פיינפילנדיקער. פון דער ענגשאפט האב איך צו גאט גערופן און ער האט מיר פון דער ברייטקייט געענטפערט. אין דער ענגשאפט גופא איז די ברייטקייט איינגעוויקלט.

עס זיינען מיר שטארק איינגעקריצט אין זכרון די פנימער פון די פאדאליער יידן, אט א די וואס אין באלטע, אין בערשאד, אין אבאדיווקע, אין טראסטינעץ, אין זאבאקריטש, אין ווערכיווקע און מיאסקיווקע, ראשקאוו און קאמינקע, מאהילעוו־פאדאלסק און קאמענעץ־פאדאלסק, נעמיראוו און בראצלאוו, מעזשיבאזש, די קרוין־שטאט פון רבי ישראל בעל־שם־טוב, און דובאווע, וואו ס'איז אויסגעוואקסן דער שפעטערדיקער אנטדעקער פון ניי־חסידות אין דער יונגער העבראישער ליטעראטור, אליין אויך א וואונדער־מענטש, מיט א פארוואונדערטער און פארוואונדעטער נשמה — מיכה יוסף בערדיטשעווסקי, וואס האט געהאט א טביעות־עין און געקענט אראפלייענען פון זייערע פנימער די מגילת־הפורענות פון די יארן ת"ח און ת"ט. זייערע אויגן האבן געשפריצט מיט שרעק, דורכגעוועבט מיט האפענונגס־פייערלעך. אין זייערע שמייכלען האט זיך געחנדלט א געבעט, און זייערע שטימען האבן אפגעקלונגען מיט א בת־קול פון אן איינגעהאלטענעם געוויין. געגאנגען זיינען זיי מיט שטילער, אבער איילנדיקע טריט. דאך האט אויך אין זייער יאגעניש געשטעקט א היפשע איינגעהאלטנקייט און צוריקגעצויגנקייט. ווארעם פון איילעניש קומט דאך קיין גוטס ניט ארויס.

אויסגעהיט זאל מען ווערן פון כללים מאכן און פון מעסטן א גאנצן מענטשלעכן קיבוץ מיט איין ארשין. נשמות לאזן זיך ניט אריינווארפן אין איין זאק אריין. ניט אלע יוונים האבן איין פנים, און ניט אלע דניעסטער־יידן זיינען פון איין טייג אויסגעקנאטן געווארן. מיך

נאָגט בעיקר אַ שטענדיקער ספק, צי מעג מען מענטשלעכע וועזנס אײַנטיילן אין טיפּן. דער יחיד קען אַלע מאָל האָבן אַ גערעכטע טענה: איך בין איך און בין כּלל ניט געגליכן צו וועמען ס'ניט איז. איך בין פּלוני בן פּלוני, אָבער ניט קיין טיפּ. איך בין איינער און מער קיינער. קען איך זיך אָבער קיין עצה ניט געבן און טאָר ניט זיך ניט־וויסנדיק מאַכן, אַז משפּחות, און אויך גאַנצע עדות, באַשענקען זייערע יחידים מיט אַ בשותפֿותדיקן שורש. שורש איז אַלץ מיט אַן אַנדער. שורש דערקענט זיך אין דער אויסערלעכקייט, ווי אין דעם פּנימיות. שורש מיינט שׂכל, חיתוך־הדיבור, פּנים און אויגן, יאָ, אויגן, אויגן, גאָטס פֿענצטער. אויגן, וואָס דרינגען אַרײַן טיף אין דער נשמה. און קען ווער פֿון אונדזעריקע, די דאָרטיקע, פֿאַרגעסן יענע אויגן ייִדיש־ייִדישלעכע, פֿון וועלכע ס'האָט געקאַפּעט אַזאַ זיסע מרה־שחורה און אַזאַ נאָגנדיקע פֿרייד?

ניט אָפּצואוועדן: משפּחה־אייגנשאַפֿטן זײַנען אַן עובֿדה און אויך גרויסע קיבוצים זײַנען איינסן פֿאַר זיך מיט אייגענע פּנימער און מיט אַן אייגענעם שטייגער פֿון דענקען און האַנדלען, פֿרייען זיך און זאָרגן, חבֿרן און ברוגזן זיך, ריידן און שווײַגן, הילכיק אויסדריקן התפּעלות און פֿאַרדראָס, אָדער אויפֿנעמען זאַכן, אי גוטס, אי שלעכטס, מיט אַ קאַלטבלוטיקן „מילא" און צידוק־הדין.

ס'איז אַ לאַנג באַקאַנטער אמת, אַז אַזוי ווי מענטשן שפּיגלען זיך אָפּ אין טײַכן, אַזוי שפּיגלען זיך טײַכן אָפּ אין מענטשן, וועלכע וואוינען אין זייער שכנות. דער מענטש איז געראָטן אין די וואַסערן, אין וועלכע ער טובלט זיך. געוויס איז טײַך צו טײַך ניט גלײַך. פֿאַראַן טײַכן פּאַמעלעכע און אײַלנדיקע, שטילע און רוישיקע, לויטערע און מוטנע. ווידער האָט איר אַ טײַכל, וואָס איז אין פֿלוג שטיל און רואיק, אָן דעם מינדסטן געבייזער. קומט אָבער פֿרילינג־צײַט, ווען דער שניי לאָזט, דאָס אײַז רירט, די קריעס ווערן ביסלעכווײַז צעשמאָלצן פֿון דער זון, הייבט דאָס אָן צו יאָגן און לויפֿן מיט אַ ירגזון, ווי ס'וויל נאָר דורסן און ממיתן. דער סוף איז, אַז ס'פֿאַרפֿלייצט היפּשלעך די נאָענטע מקומות. אָט טאַקע ווי בײַ אונדז אין ראַשקאָוו, ערבֿ־פּסח־צײַט, ווען ייִדן זײַנען אַזוי פֿאַרהאַוועט מיט צוגרייטן דעם כּשרן פּסח. וואָס זשע טוט דער דניעסטער? ער טוט זיך אַ צעשפּיל, ביז אַלע הינטער־געסלעך, און אויך די גרויסע גאַס מיט דעם יאַר אינמיטן, ווערן דורכויס פֿאַרטרונקען. געדענק איך אַ מעשׂה. איין מאָל, הערש־וואָלף, דער ייִדישער בריוו־טרעגער, שפּאַנט אין דעם יאַרגעסל מיטן פּאַק בריוו, האָט אים פֿאַרכאַפּט דער פֿאַרפֿלייץ פֿון דניעסטער, אַ מבול, און ס'האָט אים אַוועקגעטראָגן מיט דעם פֿײַל אויסן בויגן לויפֿנדיקן שטראָם אין דעם יאַר, באַרג־אַראָפּ. גייט פֿאַרבײַ ר' שבתיל, דער שיינער ייִד און שטאָט־וויצלער, זעט ער ווי הערש־וואָלף האָט זיך צעלייגט נאַזנדיק און שווימט זיך אַזוי רואיק און געלאַסן אָן דעם מינדסטן פּראָוו זיך צו ווערן קעגן דעם שלאַקס־שטראָם, ווי ניט אים מיינט מען. מאַכט צו אים ר' שבתיל: דו שווימסט, ברודערקע, שווים, שווים. ענטפֿערט אים הערש־וואָלף מיט אַ פּיעשטשענדיק שמייכעלע: נו, אַוודאי שווים איך. אַ מחיה נפֿשות אַזוי צו שווימען נאָזנדיק. און אפֿשר ווילט איר מיט מיר, ר' שבתיל, מיטשווימען. אין צווייען, פֿאַרשטייט איר, איז ליבער און שטאַרקער. זאָגט די מסורה אַז באמת כּך הוא. שבתיל האָט זיך אויך אויסגעשטרעקט און איז נאָזנדיק מיטגעשוואומען. ס'איז נאָר ניט באַוואוסט די סיבה. צי האָט ער זיך אויסגעגליטשט, אַרײַנגעפֿאַלן אין יאַר אַרײַן אומגערן און איז מיטגעשלעפּט געוואָרן, אָדער ער האָט דאָס געמאַכט מיט אַ כּיוון, אַ טובֿה טאָן אַ ייִדן און מיט אים מיטשווימען פֿון חברותא וועגן.

אַ קליינער סיפּור־המעשׂה, אין וועלכן ס'שטעקט דוכט זיך אַ היפּשער זין. ערשטנס, בנוגע דעם דניעסטער גופֿא. אין פֿלוג איז ער דאָך רואיק און געלאַסן, פֿײַן און סטאַטעטשנע, היימיש און בעל־הבתיש, מע קען זאָגן, אָן אַ גאַל, מאַכט פֿון זיך ניט קיין ווען און בייזערט זיך ניט, ווי אַ ייִד אַ ירא־שמים, וואָס איז אי צו גאָט, אי צו לײַט, אַ גוט שמייכלענדיקער. אָבער סע קומט אים אָן דער עקשן און רגזן, זאָלט איר שוין גאָרניט פֿרעגן, פֿאַלט ער אַרײַן אין אַזאַ ירגזון, אַז קיין זאַך שטעלט אים ניט אָפּ. ער ברויזט און קאָכט, רײַסט און ברעכט, טוט אָפּ מעשׂים, ווערט אַ גאַנצער מאַדים. שטיל־שטיל און דאָך צערודערט ער זיך און גייט אַרויס פֿון די כּלים. דערפֿון איז אַ ראַיה, אַז די שטילינקע זײַנען אַ מאָל עלול צו ווערן גרויסע מזיקים. אויך די פּאַוואָלינקע גייערס מאַכן אָפֿט גרויסע שפּאַנען, פּונקט ווי די פֿלאַכינקע טראָגן אין זיך באַהאַלטענע מעמקים. ניטאָ קיין פֿלאַכן, וואָס האָבן ניט זייערע טיפֿקייטן. צווייטנס, איז דאָ וואָס אַרײַנצוטראַכטן טאַקע אין הערש־וואָלפֿן. קוק איך איצט אויף אים פֿון דער ווײַטנס, אין אָרט און צײַט, הייבט מיר אַזש אָן שווינדלען פֿאַר די אויגן. שווימט זיך אַזוי אַ ייִד, אַ באַיאָרנטער, שווימט זיך מיט זײַנע געפּעק אין דער צעיושעטער און צעבורשעוועטער דניעסטער־ריטשקע און — גאָרניט. ניט ער איז פֿאַרגאַפֿט מחמת שרעק, ניט ער שרײַט: געוואַלד, ייִדן, ראַטעוועט. לאָזט זיך אַזוי בניחותא שווימען מיטן שטראָם, באַגלײַך ניט אים מיינט מען. און אפֿשר איז ער טאַקע גערעכט געווען. מה רעש? טראָגט מען זיך אַ ביסל מיטן שטראָם. וואוהין דען קען דער היימישער און פֿרײַנדלעכער דניעסטער פֿאַרטראָגן אַ היימישן ייִדן? לאָמיר זאָגן ביזן עק פֿון דעם יאַר, העט דאָרטן, וואו סע הייבט זיך אָן דאָס דאָרף, נו, איז וואָס? דאָרף איז אויך שטאָט. אַ ייִד איז אויך אין דעם נאָענטן דאָרף ווי בײַ זיך אין דער היים. זײַנען פֿאַראַן אַפֿילו ייִדן ווײַט ווי אַ תחום־שבת, ווערט מען שוין ניט פֿאַרפֿאַלן. וועט איר פֿרעגן: אָבער פֿאַרט, ווי לאָזט זיך דאָס אַ

ייִד אין מיטן העלן טאָג שווימען גלאַט אַזוי נאָזנדיק און פאַר וואָס ראַנגלט ער זיך ניט מיטן שטראָם? איז דער תירוץ: למאַי יאָ זיך ראַנגלען? צוריק גערעדט, אָט אַזוי שווימענדיק כאַפט מען אַ שטיף. אַנדערע ווען זיי וועלן הערן דערציילן, ווי אַזוי הערש־וואָלף איז געוואָרן אַ שווימער מיט זײַן גאַנצן האַק און פאַק, וועלן זיי גוט זיך אויסלאַכן. איז זאָלן ייִדן לאַכן. לאַכן איז גוט. הערש־וואָלף גופא לאַכט זיך אויס פון זיך. אַ ביסל דורכגענעצט ווערן שאַט אויך ניט. שטאָט וועט האָבן וואָס צו דערציילן און זיך ווערטלען אויף זײַן חשבון. אַ מצווה איז ייִדן גורם זײַן שׂמחה. אַ טאָפלטע פרייד וואָלט זײַן, ווען הערש־וואָלף איז ניט דער איינציקער שווימער, נאָר ר׳ שבתיל טוט זיך אויך אַ גליטש אויס און ווערט אַ מיטשווימער. אין צווייען איז שטאַרקער, לעבעדיקער, האַסטיקער, פרישער און געזונטער. שטאָט וואָלט דערמאָלט געהאַט צו זינגען און צו זאָגן. כ׳זאָג אַזוי, ווײַל איך מיין אַזוי, ווײַל מן־הסתם איז אַזוי געווען דער געדאַנקען־גאַנג פון הערש־וואָלפן שווימענדיק. קען איך מײַנע דניעסטער־ייִדן מיט אַלע זייערע פליטערלעך און שפליטערלעך. האָבן ליב אַ ביסל אָפחוזקן שטילינקערהייט פון זיך און פון יענעם, ניט ביטער און שטעכיק, נײַערט האַרציק און גוטמוטיק. אוי, אונדזעריקע, האַרציקע, ווי ווייניק זיי האָבן זיך גענומען צום האַרצן, בשעת אַן עת־צרה, חלילה, ווי אַ שטייגער בײַ אַ גרויסער שׂריפה, ווען פלאַמען האָבן געפלאַקערט און האָב און גוטס, אַזוי שווער פאַרהאָרעוועט, איז אַוועק מיטן רויך. האָט מען געקענט לעשן, האָט מען געלאָשן, און ווען שוין ניט מעגלעך, ברעכט מען ניט די הענט מיט אַן אוי־וויי־געשריי, נײַערט מע שטייט און מע קוקט צו, שמועסט מיט אַ ברכת־הגומל־שמייכעלע. מערסטנטיילס ברעכן שׂריפות אויס בײַ נאַכט. פײַערלעשער־מומחים זײַנען נישטאָ. כאַפט ווער ס׳קען און האָט אַן עמער און לויפט לעשן. איך געדענק אַזאַ נאַכט. אַהרן־שמואל לייזערס, דער גרויסער, אַזוי צו זאָגן, אַ פאַרפונדעוועטער מיט דלות, אַ גרויסער אָרעמאַן, דער לץ פון אונדזער שטאָט, שטייט קעגנאיבער די פלאַמען אין דער נאַכט און זאָגט מיטן ניגון פון הבדלה להבדיל בין גבירים לקבצנים. וואָרעם נאָך אַ שׂריפה, געדענקען זאָלט איר, ווערן די גבירים רײַכער און די קבצנים נאָך אָרעמער. דאָס מיינט ניט צו זאָגן, אַז ער האָט דערבײַ ניט אַרויסגעלאָזט קיין טיפן קרעכץ. ווען האָט דען אונדזערער אַ ייִד ניט צוגעקרעכצט? אויף אַ חתונה אַ שטייגער, אָדער אין דעם גרויסן שׂמחת־תורהדיקן קאַראַהאָד, האָט ער דען ניט געקרעכצט? אָבער אונדזעריקע האָבן ניט ביטער אָדער זויער געקרעכצט, נײַערט זיס און מילד און מיט בטחון אָנגעזאַפט. מע האָט זיך כלל ניט געבונטעוועט מיט דעם קרעכץ, נאָר זיך אויסגעטענהט דורך אים מיטן רבונו־של־עולם. דער קרעכץ איז געווען אַ שפראַך אַזאַ, אַ מין ייִדישער דיאַלעקט מיט דעם וועלט־באַשאַפער.

## ג. דער דניעסטער־ייִד

ער איז געראָטן אין זײַן טײַך, פאַרמאָגט זײַנע מעלות מיט זײַנע חסרונות, ווי אויך די יעניקע חסרונות, וועלכע שטאַמען פון זײַנע מעלות, און די מעלות, וואָס זײַנען אַ פועל־יוצא פון זײַנע חסרונות. ווי ער, לויטערע, רואיקע און געלאַסענע, אומעטיק־בנעימותדיקע, אַזעלכע זײַטיקע און מבוישדיקע, מיט אַ שטילן געבייזער. מע האַלט זיך אָפ ווי מע זאָגט, אין דער מעלה, אײַנגעפרעסט אין די אייגענע ראַמען, ניט מע שפרינגט פון דער הויט. אין האַרצן אַ טיפע נאָגעניש פון די סטעפעס אַרויס צו די בערגיקע געגנטן. אין די הערצער פון אונדזעריקע האָט געפלאָסן דניעסטערדיק. דער דניעפער, למשל, איז אַ סך הילכיקער און צעכראַסטעטער, העזהדיקער, אים האָט גאָגאָל באַזונגען. ייִדישע יצירה אויף אוקראַיִנער ערד, סײַ אין תורה ומוסר, סײַ אין וועלטלעכע שאַפונגען, האָט זיך מיטגעשלענגלט מיטן דניעסטער צו די בראָדער חסידים, ווי אויך צו די לעמבערגער משׂכילים. ביז ס׳איז געקומען די צײַט פון איר שקיעה, פון איר רויטער שקיעה, רויט פון דער צעשפילטער זון פון סאָציאַלע האָפענונגען און פון דעם צעיושעטן ייִדישן בלוט, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן דורך גאָנטעס און כמעלניצקיס אור־אייניקלעך אין די יאָרן אַכצן, נײַנצן און צוואַנציק פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

דער דורכשניטלעכער דניעסטער־ייִד איז אַן עניו, אָבער ניט קיין נכנע. ער איז ניט באַריידעוודיק, ווי שלום־עליכמס פאַרשוינען, למשל. בדרך הטבע גאָר אַ גרויסער שווײַגער, ווײַל ער איז אַ טיפער בײַשן. דערצו האָט ער קנאַפע אמונה אין קלוגע ריידעלעך. וויל מען עטוואָס זאָגן, קען מען דאָך דאָס מאַכן מיט אַ רמז, און ווער סע באַדאַרף וועט פאַרשטיין. זײַן עניוות איז כלל ניט סותר פעסטקייט פון כאַראַקטער... מע קען זײַן אַפילו אַן אמתער עניו, ממש געפאַלן בײַ זיך, און דערבײַ זײַן אַ תקיף־בדעתו, טאַקע אַ שטיק עקשן, ווען ס׳איז דאָ אַ מוז דערצו. דעסטגלײַכן איז די שׂנאה צו חניפה כלל ניט מחייב צו זײַן אַ מלבין פני חברו ברבים און יעדן איינציקן אַרײַנזאָגן ביז אין דער זיבעטער ריפ אַרײַן. פאַראַן אַ מידה־בינונית, און אַל אפתח פה צו שפאָטערס, אַ שביל־הזהב. כאָטש עס איז אַ מנהג צו מאַכן דעם מיטעלן וועג צו חוכא וטלולא, איז ער דאָך דער ריכטיקער לעבנס־וועג: ניט רײַסן, ניט ברעכן, ניט מאַכן אַ תל פון אַמאָליקע חלומות און אָנגעזאַמלטע גײַסטיקע אוצרות. דערעיקרשט ניט אַוועקשטעלן דעם

מענטשלעכן משׂא־ומתּן אויפֿן שפּיץ מעסער. פֿאַראַן וועגן, אומוועגן און אויך גאָר זײַטיקע סטעזשקעלעך. מען קען דאָס פֿאַרשטיין אויך מיט דעם שׂכל. שׂכל אַליין איז אָבער ווייניק. שׂכל איז אַ טאַטע. די דערפֿאַרונג איז אַ מאַמע. מיט שׂכל אַליין אָן דעם אוצר־הנסיון איז מען אַ יתום אָן אַ מאַמען. דער אוקראַיִנער ייִדישער שבט בכלל האָט אָנגעזאַמלט אויף זײַן לאַנגן מאַרטירער־וועג אַ היפּשע דערפֿאַרונג. דורות־שרעקן האָבן זיך אײַנגעקריצט אין זײַן זכּרון. די חיה אין דעם מענטש איז אים שטענדיק געשטאַנען פֿאַר די אויגן. ער האָט גוט געשפּירט אין אַלע זײַנע אברים, צו וואָס פֿאַר אַ מדרגה פֿון בעסטיאַלישקייט דערגייט אַ צעווילדעטער שׂונא זײַנער. דערפֿון איז שוין געווען אָפּצולערנען אַ גזירה־שווה אויף דעם מין מענטש בכלל, וואָס פֿאַר אַ בייז־וואונדער קען פֿון אים ווערן, ווען ער האַלט זיך ניט אין דער מעלה און איז ניט כּובֿש דעם יצר־הרע. פֿאַראַן אַ סך יצר־הרעס. דער גרעסטער און ווילדסטער פֿון זיי אַלע איז דער יצר־הרע פֿון גדלות. גרויס־האַלטעניש איז די ראָשטשינע פֿון אַלע מידות־רעות. ענווה און צניעות איז געווען דער ראשית חכמה פֿון יענעם פֿיל־געליטענעם שבט ייִדן, וועלכער האָט זיך געהאַלטן שטאַרק בײַ דעם פּסוק פֿון ישעיהס קאַפּיטל צוויי: „און געבויגן איז דער מענטש און נידעריק איז דער מאַן... גיי אַרײַן אין פֿעלדז און באַהאַלט זיך אין שטויב . . . וואָרעם דערהויבן איז גאָט אַליין . . . פֿאַרמײַדט אײַך פֿונעם מענטשן, וואָס אַ רויך איז אין זײַן נאָז, וואָרעם וואָס איז ער גערעכט?"

פֿאַרזיכטיקייט און סבֿלנות זײַנען דער סדר־שני פֿון מידות־טובֿות, מיט וועלכע סע קען באַצייכנט ווערן דער דאָזיקער שבט. און אויך זאָל דערמאָנט ווערן: דער דרך־ארץ און דער כּבֿוד־הבריות זײַנען דורך אים זייער אָפּגעהיט געוואָרן. דער שורש פֿון כּבֿוד־הבריות איז כּיבוד־אָבֿות. כּיבוד־אָבֿות איז אַ בנין־אָב, אַ וועקער, צו כּיבוד־עצמו. און ווי קען אַ מענטש זיך גופֿא מכבד זײַן, ווען ער טיילט ניט צו קיין כּבֿוד צו אַנדערע? אָט אַזוי ווערט געקייטלט אַלץ מיט אַנאַנדער. די אַכטונג צו דער מסורה, צו דער גײַסטיקער ירושה, און דאָס אײַנהאָרכן זיך אין דעם קול פֿון דעם בלוט פֿון די אָבֿות, וועלכער שרײַט פֿון אונדז אַרויס מיט טרייסט און וואָרעניש גלײַכצײַטיק, זײַנען גוטע יועצים און מדריכים. פֿון דעם אַלעמען קומט אַרויס אַ מוסר־השׂכל זיך אויפֿצופֿירן מיט ווערדע, דאָס הייסט, מיט אַ שטילן, ניט חוצפּהדיקן, בטחון. נישט שפּרינגען אין פּנים אַרײַן, ניט אַוועקלאָזן זיך אויף קרומע וועגן, ניט זײַן קיין עזות פּנים און ניט ווערן חלילה קיין מופֿקר, דער עיקר זײַן זיך טרײַ.

דאָס זיך טרײַ זײַן און לעבן אין הסכּם מיט די אינערלעכע איבערלעבענישן, מיין איך, איז דער גרונטשטריך פֿון יענעם ייִדישן שבט. ניט־ווילנדיק שטעל איך ווידער דעם טראָפּ אויף משפּחהדיקע מידות און בציבורדיקע מעלות. וואָרעם עס איז פֿאָרט אַזוי. די סבֿיבֿה איז ניט אַוועקצומאַכן. דאָס לאָזט זיך שטאַרקער באַמערקן, ווען מע גייט איבער פֿון פֿאָרשן דעם דורכשניט־מענטש, דעם פּשוטן יחיד, צום אַרײַנטראַכטן זיך אין דער גײַסטיקער פּעולה פֿון די בנים־יחידים פֿון דעם דאָזיקן ציבור, זײַנע באַשאָנקענע אויסדריקער און אויסטײַטשער פֿון זײַן פּסיכיק, פֿון זײַנע טיפֿע שטרעבונגען און באַהאַלטענע ווועלענישן... ווען דער אוקראַיִנער ייִד קומט צום אויסדרוק דורך זײַנע גײַסטיקע שליחי־ציבור, דורך די באַדײַטיקסטע צווישן זיי, ווי אַחד־העם, אָדער בערדיטשעווסקי, למשל. יעטוועדער פֿון זיי איז ער אַלע מאָל טרײַ צו זיך, ערלעך און געלאַסן, טיפֿזיניק און דאָך קלאָר און פֿאַרשטענדלעך, דורכזיכטיק און אַ ביסל פֿאַרשטעלט. גרויסע מחשבֿות ווערן אָנגעוואָרפֿן כּבֿיכול לאָזנדיק ווי פֿון זיך אָן אַ קנייטש אין דעם שטערן. דער נשמה־ברען איז אײַנגעהילט אין אַ דינעם לײַלעך פֿון אַש־קאָליר. שוין אָפּגערעדט פֿון אַחד־העם, דער גרינדער פֿון דעם עפּאָכע־מאַכנדיקן השלח, וועלכער איז מיט זײַן גאַנצן אָרט און וועזן אַליין אַ מין השלח, וועמענס וואַסערן עס גייען פּאַמעלעך, ער רעדט שטיל און געלאַסן מיט אַ יום־טובֿדיקן צמצום און אַ וואָכעדיקער פּשטות; האַלט זיך שטענדיק נאָענט בײַם שטח פֿון צײַט־פֿראַגעס און כּמעט טאָג־אינטערעסן, און דאָך גראָבט ער טיף אין דער אייביקייט אַרײַן. אָבער אַפֿילו זײַן גרויסער בר־פּלוגתּא מיכה יוסף בערדיטשעווסקי, וועלכער איז אין פּלוג אַן אײַנרײַסער און אײַנברעכער, אַ זייער היציקער, אָנגעלאָדן מיט טראָציקייט און ווידערשפּעניקייט, שרײַט און געוואַלדעוועט, אַז מע דאַרף אומווערטן אַלע ווערטן, נעמט זיך אָן פֿאַר אחאבן און איזבלן, די געצנדינער, קעגן אליהו הנבֿיאן, דורכאויס געוואָלט איבערקערן די שיסל מיטן קאָפּ אַראָפּ און מאַכן אַן עק מיט דער מסורה, האָט אַפֿילו אין זײַנע יונגע יאָרן געפּאָכעט מיט אַ שווערדל, ווי זײַן רבי ניטשע, אויך ער איז אין תּוך אַרײַן געווען כּולו אונדזערער, אַן אייגענער, אַן עכטער אוקראַיִנער־ייִד. לויט זײַנע העוויות איז ער אַ בריקן־ברעכער, אָבער לויט זײַנע תּנועות אַ גאָטספּאָרכטיקער, אין גאַנצן אײַנגעטונקען אין דער ייִדישער מסורה... מע קען זאָגן, אַז ער איז געווען אַ פֿאַרשטעלטער אייראָפּעער — געהאַלטן אין איין שרײַען מע זאָל עפּענען אַ פֿענצטער קיין אייראָפּע; און ווי אַ ייִד — אַ למדוואָוניק. קיין ייִדישער שריפֿטשטעלער איז ניט געווען אַזוי ווי ער אײַנגעגראָבן אין די ייִדישע „שמות" פֿון אַלע אונדזערע תּקופֿות. קיינער ווי ער האָט ניט אַזוי דורכגענישטערט און דורכגעזיפּט אַלע ייִדישע מסורות, לעצטע און פֿאַרצײַטיקע, אַלע אַגדות און מדרשים און אויך פֿאַרוואָרפֿענע מימרות, כּדי זיי ווידער אַרײַנצופֿלעכטן אין דעם ייִדישן גאָלדענעם געוועב. אַחד־העם איז השלח און בערדיטשעווסקי איז סמבטיון. דאָך האָבן זיי זיך געצווילינגט אין זייערע גײַסטער. אַחד־העמס באַגרענעצטקייט איז געווען נאָר

למראית עין, מחמת באַשיידנקייט. אין בערדיטשעווסקיס פֿאַרריסנקייט האָט געשטעקט מער שוים, אויבנאויפֿיקייט. אָפֿט דוכט מיר, אַז בערדיטשעווסקי, דער בשעתו אויסדריקער און אויסשרײַער, ווי אויך שטרענגער מאָנער, פֿון די צעירים, איז אייגנטלעך כּל־ימיו געזעסן אין טלית און תּפֿילין און געלערנט תּורה. בײַ אים, ווי אויך בײַ אַחד־העמן, איז דער נאָמען ליטעראַטור געווען אַ בײַנאָמען, אַ פּסעוודאָנים, פֿון תּורה. זיי זײַנען בײדע תּורה־ומסורה־מענטשן, עכטע אוקראַיִנער ייִדן. איין זאַך איז חקירהנען, פֿילאָסאָפֿירן, בודק־חמץ זײַן אין דעם עבר. אַ צווייטע זאַך אָפּהיטן די גחלת פֿון ייִדישקייט און זײַן טיף פֿאַרזאָרגט מכּוח דעם קיום־האומה. אַ ייִד בלײַבט אַ ייִד. אַן עכטער ייִד אַוודאי און אַוודאי. אַן אוקראַיִנער ייִד איז עכט, וואָרעם ער איז זיך טרײַ, גייט תּמיד אין שפּאַן. אַפֿילו ווען ער גייט אין שפּאַן פֿון וועלט־סטיכיעס און איז עוסק בהוויות העולם, איז ער זיך ניט מסיח־דעת פֿון דער ייִדישער שכינה און פֿון גלות־השכינה.

ווי אומגערן האָבן מיר זיך אַרויסגעגליטשט די צוויי ווערטער גלות־השכינה. ניט געווען קיין גרעסערע זאָרגערס פֿאַר גלות־השכינה אין די לעצטע דורות פֿון די גײַסטיקע שליחי ציבור פֿון דעם אוקראַיִנישן ייִדישן שבט. דערמאָנען מיר נאָר דרך אַגב פֿײַערבערגן, וועלכער האָט מרעיש־עולמות געווען אין זײַן „לאָן" און אין זײַנע אַלע איבעריקע מיט אַ סופֿר־סתּם־פֿעדער, אײַנגעטונקען אין טרערן, געשריבענע דערציילונגען, איבער גלות־השכינה. ווער האָט נאָך אַזוי ווי ער אַזוי זיסהאַרציק, נאַיִוו און צניעותדיק, זיך אויסגעוויינט אויף שכינתּא־בגלותא און אויף דער שליטה פֿון דער סיטרא־אחרא? ער בשעתו אַזוי נײַ איז געווען גאָר אַלט, גערעדט ממש ווי אַ קדמון. ער, אַזוי יונג פֿאַרשניטן געוואָרן פֿון דער וועלט — בסך־הכּל פֿיר און צוואַנציק יאָר אַלט — האָט געהאַט אַזאַ ברחמנותדיקע פֿאַרשטייעניש פֿאַר די טאַטעס. ווײַל איך מיך ניט באַרימען מיט מײַן שבט, אָבער לאָזן פֿאַלן אַ גוט וואָרט אויף אים מעג מען דאָך. אין ענין פֿון קלאָגן אויף גלות־השכינה בײַ איציקער צײַט קומט אים די בכורה. דער דיבוק פֿון אַ טיפֿן און נאַיִוון ערנסט האָט געהאַט די שליטה אויף אים. אַ גריבלער און חס־ושלום ניט קיין אויסראָטער און באַגראָבער פֿון ווערטן. אַ מאַמין, אָדער אַן אַפּיקורס, אָבער חלילה ניט קיין הפֿקר־און־לעב־יונג. לאַכט אָדער וויינט, פֿיעשטשעט זיך אַ מאָל, אָבער קיין מאָל לאָזט ער זיך ניט וואוילגיין און גרילצט ניט „כאַפּ אַרײַן, עס און טרינק, וואָרעם מאָרגן ביזטו אַ בר־מינן". נאָך ווייניקער איז ער עלול אויסצושרײַען, אַז די וועלט איז בלאָטע, ווער שמועסט נאָך בלאָטע שבבלאָטע.

## ד. דער פּתח און דער חיריק

ס'איז אַלע מאָל אַ סכּנה, ווען מע לאָזט זיך אַוועק אויף אַ ברייטן שליאַך, צו זאָגן עלינו פֿאַר מה־טובו. דאָס הייסט, צו כאַרכאַפּן די נעץ פֿאַר די פֿיש. איך האַלט נאָך ניט בײַ דער פּרשת־יצירה פֿון אוקראַיִנער ייִדישן שבט. די פּאָר שורות וועגן דעם מהות און שטייגער פֿון זײַנע גײַסטיקע שליחי־ציבור זײַנע אָנגעוואָרפֿן געוואָרן נאָר דרך־אַגב. עס לאָזט זיך נאָך עטוואָס זאָגן וועגן דעם סתּם יחיד, דעם ייִד פֿון אַ גאַנץ יאָר, דעם דרך־הטבע־מענטש, זײַן סדר־החיים און באַנעמונג, זײַנע מידות און רגילותן, זײַן אופֿן ריידן און דרך שווײַגן, זײַן אַרט דענקען און זײַן טבע זיך אויסצודריקן. שליחי־ציבור זײַנען די שופֿרות. דאָס מויל איז דעם פֿאָלקס. שעפֿערישע מענטשן זײַנען די צינורות־השפֿע. דער מקור־השפֿעה איז אין די שטומע נשמות, אין די אָןלשונדיקע בינונים. כּדי צו פֿאַרשטיין די אויסטײַטשערס פֿון דעם המון־העם, מוז מען זיך נעענטער צוטוליען צום המון־העם און אים אַרײַנקוקן אין זײַן נשמה. ווײַל מען פֿונאַנדערוויקלען פֿלאָנטערנישן אין כּלל־דערשײַנונגען, מוז מען זיך גוט אַרײַנטראַכטן, אַרײַנלעבן אין די מידות און שטייגערס פֿון די יחידים. אין דעם זײַנען נכלל אויך זייער חיתוך־הדיבור און אַקצענט.

אַ מענטשלעכע טבע דריקט זיך אויס אויך אין קלייניקייטן: אין אַ קוק, אין אַ שמייכל, אין אַ שטעל, אין אַ פֿינטל מיטן אויג, אין מינדסטער העוויה, און געוויס אויך אין דער אויסשפּראַך, אין דעם קול־קאָליר. טאַטע־מאַמע מיט אַ פּתח איז ווייכער און צוגעלאָזטער, שמייכלענדיקער פֿון טאָטע־מאָמע מיט אַ קמץ. דער דניעסטער־ייִד איז אָפֿנהערציק, און דאָך גייט ער ניט אַרום מיט אַ צעכראַסטעטער נשמה, אויך ניט אין די דלת־אַמות פֿון זײַנע אייגענע און שטוב־מענטשן. געפֿילן גיסן זיך ניט בײַ אים אין דרויסן אַרויס, ווי פֿון אַן אָפֿענעם קראַן. ער ליבט אַ סך און דערקלערט זיך אין ליבע זייער ווייניק. בײַ אונדז פֿלעגט אַ קינד זיך אַוועקלאָזן אין ווײַטע מקומות מיט אַ פּשוטן זײַ־געזונט און פֿאַר־געזונט. מע האָט זיך געשעמט צו קושן זיך בפּרהסיה אַפֿילו מיט אַ מאַמען. מע האָט זיך געזעגנט זייער אָפֿט שטילשווײַגנדיק און גיך־גיך געמאַכט אַ ויברח. דער מקור דערפֿון איז געווען אַ טיפֿע צניעות־דיקייט און גרויסער ערנסט. סצענעס מאַכן, אָפּשפּילן אַ דראַמע, אַפֿילו אַ פֿאַמיליען־דראַמע, איז ניט פֿײַן און איידל. האָט מען געזאָגט טאַטע און מאַמע מיט אַ קמץ, האַרט, אַ ביסל טרוקן, צוריקגעהאַלטן. אַגב, דער קמץ קוקט אויס ווי אַ בײַטש, וואָס טרײַבט פֿאָרויס צו דעם לעצטען טראָף. דאָס וואָרט ווערט אַראָפּגעשלונגען און טאַקע גאַנץ קאַלטלעך, אָט אַ שטייגער, ווי די הברה הספֿרדית אין לשון־קודש, וועלכע לויפֿט פֿײַל אויסן

בויגן צום מלרע, קומט אויס קאַלטלעך און פרעמדלעך, מעגן מיר זאָגן, אָפיציעל, און אַפילו היפש פאַרריסן, קעגן דעם ווייכן, האַרציקן און צוגעלאָזטן מלעיל פון דער הברה אשכנזית. אויב דער קמץ איז אַ סימן־מובהק פון צניעות און באַשיידנקייט, איז דער חיריק אַ צייכן פון עניוות, שטילער העפלעכקייט און צוריקגעצויגנקייט. דער מלופום, פאַרשטייט איר, איז לא עלינו אַ גדלן. דו, דו, דו. וואָס איז דאָס פאַר אַ דוצעניש? אַלע מאָל איז דער מלופום אַ מין דגש חזק. ווען איינער רעדט מיט אַ סך מלופנס, דאָס הייסט, מיט אָפטע דגש חזקן, שטעלט ער אייגנטלעך דעם טראָפ אויף זיך זעלבסט, אַפילו ווען ער באַטאָנט נאָר דעם ענין, דעם פאַך, דעם מצב. דער אָפטער מלופום איז אַ שכן־קרוב צו קידוש־לבנה־אותיות. זאָל מיר ניט פאַררעכנט ווערן פאַר אַן עוולה, ווען איך, ווי אַ דניעסטער־ייִד, פיל מיך היימישער אין דעם די און אין דעם מיז און אין דעם טי. זאָג איך אַזוי: די, פרײַנד מײַנער, זײַ וויסן, אַז איך מיז גייען צו טיען מײַן אַרבעט. האָב איך ניט דערבײַ, חלילה, קיין שלעכטע פניה צו זאָגן, אַז מײַן לשון און דאָס לשון פון מײַן טאַטע און מאַמע איז שענער פון ליטוויש אָדער פויליש לשון בײַ ייִדן. אַרויסשפרינגען פון דער אייגענער הויט קען איך דאָך ניט. און ווײַל איך ליב דעם קמץ און דעם חיריק מאַך איך מיר מײַן פשטל וועגן זיי.

אַ דניעסטער־ייִד האָט געקמצט און זיך אויסגעחיריקט. חיריק איז דאָך באמת בײַ זיך אַזוי קליין און נישטיק. ער צעלייגט זיך ניט און צעשפרייט זיך ניט, שפרינגט ניט אין פנים אַרײַן, מאַכט פון זיך ניט קיין פענדל און פאַטשט זיך ניט אין בײַכל. ער ווערט פאַרשלונגען און לאָזט איבער זיך דורכלויפן. אותיות האָבן נשמות. נקודות זײַנען אויך ניט קיין טויטע באַשעפענישן. דער דניעסטער־ייִד האָט זיך זײַן אייגענעם ניקוד און זײַן צורת אות. איך וואָלט זאָגן, ער לעבט זיך אויס אויף פעטיט. זייער פיל האָב איך זיך אָנגעהערט אין אונדזערע קאַנטן מעשׂיות וועגן דאָרפס־ייִדן, וועלכע זײַנען געווען גרויסע לומדים און צדיקים, פשוטע למדוואָוניקעס, און לויט זייער אויסזען גראָבע־יונגען, אַפילו שכורים. זיי האָבן זיך פאַרשטעלט. אַ ביסל פאַרשטעלעניש האָב איך אַרויסגעשפירט בײַ יעדן אונדזעריקן פון מײַן קינדהייט אָן. דער שיינער ייִד אין די שבתים און ימים־טובים, ווי וואָכעדיק ער האָט אויסגעזען אין אַ פראָסטן מיטוואָך, ווער שמועסט נאָך אין יאַריד־טאָג. דער רב האָט געטראָגן אַ פשוטן קאַשקעט און אַ פאַרשטויבט רעקל, ווי אַ ייִד פון אַ גאַנץ־יאָר. דער גביר און דער אָרעמאַן, דער גרויסער למדן און דער וואַסערטרעגער, זײַנען אַלע געווען אין דער מדרגה פון עמך. איך געדענק ניט מע זאָל אָנשיטן שבחים אויף איינעם ווי פון אַ זאַק אַרויס, אָדער עמעצער זאָל זיך אויפפירן ווי אַ גברא־רבא. חניפה, האָבן אַלע געהאַלטן, איז — פע. איז עמעצער יאָ נכשל געוואָרן אין דער דאָזיקער מידה, האָבן אַלע, און ער אַליין אויך, געוואוסט, אַז ס'איז אַן עברה. לויט ווי איך פאַרשטיי איז דער זכרון פון די ביטערע צײַטן און די בייזע גזרות אויפן כלל ייִדן געלעגן אַלעמען אין די ביינער. וועלכער בשׂר־ודם מישטיינס געזאָגט איז אַזוי שטאַרק און זיכער, מע זאָל אים דאַרפן חנפענען? ווי חניפה איז אַ דבר־פסול, אַזוי זײַנען זיסע ריידעלעך און דיפלאָמאַטישע שטיק ניט גאַנץ כשר, און ווילט איר — ממש טאַקע מוקצה מחמת מיאוס. ווידער צוריק — אַן עזות־פנים זײַן און אַ שאַרף־ריידנער אָדער אַפילו אַ שייך־ריידנער, איז אַוודאי אַ מיאוס שטיקל אַרבעט. מילא אַ גלײַכוואָרטל, אַ חכמהלע, אַ קלייניקן שטאָך, אָבער שאַרף זײַן איז מעשׂה שייגעץ. שייגעץ איז געווען דאָס שטאַרקסטע זידל־וואָרט. אויסשייגעצן עמעצן האָט געהייסן יענעם, דעם פאַרריסענעם, אַוועקשטעלן אויף זײַן ריכטיקן אָרט, אים ניט לאָזן לויפן. וואָרעם אַז מע לויפט, ברעכט מען דעם קאָפ. מע האָט אייגנטלעך אַ טובה געטאָן יענעם, ווען מע האָט אים מיט אַ פאָר מוסר־ווערטער געגעבן אַן אָנצוהערעניש ער זאָל זיך האַלטן אין דער מעלה. יאָסל דוד בײַ אונדז אין שטאָט איז געווען אַ דורכויסיקער אָרעמאַן, דער דלות האָט געפײַפט בײַ אים אין שטוב פון אַלע זײַטן. אַ צונג האָט ער געהאַט אַ געשליפענע, טעכטער דערוואַקסענע און דווקא ניט קיין פאַרשווינען, איז געווען אַן אַרײַנגייער צו מאָני טאַרטאַקאָוו דעם נגיד. געכאַפט האָט ער מן־הסתם בײַם גביר פון צײַט צו צײַט אַ הלוואהלע, און אויך באַקומען אַ כוסה ווײַן אַפילו אין אַ וואָכעדיקן טאָג. ער איז נעבעך געווען אַ נצרך צו דעם ביטערן טראָפן, ווײַל ווײַן דערפרייט דאָס האַרץ. לכל הדעות איז אַזוי אָנגענומען בײַ לײַטן. פלעגט ער, יאָסל דוד, גאַנץ מוטיק און מונטער אַ מאָל אַרײַנזאָגן מאָניען דעם גביר: דער ווײַן, ר' מאָניע, איז אַזוי מײַנער ווי אײַערער. אלא וואָס דען? ער שטייט בײַ אײַך אין קעלער. דערבײַ האָט ער אַ שטאַרקן זופ געטאָן. מאָניע דער גביר האָט גוטמוטיק געלאַכט, און מאָניעס הויזגעזינד, ווי אויך די געסט — געסט בײַ מאָניען צום טיש האָבן קיין מאָל ניט אויסגעפעלט — האָבן געשמייכלט מיט אַ זעלבסט־פאַרשטענדלעכקייט. וואָרעם דער זאָג איז געווען אָן אַ שטאָך און אָן ביטערניש, אויך אָן דער דאָזיקער ביטערניש, וועלכע איז אײַנגעוויקלט אין אַ זיס שמייכעלע. ס'איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט אַן אמת פון תכלית־הפשטות, ווײַל אין תוך אַרײַן איז דאָך טאַקע אַזוי. די וועלט איז דעם רבונו־של־עולמס ווײַנגאָרטן. וואָס איז דען ווײַן? לופט פאַר דער נשמה־יתירה. קען דען זײַן אַן אַפיטרופוס אויף לופט? אַזוי קען ניט זײַן קיין בעלי־הבית אויף ווײַן. אַ ראַיה: איז דען ניט די תורה טײַערער ווײַן? אין דער תורה האָבן אַלע ייִדן אַ חלק. אים אין קמח אין תורה. ווי קען אַ ייִד האָבן אַ חלק אין דער תורה, ווען דאָס חיות גייט אים אויס נאָך מזונות אָדער נאָך אַ ביסעלע משקה? יאָסל־דוד איז ניט געווען

קיין פֿאַרביטערטער. ער האָט פּשוט געהאַנדלט לויטן שׂכל־הישר. ממילא איז ער ניט געווען קיין קבצן, און קיין אָרעמאַן אויך ניט, נאָר אַ שטיקל נצרך. מאָניע איז ניט געווען קיין פֿאַרריסענער און פֿאַרעקשנטער נגיד. ניט צו פֿאַרלייקענען: ס׳זײַנען געווען חילוקים לויט דעם מאַטעריעלן און גײַסטיקן צושטאַנד. ס׳זײַנען געווען פֿאַרמעגלעכע און נצרכים, וואוילגעלערנטע און — במחילה — עמי־הארצים, פּני און עמך. אָבער קיין תּהום איז צווישן זיי ניט געווען. דאָס זײַנען ניט קיין צוויי באַזונדערע וועלטן, צוויי היפּוכדיקע קלאַסן, צוויי פֿאַרשיידענע מינים מענטשן. דאָס זײַנען דאָך אַלע ייִדן, געוואַלד, ייִדן, ברידער. יאָ, ברידער מיט אַ חיריק. שותּפֿים צו איין גורל. געטראָגן אין זייער זכּרון די זעלבע אַמאָליקע שרעקן און ביטערע נסיונות. אַלע האָבן גלײַכצײַטיק געלעבט אין דעם הײַנט און אין דעם אַמאָל. אַמאָל מיינט ניט נאָר דעם ווײַטן אור־אַלטן אַמאָל פֿון אונדזערע אָבות, תּנאים און אמוראים, נאָר אויך אין דעם בלוטיקן אַמאָל, וועלכער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף דעם דאָזיקן ערד־פּינטל. די יאָרן ת״ח און ת״ט האָבן געבלוטיקט אויך אין דער איצטיקער שעה.

אוקראַיִנער ייִדישקייט האָט זיך איר געשיכטע און איר אייגענע פּסיכאָלאָגיע. אײַער ווײַן, וואָס שטייט בײַ אײַך אין קעלער, איז אויך מײַן ווײַן. און ווידער פֿאַרקערט: מײַן ווײַן איז אויך חל אויף אַן אַנדער מין ווײַן. איז דען תּורה ניט ווײַן? איז דען חכמה אָדער האַרציקייט און פֿײַנקייט ניט קיין גוטער ווײַן, ייִן־המשומר, וואָס קוויקט נשמות און דערפֿרייט הערצער? מיין איך אָנצואווינקען, אַז אויך אין דער גײַסטיקער ספֿירה איז ניט געווען שׂכיח צווישן מײַנע דניעסטער־ייִדן דער מיוחס און גרויסהאַלטער, וועלכער האָט פֿון זיך געבלאָזן און פֿון זיך אַ צימעס געמאַכט. אַ ייִד קען לערנען, קען ער. ער איז פֿרום, זייער פֿײַן. אַ בעל־צדקה — פֿאַר וואָס דען ניט? ער האָט, גיט ער. גיט ער דען זײַנס? ער צאָלט פֿון דעם איבערשטנס קאַסע. זײַן ערלעך, זיך אויפֿפֿירן עניוותדיק און זײַן אַ מצניע לכת, איז אַ מדרגה, אָבער כּלל ניט די העכסטע. אַ ברייטע האַנט איז נאָך ניט אַלץ. זײַן אַ געבער איז אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך. מתּן־בסתר — אָט אין דער דאָזיקער מידה שטעקט די אמתדיקע נדיבות און די עכטע אצילות. מתּן־בסתר מיינט ניט נאָר געבן געלט בסתר. אויך פֿאַרשפּרייטן תּורה און אויסשטראַלן פֿון זיך חכמה, האָט דעם אמתן טעם, ווען מע טוט דאָס פֿאַרשטעלט. דהײַנו, ווען איינער איז אַ רבי און פֿירט זיך אויף ווי אַ תּלמיד.

קענען זײַן דאָס גאַנצע לעבן אַ תּלמיד, וואָס שטייט מיט מורא און דרך־ארץ, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך אויך מיט ליבע און התפּעלות, פֿאַרן רבין, איז אַ זעלטענע סגולה. אַזאַ תּלמיד זאָגט ניט נאָר איבער אַלע יאָרן די תּורות פֿון זײַן רבין. אויך זײַנע אייגענע חידושים זאָגט ער אין דעם נאָמען פֿון זײַן רבין. אַלדאָס שענסטע און בעסטע אין זיך טײַטשט ער אַרײַן אין זײַן רבין. ס׳איז אפֿשר אַ מין אַצילותדיק פֿאַרגעניגן זיך צו האַלטן שטענדיק אין שאָטן און ניט אויפֿרײַסן אויף זיך די אויגן. יעדנפֿאַלס שטעקט אויך אין דעם אמתע עניוות, ניט אויספּויקן דעם איך און ניט מאַכן פֿון זיך קיין וועזן. דערצו מוז מען אויך זײַן אַ גרויסער נדיב אין דער נשמה און זיך אין גאַנצן צו־נישט מאַכן, וואָרעם גײַסטיקע קמצנים זײַנען אַ סך מער שׂכיח פֿון קאַרגע אויף דער מטבע. דער אמתער מתּן־בסתר באַשטייט אין אײַנוויקלען אייגענע עשירות פֿון חכמה אין פֿרעמדע טליתים. די מעלה פֿון אַזאַ חכם, וועלכער דערלאַנגט זיך אויף דעם רבינס טאַץ, איז וואָס דערוועקט צוטרויען צו דעם עצם העיקר, צו דער לערע גופֿא. אַ מענטש איז דאָך ניט קיין מלאך. קומט איינער און רופֿט אויס: הערט, וואָס איך זאָג אײַך. דער אמת איז אַזוי און אַזוי. דער דרך־הישר איז אָט אָ דער, מײַן דרך. פֿאַרנעמט מײַנע רייד, וועט איר גליקלעך זײַן, אָדער אַרײַן אין דעם ליכטיקן גן־עדן. איז ער אַפֿילו אַ גרויסער חכם און זײַן מויל שפּריצט מיט פֿײַער, קען מען דאָך חושד זײַן, טאָמער איז ער לאו דווקא אויסן דעם אמת, אָדער דעם אַלגעמיינעם וואוילזײַן, נאָר זיך אַ נאָמען מאַכן, אָדער ער איז פּשוט אײַנגעגלויבט אין זיך. דער וועג זעט אים אויס צו זײַן אַ ריכטיקער, ווײַל ער איז זײַן וועג. ער פּרעדיקט מיט אַזאַ מסירות דעם אמת, ווײַל ער איז אים נתגלה געוואָרן. יעדע פּניה, אַפֿילו זי איז אַן אַצילותדיקע, איז אַ סירכה. אַקעגן, דער תּלמיד זעט אונדז אויס אַלע מאָל, אַז ער מיינט דעם ריינעם אמת. זײַן איך איז דאָך אין גאַנצן פֿאַרבויגן. ער פּרעדיקט ניט אין זײַן אייגענעם נאָמען. איז ער, הייסט דאָס, ניט קיין נוגע־בדבר אַפֿילו אויף אַ האָר. מיינט ער דאָך זיכער לשם־שמים. אונדזער אמונה אין דער ריינקייט פֿון זײַן כּוונה פֿאַרשטאַרקט אין אים דעם גלויבן אין דעם רעיון, אָדער אין דער שיטה און אין דעם דרך. ער באַקומט מער פֿײַער און התלהבות, וועלכע זײַנען אַ סגולה צו עקשנות און התמדה.

ס׳איז אַן עובדה, וועלכע איז ראוי באַטאָנט צו ווערן: תּורות און אמונות פֿון יחידים גרויסע האָבן זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג אין דער ברייטער וועלט אַרײַן ניט פֿון כּלי ראשון, נײַערט פֿון כּלי שני. דער ערשטער, אַפֿילו ער האָט געהאַט אַ פֿאָרגייער, אויב ער האָט ניט קיין נאָכפֿאָלגער, ווערט זייער אָפֿט אויסגעלאָשן אומבאַוואוסט און אומבאַוויליקט, ווי אַ ברענענדיקער שטורקאַטש אין דעם העלן טאָג. דער תּלמיד, און נאָך מער דער תּלמיד־חבר, וועלכער איז כּמעט אַ בעל־שיעור־קומה, ווי דער רבי אַליין, און דאָך טראָגט ער אויף זײַנע ברייטע פּלייצעס דעם רבינס פּעקל געדאַנקען און חידושי־תּורה, וואָרעם ער איז לויט זײַן מהות אַ מין למדוואָוניק, שלאָגט אַדורך מיט זײַן ערלעכער התמדה און אײַנגעגלויבטקייט אין דעם אמת אַ וועג פֿאַר דער

לערע. די וועלט פֿון תּורות־פֿאַרשפּרייטער באַשטייט פֿון למדוואָוניקעס.

לענדער און געגנטן זײַנען ווי ביימער. אַזוי ווי יעדער בוים איז מגדל זײַנע אייגענע פּירות, אַזוי יעדער שטיק לאַנד לאָזט וואַקסן זײַן שטייגער מענטש. דאָ גדלנים, דאָרט באַשיידענע, אָדער בײַ זיך געפֿאַלענע, דאָ אויסשטעלערס און באַרימערס און דאָרט אָפּגעהיטענע און צוריקגעצויגענע. דניעסטערדיק אוקראַיִנע, ווי איך געדענק, האָט פֿאַרמאָגט אַ סך פֿאַרשוויגענע און שווײַגערס, מתּן־בסתּרדיקע און למדוואָוניקעס. איך וואָלט זאָגן, פֿאַרחיריקטע, וועלכע מחמת גרויס צניעות זײַנען עלול צו מאַכן חירי־קירי אויף זייער פּערזענלעכקייט, אַבי ניט אויפֿרײַסן די אויגן. אפֿשר דערפֿאַר טאַקע האָט דאָרטן אָפּגעגאָלטן, אַז פֿאַרשיידענע גײַסטיקע און געזעלשאַפֿטלעכע באַוועגונגען זײַנען ווייניקער ווי אין אַנדערע מקומות פֿאַראומרייניקט געוואָרן פֿון דעם שוים פֿון דער סיטרא־אַחרא. די הצלחה פֿון דעם בעל־שם איז צו פֿאַרדאַנקען זײַנע תּלמידים, וועלכע זײַנען כּמעט אַלע געווען אין דער מדרגה פֿון חברים צו זייער רבין. זיי האָבן זיך אַליין גאָר ווייניק צוגעטיילט. דאָס זעלבע איז חל אויף דעם מעזריטשער מגיד, וועלכער האָט פֿאַרמאָגט תּלמידים ניט קיין קלענערע קאָפּ און האַרץ־מענטשן, ווי ער, און דאָך האָבן זיי אויך זייערע חידושים־נפֿלאים אַרײַנגעלייגט אין זײַן מויל אַרײַן. וואָס איז שייך דער מידה פֿון זיך אַליין אַוועקמאַכן און צעבישטיקן, ביז צו ווערן אַ פּוס־בענקעלע צום רבין, איז ניטאָ קיין בולטערע און האַרץ־רירנדיקערע דוגמא פֿון ר׳ נתן נעמיראָווער, וועלכער האָט זײַן רבין רבי נחמן בראַצלאָווער געדינט געטרײַ ווי קיין תּלמיד אין דער וועלט צו זײַן רבין. ער האָט זײַן גאַנץ לײַב און לעבן, זײַן טיפֿן מוח און גרויסע נשמה, זײַנע שרײַבערישע כּשרונות פֿון אַ הויכער מדרגה, אַוועקגעשאָנקען דעם רבין. רבי נחמן האָט ניט איין מאָל געזאָגט: נתן, ווען ניט דו, וואָס וואָלט פֿון מיר געוואָרן?

גרויס איז דער פּלא, וואָס אַפֿילו אין אַ שפּעטערדיקער תּקופֿה, וואָס איז געשטאַנען אין פֿלוג דורכויס אין צייכן פֿון וועלטלעכער קולטור, האָט זיך באַוויזן אַ תּלמיד, וועלכער האָט זיך צעוואַקסן גייסטיק טיפֿער און העכער פֿון זײַן רבין, האָט ער דאָך כּל ימיו געטראָגן הויך איבער זיך די פֿאָן פֿון זײַן רבין, געמאַכט פֿאַר אים אַ וואַרע און מקטיר געווען פֿון זײַן כּבֿוד וועגן ווײַרעך. דאָס מיינט מען ביאַליקן, וועלכער האָט זיך שטענדיק געיחוסט מיט אַחד־העמן. ניט נאָר מיט לידער אים באַזונגען, נײַערט אויך געגעבן אָנצוהערעניש, אַז אַ גרויסער טייל פֿון זײַן ליכט איז אַן אָפּשטראַלונג פֿון אַחד־העמס זון. ער האָט בפֿירוש אים דערקלערט פֿאַרן נבֿיא־הדור, פֿאַר דעם אמתן בעל־שפֿע און מקור־השראה, דעם העלזעער און אמת־זאָגער, דעם גײַסטיקן ריז און וועגווײַזער. „אויב ווער פֿון אונדזער דור איז באַשאָנקען מיט רוח־הקודש, איז דאָס ניט קיין אַנדערער ווי אַחד־העם“... דער בוי־זאַץ אַ וועלטלעכער, אָבער דער תּוך איז פֿון סיטרא־דקדושה, פֿון פֿרומער יראת־שמימדיקער התבטלות פֿאַר דעם גרויסן אמת־זאָגער, וועלכער האָט אַדורכגעשלאָגן דאָס סטעזשקעלע צו יענעם וואַסערל, וואָס הייסט, ווי רבי נחמן זאָגט, אמונה. אַחד־העם, כאָטש באַגרענעצט, אָדער ווײַל באַגרענעצט, ניט צעזייט און צעשפּרייט גײַסטיק, נײַערט שטאַרק קאָנצענטרירט אין זײַן רעיון פֿון מרכּז־רוחני און אין זײַן גלויבן אין קיום־האומה, ווי אויך אין דעם דרך, וואָס פֿירט צו נצח־ישׂראל, האָט זיך אין זײַן צײַט באמת, ווי אַ ריזיקער טורעם, הויך געהויבן מיט זײַן ברייטער אויפֿפֿאַסונג פֿון ייִדישער געשיכטע און טיפֿזיניקן אײַנדרינגען אין דעם ייִדישן גורל... קומען מיר אַרײַן אין תּחום פֿון אמונה, איז שוין אויס וועלטלעכקייט, אויס רעאַליסטישע מעסטונגען לגבי כּוחות און כּשרונות. ניט־וויכטיק איז, וואָס דער תּלמיד שטייגט אַריבער דעם רבין מיט כּוח־הדיבור אָדער כּוח־התּיאור, מיט פֿײַערווערק פֿון חכמה־פּוטערפֿאַס. וויכטיק איז דאָס וואַסערל אמונה, דער ערנסט און די פֿרומקייט, וועלכע באַצייכענען דעם רבינס אַרט און שטייגער. אַחד־העם איז אָנגעלאָדן מיט פֿרומען ערנסט. אין דעם שטעקט זײַן גדלות. פֿון זײַן יאָ רעדט אַרויס דער טיפֿער גלויבן און זײַן ניין שפּריצט מיט אמתן צאָרן און טיפֿער איבערצײַגונג. ניטאָ אין אים קיין טראָפּן שפּיל, אָדער לײַכטזין. אַזאַ רבי איז מעורר צו חשבון־הנפֿש און צו ענוות.

וואָס איך וויל אויסברײַען איז, אַז אויך דאָס פּלאַץ איז מעורר און די סבֿיבֿה איז גורם צו זײַן אַ טיפֿזיניקער ענין, אַרײַנגיסן אייגענע שפֿע אין דעם רבינס כּלים. אַזוי ווי אַ גרויסער חכם און שעפֿערישער גײַסט איז אַ מין נשמה־כּוללת און תּמצית פֿון אַ גרעסערן קיבוץ, אַזוי איז אויך אַן אויפֿריכטיקער עניו, אַ שטילע שטראַלנדיקע פּערזענלעכקייט, וועלכע איז אין דער מדרגה פֿון אַ למד־וואָוניק, אַ מין סך־הכּל פֿון אַ סך ניט קיין פֿאַרריסענע בינונים. אוקראַיִנער ייִדישער שבט האָט אין זיך געהאַט אַ גוסט צו למד־וואָוניקעס... נשמות טאָר מען ניט דוצן אָדער ליפֿערן זיי צו טוצן. יעדער איינער איז אַן עולם־קטן. אָבער אַ סך עולם־קטנס בילדן צוזאַמען איין עולם גדול, וועלכער האָט זײַן נשמה און אייגענעם פּנים. דער אוקראַיִנער ייִדישער שבט האָט געהאַט אַ וואָכעדיק פּנים, הינטער וועלכן ס׳האָבן געקלאַפּט יום־טובֿדיקע הערצער. שבת און יום־טובֿ זײַנען אַן אומגעהײַערע העכערע מדרגה, ווי די וואָך. מען מוז אָבער מודה זײַן, אַז דווקא די וואָך מיט אירע טיפֿע זאָרגן איז שטאַרק ערנסט און, ניט אויסגערעדט זאָל זײַן, זייער אָפֿט ערנסטער פֿון דעם שבת און יום־טובֿ, אין וועלכע מע לאָזט זיך

וואוילגיין אַ מאָל אַזש ביז צום פאַרגעסן די קדושה און די נשמה־יתירה. האָבן טאַקע עכטע אוקראַינע־ייִדן געמאַכט זייערע שבתים אַ ביסל וואָכעדיק, דאָס מיינט, זייער ערנסט. זייער התלהבות געדעמפט, זיך אויפגעפירט, ווי איינער פון די בעלי־המוסר האָט געזאָגט, די אויגן אַראָפ צו דער ערד און דאָס האַרץ אַרויף צום הימל... מע האָט זיך געשעמט צו זײַן בגילופינדיק. מע האָט ליבע טיף אויסבאַהאַלטן און זי אָפט באַדעקט מיט אַ מאַנטל פון קאַלטקייט, אָדער אַפילו אַ געבייזער. מע איז געווען ניט שטיף, אינערלעך געפאַלן. דאָס האָט אָבער ניט געשטערט צו דער שטײַפקייט פון כאַראַקטער און דער פעסטקייט פון דער דעה. אַדרבה, די אויסערלעכע אָפגעלאָזנקייט האָט געהאַט דווקא אַ גוטע פעולה אויף דעם פנימיותדיקן אויסהאַלט און אויסדויער. אַ זאָמען וואַקסט אין דער טיף. די ברכה איז חל אויף דעם, וואָס איז פאַרהוילן. אמתדיקער כוח באַשטייט אין קענען וואַרטן, ווי אין פסוק שטייט: איך באַשווער אײַך, אויב איר וועט וועקן און אויפוועקן די ליבשאַפט, ביז זי וועט באַגערן. אַ גבור, וואָס האָט אין זיך די מידה פון פשטות, דאָס מיינט, אַ פאַרשטעלטער גבור, איז שטאַרקער, איידער אַ גבור, וועמענס גבורה איז אויסגעגאָסן אויפן פנים און שפיגלט זיך אָפ אין זײַן אויסערלעכקייט. אַ שטייגער שמשון, וועמענס גבורה איז באַשטאַנען אין זײַנע לאָקענעס. דאָ איז שוין זײַן סוד אָנגעוואונקען און מ׳קען אים פאַקן מיט איין שער, ווי דלילה האָט געטאָן.

# ה. ייִדישער נוסח אין אוקראַינע־לאַנד

דער אונטערשייד צווישן סטיל און נוסח איז שוין פיל אויסגעפאָרשט געוואָרן און עס זײַנע מכוח אים אַ סך השערות אַרויסגעזאָגט געוואָרן. מעג מען זיך דערלויבן צו דעם גרויסן באַרג פון הסברות נאָך אַ קליין קנייטל, אַ מן סברה, וועלכע לייגט זיך אויך אויפן שׂכל. אין סטיל דריקט זיך אויס דער יחיד אין זײַן טבע־שני. דהײַנו לויט דעם, ווי ער האָט זיך אַליין מיט אייגענע כוחות אויסגעאַרבעט, פאַרפיינערט, אויסגעשליפן און דורכגעלײַטערט, אָפגעוואָרפן פון זיך דאָס פסולת און יעטוועדן פרעמדן אָנוואוקס, כדי צו בלײַבן שטיין פנים אל פנים מיט זײַן טיף־פאַרשטעקטן איך. מיט נוסח באַנוצט זיך דער מענטש כל־זמן, און אויף וויפל, ער איז אויסגעוואַקסן, גלײַכצײַטיק אַרײַנגעוואַקסן, אין זײַן שטאַם און סביבה, ציט די יניקה פון דער אַרומיקייט, פון טראַדיציע און שטייגער, טראָגט זיך מיטן שטראָם פון זײַן אָרט און תקופה, אין וואָס סע באַשטייט זײַן טבע־ראשון. קינדער זײַנען אײַנגעוואָרצלט אין נוסח, דערוואַקסענע, ווען זיי האָרעווען אויף זיך, אויף זייער השלמה, סײַ אין לערנען און סײַן אין מידות, און זײַנען געבענטשט מיט דעם כשרון פון התבוננות לגבי זיך אַליין, זײַנען מסוגל זיך קונה זײַן אַן אייגענעם סגנון. אין סטיל דערקענט מען דעם מענטש און אין נוסח לאָזן זיך דערקענען דער שטאַם, די סביבה, די עדה. דער נוסח איז אײַנגעוואָרצלט אין נעכטן; דער סטיל איז מער איצטיק, הײַנטיק. כאָטש סטיל איז אַ סימן־מובהק פון פערזענלעכער פאַרפײַנערונג און פאַרטיפונג, פון זיך דערגראָבן ביז דעם מקור פון דער אייגענער נשמה און די אינדיווידועלע אייגנשאַפטן, איז דער נוסח אויך אין דעם יחיד בראשיתדיקער, זאַפטיקער, און אַ סך מער אײַנגעשפאַנט אין דעם רײַטוואָגן פון אמת, איידער דער סטיל. סטיל קען זײַן אַ פאַרדרייטער, אויסגעטראַכטער, אַן אויסגעפשטלטער, אַ מין רזינ־דרזינדיקער, וואָס אַפילו דער, וועלכער באַנוצט זיך מיט אים, פאַרשטייט כלל ניט זײַן כוונה און תכלית. נוסח איז על־פי־רוב יושרדיק־גלאַט; אַמאָל אויך תכלית הפשטות. סטיל איז אויך עלול צו זײַן אַ קאַפריז, אַן אָנשטעל, אַ מאַסקע. נוסח איז כמעט ווי אַ געבאָט, אַן אמתער שטעל, אַ רייך, ניט קיין פאַרוואַשן פנים. אַ חזן, למשל, וואָס איז כולו סטיל, אָן אַ טראָפן נוסח, איז זײַן געזאַנג אַ זמורת־זר, אַ פרעמד געוויקס, בלויז קאָפ־ אָדער פיסק־מלאכה. סטיל איז אייגנטלעך אַ דורכגעפילטירטער נוסח. דעריבער מוז יעדער ניגון דורכגעזאַפט זײַן מיט נוסח־פליטערלעך. אין נוסח קלאַפט דאָס האַרץ פון פאָלק. אין תוך אַרײַן אויך די גרויסע יחידים פאַרכישופן אונדז דערעיקרשט דערמיט, וואָס אין זייערע שאַפונגען דערשפירן מיר די התגלות פון דעם כלל, פון וועלכן זיי שטאַמען. מענטשן זײַנען ניט להוט נאָך קאָפ, נאָך מויל, אַפילו ניט נאָך עכטע קונסט־שטיק בחסד אַ ווירטואָזיטעט. זיי לעכצן אָבער נאָך דער אַנטפלעקונג פון אַ ריין און וואַרעם האַרץ. סטיל, אַפילו האַרציק, איז דאָך קאַלט. נוסח איז אויסגעגליט אין דעם קאַלכאויוון פון פאָלקס־נשמה.

ווידער איז מײַן תפילה איך זאָל אויסגעהיט ווערן פון גוזמאַדיקן אַרײַנטייטשן אַלדאָס שיינע און גוטע אין מײַנע לאַנדסלײַט. שרײַבן הייסט אַרײַנפאַלן ניט־ווילנדיק אין גוזמאות. ווער ס׳וויל שרײַבן מצה־שמורהדיק, באמת אויסמײַדן די מינדסטע איבערטרײַבונג, זאָל ער שומר הפען זײַן: און זי בכלל ניט באַנוצן. נעמען מיר באַמאָלן אַן ענין, קומט ער ממילא אויס אין אונדזערע הענט אתה־בחרתנודיק, כולו זכאי. ווידער פאַרקערט, הייבט מען אָן איינעם טרייבערן און זוכן אין אים חסרונות, קומט ער אומבאַדינגט אַרויס כולו חייב. מענטשלעכע שוואַכקייט.

געדענק איך גוט די דאָזיקע שוואַכקייט און זאָג

פֿאַרט, אַז אוקראַיִנער ייִדישער שבט האָט אין זיך געהאַט אַ פֿײַנעם נוסח. אַלץ וואָס ער האָט געשאַפֿן, הן אין עולם־הניגון און הן אין מלאכת־מחשבֿת פֿון וואָרט און פֿאַרב, טראָגט אויף זיך דעם שטעמפּל פֿון אייגענעם, האַרציקן נוסח. דאָס אַרט ריידן פֿון דעם פּשוטן ייִד און פֿון דעם המון־העם איז אָנגעגאָסן און אויסגעווייקט מיט נוסח. כ׳וואָלט זאָגן, אַז נוסח ייִדיש אין אוקראַיִנע איז אַ קורצער זאַץ, אַ וואונק, אַ חנעוודיקער וואָרט־שפּיל, אַ זאָג מיט אַ פֿרעג, ניט דערלאַנגט מיט אַ האַק, ניִערט מיט אַ קליין שפּילקעלע, אַ שטאָך מיט אַ פֿאַרגלעט, ניט אָפּגעחוזקט, אַפֿילו ניט אויסגעלאַכט, נײַערט אויסגעשמייכלט. נעמען מיר אַפֿילו אַן אויבנאויפֿיקן בײַשפּיל, ווי אַזוי אונדזערע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך גופֿא, פֿאַרשטענדלעך אויך אַנדערע, אָנגעמאָסטן צונעמענישן. מען האָט זיך, למשל, גערופֿן אָבֿאַדיוקער פֿעלצן, טראָסטינעצער צאַפּעס, ווערכיווקער ציגן, זאַבאָקריטשער רעקלעך, בערשאַדער טליתימלעך, טשיטשעלניקער, ניט אויסגערעדט זאָל זײַן, משוגעים, אַליפּאָליער האָלאָדראַנצעס, באַלטער וואוילעיונגען, מיאַסקיווקע שטעקלעך, טאָלטשינער פּרעסערס, קאַדימער שפּרינגערס אאַז״וו.

דאָס זײַנען צונעמענישן שאַרפֿע, אָבער ניט קיין בײַסנדיקע, אייניקע פֿון זיי מן־הסתּם ניט קיין באַרעכטיקטע. קיין ביטול שטעקט אָבער ניט אין זיי. וואָס איז שייך מײַן געבורט־שטאָט, האָט זי איר צונאָמען פֿאַרדינט. אונדזערע שטאָט־לײַט, כ׳מיין די זקני־הדור צווישן זיי, זײַנען געווען אָנגעטאָן אין פֿעלצלעך מחמת דעם טעם פּשוט, וואָס פֿאַר אַן אָרעמאַן איז ניטאָ נאָך אַזאַ ניצלעך און ביליק בגד, ווי אַ פֿעלצל, און אונדזער שטעטל איז באַשטאַנען כּמעט פֿון עניים ואבֿיונים. אַ פֿעלצל איז גוט ווען מע שטייט אין קראָם ווינטער. פֿאָרט מען אויף יאַרידים איז דאָס אַן אמתער אוצר. אַ פֿעלצל איז אויך אַ וואַרעמע קאָלדרע צום שלאָפֿן. אַ פֿעלצל איז ברייט און ס׳איז קיין מאָל ניט אָנגעמאָסטן צו אַ באַשטימטן גוף דווקא. ס׳איז אַזוי צו זאָגן אַ פֿאַמיליען־פֿאַרמעגן, צו באַנוצן זיך דערמיט פֿאַר אַלע מיטגלידער פֿון דעם געזינדל, סײַ פֿאָטער און סײַ זון, עלטערער ווי קלענערער, און טאַקע די עקרת־הבית אויך. סע פֿאַלט ניט אַראָפּ בײַ זיך, ווען עס ליגט אויף די פּלייצעס פֿון מין זכר און אויך ניט פֿון מין נקבה. ס׳איז גאַנץ אויפֿגעלייגט און גוט אויפֿגעלייגט אויף די פּלייצעס פֿון אַ קינד, ווען מע שיקט דאָס אין אַ פֿראָסטיקן און זאַווערוכישן ווינטער־טאָג פֿאָלגן אַ גאַנג. אַ סבֿרה, אַז אויך זומער, אין די גרויסע היצן, שאַדט ניט אַ מאָל זיך אײַנפֿעלצעווען, ווען מע האָט ניט עטוואָס אַנדערש אָנצוטאָן. חיים־דוד, למשל, אַ ייִד אַ בעל־מרה־שחורה, וועלכער פֿלעגט זיך גאַנצענע טעג אויסבאַהאַלטן בײַ זיך אין שטוב מחמת מורא פֿאַר דעם אינדרויסן, און דער עיקרשט מסתּמא פֿאַר דער זון, פֿלעגט סײַ זומער און סײַ ווינטער בײַ נאַכט, און דווקא בשעת אַ שלאַקס־רעגן אָדער אַ שניי־זאַווערוכע, זיך אַרויסלאָזן איינער אַליין איבער די ליידיקע גאַסן, ווי איינער זאָגט: איצט בין איך דאָ. ווען ס׳איז ניטאָ קיינער, בין איך איינער. האָט מען אים טאַקע גערופֿן: חיים־דוד מיטן פֿעלצל. און, ווער ווייסט, אפֿשר איז ער אויך געווען אַ שטיק סיבה צו דעם צונאָמען פֿון אונדזער שטאָט. ווײַל אין תּוך אַרײַן זײַנען בײַ אונדז לגמרי ניט געווען קיין סך פֿעלצלעך. מע מוז שוין זײַן אַ שטיקל יוסטער בעל־הבית צו קענען זיך אײַנשאַפֿן אַן עכט שאָפֿן פֿעלצל. די אָרעמע לײַט קענען נאָר חלומען וועגן דעם. אויף איינעם אַן אונדזעריקן, וועלכער האָט זיך ווי עס איז צוגעשלאָגן צו אַ פֿעלצל, האָט יאָסל דוד געלאָזט פֿאַלן אַ ווערטל, אַז דאָס איז דאָס ערשטע פֿעלצל בײַ אים אין דער משפּחה. און זײַן משפּחה בײַ אונדז אין שטאָט איז דווקא געווען אַ ברייטע און צעוואַקסענע. איז דאָך אין פֿלוג אַ ווידעראַנאַנד צו דעם צונאָמען אונדזערן. און דאָך ווען מע קלינגט איז אַ חגא. דאָס פֿעלצל איז פֿאָרט געווען אַ סימן־היכּר פֿון אונדזערע שטעט־לײַט. מען קען זאָגן, אַז ס׳האָט געדינט ווי אַ מין פֿאָן בײַ מײַן געבורטס־שטאָט. און מע האָט זיך טאַקע אַלע מאָל געוואָרפֿן אין די אויגן אַרײַן. וואָרעם ווער עס האָט זיך איין מאָל דערשלאָגן צו אַ פֿעלצל, איז ער שוין געווען פֿאַרזיכערט דערמיט אויף כּל ימיו. יאָסל דוד פֿלעגט צו זאָגן: אַ פֿעלצל איז געגליכן צו אַ באָרד. וואָס מער זי ווערט עלטער און גראָער באַקומט זי מער חשיבֿות, און די פּלייצע, וואָס זי באַשײַנט, ווערט אַלץ בכּבֿודיקער. וואָס זשע פֿאַר אַ חידוש, וואָס אונדזער שטאָט האָט געשוויבלט און געגריבלט מיט אַלטע און בכּבֿודיקע פֿלעצלעך?

ס׳וואָלט מיך צו ווײַט פֿאַרפֿירט דער פּרוּוו צו געבן אַן אויבנאויפֿיקן איבערבליק איבער דעם באַדײַט פֿון די צונעמענישן, וועלכע האָבן באַקרוינט די אויבן דערמאָנטע ישובֿים און אַ סך אַנדערע ווי זיי. אויב אַ נאָמען איז אַ מאָל די נשמה פֿון אַ זאַך, איז דער צונאָמען די נשמה־יתירה פֿון איר. שטעט האָבן דאָך נשמות, פּונקט ווי זיי האָבן פּנימער און ביאָגראַפֿיעס, אויפֿבלי־צײַטן און אָפּבלי־צײַטן. שטעט שטייען ניט, זיי גייען, גייען און קומען, גייען באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ; באַקומען מוחין־דגדלות און פֿאַלן גאָר פּלוצלינג פֿון דער העלער הויט בײַ זיך אַראָפּ, אָדער ווערן ווי פֿאַרחלשט; גראָבן אויס פֿאַר זיך אַלע מאָל נײַע מקורות פֿון יניקה, אָדער פֿאַרשטאָפּן אויך די אַלטע. מע קען ניט זאָגן סתּם די שטאָט, אָדער דאָס שטעטל. שטעט פֿאַרמאָגן איכן און אייניקע פֿון זיי דערהייבן זיך צו דער מדרגה פֿון פּערזענלעכקייטן. ווען מע זאָגט מעזשבעזש, בראַצלאַוו, נעמיראָוו, מעזריטש, טאַלנע, פּולנאַ, אָסטרע, אָדער אַפֿילו דאָס הײַנטיקע אָדעס, מיינט מען דאָך ניט בלויז גאַסן הײַזער, ליימענע אָדער הילצענע, די פֿעלדער

אַרום און אַ וואַלד דאַנעבן. שטעט זײַנען לעבעדיקע באַשעפֿענישן. זײַנען מער פֿון ביימער, וואָס וואַקסן, און מער פֿון באַנען, וואָס לויפֿן, אָדער פֿון טײַכן און ימען, וואָס שווימען אַוועק. שטעט זײַנען שפּיגלען, אין וועלכע סע קוקן אַרײַן און פֿון וועלכע סע קוקן אַרויס דורות. שטעט זײַנען ווײַנען, פֿון וועלכע יעדער איינער איז פֿאַרשיידן פֿון צווייטן מיטן טעם, ריח און מראה. און אויך ווי ווײַנען איז ניט־גענוג צו טאָן אַ לעק פֿון זיי, כּדי מע זאָל זיי קענען פֿאַסמאַקעווען און אָנצוטאַפּן זייער מהות. דאָס איז גערעדט געוואָרן מכּוח שטעט, וועלכע האָבן נאָך אַ לעבעדיקן מעמד אין דער וועלט. וואָס קענען מיר שוין זאָגן בנוגע אונדזערע פֿאַרשניטענע און אויסגעלאָשענע עליהם־השלומדיקע ישובים? יעדערער פֿון זיי מאָנט בײַ אונדז אַ באַזונדערן קדיש נאָך זיך, ווײַל יעדער ישוב איז אַ פּרשה פֿאַר זיך. ניט ווי אייניקע מיינען, אַז אַ נר־נשמה נאָך איין ייִדישער אויסגעגאַנגענער קהילה איז אַ נר־נשמה נאָך הונדערט אַזעלכע ווי זי. איז דאָס אָבער, ווי געזאָגט, אַ זייער פֿאַרצווײַגטער ענין, וועלכער מוז קאָסטן אַן אומגעהײַערע מי פֿון אַ סך כראָניקעס־שרײַבערס, וועלכע זאָלן זיך אָפּגעבן צו דער דאָזיקער אַרבעט מיט לײַב און לעבן. דאָס איז דערמאָנט געוואָרן די סוגיה שטעט לויט זייערע נעמען און צונעמענישן נאָר דרך־אַגב.

נוסח שפּיגלט זיך אָפּ אין כּלערליי דערשײַנונגען פֿון יחידישן באַנעמען און כּללישן שטייגער. אָבער לרוב ווײַזט ער זיך אַרויס באַשיימפּערלעך אין דעם דרך־הדיבור, אינעם אויסטאַקן דעם זאַץ, אינעם באַנוצן זיך מיטן וואָרט און גלײַכוואָרטל. שפּראַך־נוסח איז אַ בולטער סימן פֿון אַלע אַנדערע אָרטיקע אייגנשאַפֿטן. די מעלה פֿון שפּראַך־נוסח איז, וואָס ער, ווי אַ ברייטער טײַך, פֿאַרפֿלייצט מיט אַ מאָל אַ סך ישובים פֿון איין געגנט און איז אימשטאַנד צו באַצייכענען אַ סך מקומות מיט אַ מאָל.

קורץ און שאַרף איז געווען דער שפּראַך־נוסח אין אונדזערע מקומות אין גאַנץ פּאָדאָליע, ווי אויך אין באַסאַראַביע, וואָס האָט זיך פֿון יענער זײַט דניעסטער געטוליעט צו אונדז... מע האָט, למשל, געזאָגט: אַ ייִד מיט אַ רויטער פּאַטשיילע פֿון הינטן — און באַלד זעט איר אים שוין אַ לעבעדיקן פֿאַר די אויגן. דעסטגלײַכן אַ ייִד מיט אַ שפּיציק בערדל, מיט אַ צוגעשוירן בערדל, מיט אַ ציגן־בערדל. אַ ייִד מיט אַן אַלפּאַקן רעקל, מיט אַ ברייטן, אָדער שמאָלן, קאַשקעט, מיט אַ גאָלדן קייטעלע, אָדער טאַקע גאָר אַ גאָלדענעם זייגער, אַ ייִד מיט אַ שטעקעלע, וואָס סע דרייט זיך בײַ אים אין דער האַנט, אַ ייִד מיט אַ שפּאַלט אין סורטוק, אָדער מיט ברילן. איינער, וואָס רעדט בראָדעריש. יענער טראָגט ווײַסע זאָקן, אָדער געלע שיך. אָט איז איינער, וואָס איז אַ פּיר־קאַנטיקער, אָדער מיט אַ בײַכל. בײַכל צו בײַכל איז ניט גלײַך. פֿאַראַן אַ בײַכל און אַ בויך. פֿאַראַן אויך אַ בײַכל פֿון תּעניתים, פֿון אַ סך תּורה־לערנען, אָדער דאַוונען. פֿאַראַן אַ המוניש בײַכל און אַזוינס, וואָס איז אָנגעשטאָפּט מיט יחוס. איינער מיט אַ סקריפּ אין די שיך קען אויסגעטײַטשט ווערן אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים: אַ גדלן, אַ שייך־ אָדער פֿיל־ריידנער, אַ באַרימער, אָדער טאַקע פּשוט זײַנע שיך סקריפּען. שיך סקריפּען ניט סתּם אַזוי פֿון זיך. זיי זײַנען אַ קול־מבשׂר, אַז איך בין איך און מאַכט אַ וואַרע פֿאַר מיר. דרך־ארץ, שקצים! הײַנט ווען מע זאָגט, אַז יענער האָט פֿליגן אין דער נאָז, איז דאָס שוין זיכער אַן אוצר פֿון רמזים. ער איז אַ גבאי אָדער ער וויל ווערן אַ גבאי. ער שטופּט זיך אויבן־אָן. ער איז אַ דרייער און טאַקע אַ שטיקעלע ליגנער, במחילה, אַ נוקם־ונוטר, אַן אויסשטעלער, אַ בעל־קנאה, אַן אחד בפּה ואחר בלב־ניק, וואָס געזאָגט איז ניט געמיינט, זאָגט צו און איז ניט מקיים, פֿאַרלויפֿט יענעמס וועגן, האָט ליב אונטערצושטעלן אַ פּיסל, וכדומה. ס'איז גענוג צו זאָגן אויף איינעם, אַז ער רעדט שעפּעליאַווע, אָדער ער מעקעט, צי ער האָט ליב צו באָמקען, דעסטגלײַכן ער האָט אַ פּה קדוש, און די מיינונג איבער אים איז שוין אונטערגעשריבן און אָפּגעחתמעט. אָט איז איינער מיט אַ שטעל, מיט דריבנע ריידעלעך, אַ פֿריקרע פֿאַרשוין, אַ טערפּקע בן־אָדם. אַן אַנדערער איז אַ פּאָדראָבנע מענטשל. דאָס מיינט, אַז ער צעלייגט אַלץ אויף טעלערלעך, רעדט אַ סך, אַ נודניק, קען אויסנאָגן די נשמה מיט זײַן ברייטן אַרומשמועסן. ווידער זײַנען פֿאַראַן לײַט מיט דריבנע טריטעלעך, זיי שפּאַנען פּאַמעלעך און אָפּגעהיט, קוים זיך גערירט פֿון אָרט, ווי זיי וואָלטן טאָן אַ טובה דער ערד דערמיט, וואָס זיי טרעטן אויף איר. און יענער גאָר רעדט מילכיק. אַקעגן, דער צווייטער, פֿאַלן אים די ווערטער פֿון מויל, ווי בערעלעך תּשעה־באָב. דאָס מיינט, אַז ער איז אַ שטעכיקער. ווער ס'איז מיט אַ שטאָך און ווער מיט אַ קנייטש, אָדער אַ דרינזש. דער איז אַ צעהיצטער און יענער אַ קאַלטער אָן אַ גאַל. אָט איז איינער שטײַף, ווי ער וואָלט אײַנגעשלונגען אַ שטעקן. אַ פּשיטא שוין, אַז ער לאָזט זיך ניט מעלקן. און וואָס טוט מען מיט לײַט, וועלכע האָבן אַ קאַלעמוטנעם קוק, אָדער אַ זויערן שמייכל, זײַנען האַרב ווי רעטעך אָדער לאַנג ווי אַ קוימען? אַקעגן ווי האָט מען זיך געקוויקט, ווען מע איז געקומען איבער אַ פֿײַנעם ייִדן, סײַ ער איז געווען, ווי מע זאָגט, אַ שיינער ייִד, סײַ אַ פּשוטער חי־וקיים, נאָר מיט אַ גוט האַרץ. אַ ייִד אַ מחיה. ער לאָזט זיך טרינקען, ווי גוטער ווײַן. אַ כּשרע נשמה. אַ ליכטיקע צורה. טעם גן עדן. ער וועט דעם ביסן פֿון מויל זײַנעם אַוועקגעבן. אַ ייִד אַ גאָלד. ער איז דאָך בײַ זיך אַ שטיק בלאָטע. דאָס מיינט, פֿאַרשטייט זיך, אַן עניו. ער קען דאָך קיין צוויי ניט ציילן. דאָס מיינט אַ תּם, אָדער אַ תּמים. די שכינה

רוט אויף אים. אַ מענטש איז דאָס? אַ מלאך. ער איז גאָט די נשמה שולדיק... פּערל שיטן זיך אים פֿונעם מויל. אַן אײַזערנער קאָפּ. אַ נשמה, ווי אַ פֿידעלע. וואָס בײַ אים אויף דער לונג, איז אויך אויף דער צונג. אַ פּסחדיקער ייִד. אַן אָפּגעהיטענער. אַן אתרוג. אַ ייִד פֿון אתּה הראית. אַז איר וועט אים אָנקוקן, וועט איר פֿאַר אים ניט געבן קיין שמעק טאַבאַק, און דאָס איז צוקער־זיס. וואָס איז שייך? אַ חד בדורו. אַ מזוזהלע. לית דין בן נש צום גוטן, דאָס מיינט: אַ הימל־מענטש. אַ גאון־הגאונים. אַ קדיש־קדישין און אַ... למד־וואָווניק.

ווען מיר אויסרעכענען אַלע ריידנסאַרטן, ווערטער און ווערטלעך, וואָס יעדערער פֿון זיי איז אַן עולם מלא, באַצייכנט און באַמאָלט אַ מענטש הן אין גשמיות און הן אין רוחניות, וואָס יעדערער פֿון זיי טוט אַ שלאָג גלײַך אין פּינטל אַרײַן, טרייבערט אַדורך איינעם מיט זײַנע רמ״ח אברים און דערלאַנגט אונדז דעם גאַנצן אייבערשלאַק און הינטערשלאַק זײַנעם, וועט דאָס זײַן אַ מעשׂה אָן אַן עק. און געוויס זײַנען אַ סך ווערטער און ווערטלעך ניט אויסגעוואַקסן דווקא אויף דעם אוקראַיִנישן ייִדישן באָדן. דאָס רוב מימרות פֿאָרן אויף איבערגעכאַפּטע פֿורן פֿון לאַנד צו לאַנד און פֿון פֿאָלק צו פֿאָלק. גאַנץ אָריגינעל און אייגנאַרטיק איז נאָר דער רבונו־של־עולם... מוזן מיר אָבער אין זינען האָבן, אַז כאָטש יעדער קלוגער זאָג, צוגעשפּיצט וואָרט, אָדער שפּריכוואָרט, איז אַלוועלטלעך און שפּאַצירט אַרום איבער אַלע לענדער און אין אַלע מײַלער, האָט דאָס דאָך אַ שטאַם־אָרט, וואו עס קלינגט הילכיקער, מש־מעותדיקער און פּשוט, נאַטירלעך. טרויבן צו עסן קען מען באַקומען אַפֿילו הינטער די הרי־חושך, אָבער דעם אמתן טעם האָבן זיי נאָר אין דעם ווײַנגאָרטן. ווען זיי לאָזן זיך אַוועק אין דער ווײַטער וועלט אַרײַן, פֿאַרלירן זיי הינטערוועגס זייער חן און מתיקות, ווערן אויסגע־וועפּט. דעסטגלײַכן יעטוועדער פּרוכט. הוא הדין, אַ ניגון. אין דער פֿרעמד קוויקט מען זיך אויך מיט זיי. אָבער ס׳איז ניט דער טעם, ווי ווען מע שטייט בײַם צאַפּן. כּמות שאַפּט אויך איכות. ייִדיש לשון אין אוקראַיִנע איז אַ דורכויסיק געוועב פֿון קורץ־געפּאַסטע, טרעפֿלעכע, פֿײַלן אויסן בויגן געשאָסענע, דעפּעשן־אַרטיקע ווערטער און ווערטלעך, וואָס טוען אַ שאָס אויס גלײַך אין פּינטל אַרײַן. דער דאָזיקער שפּראַך־נוסח פֿאַרמאָגט ווייניק לאַהובֿי־ידידי־בריוועלעך, און נאָך ווייניקער שטראָף־רייד־פּאַסקווילן. ער איז אַ ריי פֿון טעלעגראַמען. אין אוקראַיִנע פֿלעגט מען זאָגן: ער קלאַפּט אַ טעלעגראַמע. דער שפּראַך־נוסח האָט גע־קלאַפּט, דעפּעשירט. אַ זאָג און פּטור. גרויסע משׂא־ומתּנס און וויכּוחים זײַנען דורכגעפֿירט געוואָרן מיט איין וואָרט, אָדער אויפֿן וואונק. אָבער פּלאַפּלען אַ סך איז ניט קיין מידה. אַגבֿ, ריידן תּכליתדיק האָט געהייסן ייִדיש דורכריידן, אָדער כאַפּן אַ שמועס. אַקעגן אויף סתּם ריידן אָן טעם און אָן ריח האָט איר ווערטער אָן אַ שיעור. מע קען פּלאַפּלען און בעבען, מעקען און איקען, מלעמלען און שטאַמלען, זאָגן פּידרעך, ני בע, ני מע, קוקוריקו. מען קען אויך לשונען און צינגלען, באַלאַ־קעווען, ברומען און באַמבלען מיט די ליפּן, ווי אויך קלאַפּן מיט דער צונג, פּויקן און טאַראַרײַקען, פּירקן און צוויטשערן, זאָגן פּיזעם און פּילנעווען מיט דער צונג, סע זאָל זיך אויסלאָזן אַ בוידעם, אָדער סע זאָל הייסן אויפֿן בוידעם אַ יאַריד, אַ קו איז געפֿלויגן איבערן דאַך; אַ וואָרט צו אַ וואָרט קלעפּט זיך ניט, בכלל נישט געשטויגן און נישט געפֿלויגן, פּשוט גע־פּיסקעוועט. דאָס מויל מאָלט. וואָס אַרט אים? עס קאָסט אים טײַער? בסך־הכּל אַ נעכטיקער טאָג. דער גאַנצער ענין אינטערעסירט אים ווי דער פֿאַראַיאָריקער שניי. פֿאַרשטייט זיך, אַז מע זאָגט אויף איינעם ער האָט געדבּרט, אויף לשון־קודש, אָדער ער האָט אַוועק־געלייגט לשון, איז דאָס אויך לפּחות אַן אַוועקמאַכן מיט דער האַנט אָט אַ יענעם, וועלכער האָט אַ ווינטמיל אין זײַן מויל.

דער דיבור פֿאַר זיך איז שוין גאָר ניט געווען באַליבט און געשעצט. גראָד פֿאַרקערט, ער איז געווען גרינג געשעצט, אויב ניט נאָך מערער. אַ שיין־רעדנער און בכלל אַ ריידנער איז ניט געווען ווי ס׳איז דער מנהג הײַנטיקע צײַטן דאָס אייבערשטע פֿון שטייסל. מע האָט אויף אים געקוקט, ווי אויף אַ פּאָקוסניק, אַ קאָמעדיאַנשטשיק, אַן אויגן־פֿאַרבלענדער און טאַקע גאָר אַ פּאַרזעעניש. לכּל הדעות אַ מין באַשעפֿעניש, פֿון וועלכער מע באַדאַרף זיך אויסהיטן. ער קען דאָך פֿאַר־ריידן די ציינער און פֿאַרבלענדן די אויגן, אָט אָ דער גאָטס־גנבֿ. סאַראַ רחמנות ס׳איז געווען אויף דעם בעל־דרשן, וואָס האָט זיך נעבעך אַוועקגעלאָזט פֿון זײַן מדינה, מן־הסתּם אַ ליטוואַק, זיך אָפּגעשלאָגן די פּיס און אויך דאָס מויל, ביז ער איז אָנגעקומען אין אונדזע־רע מקומות, צו האַלטן אַ דרשה אין בית־מדרש און באַקומען דערפֿאַר שׂכר־טירחה. שׂכר טירחה האָט ער ווי עס איז באַקומען. אָבער גאַנץ אָפֿט האָט מען אים באַוואָרפֿן מיט האַנטיכער און אַראָפּגעטראָגן פֿונעם באַ־לעמער, ווי באַלד נאָר ס׳איז געפֿאַלן אַ חשד אויף אים, אַז ער איז אַ סתּם־זאָגער, ניט קיין דרשן און גאָטס־פֿאָרכטיקער שטראָפֿער, נײַערט סתּם איינער, וועלכער איז אַ בריה אויף פּיסק־מלאכה, אָדער אַפֿילו אַ חכם, אָבער אָן ראשית־חכמה. ס׳איז אַפֿילו אַרומגעגאַנגען אין אונדזערע מקומות אַזאַ ווערטל: חד גדיא, חד גדיא, דזבין אבא בתרי זוזי. יעטוועדער זאָגער, אַפֿילו ער איז אַ שאַרפֿזאָגער, איז עלול צו פֿאַרקויפֿן זײַן אייגענעם טאַטן פֿאַר צוויי גילדן. אָט אַזוי ווײַט איז דערגאַנגען דער חשד אויפֿן כּוח הדיבור. אַ שאַרף צינגל, האָבן אונדזעריקע געהאַלטן, איז שאַרפֿער פֿון אַ מעסער און אַזוי געפֿערלעך ווי ער.

# ו. דער ענין פֿון פּשטותדיקער עניוות

דער מענטש באַשטייט פֿון מחשבה, דיבור און מעשׂה. די באַקאַנטע מימרא, אַז אַ מענטש קען מען דערקענען אין זײַן סטיל, מוז דעריבער חל זײַן ניט נאָר אויף זײַן סטיל פֿון ריידן אָדער פֿון שרײַבן, נײַערט אויך אויף זײַן דרך המחשבה און סדר המעשׂים, אויף זײַן גאַנצער התנהגות, אויך אויף זײַן לבֿוש, פֿאַרשטייט זיך. דער געהויבענער טיטל שבת־יום־טובדיקע ייִדן קלעפּט זיך ניט, לפֿי עניות דעתּי, צו די אוקראַיִנער ייִדן, אויב די כּוונה פֿון דעם דאָזיקן תּואר הכּבֿוד איז ניט נאָר בנוגע די נשמות, נאָר אויך אין שייכות מיט דעם אויסזען, שטעל און הילוך, ווי אויך געדאַנקען־גאַנג. דער גאַנצער שניט פֿון דעם ייִד אין אוקראַיִנע־לאַנד איז געווען אַן איינפֿאַכער, אַ גאָר־גאָר פּשוטער, מע מעג אַפֿילו זאָגן, אַ וואָכעדיקער. וואָרעם אין תּוך אַרײַן איז דאָך ניטאָ קיין שבת־קודש אָן וואָך־קודש. דרך משל, בײַ אונדז אין שטאָט געדענק איך ניט אַ ייִד מיט אַ זילבערנער עטרה אויפֿן טלית. אַפֿילו דער שטאָט־גבֿיר ניט. עטרה, דאָס איז מעשׂה־גאווה. ניט געווען קיין זשופּיצעס, ניט קיין איין און איינציק שטרײַמל. אַ זײַדענע קאַפּאָטע אַ זעלטנהייט. אַ רענדל פֿאַר אַ ייִדן מיט אַן אויסגעקעמטער באָרד — און איר געפֿינט אים ניט. אַלטע ווײַבער פֿלעגן אַ מאָל אין אַ יום־טובֿ בײַם גיין אין שול אַרײַן זיך אויספּוצן מיט די שליאָמעס, אַזעלכע טענדע־וווערענדעס, אויפֿגענייט געוואָרן צו זייערע חתונות, צו באַנוצן זיי דאָס גאַנצע לעבן בײַ גאָר גרויסע שׂמחות. אָבער דער דאָזיקער פֿײַערלעכער לבֿוש איז דאָך געווען אַ מין שארית־הפּליטה פֿון די גאָר אַמאָליקע צײַטן, פֿון לאַנג אַ פֿאַרלוירענער פּראַכט. די לעצטע דורות האָבן זיך שוין ניט פֿאַרגונען אויסצופּוצן, ווי מע פֿלעגט זאָגן בײַ אונדז, אין עסיק און אין האָניק. מע האָט געקוקט קרום אַפֿילו אויף געפּוצטע שיך אין מיטן דער וואָך. איז געווען איינער אַ ייִד, וועלכער האָט געהאַט אַ גוסט אָפּצואוועקסלען די שיך אין אַ פּשוטן מיטוואָך, האָט מען אים גערופֿן מאָטיע דײַטש און זײַנע שיך האָבן שוין געהייסן שטיוועלעטן. מאָטיע מיט די געפּוצטע שטיוועלעטן איז געווען אַ יוצא מן הכּלל, ווי ניט קיין היגער. סע האָט זיך אַרומגעטראָגן אַ קלאַנג, אַז ער שטאַמט פֿון ערגעץ אַ ווײַטער גובערניע און ער, אָדער זײַן פֿאָטער, האָט פֿאַרבלאָנדזשעט און אַרײַנגעפֿאַלן אין אונדזער מקום, ווי אַ יונה אין דער סוכּה. אויך די רבנים בײַ אונדז, ווי געזאָגט, האָבן געטראָגן היטלען מיט פּשוטע דאַשקעס, סײַ אין דער וואָכן און סײַ שבת און יום־טובֿ, גאָר ניט צו דערקענען ווער איז דאָ פֿון די כּלי־קודש. אויף אַ ייִדן אַ ירא־שמים פֿלעגט מען זאָגן, אַז ער איז אַן ערלעכער, אָדער אַ כּשרער ייִד. געדענקט זיך מיר ניט דער באַגריף אַ שיינער ייִד. ערשט בײַ מענדעלען אין זײַנע ספֿרים בין איך גע־ וואויר געוואָרן פֿון דעם מציאות פֿון שיינע ייִדן, און דווקא לגנאַי.

בנוגע מענדעלען וויל איך זאָגן, אַז ער, דער גרויסער מײַסטער אויסצודריקן חריפֿותדיקע געדאַנקען און טיפֿזיניקע אָנצוהערענישן דורך די פּשוטסטע דיבורים מיט אַ באַהאַלטענעם קנייטש און אַ פֿאַרשטעלטן רמז, האָט אַ סך גערירשנט פֿון יענע צײַטן, ווען ער האָט אַרומגעבלאָנקעט אין די פּאָדאָליער און וואָלינער געגנטן, און דערעיקרשט אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק און דוכט זיך אויך אין מאָהילעוו און פּראָסקוראָוו, וואו ער האָט געלעבט אין דער נאָענטער שכנות פֿון גאָטלאָבערן און זײַנע חבֿרים. פֿאַרשטייט זיך אויך אין אָדעס, וואו ער האָט פֿאַרבראַכט אַ שטיק פֿון זײַן לעבן. אָדעס, כאָטש אַ שמעלץ־טאָפּ פֿון פֿאַרשיידענע ייִדישע שבֿטים, יוצאי־ליטע, גאַליציע און רומעניע, מיט אַ דגש־חזק פֿון בראָדער פֿאַרדײַטשטע, צוגעפּוצטע און צוגעשפּיצטע ייִדן, איז דאָך דער אוקראַיִנער ייִד געווען אין איר דער טאָן־ און פֿאַרב־געבער.

אָדעסער ייִדישער צענטער איז אַ פּרשה פֿאַר זיך. ער איז אַ שפּעט געבוירענער. צוריק מיט אַ יאָר פֿופֿציק איז ער בסך־הכּל געווען נאָך אַ קונדס, אָדער, בלשון מענדעלע, אַ לאַפּיטוט, אַ שנעק, אַ צוציק, אין גאַנצן אַלט געווען אַ יאָר הונדערט און פֿופֿציק. אַקעגן דאָס מינדסטע ייִדישע שטעטל אין אוקראַיִנע האָט שוין פֿאַרמאָגט אַ יחוס־בריוו פֿון עטלעכע הונדערט יאָר. מײַן פּיצינינקעלע געבורטס־שטעטל איז געווען עלטער פֿון גרויס אָדעס מיט אַ גאַנצער מאה, אויב ניט נאָך מערער. אַ סבֿרה, אַז אין דער פּאָדאָליער געגנט האָבן ייִדן שוין געטראָטן אויף יענער ערד אין די צײַטן פֿון אונדזערע תּנאים און אמוראים. אַנדערע מיינען, אַז געציילטע ייִדן האָבן זיך אַהין פֿאַרוואַלגערט נאָך פֿאַר דעם חורבן בית־המקדש. ווי עס איז, דער ייִד און די אוקראַיִנער ערד און הימל האָבן זיך אָנגעשמעקט שוין גאָר אין די אַלטע צײַטן. ייִדישע קהילות האָבן דאָרטן אין משך פֿון צענדליגער דורות געשפּראָצט און געוואַקסן. ייִדישער גוסט, שטייגער און נוסח האָבן זיך דאָרט צעבליט אַזוי אייגנאַרטיק און מקוריותדיק ווי, מעגלעך, אין קיין שום אַנדער אָרט אויף דעם כּדור הארץ. גענוג צו כאַפּן אַ קוק אַרײַן אין דעם ספֿר יון מצולה, וואָס זײַן מחבר איז געווען אַן עד־ראיה אי פֿון דעם גרויסן אויפֿבלי פֿון יענער ייִדישקייט, אי פֿון איר גרויליקן חורבן, צו דערשפּירן ווי שטאַרק עס האָט געשפּרודלט דער מעין־החיים פֿון יענעם שבט. אַזוי שטאַרק, אַז ער האָט זיך מתגבר געווען אויף יענעם חורבן, און אויך אויף די שפּעטערדיקע שחיטות און רדיפֿות, ווידער און ווידער אויפֿגעטויכט פֿון דעם

מבול־בלוט און אָנגעזאַמלט פרישע כּוחות, זיך געשטעלט אויף די פיס און הויך אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

דער כּוח פון אַלע מאָל פון דאָס ניי אויפגעמונטערט ווערן און קומען צו זיך האָט געשטעקט אין זײַן אייגנאַרטיקן נוסח. זײַן נוסח איז געווען אַ מין שבתדיקע וואָכעדיקייט, אָדער וואָכעדיקע יום־טובדיקייט, אין זיך האַלטן שטענדיק בײַ זײַן מעלה און אין זײַן מדרגה. אין פּשטות. אין עכטער פּשטות. און פאַר וואָס טאַקע ניט זאָגן אין זײַן טיפזיניקער, אויסגעווייטיקטער, דורך פיל נסיונות דורכגעלײַטערטער, פּשטות.

פּשטות הייסט כּלל ניט אַראָפּנידערן, נײַערט, גראָד פאַרקערט, זיך דערהייבן איבער אָט די יעניקע הבלי־החיים, אין וועלכע עס שטעקן מער הבלים ווי חיים. הילכיק און רעשיק זײַן מיינט כּלל ניט לעבעדיק זײַן. כּדי אויסצוטרעטן פאַר זיך אַ ברייטן דרך איז מען כּלל ניט מחויב זיך צו יאָגן. אין איין אָטעם זאָגט קהלת: גיי עס מיט שׂמחה דײַן ברויט און טרינק מיט אַ פריילעכן האַרצן דײַן ווײַן, וואָרעם גאָט האָט באַוויליקט דײַנע מעשׂים. מעשׂים טובים שטערן כּלל ניט צו שׂמחת־החיים. אַדרבה, זיי פאַרטיפן זי. אַ שטילע פרייד איז אַ טאָפּלטע שׂמחה. ווען מע לויפט העגדום־פּענדום, האָט מען אַפילו ניט קיין צײַט פריילעך און אויפגעלייגט צו זײַן. צעלאָזנקייט איז משוגעת. ווי קען אַ גערודפטע עדה זיך יאָגן, און בפרט נאָך, נאָך אומזיניקע פאַרגעניגנס און פּוסטן שטאָלץ? ווי פּאַסט זיך ווינטיאָגעניש פאַר אַ געיאָגטן? ווידער אַ מאָל קהלת: האָט ער דען ניט געוואָרנט אַזוי צו זאָגן: זאָלסט ניט האַסטיק זײַן מיט דײַן מויל און דײַן האַרץ זאָל זיך ניט אײַלן אַרויסצולאָזן אַ וואָרט פאַר גאָט... דערום זאָלן דײַנע ווערטער זײַן ווייניק. דער אוקראַיִנער ייִד איז געווען אַן אויסגעהיטער, אי פאַר גאָט, איז פאַר לײַט. אַ קורץ־ריידער און פּאַוואָליע־טוער. צו וואָס אײַלן, לויפן? ברענט דען? מע וועט בײַ דיר אויסכאַפּן? וואָס דײַנס וועט מען בײַ דיר ניט צונעמען. אַזוי גרויס איז געווען די אמונה, אַז וואָס באַשערט איז באַשערט, און די דאָזיקע אמונה איז שוין געווען מער ווי אַן אמונה. זי איז אַרײַן אין דעם בלוט. די גרעסטע שטראָף פאַר אַ קינד פאַר דעם צוכאַפּן זיך צום עסן, איז געווען אַוועקנעמען פון אים דאָס עסן און אים באַפעלן אויסצוּוואַרטן היפּש, ער זאָל חלילה ניט אַרײַנפאַלן אין דער רגילות נאָכצוגעבן דעם טריפהנעם יצר־הרע. מיאוס איז געווען דאָס לויפן, אָבער אויך דריבנע טריטעלעך האָבן כּלל ניט נושא־חן געווען. ווער שמועסט אַ לײַדיקגייער און אַן אַרומשפּאַצירער, אַ מפונק און צעפּיעשטשעטער. אַ חול־המועדניק איז געווען אַ זידל־וואָרט. אַ צאַצקע, אַ תּכשיט, אַ „בײַ זיך מײַן טײַערס" זײַנען אויך ניט געווען אַ גרויסער שבח, אַפילו ניט געזאָגט בלשון סגי־נהור. „ער זיצט אויפן פערד" האָט באַדײַט אַ שטאָך.... אַקעגן האָט מען אָנגעקוואָלן פון איינעם, אויף וועלכן סע האָט זיך געלאָזט זאָגן, אַז ער איז אַ פּשוט מענטשל און ס'איז ניט געווען קיין גרעסערער שבח, ווי זאָגן אויף איינעם, אַז ער איז אַ גוטער־ברודער. אַ למדן, מהיכי־תּיתי. אַ כּשרער ייִד, זייער פײַן. אָבער אַ גוטער־ברודער, דאָס איז דאָס עכטסטע. ווי באַלד אַזוי, איז דאָך פּשטות געמיינט עניוות. און דאָך ניט אַזוי. עניוות און פּשטות זײַנען צוויי שוועסטערקינדער, אָבער ניט איינס און דאָס זעלבע... עניוות קען אויך זײַן אַ פאַרריסענע. ווער פּרעדיקט דען ניט קיין עניוות? מע קען זײַן אַ פּרינציפּיעלער עניו און שטעכן יענעם די אויגן מיט אַן עניוות, וועלכע מע טראָגט פון פאָרנט, ווי אַ בויך, אָדער אויף דער אויסגעבויגענער פּלייצע, ווי אַ האָרב... נאָר די עניוות, וועלכע איז אײַנגעפּאַסט אין אמתער פּשטות, איז גילדענע עפּל אין אַ זילבערנער פּוץ־כּלי.

עניוות איז אַ מידה, אויף וועלכער מענטשן פון דער גאָרער וועלט האָרעווען זי קונה צו זײַן. דער ייִד אין אוקראַיִנע האָט אויף איר כּמעט ניט באַדאַרפט האָרעווען. זי איז בײַ אים שוין אַרויס פון דעם גדר פון מידה און געווען ניט אַ טבע־שני, נײַערט אַ טבע־ראשון. דאָס האַרץ זײַנס איז געווען צעבראָכן, און ווי קען מען זײַן אַ בעל־גאווה, ווען מע האָט אַ צעבראָכן האַרץ? צווישן די אַלע מידות, וועלכע ווערן אויסגערעכנט אין דודס מזמור, אין דעם פופצנטן קאַפּיטל פון תּהלים, מיט דער פּתיחה „גאָט, ווער קען וואוינען אין דײַן געצעלט, ווער קען רוען אויף דײַן הייליקן באַרג", איז אויך דערמאָנט נבזה נמאס בעיניו ואת יראי ה' יכבד. דער נבזה, וואָס איז פאַראַכט אין זײַנע אויגן און די גאָטספאָרכטיקע גיט ער כּבוד, און צי דען נאָר אין תּהלים ווערט געאַכטעט און געקרוינט דער עניו, דער נבזה נמאס בעיניו? אַ וועלט מיט מוסר־ספרים איז שוין אָנגעוואַקסן אויף דער דאָזיקער מידה. אַלע פּרעדיקן זי, און דאָך, ווי פּריקרע דאָס זאָל ניט זײַן, די עניוות גופא איז ווי אַ מין שמאַלץ־גרוב פאַר דער גאווה. עפּעס קלעפּט זיך דאָ ניט. שרײַען אַלע ביטול־הישות, ביטול, ביטול, און ווי ווײַט איז מען פון ביטול. האָב איך מורא צו זאָגן, אַז יענער ייִדישער שבט האָט געהאַט די זכיה אויפצוכאָווען עכטע ענווים, מן־הסתּם בכּוח זײַן פּשטות־שטייגער, וועלכער איז אים געלעגן אין בלוט. כ'האָב זיי געזען פון מײַנע פריסטע קינדעריאָרן אָן, צווישן מײַנע חברים אויף דער חדר־באַנק און אין בית־מדרש, וואו גרויס און קליין, דערוואַקסענע בחורים, הריפותדיקע לומדים און קליינע ייִנגלעך, וועלכע האָבן זיך געריבן צווישן די עלטערע לערנערס, האָבן זיך אויפגעהאַלטן ווי איין עדה, אַזוי חבריש און גוטער־ברודעריש — אוי, סאַראַ מחיהדיק וואָרט! — מע האָט אָפּט געלערנט די זעלבע סוגיות פון איין מסכתא און די דינע קולכלעך האָבן זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין האַרציקן געזאַנג מיט די רייפע קולות, אַלטן און טענאָרן אין אַ בשותפותדיקן הללויה. ווען אַ קליין ייִנגעלע האָט ניט פאַרשטאַנען פּשט פון אַ גמרא אָדער

אַ שווערן תוספות, צי אַ האַרבן מהרש״א, האָט ער זיך געווענדט צו איינעם פון די עלטערע בחורים, אָדער אַפילו צו די זײַדענע איידעמלעך, מיט אַ ביטע: ברודערקע, ראַטעווע. פאַרטײַטש מיר. קלער מיר אויף, וואָס מיינט דאָ. באַלד נעמט ברודערקע און הייבט אָן אײַנצוקײַען מיטן יינגעלע און פאַרטײַטשן דעם האַרבן ענין. צי יינגעלע האָט אַ גוט קעפל, צי ניט אַזוי פויגלדיק, מיט וואָס פאַר אַ חשק און ברען, סבלנות און מסירת־נפש, קנעלט מען אַרײַן דערינען איין מאָל און נאָך אַ מאָל און טאַקע ווידער אַ מאָל, סע זאָל חלילה ניט באַקומען די רגילות צו זײַן אַ גענאַרניק. און, ווילט איר וויסן דעם גאַנצן אמת, איז דער פאַרטײַטשער מכוון דערבײַ אויך מיט זיך אַליין אײַנצוקנעלן בעסער און גרינטלעכער דעם ענין. וואָרעם תורה האָט דאָך קיין גרונט ניט. וואָס מער מע ברײַעט אַרײַן אין יענעם אַ שווערע סוגיה, ווערט זי קלאָרער פאַר זיך גופא. געדענק איך אַ מעשׂה. איין מאָל, ווען יאָסל דעם רבס, אַ בחור פון אַ יאָר צוואַנציק, אַ שאַרפער למדן, האָט מיר, דעם אַכט־יאָריקן יינגעלע, פאַרטײַטשט ווידער אַ מאָל און אָבער אַ מאָל אַ תוספות און אַזויפל מאָל איבערגעחזרט מיט גרויס התלהבות, אַז דער שוויס האָט גערונען פון דעם שטערן. איך האָב אויף אים באַקומען רחמנות. האָב איך זיך בײַ אים געבעטן: גענוג שוין, יאָסל, גענוג. ס'האָט געהייסן, אַז איך פאַרשטיי שוין. כאָטש אין דער אמתן איז דער ענין נאָך ניט קלאָר געווען פאַר מיר ווי געהעריק. יאָסל לאָזט זיך אָבער ניט אָפּנאַרן. ער טוט מיר אַ קוק אין די אויגן אַרײַן און זעט, אַז עס האַלט נאָך שמאָל מיט מיר. זאָגט יאָסל: ניין, טײַערינקער, בין איך דען מסביר דיר? איך אַליין האָב נאָך ניט ווי געהעריק תופס געווען דעם ענין. אין דײַן זכות וועל איך אפשר אויך פאַרשטיין נאָכן אויסטײַטשן ווי עס באַדאַרף צו זײַן. זע נאָר זע, ווי גרויס איך בין. בין איך נאָך אַן עם הארץ. און אַזוי ווי פריִער האָט אים גערונען דער שוויס פון דעם שטערן, האָבן איצט אים גערונען די טרערן פון די אויגן. וואָס פאַר אַ ממשות האָט דען עניוות, וועלכע איז ניט אײַנגעוויקלט אין טרערן? אמתע עניוות שטאַמט פון אַ געבראָכן האַרץ, און אַ געבראָכן האַרץ באָדט זיך אין טרערן. אָט אַזעלכע האָב איך געזען מײַנע קליינע און גרויסע חברים, אויך מײַנע רביים, אַלע אונדזעריקע. אויסגעבאָדן איז זייער עניוות געווען אין טרערן.

קען איך דען פאַרגעסן מײַן רבין אברהם־ישראל יהושעס, שוין אַן אויסגעדינטער זעלנער, צוריקגעקומען און חתונה געהאַט, אַן איידעם אויף קעסט און אַ בית־המדרש־לערנער, ווי ער פלעגט קומען אין די ווינטערנעכט, אַ זייגער צוויי אָדער דרײַ, מיך וועקן און פירן אין בית־המדרש, אין די גרויסע קעלטן און טיפע בלאָטעס, לערנען מיט מיר תורה בחנם. אָפּט פלעגט ער מיך אַרויסשלעפּן פון דער טיפער בלאָטע און מיך טראָגן אויף די הענט ביז אין בית־המדרש אַרײַן. אויך ער האָט מיר געפלעגט צו דרינגען, אַז אַזוי ווי ער איז מײַן רבי, אַזוי בין איך זײַן רבי, וואָרעם מכל מלמדי השכלתי ומתלמידי יותר מכולם. טו איך אים גאָר אַ טובה, וואָס איך לערן בײַ אים. אייגנטלעך, לערן איך גאָר אים. אָט אַזוי פשוט און עניוותדיק. פאַר וואָס זשע זאָל איך טאַקע באמת ניט זאָגן, אַז איך האָב מיט מײַנע אייגענע אויגן געזען און אין מײַן נשמה געשפּירט אָט אַ די ניט־געמאַכטע עניוות, וועלכע איז אײַנגעטונקען אין פשטות?

## ז. כוח היצירה

אַ ברייט פעלד, וואָס אָטעמט מיט לעבן און איז באַשאָנקען מיט דעם כוח צו מאַכן וואַקסן לעבן, איז אָפּט באַצירט מיט אָן אַ שיעור חנוודיקע בלימעלעך, וועלכע פאַרכאַפּן דאָס אויג מיט זייער שפּעדיקער פאַרביקייט. אָבער דרך הטבע דער פאַרבײַגייער זעט דער־עיקרשט די מענגע, די עשירות פון די קאָלירן. זעלטן ווען כאַפּט ער אַ קוק אויף אַן איינציק בלימעלע. אָט אַזוי קען מען זען אַ וואַלד און ניט באַמערקן די ביימער. אַקעגן, קען מען ניט פאַרקוקן אַן איין און איינציקע פאַלמע, וועלכע שטייט מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ אין דער מדבר. אַ ים איז נאָר ווײַטער וואַסער־שטרעקע. גייט אויף אים אַ שיף, רודערט אַ שיפל, טורעמט אויף אים אַ מאַסטבוים, באַקומט ער ערשט דענסטמאָל בײַ לײַטן אין די אויגן זײַן ריכטיקע משמעות. אָבער איז דען ים אַליין, אָן אַלץ, וואָס איז אויף אים און אַרום אים, ניט גענוג ים פאַר זיך? אפשר דערפאַר ווערט די וועלט־געשיכטע פון אַלע צײַטן געשריבן אַזוי, פונקט ווי דער עולם האנושי וואָלט געווען אַ מדבר, אָדער וואָלט באַשטאַנען בלויז פון וואַסערן, וואָס אויף זיי רודערן אַרום נאָר ריזיקע שיפן. ניטאָ קיין פעלקער, נאָר רעגירער איבער זיי. ניטאָ קיין פשוטע בשׂר־ודמס, נײַערט מלכים, פירשטן, באַרימטע קריג־פירער. ניטאָ קיין פאָלקס־חכמה, נאָר איינצלנע באַשאָנקענע יחידי־סגולה, פילאָסאָפן, דיכטער, גרויסע אויפטוערס, אָדער לפחות עשירים־אַדירים, די וועלכע קומען צום כסא־השלטון, אָדער קומען צום וואָרט, צום בילד, צום ניגון. און וואָס איז מכוח די אויסגעשאָטענע אָן אַ שיעור בלימעלעך אויף דעם פעלד־פאָלק? פאַרוואָס ווערן אָן תשובה און אָן חרטה אַזוי פאַרשוויגן די שטומע, אָבער זייער צאַרטע, און טאַקע אין דער טיף קלוגע נשמות, וועלכע שטראַלן אויס זייער גוטסקייט און מילדקייט, זייער וואַרעמען טרויער און צוריקגעצויגענע

בענקשאַפט, סתם אַזוי אין דער וועלט אַרײַן? אויף דער דאָזיקער קשיה זײַנען פֿאַראַן אַ סך תּירוצים. אײנער איז אַפֿילו קרוב לאמת, דהיינו, אַז דער גרויסער חכם, דער גדול־הדור, דער גאון אויף וועלכן ס'איז געבויט, איז אַ שליח־ציבור, אַ נשמה כּוללת פֿון אַ רבים. דאָס זאָל מיינען, אַז ער, דער גליקלעכער יחיד, איז אַ מין פּאָמפּע, וועלכע זייגט אַרײַן אין זיך אַלע דרימלענדיקע כּשרונות און סגולות פֿון אַ גרויסער עדה. היות ער איז דער מוציא מן הכּוח אל הפּועל ווערט אַלדאָס שיינע, גוטע, דערהויבענע און נוצלעכע, פֿאַררופֿן אויף זײַן נאָמען. ער איז דער שפּיגל פֿון דעם פֿאָלקס־אוצר החכמה און כּוח היצירה. לויט אים ווערט אַלץ געמאָסטן, כאָטש על פּי רוב איז ער גופֿא דער מעסטער און אָפּשאַצער. ווי דער פּסוק זאָגט אין שיר השירים: „דײַן האַלדז, ווי דער טורעם פֿון דוד, אויף אָנצוקוקן געבויט. טויזנט פֿאַנצערס הענגען אויף אים, אַלע שילדן פֿון גבורים". אַ תּירוץ, וואָס איז קרוב לאמת. פֿאַראַן אָבער אַ קרוב לאמת, וואָס איז דאָס זעלביקע וואָס קרוב לשקר. זיכערער איז, דוכט זיך, אַן אַנדער סברה, אַז ס'איז אַ סך גרינגער אָפּצומאָלן אַ הויכן בוים, איידער אַ קליין בלימעלע. דער כּוח ההתפּעלות קלעקט בײַ אונדז נאָר פֿאַר די פּלאי־פּלאים אין דער נאַטור, פֿאַר די אויסנאַמען, פֿאַר די בערג־שפּיצן, פֿאַר אַ לייב, אַ בעהעמאָט, אַ לעמפּערט, אַ ריז, אַ האַלב פֿיש און האַלב מענטש, פֿאַר עפּעס אַן אָנשיקעניש, אויך, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַר אַ גאון, אָדער אַ גאון־הגאונים. גאָר אַ קנאַפּן אינטערעס האָבן מיר פֿאַר די קליינע און געוויינטלעכע באַשעפֿענישן, פֿאַר די דורכשניטלעכע פּאַסירונגען און די טאָג־טעגלעכע נסים ונפֿלאות, אויף וועלכע דער פּסוק זאָגט: „די הימלען דערציילן דעם כּבֿוד פֿון גאָט. אַ טאָג צו אַ טאָג רעדט אַ וואָרט, און אַ נאַכט צו אַ נאַכט גיט צו וויסן". מיר האָבן שוין אַזאַ טבֿע: ווען סע דונערט ניט און סע בליצט ניט, איז ניט מיר הערן און ניט מיר זעען.

איך בין אַ שרוי בצער, וואָס ניט דער צמצום אין פּלאַץ און ניט מײַן כּוח איצט דערמעגלעכן מיך איצט לענגער צו קלעפּן און טוליען זיך צו די ציטעריקע, האַרץ־רירנדיקע, בלימלדיקע נשמות פֿון ייִדישע פֿאָלקס־מענטשן, ווי מײַנע אויגן האָבן זיך אין זיי געשפּיגלט אין דעם ליכטיקן נעכטן. עס וואָלט זײַן פֿאַר מיר אַן אומגעהײַער גליק אויפֿצוסילען ווי פּערל נאָך עטלעכע געשטאַלטן פֿון מײַנע היימישע, פֿון מײַנע חבֿרים און גוטע־ברידער, פֿון די, בײַ וועמען כ'האָב תּורה געלערנט און וועלכע האָבן זיך באַמיט אין מיר גוטע מידות אײַנצופֿלאַנצן, אָדער אַפֿילו זיך ניט באַמיט, נאָר משפּיע געווען מיט זייער עצם זײַן. ס'איז אָבער ניטאָ קיין בּרירה. מוז איך אויך גיין אויף דעם אויסגעטראָטענעם וועג פֿון פֿאַררײַסן דעם קאָפּ צו די שפּיצן און לאָזן פֿאַלן אַ פּאָר ווערטער וועגן די גדולים, די מפֿורסמים, די אריות שבחבורה. ס'איז אַ מענטשלעכע שוואַכקייט נתפּעל צו ווערן מער פֿון דעם שאגת־האַרי, ווי פֿון דעם פּיפּס פֿון אַ שפּיל־פֿייגעלע. אַ דונער איז פֿאָרט אַ דונער. דער בליץ רײַסט אויף די אויגן. מילא וואָס עס שפּרייט זיך אויס פֿון אויבן אַזאַ ברייטער הימל. ווער זעט אים? אַ רעגנבויגן — דאָס איז שוין אַן ענין.

דער אוקראַיִנער ייִדישער שבט האָט וויניק וואָס געדונערט און געבליצט. די לאַנדשאַפֿט אַרום אים איז בכלל ניט געווען איבעראַשנדיק. פֿלאַך־לאַנד. ערד, הימל, וואַסער. ניט קיין עקזאָטישע פֿלאַנצונגען. ווייץ, קאָרן, קאַרטאָפֿליעס, בוריקעס, פֿלוימען, עפּל, ווײַנשל, קאַרשן. קראָפּעווע אַ סך אויף די פֿעלדער. ברויט, פֿלייש, פֿיש, דאָס זײַנען ניט קיין גרויסע מיוחסים, ניט קיין דעליקאַטעסן. די וועלט אַרום האָט דאָ אויסגעזען ווי אַ פּשוטער חי־וקים. און אַזעלכער איז אויך געווען דער אָרטיקער ייִד. ניט קיין איבערגעשפּיצטער און חריף, ניט קיין גרויסער למדן, בדרך־כּלל אין פּלפּולא דאוריתא ניט קיין שטאַרקער בריה. ברויטיק. המונדיק. און ווידער אַ מאָל די נאַטור אַרום. זי איז געווען אָנגעגאָסן מיט טרויער. אַ טבֿע האָט שוין דער קאָסמאָס. יענע ברויטיקע מקומות, וואו סע וואַקסן די נייטיקסטע זאַכן פֿאַרן מענטשלעכן קיום, זײַנען טרויעריקע, פֿאַרוויינטע, פֿאַרדאגהטע, פֿאַרמרה־שחורהטע און פֿאַרבענקטע. מן־הסתּם לעכצן זיי נאָך דער זון, וועלכע זיי פֿאַרמאָגן אַזוי קנאַפּ. מקומות, וואו עס וואַקסן ווײַנטרויבן צו פֿאַרשיכּורן, קאָפֿע, טיטון, אָפּיום און אַלערליי קרײַטעכצער צום פֿאַרסמען, תּפֿראַתדיקע פּירות צו מאַכן פֿון זיי אײדעלע פּאָטראַוועס, קוקן אויס לוסטיק און פֿריילעך, ווײַל זיי זײַנען לרובֿ באַגאָסן מיט זון. דאָס איז שוין אָנגעוואונקען אין דער פּרשה פֿון עץ־הדעת, ווען גאָט האָט געזאָגט צו אָדמען: „ווײַל דו האָסט זיך צוגעהערט צו דעם קול פֿון דײַן ווײַב... זאָל די ערד זײַן פֿאַרשאָלטן פֿון דײַנעטוועגן. מיט פּײַן און טרויער זאָלסטו זיך נערן פֿון איר אַלע טאָג פֿון דײַן לעבן". ברויט שמעקט מיט טרויער. מי שאַפֿט אַ שווער געמיט. פֿאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע עצבֿות, וועלכע הענגט אין אוקראַיִנישער לופֿט און האָט זיך טיף אַרײַנגעזאַפּט אין די ייִדישע נשמות — אַ גערודפֿט פֿאָלק, וואָס הענגט אין דער לופֿטן, פֿאַלט שטאַרקער אַרונטער דער השפּעה פֿון דער לופֿט — האָט דערוועקט אַ שטאַרקן דראַנג צו איבערוועלטיקן דעם דאָזיקן טרויער און דערשטיקן אים. רבי ישׂראל רוזשינער, וועלכער איז געווען אָנגעזאַפּט מיטן טרויעריקן געמיט פֿון די אוקראַיִנער פֿעלדער, אַליין זייער פּײַן און אײדל געשפּילט אויף די טרויער־סטרונעס, האָט אַ מאָל אַזוי געזאָגט: דער קאָזאַק איז אַ מרה־שחורהניק, זינגט ער אַ פֿריילעכן קאָזאַטשאָק, זיך צוריקצוהאַלטן. דער וואָלעך איז אַ לוסטיקער, זינגט ער מאָראַליש, דאָס מיינט, טרויעריק, כּדי דאָס חיות זאָל אים ניט אויסגיין פֿאַר שׂמחה. דאָס איז אַ זאָג פֿון איינעם, וועמענס נשמה

איז אַ פידעלע און גאָטס וועלט שפּילט אויף איר. דרך אַגב, דאָס איז איינע פון די וויכטיקסטע סיבות דערצו, וואָס חסידות, וועלכע האָט געצויגן יניקה פון אוקראַינער ברייטע פעלדער און געדיכטע וועלדער, און איז געוועזן אָנגעשראָקן פון די ייִדישע בלוט־ריטשקעס, וועלכע האָבן גערונען פון די יאָרן ת״ח און ת״ט דורך אַלע איבעריקע יאָרן, האָט זיך אַזוי אַוועקגעלייגט אויסצוררייסן דאָס עצבות פון די הערצער. עצבות, האָט חסידות געטענהט, איז עבודה־זרה. אין דעם האָט אויך געשטעקט אַ רמז, אַז עצבות איז אויך אַ פאַרקריפּלט געוויקס פון אַדמה־זרה. זי איז פרעמד דעם ייִדישן אור־מהות, וועלכע איז אָנגעגאָסן און אויסגעליכטיקט און דורכגעברענט מיט די גרויסע היצן פון דעם זוניקן ארץ־הבחירה.

ס׳איז גאָרניט קיין פלא, וואָס דווקא די טרויעריקסטע ייִדן פון יענעם ליכטיקן נעכטן אויף דער אוקראַינער ערד, האָבן באַקעמפט די עצבות און אָפּגעשריגן דעם יאוש. ווער ס׳האָט אויסגעזונגען די עצבות, ווער עס האָט זי אויסגעטאַנצט, אויסגעדאַוונט, אָדער אויסגעוויינט. אַן אַנדער הייל־מיטל קעגן איר איז געווען די אמתע עניוות. אימשטיינס געזאָגט, ווער בין איך און וואָס בין איך. וואָס פאַר אַ זין פאַר אַזאַ גאָרניט ווי איך זיך צו ערגערן, זאָרגן אָדער מאָנען באַגלייך סע קומט מיר, אָדער עמעצער איז מיר אַ מחייב. האָט אונדז דער אייבערשטער די נשמה געשאָנקען, דאַרפן מיר שוין אַלץ באהבה מקבל זײַן. רבי רפאל בערשאַדער, דער תלמיד פון ר׳ פנחס קאָריצער, רבי נחום טשערנאָבילער און ר׳ נתן בראַצלאָווער, דער תלמיד פון נחמנען, זײַנען געווען אַזעלכע רופאי חולי העצבות והמרה שחורה מיט דעם פײַנעם פראָשעק, וואָס הייסט עניוות. וואָס ר׳ נתן איז געווען אַ הייסער חסיד און געטרײַער ביז מסירת־נפש תלמיד פון זײַן רבין, איז אַן ענין פאַר זיך. ר׳ נתן איז אויך קובע אַ ברכה פאַר זיך ווי אַן אמתער אוקראַינישער ייִד מיט אַלע פּישטשעווקעס. אַלע ריטשקעלעך פון עניוות, ערלעכקייט, פרומקייט, פשוטקייט, מתיקותדיקע מרה־שחורה און זיך צו נישט מאַכן, שטילע און ציטערדיקע שׂמחה, ווי אויך עקשנותדיקן בטחון, וועלכע האָבן געריזלט דורך דעם אינגעווייד פון אוקראַינישן ייִדישן שבט, האָבן זיך אַרײַנגעגאָסן אין זײַן האַרץ, וואָס האָט געבראַזט ווי אַ ים. זײַן ספר עלים לתרופה, וועלכע איז כולל אַ בינטל בריוו געשריבן צו זײַנע בני־בית פון די יאָרן תקפ״ב ביז די יאָרן תר״ה איז אַ שטיק לעבעדיקע און קאָכיקע ייִדישע כראָניק פון יענער צײַט. אַ קאַפּיטל געשיכטע געשריבן זייער אינטים און טיף־האַרציק פון ייִדישע משפחות אויף יענעם שטיקל ערד. דאָ האָט איר געשטאַלטן, רעיונות, וויי־געשרייען, ווידויים, אַ צוואה, וואָס שפּאַנט אַרום איבער אַ גאַנץ לעבן, טרייסט־ווערטער אָן אַ שיעור, מוסר־השׂכלן, און דערעיקרשט הייסע תחנונים ניט זיך מייאש צו זײַן, כאָטש און כאָטש אַזוי פיל מניעות און שטרויכלונגען און צרות צרורות. דאָס איז אַ דאָקומענט, וועלכער איז ראוי סײַ פאַר היסטאָריקער און סײַ נשמה־פאָרשערס גענויער אים צו שטודירן. ער האַלט אין איין איבערחזרן אין זײַנע בריוו צום עלטערן זון זײַנעם: ניט חלילה אַרײַנצופאַלן אין עצבות, ווײַל דאָס שטאַמט פון דעם בעל־דבר. דו ווייסט דאָך, קינד מײַנס, אַז אַלץ איז הבל־הבלים. צײַטנווײַז דוכט זיך, אַז עס לאָזן זיך אויס די כוחות און עס פעלט אויס חיות. וואָס זשע זאָל מען טאָן, זון מײַנער, אַז דער פאָטער אין הימל האָט אונדז פאָרט אַרײַנגעגעבן אַ לעבעדיקן אָטעם? לעבט מען שוין, איז דער עיקר־העיקרים אַרײַנצוכאַפּן אַ ביסל מעשׂים־טובים, אַ מצווה, אַ תפילה און אַ ביסל שׂמחה. ווי ער ז״ל — ד״ה רבי נחמן דער רבי זײַנער — האָט געזאָגט, אַז וואויל איז דעם, וואָס עסט יעדן טאָג, יעדע מינוט, עטלעכע פרקים משניות, טרינקט עטלעכע קאַפּיטלעך תהלים און באַקליידט זיך מיט מצוות... זיך ראַטעווען, קינד מײַנס, און אַריבערלויפן דאָס שמאָלע בריקל. וואָרעם יעדן טאָג מוז יעדער מענטש דורכגיין יסורים, אַ סך, אַ סך יסורים. און כאָטש עס לאָקערן אויף אונדז בערג מיט יסורים, באַדאַרף מען אויף דעם עולם בלויז צו טאַנצן און שפּרינגען, אַריבערצושפּרינגען, ווי ער ז״ל האָט דערציילט וועגן איינעם אַ גרויסן צדיק, וועלכער האָט געזאָגט בשעת דער גסיסה: אַריבערגעשפּרונגען... און דערווײַל כאַפּט מען אַ מצווה און אַ ביסל שׂמחה. אויף אַזאַ אופן קען מען טאַנצן כמעט יעדן טאָג, מכל שכן אום שבת און יום־טוב. מע טאָר גאָרניט איבערטראַכטן, רק שפּרינגען. כאַפּן דעם יגון ואנחה און אים אַרײַנוואַרפן אין דעם ששׂון ושׂמחה. און דאָס, וואָס דו שרײַבסט, זון מײַנער, אַז מע איז נאָר באַשאַפן אויף דער וועלט, כדי זיך צו מאַטערן, האָסטו זיך שטאַרק באַנאַרישט און דער אייבערשטער זאָל דיר מוחל זײַן, וואָס דו האָסט געלאָזט פאַלן פון דײַן מויל אַזעלכע ווערטער, מן־הסתם מחמת מרירות הנפש. אָבער ביטערניש, קינד מײַנס, איז קיין תירוץ ניט. ס׳איז בכלל ניטאָ קיין תירוצים, וואָרעם אמת איז דאָ נאָר בײַ דעם אייבערשטן. אמת איז גאָטס ליכט.

פון די אַלע מראי־מקומות, וועלכע זײַנען מיר געקומען צו דער האַנט, הערט זיך אין פלוג אַ בת־קול פון הכנעה און צידוק־הדין. אָבער זיי זײַנען לחלוטין ניט דער גאַנצער ר׳ נתן. איר געפינט בײַ אים אויך טענער פון ווידערשפּעניקייט און טראָציקייט. ער שרײַט זייער אָפּט אויס: כאָטש אַזוי, איז פאָרט אַזוי. דעם רבונו־של־עולם טאָר מען ניט נאָכגעבן. אַן עקשן מוז מען זײַן. דערעיקרשט, קינד מײַנס, מע זאָל ניט זײַן קיין שלימזלניק אין עבודת־הבורא. אונדזער רבי ז״ל האָט געזאָגט: איך האָב אויסגעפירט און וועל אויספירן. וואָלט ר׳ נתן געווען בלויז אַ נכנע, וואָלט ער געהייסן אַ כשרער און פרומער ייִד. אַזעלכע ייִדן זײַנען געווען אַ סך. ער איז אָבער אַן עקשנותדיקער נכנע,

אַן אײַנגעבראָכער פֿון דעם גיהנום, אַן אײַנרײַסער מיט אַלע מלאכי־חבלה, אַן אָפּשרײַער פֿון דעם יאוש, אַ קשה־עורפֿדיקער עניו אַן עכטער שטריך פֿון אַן אוקראַיִנער ייִדן. פֿול מיט מוט און טראָץ, אַ קעמפֿער. שרעקט זיך ניט צו שטיין אײנער אַליין אויף דעם שלאַכט־פֿעלד, קעגן אַן אַ שיעור קעגנער און שונאים. ער ווערט געראָדפֿט, באַקומט געשלאָגן. מע וואַרפֿט אים אַרײַן אין געפֿענגעניש און ער זינגט דעם בראַצלאַווער ניגון: „ברוך אלהינו שבראנו לכבודו והבדילנו מן התועים‟. ר׳ נתן איז געקנאָטן פֿון דעם טייג, פֿון וועלכן דער רבונו־של־עולם צאַצקעט אויס זײַנע גײַסטיקע גבורים. ער גופֿא איז אַ שטיק ראָשטשינע. ווען ער שטעלט זיך אַקעגן דעם יצר־הרע, צילט ער אים גלײַך אין דעם שוואַרצאַפּל פֿון דעם אויג. ניט נאָר ווי אַ טרייסטער, נײַערט אויך ווי אַן אויפֿטרייסלער, איז ער אַ שעפֿערישע נאַטור. כאָטש די טויערן זײַנען אַלע חס ושלום געשלאָסן, מע קען מיינען, אַז אַלע האָפֿענונגען זײַנען חלילה אויסגעלאָשן, דאָך האָף, מײַן קינד, האָף. געוואָלד — האָט ער אײן מאָל זיך צעשריען פֿאַרן רבין: איך וועל מיך לאָזן לויפֿן איבער אַלע גאַסן און שרײַען צו די בני־אָדמס: וואָס טראַכטן זיי זיך? עס ברענט דאָך. דער יצר־הרע איז דער גרויסער אונטערצינדער. האָט ער זיך טאַקע געלאָזט לויפֿן. האָט אים דער רבי אָפּגעהאַלטן: שטיי, דו וועסט ניט פּועלן! אָבער נתן האָט פֿאָרט אויסגעפֿירט. דאָס איז ער, מיט זײַן תמימותדיקער התלהבות און פֿײַערדיקער עקשנות פֿון אַן אוקראַיִנער ייִד, אפֿשר נאָך מער פֿון זײַן רבי, געוואָרן דער כּוח־היוצר פֿון בראַצלאַווער חסידות און דער גרונטפֿעסטיקער פֿון אָט אַיענע טויטע חסידים, וועלכע זײַנען מיט זייער ברען און אומאויסגעלאָשענער התפּעלות לעבעדיקער פֿון אַלע לעבעדיקע חסידים. און ער האָט דאָס מיט זײַן אויסערגעווייַנט־לעכן כּוח־הדיבור און שטאַרקן כּוח־ההסבר געשאַפֿן אַזעלכע דערמוטיקנדיקע און דערפֿרישנדיקע נשמה אויסגעשרייען: למען השם, לאָזט זיך ניט אָפּ, פֿאַלט ניט אַראָפּ בײַ זיך. האָט בטחון. עס כּן טאַקע האָף און פֿאָרט האָף. אַרויסכאַפּן דאָס פֿריילעכע פּישעלע פֿון די בייזע און מוטנע אומקום־וואַסערן. נאָר ניט קיין יאוש. וואָרעם וואָס טוט מען, אַז מע איז חלילה אימהק אַליין אין אַ פֿעלד? מע מוז זיך דערשלאָגן צום וואַסערל, וואָס הייסט אמונה. מע זאָל זיך מאַכן פֿריילעך.

## ח. אײנער, וואָס האָט געדונערט און געבליצט

ניט וואָס, נאָר ווי, אײנער זאָגט, איז דער עצם מהות זײַנער. פֿאַראַן שטילע געפֿילדערן און הימל־שרײַענדיקע שווײַגענישן. דאָס איז אויך אַנגעוואונקען אין דעם קול דממה דקה, וואָס מיינט, אַז פֿון שטילקייט שפּראָצן אַרויס קולות. אײנער שרײַט: איך בין אַ כּופֿר; מיטן מויל אָדער מיט דער פּען לייקנט ער שטיין און ביין. אָבער הינטער דער דאָזיקער כּפֿירה באַהאַלט זיך אויס אַ טיפֿע אמונה. לכל הדעות אַ טיפֿע אמונה אין זײַן אויבנאויפֿיקער כּפֿירה. אַן אַנדערער פּריידיקט אמונה, פֿון וועלכער סע טראָגט זיך אַ ריח פֿון מיס־גלויבן, אָדער אומגלויבן, נאָר ערגער, פֿון אַ גלויבן, וועלכער שטאַמט פֿון דעם יצר־הרע פֿון באַקוועמלעכ־קייט. עס לוינט זיך צו זײַן אַ מאַמין. דעסטגלײַכן האַלטן זיך אייניקע בײַ דער גײַסטיקער ירושה פֿון זייע־רע אָבות, גייען אין שפּאַן פֿון דער טראַדיציע, זײַנען מקיים אַפֿילו שווערע מצוות מעשיות, נאָר דערפֿאַר, ווײַל אין האַרצן האָבן זיי זיך שוין לאַנג אָפּגעגט מיט דער מסורה און בנוגע איר איז יאָ מיט ניין בײַ זיי גלײַך. מילא זאָל זײַן יאָ. ווען אַרט דאָס? פֿון דעם ניט־אַרעניש שלאָגט אַ גרויסע קעלט. מיט אַ קאַלטער נשמה קען מען אַפֿילו אויסטאַנצן גרויסע התלהבותן. אַקעגן טרעפֿט ניט־זעלטן אַ מסורה־באַקעמפֿער, אַ וועלטן־אײַנרײַסער קעגן דער טראַדיציע, וועלכער איז אין תּוך אַרײַן שטאַרק צוגעבונדן צו די הייליקייטן, וואָס ער באַמיט זיך אָפּצופֿרעגן און אָפּצעווענדן. ווער עס טראָגט אין זיך אַ גרויסן ערנסט קען זיך פֿאַר־טראָגן אָפּגעבליאַקעוועטע אמתן און אָפּגעקראָכענע, חול־המועדיקע, הייליקייטן. אויב ער איז בטבע אַנגע־לאָדן מיט אימפּעט און סע איז אַ צײַט, אַ שטראָם, אַזאַ, פֿון ברעכן קייטן, און זאָלן זיי זײַן אַפֿילו גאָלדענע, ווערט ער אַ ראש המדברים פֿון אומווערטן די ווערטן.

דאָס איז דער פֿאַל מיט מיכה יוסף בערדיטשעווסקי. ער, אַ געבוירענער אין דובאָווע לעבן אומאַן, אַ רבס אַ זון, אַליין מלא וגדוש געווען מיט תּורה, אַן אמתער נעכטיקער אין די תּורה־געצעלטן, אַ שטאַרק־אײַנגעגראָבענער אין די אַלטע ספֿרים, פֿון זיי ניט אַרויס כּל ימיו, און דאָך האָט ער אין דעם דראַנג־און־שטורעם־פּעריאָד פֿון זײַן לעבן שטיקער געריסן פֿון דעם ייִדישן עבר און געוואָלט מאַכן פֿון אים אַ תּל עולם... אין פֿלוג איז ער דאָך אַ יוצא־דופֿן אין דעם אוקראַיִניש־ייִדישן שבט, וועמענס דרך איז בניחותאדיקער, אָן רעש און שטורעם און אָן איבעריקער שפּיציקייט. און ער האָט דאָך געגעוואַלדעוועט, געדונערט און געבליצט, שטענדיק געבראַוזט און אײַנגעטענהט, אַז אָן אַ גרינט־לעכער איבערקערעניש אין אַלע ייִדישע באַגריפֿן, וועט פֿון אונדז קיין לײַט ניט ווערן און מיר זײַנען ווי אַ פֿאָלק פֿאַרלוירן אי פֿון עולם המעשה, אי פֿון עולם היצירה. אָבער דווקא ער, דער יוצא מן הכּלל, דער אָפּנייגער פֿון דעם היימישן דרך, איז דער היימישסטער צווישן די גײַסטיקע שליחי־ציבור פֿון דעם דאָזיקן ייִדישן

שבת. בײַ מיר אין די אויגן איז ער דער עכטסטער אונדזעריקער און דער אויסגעשפּראָכנסטער אויסדריקער פון פּנימיותדיקייט און תּמימותדיקייט, וועלכע זײַנען געווען דאָס ווינטשפינגערל אין יענעם ליכטיקן נעכטן.

געוויס איז ער מלא סתירות. קיינער האָט אונדז ניט דערציילט אַזוי פיל, ווי ער, וועגן נשמה־ריסן און טיפע מחלוקתן אין זיך גופא. אָבער אַלע זײַנע ווידעראַנאַנדן אין זיך און מיט זיך גייען שטענדיק האַנט בײַ האַנט מיט אַ שטאַרקן צובונד צו זײַן שורש־נשמה און שורש־פאָלק. ער איז אין גאַנצן אײַנגעטונקען אין דער טראַדיציע. דער עבר ליגט אים אין די ביינער. האַלט אין איין טענהן קעגן דער שליטה פון די ספרים, וועלכע שוואַכן אָפּ דעם כּוח־החיים פונעם פאָלק און דעם יחיד, און אַליין איז ער כּל ימיו אײַנגעגראָבן אין שמות. ער שרײַט אַזוי קעגן, ווײַל ער איז אין האַרצן דערפאַר. עס ציט אים שטאַרק צו דעם אַלטן קוואַל. דערום באַפאַלט אים אַן אימה, טאָמער כּלל־ישראל וועט אַנטווינט ווערן פון דעם איצטיקן שפּרודלדיקן לעבנס־קוואַל. מע וועט ווערן, אייגנטלעך, מע איז שוין געוואָרן פון דורות לאַנג, רמזים־כאַפּערס און סודות־פאַנגער, און פאַרגעסן דעם פשט פון דער דרך־החיים. אַ שרעק איז אים באַפאַלן, דערום האָט ער געשריִען. האָט ער אָבער געשריִען פון אַ שטילקייט אַרויס. אַ פלא, ער דווקא האָט געשעפּן פון זיך און אַרום זיך אַ נײַע שטילקייט, ווען ביאַליק און אַחד־העם, למשל, מיט זייער שווײַגן פון צײַט צו צײַט, אָדער מיט זייערע שטילע דיבורים — זיי געוויס, מיט יעטוועדער תּנועה זײַנען גרויסע פאַן־טרעגער פון דעם אוקראַיִניש־ייִדישן שבט — האָבן זייער אָפּט אַרויסגערופן אַ רעש און אַ געפילדער.

בערדיטשעווסקיס שטילקייט באַשטייט ניט אין זײַנע פאַרזיכטיקע און קליינע פאַמעלעכע טריט, אָדער אין זײַן שטיל און געלאַסן קול. גראָד פאַרקערט, אין זײַן היציקן אימפּעט, אין זײַן הו־האַ און אוי וויי, אין זײַן לאָזן זיך פליִען אין דער לופטן, בשעת אין דער אמתן שטייט ער פעסט אויף דעם באָדן פון פאָלק און מסורה און קען זיך פון אים גאָר ניט אָפּרײַסן. ער שרײַט: וועלטלעכע קולטור, און איז גאָר אַ תּורה־ייִד. ער קריגט זיך מיט דעם ייִדישן נוסח, רעדט מיט אַ ביטער האַרץ, אַז שוין טויזנטער יאָרן דאַוונען מיר און לויבן דעם גאָט פון אונדזערע אָבות לויט איין און דעם זעלבן נשמה־נוסח. אַלץ איז פאַרנוסחט בײַ אונדז. מיר האָבן פון זיך גופא די איצטיקע גאָרניט צוגעגעבן. און ער טאַקע האָט דווקא מיטגעבראַכט מיט זיך אַ שפּאָגל־נײַעם סטיל, זייער מקוריותדיק און עכט־ייִדיש, אַפילו אַלטמאָדיש. הייסט דאָס דאָך, אַז דעם גרעסטן אָפּפרעג פון זײַן סברה האָט ער אַליין אונדז צוגעשטעלט.

אָט מיט דעם ניט קענען אַרויסשפּרינגען פון זײַן אייגענער הויט, אייגנטלעך, פון דער הויט פון זײַנע אָבות, מיט דעם צוריק אַרײַנשפּרינגען אין דער ייִדישלעכן נוסח אין איין אָטעם מיט זײַן אַרויסשפּרינגען פון אים, איז ער אַ געטרײַער זון פון זײַן שבט, פון זײַן שטאַם... אַן אונדזעריקער, וויל ער יאָ, וויל ער ניט, קען גאָר ניט אַרויס לתּרבות־רעה און אָפּגעפרעמדט ווערן צו די אייגענע. אוקראַיִנער ייִדישקייט אין דעם ליכטיקן נעכטן איז אָנגעזאַפּט מיט געמיט און געמיט לאָזט זיך ניט אויסוועפּן און ניט אָפּשמדן. געמיט איז שטאַרקער פון געדאַנק, אויך פון געפיל, פון וועלט־קוק און פון שולחן ערוך. אַ געמיט־מענטש שווײַגט אַפילו ווען ער שרײַט, וואָרעם דאָס שרײַען גייט בײַ אים נאָר פון די אויסערלעכע כּלים און מכּוח ענינים חיצוניותדיקע. דאָס פּניותדיקע לאָזט זיך גאָר ניט אַרויסריידן, מכּל שכּן אַרויסשרײַען. געמיט איז ריטעם, וואָס איז טיפער פון אמונה מיט חקירה צוזאַמען. איבערצײַגונגען קען מען באַשטעלן און אַראָפּברענגען פון אויסלאַנד. געמיט איז אַ משפּחה־זאַך. משפּחה איז אײַנגעוואָרצלט אין שבט.

מודה: ס'איז פאַראַן צוויי בערדיטשעווסקיס. איינער אַן אויסלענדישער און דער צווייטער אַן אונדזעריקער. דער צווייטער איז דער ערשטער, דער אמתדיקער. ער און ניט יענער, וועט זוכה זײַן צו השארת הנפש. און נאָר ווען עס רעדט פון אים אַרויס דער צווייטער, צעשפּילט זיך זײַן איך אויף די צאַרטסטע סטרונעס און איז עכט היימיש, אמתדיק ליריש. דער ליריקער, דער איך שבאיך אין אים טראָגט אויף זײַנע פּלייצעס אָט אָ די גײַסטיקע ירושה, וועלכע יענער, דער אָדם החיצוני אין אים, דער אַזוי צו זאָגן וועלט־מענטש, וויל מאַכן תּשליך פון זיך אַרויס... ער אַליין איז בפירוש מודה, אַז אַלע זײַנע טראַכטענישן און וואונטשן שטעקן אין דעם סבל הירושה, אין דעם דורותדיקן רעיונות־פּעקל. אַפילו, זאָגט ער, ווען איך צעברעך די קייטן, בין איך אײַנגעוואָרצלט אין דעם עבר, וועמען איך וויל צעטרעטן מיט מײַנע פיס... אַלע ספרים פון אונדזערע קדמונים און אַחרונים וואַרפן זיך אויף מיר כאַפּטעסווײַז און נאָגן מיר אויס דעם מאַרך פון די ביינער. זאָל זײַן, אַז מיר זײַנען פון גאָט באַשאָנקען? אָבער וואָס איז חסד עליון אָן לײַב און לעבן, אָן אַ חלק אין עולם הזה? מיר האָבן ניט קיין ים, ניט קיין יבשה. פון דער זון האָבן מיר זיך פאַרקוקט...

אויך ווען ער שפּילט ברוגז מיטן עבר און טרייסלט זיך אָפּ פון דער טראַדיציע, רײַסט ער ניט איבער אויף אַן אויגנבליק די גאָלדענע שנור, וואָס פאַרבינדט אים מיט דער אָבות־וועלט, מכּל־שכּן, ווען דער אור זרוע פון ייִדישקייט טוט אַ פאַרפלייץ זײַן נשמה. דעמאָלט שטייט ער קעגנאיבער דער אַמאָליקייט מיט פאַרבלענדטע אויגן און סע רינט פון אים אַ הייסע טרער. טרויעריק איז ער. טרויעריק איז ער שטענדיק. און

נאָך טרויעריקער ווערט ער, ווען עס טוט אים אַ ציִ צו זײַן מקור. דעמאָלט שרײַט ער אויס, און אין אמתן שטילט ער אויס, שעפּטשעט ער אויס, אַזעלכע אומפֿאַרגעסלעכע ווערטער: אַ ייִדישער טרויער, זײַנס גלײַכן שוין לאַנג ניט געשפּירט, נאָגט מיך בײַ דער נשמה. איימיק אַליין זיץ איך אין מײַן צימערל און הער זיך אײַן, ווי עס קאַפּעט אין מיר אַרײַן אין האַרצן דער ווײ פֿון ייִדישע דורות. ניט אויסצוהאַלטן פֿון אים. אַזאַ נאָגעניש. מײַן נשמה איז פֿול מיט צער. ניט מיין אייגענער צער. דאָס גאַנצע פֿאָלק וויינט אין מיר. שרײַען וויל איך פֿון פֿאַרדרוס און ווייטאָג. אויסשרײַען וויל איך: מאַכט אַן עק מיט דער אָפּגעשטאָרבנקייט. שטייט אויף, וואַרפֿט פֿון זיך אַראָפּ דעם מסורה־עול. אָבער טיף אין האַרצן באַפֿאַלט מיך אַ יאוש. איך גלייב ניט, אַז די עצמות היבשות קענען אויפֿשטיין תּחית־המתים. איך שפּיר, אַז די מסורה איז מיר אײַנגעבאַקן אין האַרצן. וואָס איך וויל צעשטערן בין איך מאַכטלאָז צו צעשטערן.

אין דער אמתן וויל ער גאָרניט בכל נפשו ומאדו צו צעברעכן די גאָלדענע לוחות. אויך איז ער זיך כּלל ניט מייאש. ווער ס'איז אַ בעל־יאוש, דער שרײַט ניט. אפשר שרײַט ער אויס זײַנע חפציות און הצטרכותן, אָבער ער שווײַגט אויס דעם צער העולם. און אַז די שכינה איז אין גלות, וואָס גייט דאָס אים אָן? זאָל אַלץ גיין, ווי סע גייט. מען קען די וועלט ניט איבערמאַכן. ער וויל זי גאָר ניט איבערמאַכן. ער איז שוין ממילא פֿון איר אויסגעטאָן. זײַן אויסגעטאָן פֿון דער וועלט איז אַ מידה פֿון הייליקע און מופקרים צוזאַמען. די ערשטע האַלטן אין איין באַזאָרגן גאָט, מע זאָל אים חלילה ניט באַקריוודען. די לעצטע פּיטערן זיך גופא און מער גייט זיי גאָר ניט אָן. יאָ, ניין, מהיכי־תּיתי. אַזוי צי אַזוי, אַבי דורכגעשטופּט ווי עס איז. די אמתע פֿאַרצווייפֿלונג באַשטייט אין דעם, וואָס דער איינער פֿאַרצווייט אַלעס. ער פֿון דער זײַט און אַלדאָס איבעריקע פֿון דער צווייטער זײַט. ניטאָ מער קיין בריק צווישן מענטש און וועלט, אָדער מענטש און פֿאָלק. אויס שכנים, אויס שוועסטער און ברודער, אויס גוטע ברידער. איינער, וואָס האָט זיך פֿאַרוואַלגערט אין אונדזער שטאָט פֿון ווײַטע מקומות און איז געווען אַ יושב בײַ אונדז אין בית־המדרש, פֿלעגט זאָגן, ווען ער האָט געזען עמעצער האָט זיך שטאַרק פֿאַרטראַכט גלאַט אַזוי, ווי מע זאָגט אין דער וועלט אַרײַן: נאַר איינער, וואָס האָסטו זיך אַרײַנגעטראַכט אין דער וועלט אַרײַן? לאָז די וועלט לויפֿן און דו טו דיר דאָס דײַניקע.

דאָס איז ניט געווען בערדיטשעווסקיס דרך צו וועלט אַרײַן? לאָז די וועלט לויפֿן און דו טו דיר דאָס איז ניט געווען דער דרך פֿון רוב מנין, אָדער לפּחות פֿון רוב בנין, פֿון ייִדישע וואָרט־זאָגערס אין אוקראַיִנע־לאַנד. אַפֿילו די יעניקע, וועלכע האָבן גערעדט פֿון זיך אַרויס, האָבן ניט גערעדט נאָר פֿאַר זיך, פּונקט ווי סע איז ניט עולה על הדעת געוואָרן קונסט פֿאַר זיך, שעפֿערישע באַשאַפֿט פֿאַר זיך, שׂמחה בלויז מיט זיך. מע האָט זיך אַפֿילו געשעמט אַרויסצוטרעטן מיט אַן אייגענעם צער און אַ פּערזענלעכן פֿאַרדרוס. ניט דער יחיד, נײַערט דער רבים איז געווען דאָס איבערשטע פֿון שטייסל. די זאָרג פֿאַרן קיום־האומה האָט געהאַט די בכורה. דער פּרט און דער כּלל, מענטש און פֿאָלק, די גרויסע וועלט און דער עולם־הקטן, זײַנען לכתחילה איינס און דאָס זעלבע. און ווײַל ייִדן, סײַ לויט זייער מהות און סײַ לויט זייער גורל, זײַנען אַ מין באַזונדערער קאָסמאָס, אַן אייגנאַרטיקער מין האדם, געפּײַניקט פֿון בראשית אָן, וועלכער האָט אָפּגערונגען מיט בלוט אויף אַלע ערד־שטחים פֿאַר זײַנע הימלישע וויזיעס, איז ממילא יעדער יחיד מישׂראל, וואָס איז טיף אַרײַנגעוואַקסן אין דעם כּלל־ישׂראל, צוגעקאָוועט ווי מיט קייטן צו אָט דעם מהות און צו אָט דעם גורל. מען קען שרײַען געוואַלד אויף די דאָזיקע קייטן, אַפֿילו שיטן פֿעך און שוועבל אויף זיי, דאָס באַדײַט כּלל ניט קענען אָדער וועלן זיך באַפֿרײַען פֿון זיי. גראָד דורך דעם קאַמף קעגן ווערט מען נאָך פֿעסטער צוגעשמידט צו זיי.

צוגעשמידטע קעמפֿערס זײַנען געווען אין אַ היפּשער צאָל צווישן יענער וואָרטזאָגערס. דער ראש־וראשון צווישן זיי איז בערדיטשעווסקי. כאָטש אין אַ סך פּרטים פֿאַרשיידן פֿון זיי, דערהויפּט אַ מורד, אין פֿלוג אַרויסגעשטעלט פֿון פֿאָרנט דעם איך, אַ שטאַרקער מאָנער און אויסשרײַער, געהאַלטן אין איין טענהן, אַז דער איבערשלאַק איז דער אונטערשלאַק און דער אונטערשלאַק איז דער איבערשלאַק; געפֿאָדערט מע זאָל איבערקערן די שיסל מיט דעם דנאָ אַרויף, איז ער דאָך געשטאַנען פֿאַר דעם דורותדיקן אָנגעזאַמלטן האָב־און־גוטס מיט גרויס דרך־ארץ און יראת הכּבוד. אַ בודד און געאָטעמט מיטן פֿאָלק. אַן אַפּוטרופּוס פֿונעם רשות היחיד און געצויגן האָט ער אַלע מאָל אין רשות הרבים אַרײַן. אין אַלע עבֿר־אַרכיוון גענישטערט און ניט אויפֿגעהערט צו בלעטערן אין דעם ייִדישן ספֿר החיים פֿון אַלע צײַטן. בסך הכּל אַרויסגעלאָזט, דוכט זיך, איין באַנד דערציילונגען אין ייִדיש. אָבער ווי עכט איז זײַן ייִדיש לשון און ווי טיף פֿאָלקסטימלעך. פֿאָלקסטימלעך און זייער לומדיש און אצילותדיק. אַ לעבעדיקע שפּראַך, וועלכע איז אײַנגעהילט אין אַן אַבאַזשור פֿון פֿאַרנעפּלטקייט, וואָס איז מלא חן, און ווײַט־לויפֿנדיקע רמזים. אָט אַזעלכער איז דער עכסטסטער און דער געטרײַסטער אויסדריקער און געשטאַלטער פֿון אוקראַיִנער ייִדישקייט. אין אַלע זײַנע גענג, דיבורים און מעשׂים, איז ער עכט און ערנסט, אַחריותדיק, טיף פֿאַרזאָרגט און באַזאָרגט. ניטאָ אין אים קיין טראָפּן קלות־ראש. ניט־גרינג. ניין, כּלל ניט־גרינג.

אפילו שווער. און דאך שוועבנדיק. כמעט אן אנאליטיקער און צעשרויפער, כביכול רינט און פליסט פון אים פון אלע זייטן, דאך איז אלץ ביי אים ווי איין אויסגוס. ער איז פילפארביק און הארמאניש. מיט איין האנט רייסט ער ארויס א ציגל פון דעם דורותדיקן בנין און מיט דער אנדערער קנעט ער פון ליים א נייעם ציגל. קעגן יעדער וואונד גרייט ער צו א פלאסטער. שטייט ער אין בית־המדרש, קוקט ער ארויס אויפן מארק. אויך ווען ער שטייט אין מארק, איז ער מיטן פנים צום בית־המדרש. ער, וועלכער שטאמט פון א בניחותאדיקן יידישן שבט, קוקט אויס אפט ווי ער לויפט און אנטלויפט. קוקט נאר אויס אזוי. ווארעם אלץ איז אין אים פלי, פונקט ווי אלץ אין אים בלי. א געוועב פון סתירות און אין תוך אחדות. א ראמאנען־שרייבער און א חוקר פון יידישע גנזי־נסתרות אין אלטע צייטן. אן עכטער דיכטער, וואס איז איינגעטונקען אין חכמת־ישראל. א חסיד, א מתנגד און א ניטשעיאנער. עס שמעקט פון אים מיט היי, ניט ווייניקער ווי מיט ספרים. א וואויל־געלערנטער און פארליבטער, א פארשכורטער און א ניכטערער לעת מצוא, אנגעזאפט מיט וועלט־קולטור, און דאך אזוי וועלט־פרעמד, מלא אימפעט און לעבנסלוסט און סע שלאגט פון אים א געוויין, ווי פון שומאנס א קווארטעט. א תם און א חריף, אן אלטגעזעסענער אין יידישקייט און איינער פון די ערשטע אויפפאדערער פון וועלטלעכקייט. א שכל־הישר און מיט א מאל קרומע סברות, ווי די קרומע געסלעך אין אוקראינישע יידישע שטעטלעך. א שפרודלדיקער קוואל און אפט מאל ווי א פארשטעלטער. א וועקער צו סליחות, ווי אויך צו ערדישע הוליאנקעס מיט תשובה און חרטה, טאנצט איבער א תהום און תהומיקט אויך אויף דער פלאך. פארזייט און צעשפרייט א שפע פון געדאנקען־פונקען, וועלכע קלעקן אויף עטלעכע דורות. יידישע גייסטיקייט אויף דער אוקראינע איז אין אים פארקערפערט געווארן. ניטא קיין ניואנס פון יענעם ליכטיקן דארטיקן נעכטן, וואס זאל זיך ניט אפשפיגלען אין אים. אוקראינער יידישער שבט קען אן ספק זאגן: קוקט אים אן, וועט איר מיך דערזען.

## ט. איינער פון דעם פאלק

דער רבונו של עולם, און בעסער לאמיר זאגן, דער וועלט־גייסט, ווארעם ס'איז ניט כדאי צו פיל צו באנוצן זיך מיט זיין ליבן נאמען, האט א טבע ארויסצולאזן פון זיין ווערקשטאט נשמות פארלעכוויז. זייער אפט לעבן אין איין דור צוויי חד־בדרא'ס. דרך כלל זיינען זיי ניט געראטן איינער אין דעם צווייטן. דאך קוקט דאס אויס, ווי דער שכל הנעלם האט זיי מיט א כיוון איינצייטיק אפירגעשלעפט פון זיינע באהעלטענישן אין דעם אוצר הנשמות און זיי באקליידט מיט גופים, כדי זיי זאלן ממלא זיין אויף אונדזער ערד איין און די זעלביקע שליחות, כמעט אויף פארשיידענע, און אויך אויף קעגנגעזעצטע, אופנים. זיי דערגאנצן איינער דעם צווייטן, אדער, פארקערט, ווענדן אפ איינער דעם צווייטן, און דערלאזן ניט, אז וועלכע ס'איז השפעה פון איין צד זאל אריבערוועגן אויף דער וואגשאל פון וועלט־ אדער פאלקס־הארמאניע. הלל און שמאי זיינען צוויי התגלותן פון איין און דעם זעלביקן פאלקס־גייסט, אדער צוויי זייטן פון איין מטבע. וואלט אראפגענידערט אויף אונדזער ערד אין א באשטימטער תקופה נאר איינער פון זיי, וואלט געוועז א פגם אין דער ספירה. פאראן א טייל אמת אין מידת־הדין, אין א הארבן קוק און א שטרענגן צוגאנג צו זאכן, און א טייל אמת אין מידת החסד, אין מקיל זיין און אין צארטן באהאנדלען. פון א געמיש פון די דאזיקע צוויי מידות קריסטאליזירט זיך אויס א גאנצער אמת. וואס טוט די השגחה? פארט די נשמות. זי צווילינגט מנהיגים און ווארט־זאגער. זה לעומת זה. מיר מוזן גלייבן אין חכמת הזיווגים, ווייל ס'איז טאקע אזוי. דער כנגדו איז אן עזר. דער צד שכנגד שניצט און שלייפט און מאלט אויס יעטוועדער צייט־געשטאלט. פון צווישן צוויי בעלי־פלוגתות זיפן זיך אדורך דינע מעלעכלעך פון דעם אמת.

אחד־העם איז דער צד שכנגד פון בערדיטשעווסקין אין דער פמליה פון אוקראיניש־יידישע ליכטיקע און אין גלאריע אויסגייענדיקע געשטאלטן. ריכטיקער געזאגט, בערדיטשעווסקי איז דער צד שכנגד פון אחד־העמן. ווארעם אזוי איז געווען די מעשה. בערדיטשעווסקי איז נאכגעגאנגען אחד־העמס פוסטריט, זיין גאנץ לעבן אים אויסגעקוקט און גוט־גוט דורכגעקוקט. וואס יענער האט געזאגט, האט דער אויף אים חולק געווען. און וואלטן זיי געווען אין גאנצן פארשיידן, וואלט דאך ניט געמאלט זיין די דאזיקע שטענדיקע פלוגתא צווישן זיי. דין־תורות צווישן זיך האבן נאר שותפים, אדער שכנים. אויך איז אחד־העם געווען דער ערשטער דערפאר, וואס ער איז געווען דער עלטערער. ער איז געבוירן אין תרט״ז און בערדיטשעווסקי אין תרכ״ה. אן אפשניט פון א יארצענדליג ליגט צווישן זיי. צען יאר אין דער אייביקייט איז שוין גאר ניט קיין סך. אבער דאך טרעפט, אז א צענדליג יארן שליסן איין אין זיך א גאנצן קרייז־לויף פון געשיכטע אין א באשטימט לאנד אדער אין א געוויסער געגנט. וואס זשע מאכט די השגחה? מאכט זי, אז אחד־העם האט זיך גאר ניט צוגעאיילט מיט זיין עפנטלעכן ארויסטרעטן. טאקע היפש פארשפעטיקט. לכן האבן די דאזיקע צוויי בעלי־

מחלוקת אָנגעהויבן כמעט איינצײַטיק צו פֿאַרעפֿנטלעכן זייערע מאמרים. אַזוי פֿלעגט מען דאָס רופֿן דעמאָלט. בײַ הײַנטיקע צײַטן וואָלט מען דאָס מין שרײַבן זייערס געקרוינט מיט אַ פּרעכטיקן נאָמען, עסייען, למשל. עסייען — דאָס איז אַן ענין פֿון פֿײַנפֿילעוודיקייט און שיין־גײַסטערײַ. פֿון אַ ביסל זיך סתּם אַזוי אויסשמועסן און מקיים זײַן די מצווה פֿון השתּפּכות הנפֿש. עסייען שרײַבן זיך אַליין, ווי זאָגט מען, דאָס פֿון זיך און טאַקע פֿאַר זיך. אַנדערש איז אַ מאַמר. ער שרײַבט זיך ניט. אים מוז מען זיך אַוועקזעצן, טאַקע בדחילה ודחימה, און אָנשרײַבן. ניט פֿאַר דער אייגענער נשמה וועגן, נײַערט מחמת אַ טיפֿע זאָרג פֿאַר קיום האומה, אָדער אַ גרויסע שרעק פֿון חורבן העולם, צי לפּחות צוליב דעם, אַז די וועלט זאָל ניט פֿאַרקירעווען אין דער ניט־ריכטיקער זײַט. איידער מ׳גייט שרײַבן אַזאַ מאמר, מוז מען זיך פֿריִער אָפּטובלען און זי אויסחשבונען מיט דעם אייגענעם נפֿש, צי גראָד איך, פּלוני בן פּלוני, בין ראוי אַרויפֿצושפּרינגען אויף דער בּמה און ווערן אַ דעה־זאָגער און פֿאָלק־פֿאַרזאָגער. וואו־וואו, אָבער אין אונדזערע מקומות איז דעמאָלט געווען אַ מאַמר־שרײַבער אַ שליח־ציבור ממש. אָן דער דאָזיקער אמונה אין זיך, אַז מע איז באַרופֿן, און זאָל זײַן כאָטש אויף נאָר איינער אַ שעה, צו נעמען דאָס וואָרט און אָנשרײַבן אַ מאַמר, איז דאָך גלאַט אַ חוצפּה אַרויסצוטרעטן אין דער עפֿנטלעכקייט און לאָזן פֿאַלן אויף זיך אויגן. ווער ביסטו דען, דו איינער אַזעלכער, צו זײַן אַ קופֿץ בראש?

אַחד־העם איז חלילה ניט געווען קיין קופֿץ בראש. אין תּוך אַרײַן אַ גרויסער עניו אויפֿן אוקראַיִניש־ייִדישן שטייגער, כאָטש זײַן אַרט רײדן איז גלאַטיק און זיכערדיק, אָן אַ ציטער אין דער שטים און אָן אַ טראָפּעלע ספֿק, האָט ער זיך אַרומגעטראָגן יאָרן לאַנג מיט אויסגעקריסטאַליזירטע רעיונות און ניט געהאַט די העזה זיי אַרויסצוברענגען אין דער ברייטער עפֿנטלעכקייט. ער האָט לאַנג געשוויגן, כּובש נבֿואתו געווען, געשטאַנען אין שאָטן מיט גרויס חן און ווערדע, כאָטש דער ענגער קרײַז פֿון אָדעסער משׂכּילים האָבן שוין געוואוסט, אַז ער איז אַ כּלי־יקר, מלא וגדוש אין תּורה און חכמה און האָט וואָס צו זאָגן. ער האָט זיך אָפּגעהאַלטן פֿון צו זאָגן, ביז דער צופֿאַל — אָט אָ דער צופֿאַל, וועלכער שטעלט אָן, ווען די השגחה וויל, דעם ליכטוואַרפֿער אויף איינעם אַן אומזעעוודיקן און אַ נחבא אל הכּלים, רײַסט אים אַרויס פֿון זײַן אַנאָנים שטיל־לעבן — האָט אים געבראַכט צו זײַן התגלות. מע איז פּלוצלינג געוואָר געוואָרן, אַז ער איז אויך אַ כּתבֿא־רבה. ס׳איז אין אים מקוים געוואָרן וואָס אין דריטן קאַפּיטל פֿון ישעיה שטייט: אַז עמעצער וועט אָנכאַפּן זײַן ברודער פֿון זײַן פֿאָטערס הויז, אַ בגד האָסטו, אַ פֿירער זאָלסטו אונדז זײַן און די דאָזיקע שטרויכלעניש זאָל זײַן אונטער דײַן האַנט. אַחד־העם האָט זיך געווערט, ניט דערלאָזט. ער איז דעמאָלט כּלל גאָר ניט אַחד־העם, נאָר אָשר גינצבורג. ער האָט זיך אָפּגעטרייסלט פֿון דער דאָזיקער עובֿדה, ער זאָל גאָר אַ שרײַבער בײַ ייִדן ווערן. ער האָט געטענהט, ווי יענער קצין פֿון ישעיה: און איר וועט מיך ניט מאַכן פֿאַרן פֿירער פֿון פֿאָלק. איך וועל ניט זײַן קיין היילער, אַז אין מײַן הויז איז ניטאָ קיין ברויט און קיין בגד. אין אין פֿאַל פֿון אַחד־העם איז דאָ דער מיין: אין מיר איז ניטאָ קיין לחם החכמה און איך האָב ניט קיין שרײַבערישע בגדי־כּהונה. איין מאָל האָט ער געצוואונגענערהייט, אָנוס על פּי הדיבור, פֿאַרעפֿנטלעכט אַ מאַמר איבער אַ ברענענדיקער צײַט־פֿראַגע, אויסגעשריִען, ניין, ער האָט ניט געשריִען, נײַערט מיט ישובֿ־הדעת שטיל און שׂכלדיק אויסגעברײַעט, אַז לא זה הדרך. ניט דאָס איז דער ריכטיקער וועג צו היילן דעם פֿאָלקס וואונדן. און ווײַל ער האָט כּלל ניט בדעה צו שרײַבן מער ווי דאָס איינציקע אַרטיקל — ער האָט אַלע מאָל געשריבן נאָר נאָך איין אַרטיקל און ניט מער ווי דאָס — שרײַבט ער זיך אונטער אַחד־העם. ניט קיין כּהן גדול, אָדער אַפֿילו אַ כּהן הדיוט, ניט איינער, וואָס דאָס שרײַבן איז זיין מלאכה, אָדער זײַן גאָטס מתּנה און חסד עליון, נײַערט איינער פֿון המון העם, וועלכער איז אַרויסגערופֿן געוואָרן עולה לתּורה זײַן, און ער, נעבעך אַ דערשראָקענער, גייט אַרויף אויפֿן באַלעמער, אַרײַנצוכאַפּן און אָפּצוכאַפּן די עליה און גאָר גיך פֿאַרשוואונדן ווערן. אַחד־העם האָט אַלע זײַנע יאָרן ניט געקוקט אויף זיך ווי אויף אַ שרײַבער. כאָטש שטאַרק אין געדאַנק און רײַף אין סטיל — ער איז געבוירן געוואָרן אין דער עפֿנטלעכקייט אַרײַן אַ פֿאַרטיקער מיט אַלע זײַנע שפּראַך־פֿײַנקייטן און זײַן מאַיעסטעטישער האַלטונג, ניט ווי אַנדערע, וועלכע לערנען זיך אויף דעם קהל־קוראימס באָרד שערן און דראַפּען זיך ביסלעכווײַז אַרויף אויפֿן שרײַבערישן לייטער — האָט ער געהאַט אימת־הציבור. מיר דוכט, ער האָט באַזעסן נאָך אַ טיפֿערע אימה, אַן אימה פֿאַר דעם שרײַב־טיש און פֿאַר דעם ליידיקן בויגן פּאַפּיר. מע האָט געשלעפּט כּל ימיו אים צום עמוד און ער האָט זיך ניט געלאָזט. אַלע מאָל מכריז ומודיע געווען, אַז ער איז ניט קיין בר הכי, ניט קיין שרײַבער, אָדער פֿירער. ניט און ניט. דער כּוח פֿון ניט איז בײַ אים זייער שטאַרק געווען.

אַחד־העם, וועלכער האָט אין זײַן שרײַבן דערגרייכט אַ מדרגה פֿון שלימות, סײַ אין זאַץ־בוי, סײַ אין זײַן קלאָרן דענקען, ווי אויך אין דער גראַציע פֿון וואָרט־שפּיל און אין דער זויבערקייט פֿון העפֿלעכן וויכּוח, האָט געהאַלטן אין איין ברײַען, אַז ער איז ניט קיין שרײַבער. אין דער אמתן איז ער טאַקע ניט געווען קיין שרײַבער לשמה פֿון דער ליטעראַטור, אָדער לשמה פֿון שפּראַכלעכער גרויס־ אָדער קליין־קונסט. ער, דער שפּראַך־מײַסטער, האָט פֿון לכתּחילה אָן אַוועקגעמאַכט די שפּראַך־בכורה. געזאָגט: צו ערשט כאָטש אײַער געדאַנק, וועט שוין די שפּראַך ממילא ווערן אויסגע־

פֿײַנערט. האָט ניט ליב געהאַט צו צאַצקעווען און פּוצן, כאָטש ער איז געווען אַ שניצער און מאָלער פֿון גײַסטיקע טיפֿקייטן. ער איז דאָס דער ראש פֿון יענעם גזע שרײַבערס בײַ ייִדן, וועלכע זײַנען געווען אַרײַנגעטאָן אין שרײַבערײַ מיט בפֿירושער כּוונה און מיט אָפּטע אַנצוהערענישן, אַז חס ושלום מע זאָל זיי ניט חושד זײַן, אַז זיי געהערן צו דער שרײַבער־משפּחה, ווי אַהרן־דוד גורדון, ברענער, צייטלין, יוסף אַראָנאָוויטש און אַ סך אַנדערע, אין אַ פֿיל גרעסערער צאָל אַ דור נאָך זיי, און דערהויפּט אין ארץ ישׂראל. ס'איז אַפֿילו פֿריקרע צו זען מענטשן, וועלכע גיבן זיך אָפּ אַלע יאָרן מיט אַ פֿאַך — שרײַבן איז אַ פֿאַך — און פֿאַרזיכערן שטענדיק זיך און יענעם, אַז זיי געהערן ניט צו דעם דאָזיקן צעך... פֿאַראַן מענטשן, וועלכע מאַכן דאָס מיט אַ כּיוון, מיט אַ שטעל און אָנשטעל, אָדער מכּוח אַן אײַנרעדעניש — אַפֿילו ביאַליק האָט זיך געוואָרפֿן מיט דער שרײַבערישער קרוין, ווי טאָלסטאָי בשעתו — אָבער קיין שום ספֿק־ספֿיקא פֿון חשד קען ניט פֿאַלן אויף אַחד־העמן, אַז בײַ אים איז דאָס אָפּזאָגן זיך פֿון דעם תּואר־הכּבוד שרײַבער געווען בלויז אַ חן־פֿינטל אויף זײַן גײַסטיקן פּנים. אין אים איז ניטאָ קיין טראָפּן פּאָזע און חנדלען זיך, אָדער אַפֿילו זיך מאַכן תּמעוואַטע, ווי איינער זאָגט: איך בין ניט איך. ער איז כּולו ערנסט און זיך־געטרײַ; דורך און דורך עצם מעצמו און גײַסט פֿון זײַן גײַסט פֿון דעם אוקראַיִנער ייִדישן שבט. ער, דער את הבּכור, וועלכער האָט אויסגעטראָטן דעם וועג פֿון ראַפֿינירטער פּשטות און בכבודיקער ענוות; פֿון אָפֿנהערציקער פֿאַרשטענדעניש; פֿון רײדן, וואָס פֿאַרמאָגט אין זיך אַ היפּש ביסל שווײַגן; פֿון פֿרײַדענקען, וואָס איז אײַנגעוויקלט אין מסורה־פֿאָרמען; פֿון אַרויסזאָגן אמתן אָן דער מינדסטער כּוונה עמעצן פּוגע בכבוד צו זײַן. ער איז אַן אבר מן החי פֿון אוקראַיִנער ייִדישקייט; איר פּה טהור און לויטערער מוח; איר גראָדליניקייט, וועלכע לאָזט זיך בייגן און זיגזאַגעווען באין ברירה. אַ בייגעוודיקער עקשן, אַ פֿריידיקער פֿון מרכּז־רוחני, וועלכער איז געקניפּט און געבונדן מיט דעם פֿאָלקס לעבעדיקע באַדערפֿענישן און על פּי רוב רעדט ער וועגן ערדישע ענינים, וואָרעם פֿאָלק לעבט אויף דער ערד. איז זהיר וזהיר אַרויפֿצובריינגען אויף זײַנע ליפּן דאָס וואָרט הימל. איר וועט אים קיין מאָל ניט טרעפֿן אַרומשפּאַצירן צווישן הימל־מענטשן, דראַפּעט זיך ניט אין די עולמות עליונים. הערט ער דאָס וואָרט אָדם־העליון — על פּי רוב הערט ער דאָס פֿון בערדיטשעווסקין אין זײַנע הייסע פּאָלעמיקעס מיט אים, פֿאַרשטייט זיך, ווי אַן איבערזעצונג פֿון אַ מקור, וואָס איז אים אַליין גוט באַקאַנט — צעטרייבערט ער טיפֿזיניק און פֿײַנפֿיליק אָט אַ דעם באַגריף, אַז סע בלײַבט פֿון אים נאָר שפּינוועבס. און דאָך איז ער גופֿא אַ העכערער און אַדעליקערער מענטש, אַ מין יהודי העליון. ער איז ניט נאָר מלא וגדוש מיט תּורה און חכמה, נאָר אויך מלא וגדוש מיט נסיון; זייער ניכטערן, כאָטש אין תּוך אַרײַן ליריש, געמיטפֿול. איז אַ כּובש־את־יצרו, אויך אַ כּובש פֿון זײַנע געפֿילן. לאָזט זיי ניט אַרויס פֿון די ראַמען פֿון צניעות און בושה... אַן אוקראַיִנער ייִד כּדבעי. אַלע מאָל שטיל, רואיק, צוריקגעהאַלטן, סטאַטעטשנע און אַ ביסל האַרב, חס ושלום ניט טרוקן. ניטאָ בײַ אים קיין בלעטל, וואָס איז ניט אָנגעגאָסן מיט שירה־זאַפּט, ווי מע זאָגט, מיט לחלוחיות של שירה. ער איז אַ פּלא פֿון האַרמאָניע בײַ אַ פֿאַרוואָגלטן און פֿאַרפֿאָלגטן שבט. אַ געוואַלדיקע שׂנאה צו צעכראַסטעטקייט, צו מליצה און האָכשטאַפּלעריי, צו געבּרויז סתּם, צו שוים אָן רוים, צו האָרשפּאַלטערײַ און פּלפּול. זײַן גערדאַנקען־גאַנג איז אַ פּועל־יוצא פֿון זײַן לעבנס־גאַנג. זײַן לעבן און אַלע זײַנע טואונגען זײַנען אַלע מאָל געשטאַנען אין הסכּם מיט זײַן אַני מאַמין און אַני חושב. אַפֿילו ווען ער זאָגט איך דענק, מיינט ער צו זאָגן איך פֿיל. וואָרעם זײַן שׂכל און זײַן רגש לעבן בײַ אים בשלום. ער דער איינציקער האָט געשאַפֿן אַ שיטה, וואָס באַמיט זיך פֿאַרטײַטשן ר׳ ישׂראלן און כּלל ישׂראל. אויך אין זײַן צײַט זײַנען געווען בײַ ייִדן דענקערס אין אַ מער אָדער ווייניקער מדרגה פֿון זײַנער, און אויך טיפֿערע פֿון אים, ווי א. ד. גאָרדאָן, למשל, און יעקב קלאַצקין. ער האָט אָבער געטראָפֿן אין פּינטל אַרײַן פֿון דעם ייִדישן תּוך און שורש. זײַן מרכּז־רוחני, כאָטש ניט אין גאַנצן זײַנער. נײַער דורך אים פֿאַרטיפֿט און פֿאַרברייטערט, איז נאָענט צום צאַפּן פֿון נשמת האומה. ער איז שׂכל הישר און לב הישר. אַ טיפֿער, לירישער און דורכזיכטיקער אומעט, פֿון די אוקראַיִנישע פֿעלדער און פֿון ייִדישע געמיטער, איז אויסגעגאָסן אויף די פֿיר בענדער פֿון זײַן „על פּרשת דרכים“. ער איז אַזאַ גראָדער און דאָך אויף דעם שיידוועג. אַלע רונדיקע און געטאָקטע זאָגעכצער און פּסוקים, ווערטער און ווערטלעך מכּוח פֿראַגעס פֿון קיום־האומה און המשך היִידישקייט, ווי קנעכטשאַפֿט שבּפֿרײַהייט, אַסימילירטע נאָכמאַכונג און גײַסטיקע התבּטלות און דעסטגלײַכן, געהערן צו זײַן פֿון גאָטגעבענטשטער, ניט שרײַבערישער, פֿעדער.

## י. זאַפּטיקע ווײַנטרויבן

לאָמיר זינגען פֿון מײַן ליבן פֿרײַנד דאָס געזאַנג פֿון מײַן באַליבטן אויף זײַן ווײַנגאָרטן. אַ ווײַנגאָרטן האָט מײַן ליבער פֿרײַנד געהאַט אויף אַ בערגל אַ פֿעטן.. און ער האָט געהאָפֿט ער זאָל ווײַנטרויבן ברענגען און ער האָט... זאַפּטיקע ווײַטרויבן געבראַכט...

אַ פעט ייִדישקייט איז דאָס געווען אין אוקראַיִנע, וואָס האָט אין אַזאַ קורצער תקופה מגדל געווען אַזוי פיל אריות שבחבורה. אין תרט״ז איז געבוירן געוואָרן אחד־העם, אין תרכ״ה בערדיטשעווסקי, אין תרל״ג ביאַליק און אין תרל״ה איז אין נאָוואָגראַד־וואָלינסק אויף דער אוקראַיִנע געבוירן געוואָרן מרדכי זאב פייערבערג. דאָס זיינען דאָך נאָר פיר פון אַ סך אַנדערע וואָרט־זאָגערס, געבוירענע אויף דעם דאָזיקן ערד־ווינקל, וועלכע האָבן געוועקט ייִדן אין יענעם צייט־אָפּשניט ניט צו סליחות. נייערט צו זמירות און שירים, צו אַ נייַ און מוטיק לעבן. אַ סך זאָגן זייער וואָרט, אָבער זעלטן זיינען די וועלכע ווערן דערהערט. דערהערט צו דערהערט איז ניט גלייך. ווער סע ווערט דערהערט אַזוי זיך, סתם זיך, מיט האַלבע אויערן, אָדער נאָר מיט די אויערן און צום האַרצן דערגייט ער ניט. זיינע רייד ווערן אויפגענומען קאַלטבלוטיק, מחמת נייַגעריקייט און פאַרוואָס ניט... ער זאָגט דאָך פּאָרט עפּעס... האָט אַ פיינע שפּראַך... איז אַ פּקח. אַ פאַרגעניגן אים דורכצולייענען. איז אַ בקי, אָדער אַ חריף. אַ מלא וגדוש. פּערל שיטן זיך אים פון מויל, און דעסט גלייכן. דאָס זיינען גאַנץ פיינע שבחים. אַ סגולה צו ווערן דורך זיי אַן איש מכובד, אַן אָנערקענטער און באַקאַנטער. צו השפּעה קומט דאָס נאָך ניט. און אַפילו יאָ השפּעה, איז דאָס אַן אויבנאויפיקע און לפי־שעהדיקע, וועלכע קומט און גייט אַוועק מיטן שוים פון אַ קורצער תקופה.

נאָך מער, מע קען אַפילו שטאַרק זיין אין דער מאָדע און אָנמאַכן אַ געוואַלדיקן רעש דורך אַ נייַער מאַניער, דורך שפּראַכלעכע חידושים און אויסזינגען אַן אַלטן ניגון מיט אַ שפּאָגל נייַעם קנייטש, אָדער אַן אייגנאַרטיקער באַטאָנונג. און דאָך מאַניער בלייבט מאַניער. שפּראַכלעכע חידושים ווערן גאָר גיך פאַר־עלטערט און אַפילו נאָך שטאַרקער פאַרוועלקט פון די אַלט אָנגענומענע ווערטער. קנייטשן גלייכן זיך אויס דורך אַנדערע קנייטשן, ווי, למשל, ווען עמעצער פּיעשטשעט זיך מיט זיינע יוגנט־קנייטשיקלעך און וויל מיט זיי אָנמאַכן אַ געפּילדער, ווערט ער גאָר אין גיכן גע־שטראָפט מיט אַלטקייט־קנייטשן, וועלכע צעשטערן די יוגנטלעכע. צייטווייליקע איינפלוסן זיינען אַזוי גוט ווי גאָרניט. אַזאַ דערהערעניש גייט דורך איין אויער אַריין און דורך דעם צווייטן אַרויס.

אַנדערש אָבער איז די אמתע דערהערעניש, וועלכע נעמט אויף דאָס געזאָגטע מיט אַלע פיבערן פון דער נשמה און די רייד שאַפן אַ נייַעם צאַפּל, וועקן און מונ־טערן, טרייסלען אויף, צערודערן מוחות און הערצער, גיבן אַ נייַ געשטאַלט דעם גאַנצן דור און טליִען נאָך אין די נשמה־באַהעלטענישן פון די קומענדיקע דורות. דאָס איז די אמתע השפּעה, וועלכע פרישט אויף און געשטאַלטיקט אַ פאָלק אָדער אַ קיבוץ. קיין נפקא־מינה ניט אַ קליינע אָדער אַ גרויסע עדה. ווער ס'האָט אַריינגעלאָזט זיינעם אַ פונק אַפילו נאָר אין אַ קליינער גרופּע תלמידים און נאָכגייער, דער האָט שוין עטוואָס פון זיין גייסט פאַרזייט אין דער וועלט. דער שניט וועט פריִער אָדער שפּעטער קומען. ער האָט שוין געהאַט די זכיה צו זיין אַ בעל־משפּיע. אָבער זוכה דערצו איז מען ניט נאָר דורך פּקחות, אָדער אַפילו טרוקענער חכמה, און אויך ניט דורך טאַלאַנט און קאַלטער מייסטערשאַפט. אלא דורך וואָס דען? דורך עט־וואָס אַזעלכעס, וואָס האָט ניט קיין שם המפורש, אָדער מיר ווייסן אים נאָך ניט. זאָגן נשמה איז דאָך מאי קא משמע לן. ווער האָט דען ניט קיין נשמה? זאָגן האַרץ, טעמפּעראַמענט, כוח היצירה, דראַנג, אימפּעט, גערא־טענע כלים, ברען, התלהבות — ווערן מיר פון די דאָזיקע ווערטער ניט קליגער. עס וועט אונדז ניט ראַטעווען אַפילו ווען מיר גיבן צו דאָס ראָזשינקעלע וואָס הייסט נשמה יתירה. ווערטער מאַכן זעלטן עטוואָס קלאָרער. זייער אָפט פאַרטונקלען זיי נאָך. אָבער ס'איז אַזוי. ווער סע ווערט יאָ געקרוינט מיט דעם נאָמען כהן־גדול און אַריינגעלאָזן אין דעם קדשי הקדשים פון פאָלקס נשמה, און ווער ניט. מן הסתם מוז זיין אַ שפּרוך אַזאַ מיט איר כוח צו באַקומען דאָס שליסעלע אין בית־המקדש אַריין. זאָגן מיר כהן, דערנענטערן מיר זיך מעגלעך צו דעם סוד כמו פון השפּעה. דער כהן ברענגט אַ קרבן. אַ כהן אין היכל השיר, אין היכל הניגון, אין היכל היצירה בכלל, ווערט באַוויליקט, ווען ער ברענגט פאַר אַ קרבן זיך אַליין, זיין פּנימיותדיקע וועלט, זיין אייגענעם איך ביזן תהום אַריין, אַן אַרומ־ריידענישן און באַרעדענישן, אָן פאַרשווייַגענישן אומ־נייטיקע, ניט נאָר אָן חכמות, נאָר אויך אָן איבעריקער חכמה, באמת אַריינגיסן דעם גאַנצן אַני אין דעם פאָלקס־איך. ווי זאָל איך דאָס זאָגן? האָב איך מורא דאָס צו באַקליידן אין וואָרט. אָבער ס'איז אַ מוז. דעריבער זאָל דאָס אַרויסגערעדט ווערן: דורך מסירת־נפש.

אַ פלא, און אפשר גאָר ניט קיין פלא. נאָר פיר זיינען אין די לעצטע דורות אַריינגעגאַנגען אין דעם פּרדס פון עכטער השפּעה, האָבן מיט זייער גייסט באַ־ווירקט גרויסע גרופּעס פון פאָלק, אויפגערודערט אי מוחות, אי הערצער, זוכה געווען דערהערט צו ווערן מיט אַלע חושים. וואָס זיי האָבן געזאָגט, און ווי זיי האָבן זיך אויסגעדריקט, האָט ניט נאָר נושא־חן געווען, נייַערט אויך נושא־פּירות געוואָרן. זייער ווערק איז צעגאַנגען געוואָרן אין דער נייַער תקופה, ווי זאַלץ אין וואַסער, און ווי גוטער וויין אין אַלע אברים. זאַפטיקע און באַטעמטע ווייַנטרויבן זיינען זיי געווען. טעם גן־עדן, גוט צום עסן און אַ גאַרונג פאַר די אויגן, גלוסטיק אָנצוקוקן. שוין דערפון אַליין איז געדרונגען סאַראַ פעט ייִדישקייט דאָס איז געווען.

וועגן ביאַליקן וויל איך ניט דאָ און איצט, אין

שייכות מיט פּרשת־אוקראַיִנע, מאַריך זייַן בדיבורים. מען האָט שוין וועגן אים אַ סך אויסגערעדט און אָנגערעדט. סע לויערט פּשוט אַ סכּנה צו ווערן אַ חוזר און איבערקייַער. שוין אַ דעה מוסכּמת, אַז ער איז טיף אַרייַנגעוואַקסן אין דער מסורה, אַ געצערטלטער זון פון דער כּנסת ישׂראל; די ייִדישע שכינה האָט אויף אים גערוט; די ייִדישע נשמה האָט אין אים זיך דערקענט; דער מלאך הממונה אויף ייִדישער יצירה האָט אים בייַם געבוירן אַ קוש געטאָן. אין זייַן צייַט געווען דער אמתער צינור השפע איבערצוגיסן אַלטע און אייביקע ווערטן אין צייַטיקע געפעסן. אַ גרויסער וועקער, מאָנער, און גלייַכצייַטיק טרייסטער, איז ער געווען. זייַן ווייַן, הכּל מודים, האָט דעם טעם פון ייִד־המשומר פון דורות־לאַנג. מהאי טעמא קען איינער אַן עקשן זאָגן: לאָז אָפּ ביאַליקן. ער איז מחוץ פון זייַן צייַט־אָפּשניט און לאָזט זיך אויך ניט אַרייַנפּאַסן אין די ראַמען פון באַשטימטע מקומות. ער איז אַ ייִד פון ייִדן־לאַנד. די דאָזיקע טענה איז על כּל פּנים ניט גרונטיק. אָרט איז וועלט, ווי צייַט איז אייביקייט. אַפילו ווער סע וואַקסט אַריבער זייַנע מקומות, וואַקסט ניט אַרויס פון זיי. און אַז אַ בוים הייבט זיך ביזן הימל אַרייַן, ציט ער דען ניט די יניקה פון דער ערד? ערד און הימל זייַנען צוויי גוטע חברים און כּלל ניט מסיג גבול איינער דעם צווייטן, באָרגן זייער אָפט גמילות חסדים איינער בייַם צווייטן. דאָס זעלבע מיט דער צייַט. ווער סע שפּאַרט אַרויס פון זייַן צייַט און וויל דערלאַנגען די אייביקייט, צאָלט דאָך גרויסע צינזן צו זייַן צייַט. מע קען פון דער אייגענער תּקופה־הויט ניט אַרויסשפּרינגען. דער שׂכל איז מחייב, און ס׳איז טאַקע אַן אמת, אַז יעדער איינער פון די דאָזיקע פיר, אַ געבוירענער אין אַן אַנדער לאַנד, געזויגן חיונה פון אַן אַנדער ערד, אַרויפגעקוקט צו אַן אַנדער הימל און זיך דערצויגן אין אַן אַנדער סביבה, וואָלט געווען אַן אַנדערער. ער וואָלט דערוואַקסן צו אַ גרעסערן, אָדער קלענערן, שיעור־קומה, אָבער ניט צו דעם זעלבן. עס וועט מיר נאָך אויסקומען שפּעטער אַ ביסל זיך ווענדן צו ביאַליקן ווי צו אַ תּנא דמסייע מכּוח איינעם אַ כאַראַקטער־שטריך, וועלכער באַצייכנט די אַלע פיר צוזאַמען.

ביאַליק איז אויסנעמלעך אויך דערמיט, וואָס אַ גרויסער טייל פון זייַן גייַסטיקער טעטיקייט און דער אויסברייטונג פון זייַן השפּעה אויף די ברייטע שיכטן פונעם פאָלק זייַנען פאַרבונדן מיט אַנדערע מקומות. אמת איז, אַז דער שׂר היצירה איז צו אים נתגלה געוואָרן דערעיקרשט אין זייַן פריִערדיקער און היימישער סביבה. היימיש מיינט אויך היימישע נאַטור, שוואַרצע ערד און ניט זייער בלויע הימלען. היימישע טייַכן און גערטנער, שנייען און זאַווערוכעס, אַ היימיש צוויטשערן פון די פייגל, היימישע קולות, ייִדישלעכע און ניט־ייִדישלעכע. אַקעגן זייַן פּערזענלעכקייט און זייַן כּוח המחשבה, זייַנע שטאַרקע פאָלקישע חושים, זייַנען זיך צעוואַקסן אין דער ברייט און אין דער טיף ערשט אין ארץ־ישׂראל. דער חלק שבּכתב זייַנער איז געקומען צום פולסטן אויסדרוק אין אוקראַיִנע־לאַנד, און דער חלק שבעל־פּה אין ייִדיש־לאַנד. ס׳איז אָנצונעמען, אַז דער גייַסט אין מענטשן זאָל האָבן אויך אַ צווייט געבוירן ווערן. מען קען גלייבן אין דעם כּוח פון שורש־מקום אויך ווען מע ווערט איבערגעפלאַנצט אין אַ נייַ אָרט אַרייַן. דאָרט, אין זייַן געבורטס־סביבה, האָבן זיך צעוואַקסן זייַנע דיכטערישע פליגלען, און דאָ, אין ארץ־ישׂראל, האָבן אָפּגעשלאָגן מיט אַ שטאַרקן ווידערקול זייַנע צעוואַקסענע קהלדיקע פליגלען. אויך דעריבער זייַנען אפשר פאַר אים שמאָל די ראַמען פון ליכטיקן נעכטן.

דאַקעגן איז אַ גרויסער חידוש, אַ שטיק וואונדער, די מעשׂה פייַערבערג, וועלכער איז אַזוי יונג פאַרשניטן געוואָרן פון דער וועלט, בסך הכּל געלעבט פיר און צוואַנציק יאָר און פאַרעפנטלעכט עטלעכע קליינע דערציילונגען, און דאָך האָט ער געמאַכט אַזאַ אויפטרייסלענדיקן רושם אויף דעם לייענער־פּובליקום און עד־היום איז זייַן אייַנפלוס זייער שפּירעוודיק, סייַ אין דער ליטעראַטור — די ליטעראַטור פאַר זיך מחוץ די מענטשן, וועלכע לייענען זי, איז אַ מלכות בפני עצמה, וועלכע איז קולט און פּולט. אייניקע איז זי דן לחיים און אייניקע ווערן פאַרמשפּט דורך איר צו אַ גייַסטיקן טויט, צו זייַן לעבעדיקע בר־מינגס, נאָך ערגער צו לחלוטינדיקער פאַרגעסנקייט — און סייַ אין דעם קולטור־אוצר, ווי, למשל, אין דעם לעבעדיקן אינטערעס מיט וועלכן ער ווערט עד־היום באַהאַנדלט דורך די פאָרשערס פון זייַן תּקופה, ווי אויך אין דעם בכבודיקן אָרט, וואָס ער פאַרנעמט אין די לערנביכער פון ליטעראַטור אין די שולן. פאַראַן נשמות וועלכע זייַנען געגליכן צו דער בלום „פאַרגעס מיך ניט". זיי גייען ניט אַרויס פון זכּרון. מע לאָזט זיי ניט אַרויסגיין. די שכחה האָט אויף זיי קיין שליטה ניט, לפּחות אויף אַ מער־ווייניקער לענגערער צייַט. וואָרעם גרויסע שטרעקעס צייַט פרעסן אַלץ אויף. אויך עולם הבּא זייַנען פאַראַן קלענערע און גרעסערע און נאָך גרעסערע, פּונקט ווי סע זייַנען פאַראַן קליינע, מיטעלע און גרויסע אייביקייטן. פייַערבערג האָט דערגרייכט אין אונדזער ליטעראַטור אַ כּזית פון אייביקייט. ער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ ירושה פון זיבן קליינע פאַרצייכענונגען, פון וועלכע נאָר דער „לאָן" זייַנער איז אין דער דרגה פון אַ דערציילונג — און ווי גרויס איז געווען זייער אָפּקלאַנגט אין זייַן צייַט! עס קלינגט נאָך מיט אים ביז הייַנט. האָט נאָך גאָר ניט באַוויזן צו ווערן אַ מייַסטער, ווי געהעריק. צו יונג און צו קראַנק איז ער. אויסגעוואַקסן אין אַ דאָרף בייַ זייַן פאָטער דעם שוחט, אַ גרויסער ירא־שמים און שׂונא פון דער השׂכּלה. ער און די גאַנצע סביבה האָבן דעם אָנפאַנגער

משכיל באַקעמפט און, ווי מע זאָגט, אויך גערודפט, אים דאָס לעבן פאַרביטערט. און אין אים גופא איז ניטאָ קיין טראָפּן ביטערניש. נאָר האָט ער ניט ווי אַנדערע פון זײַן דור און פאַר אים גערודפטע איבער דער השכלה, פון שלמה מיימונס צײַטן אָן, זיך אָנגעברוגזט אויף די אייגענע, וועלכע האָבן אים דאָס לעבן שווער געמאַכט, און ניט דן ברותחים זײַנע שונאים, האָט ער אויך ניט דן בצוננים געווען די ענגהאַרציקע קנאות און אָפּגעשטאַנענע יידישקייט, וועלכע וועדליג אַנדערע משכילים בשעתו, בערדיטשעווסקי, למשל, האָבן געהאַלטן, האָט פאַרשטאָפּט די מקורות החיים פון די נײַע דורות. פון יעדער שורה זײַנער שלאָגט אַרויס אַ געוויין אויף דעם פאַרלוירענעם כוח־החיים און דער דערשטיקטער שמחת־החיים. אָבער ער וויינט ניט אויף אַ קול. און ניט ער וויינט, נאָר כליפּעט. דאָס האַרץ וויינט אין אים. די טרערן זײַנע בריליאַנטענע, לויטערע, אויב ניט פריילעכע, על כל פנים שמייכלענדיקע, כשרע, טויאיקע. טרערן זײַנען ווי אַ רעגן. פאַראַן גשמי־ברכה און גשמי־קללה. פאַראַן אַ רעגן, פון וועלכן סע וואַקסט גאָרניט, חוץ בלאָטעס און פאַרפלייצונגען. אָט אַזוי זײַנען פאַראַן טרערן, וועלכע שטאַמען פון עקרות, פון ניט קענען לעבן, אָדער פון גאָרניט ניט קענען. און פאַראַן קינדישע טרערן, וואָס די קינדער גופא וואַקסן פון זיי. פּײַערבערגס טרערן האָבן געהאַט אין זיך אַ מזל־ברכה און דערקוויקט נשמות. האָט גאָרניט געטאָדלט. קיין שום פאַרדרוס ניט געהאַט אויף קיינעם... קיינער פון זײַן דור האָט ניט געהאַט אַזאַ שאַרפן געהער און אַזאַ טיפן מיטגעפיל צו די קרעכצן פון די לעבעדיקע טרעגערס פון אַלט־יידישקייט. קיינער ווי ער האָט ניט אַזוי געליבט דאָס אַלטע, פאַרשריגענע דורך די משכילים, יידישקייט... יונג, ווי ער איז אין יאָרן, איז ער אַלט אין שכל. נביאותדיק דורכגעבליקט דעם גאַנג פון יידישער געשיכטע אין דער קומענדיקער תקופה. הייס געליבט אַלט־יידישקייט און דערבײַ געוואָרן דער קול־מבשר פון אַ יידישער תחיה. אין פלוג ניט באַזונגען דאָס נײַע, אָבער פון זײַן געוויין אויף דעם אָפּשטאַרבנדיקן האָט זיך געהערט אַ געזאַנג איבער אַלדאָס שענסטע און קערנדיקסטע, וואָס האָט געשפּראָצט אין די נײַע אויפוועקנדיקע כוחות. אַליין אַ פאַרמשפּטער צום טויט דורך זײַן אומאויסהיילעכער קראַנקהייט, האָט ער אויף זײַן שטאַרב־בעט ממש אַרויסגעשאַלט זײַן שוואַנען־געזאַנג לכבוד דעם נײַעם לעבן. געווען איז ער אַ גרויסער בעל־רחמנות און שטאַרקער ליבהאָבער פון יידישקייט, וועלכע פירט שוין טויזנטער יאָרן אַ מלחמה פאַר איר קיום מיט שונאים אָן אַ שיעור, מיט קליפּות פון דער סיטרא־אחרא. אַ ייד צו זײַן האָט ער געזאָגט, הייסט שטענדיקער זעלנער צו זײַן. ער איז ווײַט־זעעוודיקער פון אַלע זײַנע מיטצײַטלער לגבי דעם תוך פון יידישקייט, דיסקוטירט אַ סך מיט בערדיטשעווסקין און ער איז גערעכט. אויף אים איז דער משל פון רבי נחמן בראַצלאַווער מכוח דעם וואונדער־מענטש, וועלכער איז אי אַ קינד אי אַ זקן. אַזעלכער איז ער. און קודם־כל איז ער פון דעמאָלט ביז איצט אַ שטיק לעבעדיק אוקראַינער יידישקייט... וואָלט ער מאַריך־ימים געווען וואָלט ער... וואָס וואָלט ער? דאָס קען מען ניט וויסן. אַז מע לעבט, וואַקסט מען, אָדער ניט. און וואָלט ער יאָ געוואַקסן, וואָלט אפשר געוואָרן דער געטרײַסטער פאַרטײַטשער און ברייט באַזינגער פון דעם שורש־נשמה פון אוקראַינער יידישן שבט.

# י״א. דער פרעג־צייכן

יעטוועדער זאָג קען געמאַכט ווערן אויף פאַרשיידענע אופנים. די צוויי בולטסטע צווישן זיי: אַ יאָ און ניין מיט אַ געוויסער צוריקגעצויגנקייט און באַשטימטע באַוואָרענישן. אַ מיינונג קען אַרויסגעזאָגט ווערן האַרט און טרוקן, דאַר, ווי אַ כאָלעווע, אַרײַנגעקלאַפּט ווערן אין די מוחות ווי מיט צוועקעס און זי לאָזט זיך אויך אויסגעבעט ווערן מיט אַ ביסל ספקות, האָבנדיק דאָנעבן אַ פרעג־צייכן. איז דער פרעג־צייכן דען ניט זייער אָפּט אַן ערן־צייכן פון אַ פײַן געמיט, וואָס וויל ניט און אויך קען ניט, זיך אָנוואַרפן אויף יענעם, אין אים אַרײַנפּאָמפּען אייגענע מחשבות און סברות. איך זאָג אַזוי. וואָס עפּעס איך? אפשר זאָגט דער אַנדערער ניט אַזוי און טאַקע מיט רעכט ניט אַזוי. קיינער האָט ניט דעם זכות צו באַטראַכטן זיך פאַר אַ בעל־הבית איבער דעם גאַנצן אמת, קיינער טאָר ניט דוצן דעם אמת און מאַכן דעם אָנשטעל, אַז ער איז מיט אים אַ גאַנצער שמעלקע. אין תוך אַרײַן אַפילו, ווען אַ מענטש זאָגט אַרויס אַ דעה מיטן גאַנצן ברען, און, אַפּנים, ערשט ווען בײַ אים אין מויל איז די גרויסע שריפה, אויב ער איז ערלעך בטבע, טוט אים אַ טיאָכקע אין האַרצן טאָמער פאָרט בין איך ניט גערעכט. אויך ווען איינער דערציילט אַ מעשה, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט פאַר אים אין די אויגן, מעג ער, און מוז על־פּי יושר, ניט זײַן איבעריק אײַנגעגלויבט אין זײַן רושם. דער טעות איז אַן אָפטער גאַסט בײַ אונדז. דער שכל איז אַוודאי אַן אייביקער טועה און שטענדיקער בלאָנדזשער. זאָגט איינער איך בין טויט־הונגעריק, אָדער איך בין אויפגעטרייסלט און דערשלאָגן, ווי דורך אַ דונער, קען גרייזלעך געמאָלט זײַן, אַז ער האָט מער אָדער ווייניקער איבערגעטריבן און איבערגעזאַלצן. ניט נאָר דער שכל איז אַ מאָל אַ גנב, נאָר געפילן זײַנען עלול צו באַגנבענען זיך אַליין.

די רגילות מער פרעגן אידער ענטפערן קען אונדז מציל זײַן פון פוסטער גדלות, וועלכע פאלט אפט אַרײַן אין חוצפה. לומדים בײַ ייִדן האָבן זיך אויסגעדריקט אין זייערע חיבורים אילולא דמסתפינא הייתי אומר, ווען איך וואלט ניט מורא האָבן, וואָלט איך געזאָגט: אַ ביסעלע מורא שאַט ניט. אַ מורא צו פסקענען איז אַ זייער פײַנע מידה. דער מנהג פון שאלות ותשובות אין דער רבנישער וועלט האָט אײַנגעפלאַנצט תרבות און דרך־ארץ. דער שולחן ערוך מיט אַלע פוסקים, ראשונים און אַחרונים, זײַנען אָפן פאַר יעדן. אָבער דאָס פרעגן, ניט דאָס ענטפערן, האָט די איבערהאַנט אין דעם מענטשלעכן משא־ומתן און אין פרײַנדשאַפטשליסן. די פראַגע איז מקרב. דער אין זיך אײַנגעגלויבטער ענטפער דערווײַטערט. חנעוודיק איז די תשובה, וועלכע ווערט אַרויסגעזאָגט אינעם נוסח פון אַ שאלה. אַ שטרענגער ענטפער דערלאַנגט אַ קלאַפּ אין קאָפּ אַרײַן. אָבער אַ פאַרזיכטיקער גליטשט זיך אַראָפּ גלײַך אין האַרצן אַרײַן.

ניט מיטן פולן מויל, נײַערט מיט אַן אָפּשיי און שלאָגן זיך מיט דער דעה, ווײַל איך מאַכן אַ גילוי־דעת, אַז לויט סע געדענקט זיך מיר, איז בכלל ניט געווען דער שטייגער אין אונדזערע מקומות צו פאַטשן ענטפערס גלײַך אין פּנים אַרײַן און זיך אַרויסזאָגן מיט אַ דגש חזק, אָדער זיך דרוקן בעל־פּה, — דאָס מיינט, מיט גרויסע אותיות און פעטן שריפט. יאָסל־דוד בײַ אונדז אין שטאָט, וועגן וועלכן איך האָב שוין דערציילט, אַז ער פלעגט זיך אַרײַנכאַפּן צום שטאָט־גביר טרינקען אַ ביסל משקה, און אַליין גערעדט אַ מאָל מיט שטעכלקעס, האָט דאָך ניט געקענט לײַדן הויך־ריידן און אַרײַנטײַטשן צו פיל אינעם אייגענעם זאָג. צו דעם הויך־שמועסער פלעגט ער זאָגן: „רעד צו מיר ניט מיט קידוש־לבנה־אותיות“. ליבער זײַנען מיר טל־ומטר־ייִדן. מײַן פעטער נחום, וועלכער האָט זיך כשר פאַרדינט מע זאָל אים באַמאָלן, ווי ער איז געשטאַנען און ווי געגאַנגען, ווי ער, אַ כשרער ייִד, אַן עני ואביון, האָט געבעל־הביתעוועט איבער דער גאַנצער שטאָט, אַ מין ראש־העיר אָן אַ כסא־מלוכה, און אָן אַפילו אַ קליין אייגן שטיבל — אַן עכט שטיק לעבעדיק אוקראַיִנער ייִדישקייט — ווען ער האָט געהערט עמעצנס אַ שאַרפן זאָג, באַזאַלצן און באַפעפערט מיט אַ שטאַרק איך־געפיל, פלעגט ער אַרויסבורטשען מיט אַ געבייזער: וואָס עפּעס דו זאָגסט אַזוי און ניט אַנדערש? ווער ביסטו דען, משה רבינו אָדער דער רמב״ם? און וואָס עפּעס דערלאַנגסטו אַ זאָג אין דער וועלט אַרײַן? אַ ייִד זאָגט אַ שטיקל זוהר, אַ קאַפּיטל תהלים, זאָגט על חטא, זאָגט די הפטורה, אָדער תיקון הושענה־רבה, זאָגט לא־עלינו, ווידוי. אָבער סתם אַזוי טאָן אַ זאָג און נאָך מיט אַ שטעל. אײַ, פע!... ער גופא איז דווקא געווען אַ שאַרפער, אַפּנים ניט אין תוך אַרײַן, וואָרעם אינערלעך זייער צעבראָכן און אַראָפּגעפאַלן בײַ זיך. זײַן שאַרפקייט האָט אַלע מאָל אַ בלישטש געטאָן ווי אַ חלף על פּי רוב קעגן זיך און זײַנע אייגענע. זײַן מויל איז געווען אַ שמאי און דאָס האַרץ אַ הלל. מע האָט אויף אים געזאָגט, אַז ער פירט די שטאָט בײַ דער נאָז... זיין נאָז איז זיכער געווען אַ זייער שפּירעוודיקע. אַ שטאַרקן חוש הריח געהאַט פאַר געמאַכטקייט און אויסשטעלעניש. פײַנט געהאַט, ווי ער פלעגט אָפט זאָגן, אַ פּוסטן סוויסטש. ניט געקענט פאַרטראָגן אָנגעקאָרכמאַלעטע קראַגנס און סקריפּנדיקע שיך.

די שׂנאה צום סקריפּ איז געווען אַ דבר־מוסכם בײַ אונדזעריקע. זיך לאָזן הערן האָט געהייסן אַ קל זײַן. אַ קל איז מוקצה מחמת מיאוס. פשוט אַן אימה פאַר אַ קל. ווען איינער איז אַ לייכטער פאַסאַזשיר, ווער ווייסט וואוהין ער קען פאַרפאָרן. לײַכט און פּוסט איז איינס און דאָס זעלבע. וואָס פאַר אַ מערכה קען שוין אַרויסקומען פון ניט־ערנסט זײַן? האָט מען ניט אין זינען אויף יעדן שריט און טריט אַ העכערן תכלית, אַ וועלכן ס'איז תיקון, איז מען דאָך סתם אַ הפקר־מענטש... דאָס איז געווען אַ משפחה־מעלה, אָדער אפשר אַ משפחה־פעלער, פון יענעם ייִדישן שבט, וועלכער האָט געפאָדערט דורכויס צו זײַן אַ הצנע לכת. אַלץ האָט געמוזט זײַן געדעמפּט און אײַנגעשטילט: דער גאַנג, דער דיבור און דאָס גאַנצע טאָן. די נאַטור, דער קלימאַט, די לאַנדשאַפט, די סביבה, אָרטיקע האַרבע פאַרהעלטנישן פאַרהאַרטעווען כאַראַקטערן און רעגענען אַרײַן אַ גרויסן ערנסט אין די נשמות. אַ השפּעה אויף די זהירותדיקע טריט און דעם שטיל שעפּטשען פון די קולות האָבן אויך דער בציבור־דיקער זכרון פון אַמאָליקע צײַטן און די אָנגעזאַמלטע ביטערע נסיונות. די חיצונותדיקע קאַלטבלוטיקייט איז אַ ירושה פון די בלוטיקע לאַנגיאָריקע תקופות, פון שטענדיק אַרויסגעשטעלט זײַן אויף פרעמדע און בייזע אויגן. מע איז אָפּגעבריט טיף־אינערלעך און דערשראָקן. די אויגן גייען אַרויס: פון וואַנעט וועט קומען מײַן הילף? דער פרעג־צייכן איז אויסגעקריצט אין די נשמות. פון שטאַרקן גייט אַרויס אַ זיסער. שרעקעוודיקייט איז ניט־גוט, אָבער פאָרזיכטיקייט, איר לײַבלעכע שוועסטער, איז אַ חכמנית.

אַפּנים, אַז די גרויסע השפּעה פון יענע ייִדישע וואָרט־זאָגער אין אוקראַיִנע־לאַנד שטאַמט אַ היפּש ביסל פון דעם פרעג־צייכן, וועלכער איז געווען דער אָפּטער באַגלייטער פון זייערע זאָגענישן. השפּעה מיינט לאו דווקא זיך צעגיסן ווי אַ ברייטער שטראָם איבער ברייטע מאַסן. פאַראַן שטילע השפּעות, וועלכע זײַנען חל נאָר אויף ענגע קרײַזן און גראָבן טיף. אָט די פיר אויבן־אויסגערעכנטע וואָרט־זאָגערס האָבן ניט אויסגעווירקט קיין שטאַרקע שטראָמען, געשפּרודלט די קוואַלן. זייער פּעולה איז אַ דערציִערישע, וועלכע איז בטבע אַ פאַמעלעכע און לאַנגזאַמע. מער ווי וואָרט־זאָגערס זײַנען זיי געווען פראַגע־שטעלערס.

דער הויפּט־העלד פון פּײַערבערגס „לאָן״ הערט אַ שטים, וואָס רעדט פון אים אַרויס: נחמן, פאַרוואָס זאָגסטו זיך אַ ליגן? צו וועמען דאַוונסטו און נאָך וואָס? גלייבסטו דען, אַז גאָט פאַרנעמט דאָס געבעט פון יעטוועדער מויל? דערבײַ לאָזט ער טאַקע אַרויס אַ טיפן קרעכץ: אוי, וויי, נאָך וואָס דאַוונט ער און צו וועמען? קיינער בײַ פּײַערבערגן טוט ניט אַ וואָרף דעם גט גאָט אין פּנים אַרײַן, מאַכט ניט אַוועק מיט אַ גרינגער האַנט די גרינגסטע מצווה, טאַדלט ניט, זידלט ניט, לאָזט ניט פאַלן קיין ביטול־וואָרט, ווערט ניט קיין אַפּיקורס להכעיס אָדער לתיאבון. יעטוועדער קרענקט אויס די אָפּשוואַכונג פון זײַן גלויבן. נחמן פרעגט מיט ביטערניש: פאַרוואָס האָט מען מיר אַוועקגערויבט דעם גאָט, דעם אלהי־הרחמים? מײַן נשמה לעכצט אין מיר נאָך דעם לעבעדיקן גאָט, נאָך דעם יידישן פאָטער אין הימל. דער גאָט פון אַריסטאָ איז ניט קיין אלהים־חיים. און פאַר וואָס חקרנט מען, צי עס איז דאָ אַ גאָט צי ניין, אַז אָן אים איז דאָס לעבן קיין לעבן ניט? אַלץ געפרעגט און ווידער געפרעגט. נאָך אַ קינד, איידער נײַן יאָר אַלט, ווען חפני האָט דערזען מיט זײַנע אייגענע אויגן די שחיטה פון אַ קעלבל, ווײַנט אין אים דאָס האַרץ: דאָס קעלבל געקוילעט, און וואָס וועט מיט מיר זײַן? אין די „שאָטנס״ פרעגט ער: וואוהין וועל איך פון זיי אַנטלויפן, וואוהין? אין זײַן אָפּענעם בריוו צו בערדיטשעווסקין טענהט ער קעגן זײַן הייס־געליבטן רבין, וועלכער מיינט, אַז מיר דאַרפן אַלץ לערנען בײַ די גויים: און וואָס וועט זײַן מיט אונדזער אייגענער חכמה? ממנה נפשך, אויב מיר האָבן אַלץ אייגנס אָנגעוואוירן, ווי קענסטו זיך פאַררופן אויף אונדזערע אָנגעזאַמלטע כוחות ווי אַן אַלט און דערפאַרן פאָלק? דער גאַנצער אָרט פון זײַנע וויכוחים, און נאָך מער פון זײַן תמימותדיק אויסדערציילן פון זײַנע איבערלעבענישן און נשמה־סודות, איז אַ פרעגנדיקער. ניין, ניט קיין פּוסק, אָבער יעטוועדער פּסוק זײַנער שנײַדט זיך אַרײַן אין האַרצן. ווײַל עניוותדיק, ווי אַ דריבנער רעגנדל, רעגט ער אַזוי אויף.

אין פלוג זײַנען זיי גרינטלעך מחולק אין זייערע דעות. אָבער נאָר אין די דעות, ניט אין שטייגער ריידן. זייער שניט איז איין און דער זעלבער. בערדיטשעווסקי דווקא האָט זייער אַ סך ליבגעזאַנגעוועט דעם צווייפל. פון צײַט צו צײַט באַהאַנדלט ער דעם ענין, אַז דעם ספק קומט די איבערהאַנט. דער וודאי איז דער אונטערצי, דער סוף־פּסוק, אַן עק און אַ טויט צו דעם געדאַנק. עכטע נעילה. ער איז אַזוי צו זאָגן אַן עקר. אַקעגן דער ספק באַרײַכערט און באַפּרוכפּערט. ער לופטערט אַדורך דעם כוח־המחשבה, פאַרפּילפּאַכט אים. הערט אויף צו פּסקענען. בעסער זאָלט איר אַלע מאָל פרעגן פון דאָס נײַ. די זיכערקייט פאַרשליסט די טויערן פונעם אמת. דער ספק איז אַ שליסעל צו די פאַרשלאָסענע אַרײַנגענג. נעמט דעם טאָמער, וועט איר האָבן אַ גוט שליסעלע. זײַט פראַגעסשטעלער און ניט נאָר תשובות־געבער.

כדאי צו באַמערקן, אַז אויך ביאַליק, דער אין פלוג גרויסער שטראָפער און שטורמער, איז אין זײַנע לידער דערהויפּט אַ פראַגעס־שטעלער. אין זײַנע מאַמרים לאו דווקא. אין זיי איז ער ווייניקער בייגעוודיק. אַקעגן אין דער מערהייט פון זײַנע שירים גייט ער זייער אָפּט אויף די שפּיץ־פינגער. משמעות, אַז אין די שירים איז ער שטאַרקער אַרײַנגעוואַקסן אין שורש־כלל און אין שורש־מקום. שוין אין דעם ערשטן ליד „אל הצפור״ שמועסט ער זיך אַדורך מיטן פייגעלע אויף פראַגעס־שפּראַך. צי ברענגסטו מיר אַ גרוס פון מײַנע ברידער? ווייסן זיי, די גליקלעכע, ווי גרויס מײַנע ליידן זײַנען? פון זעכצן בתים באַשטייט דאָס ליד, און אין זיי איז פאַראַן דרײַצן פרעג־צייכנס. מיט אַ היפּש ביסל פרעג־צייכנס זײַנען אויך אויסגעפלאָסטערט זײַנע לידער „אויפן שוועל פונעם בית־המדרש״ און „אויפן פעלד״. אין זײַן „אגרת קטנה״, „פונעם גלות צו מײַן ברודער אין ציון״ פרעגט ער: פעלדער גרינע, בירושהדיקע, ברייטקייט און פרײַקייט, ווער איז נאָך ווי דאָ אַזאַ גליקלעכער אויף דער וועלט?... אָ, וואו ביסטו מײַן זומער־טאָג, וואו ביסטו מײַן פרילינג? פאַר וואָס קומסטו ניט אויף מיר? דאָס שכנותדיקע ליד „ווען דער טאָג פאַרגייט״ פאַרענדיקט זיך: וואָס נאָגט אַזוי און וואָס חלומט זיך אַזוי, ווען דער טאָג פאַרגייט און וואָס ציט אַזוי דאָס תמימותדיקע האַרץ אין די ווײַטע עקן און ימיקע שטרעקעס? פאַר וואָס ווערט דאָס האַרץ אַזוי אײַנגעשטילט, ווען מען דערזעט די נאַטור צײַטיקט זיך? אָנגעשטאָפּט מיט פראַגעס זײַנען על פּי רוב זײַנע ליבע־לידער. למשל, „אין אַ קליין בריוול האָט זי מיר געשריבן״ און אין „נעם מיך אַרונטער הינטער דײַנע פליגל״: מען זאָגט, פאַראַן יוגנט — וואו איז מײַן יוגנט? מע זאָגט, פאַראַן ליבע — וואו איז מײַן ליבע? אין זײַנע צאָרן־לידער האַלט ער אין איין פרעגן: וועט דער מת זיך אויפוועקן? וועט ער אויפציטערן? אין ליד „והיה כי יארכו הימים״ פרעגן אַפילו אַ קינד אין וויגל און די מויז אַרויסקוקנדיק פון איר לאָך: קומט שוין דער משיח? הערט זיך שוין זײַן שופר בלאָזן? אויך דער מלאך אין זײַן ליד „ואם ישאלך המלאך״ האַלט אין איין פרעגן: קינד מײַנס, וואו איז דײַן נשמה? דאָס ליד „אם יש את נפשך לדעת״ איז אויך דורכויס פראַגע. דורכגעזאַפּט מיט פראַגעס זײַנען די לידער „נאַכט־סודות״, „דעם אָרעמאַנס האָפענונג״, „די אויסקוקערס אויפן פרימאָרגן״, די באַרימטע „על השחיטה״, „איך?״, „דבר״, „לפני ארון הספרים״, „מי אני ומה אני״, „חלפה על פני״, „שחה נפשי לעפר״, דער „המתמיד״ און אַפילו די „הברכה״. די גאַנצע ביאַליקישע ליריק איז אַ פרעגנדיקע, סײַדן מיר זאָלן אָננעמען, אַז ליריק

בכלל איז אַ דורכויסיקער פרעג־צייכן, אַ טענה: סטײַטש און היתּכן? ווי קען דאָס געמאָלט זײַן? וואָס פאַר אַ וועלט איז דאָס און ווי קען מען לעבן ווען שטאַרבן מוז מען און ווען מען? בכלל וואָס איז דער באַטייט פון דעם אַלעמען, וואָס הייסט וועלט־בריאה און יצירה? האָט דאָך אויך בלעם, להבדיל, געזאָגט מיט אַ פרעג־געשריי: ווי, ווער קען לעבן, ווען ער וועט דאָס דאָזיקע טאָן? פאָרט פאַרמאָגט אין זיך אַ אַ דיכטערישע נשמה.

דיכטער ראַנגלען זיך, זאָגן זיך אַרויס פרעגנדיק, בעטנדיק, תּחנונימדיק. הערט אַ פלא: אויך אַחד־העם, וועלכער גיט אַלץ צו פאַרשטיין מיט שׂכל, מיט ריינער לאָגיק, רעדט מיט אַ זיכערן טאָן און, צי געוואָלט צי ניט געוואָלט, געוואָרן אַ פּוסק, איז דאָך אויך אַ גרויסער חסיד פונעם פרעג־צייכן. שוין דער נאָמען פון זײַנע פיר בענדער „על פרשת דרכים", אויפן שייד־וועג, זאָגט עדות דערויף. ווידער אַ מאָל אַ „לאן", וואוהין? אַ ייִד פון אוקראַיִנע־לאַנד איז אַלע מאָל טרײַ זײַן שורש. „השלח" איז אַ שטיל און פאַמעלעכדיק וואַסער. כאָטש אַחד־העם האָט אין זײַן לעבן זיך זייער אַ סך באַפאַסט מיט ענטפערס, איז ער אין תּוך אַרײַן אײַנגעהאַלטן און פאָרזיכטיק מיט זיי און איז מער שואל ווי משיב. אין זײַן אַרטיקל „פרעג־צייכן", פאַרעפנטלעכט אין דעם הונדערטן נומער השלח, ציטירט ער די הקדמה, וואָס ער האָט געשריבן צום ערשטן נומער פונעם זשורנאַל, אַז דער השלח איז געגרינדעט געוואָרן דורך אים דערעיקרשט, כּדי זיך צו באַפאַסן מיט דעם גרויסן פרעג־צייכן, וועלכער שווימט אַרויס פון צײַט צו צײַט אויפן ייִדישן האָריזאָנט. און איצט אויך, מיינט ער, אַז די הצלחה פונעם השלח איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט זיך אַלע מאָל באַמיט אויפצודעקן דעם פרעג־צייכן. אַקעגן אַנדערע האָבן זיך געפלײַסט אים צו פאַרדעקן. ער פאַרענדיקט: ניט זאָגן זאָלט איר, וואָס איז דאָס פאַר אַ תּכלית אַוועקצושטעלן אַ פראַגע, ווען מען האָט אויף איר ניט קיין תּשובה? די תּשובה וועט קומען, כאָטש וועט לאָזן אויף זיך לאַנג וואַרטן. ווען אַ גאַנץ פאָלק פרעגט, מוז דאָס געפינען אַן ענטפער.

## י״ב. ווי גאָט אין אָדעס

דאָס איז געווען אַ ווערטל אַזאַ אין אונדזערע מקומות בנוגע איינעם, וואָס מאַכט אַ לעבן, אָדער לאָזט זיך וואוילגיין, אַז ער לעבט ווי גאָט אין אָדעס. אַ שטיקל פאַרגעניגן, אַ ביסעלע נחת, אַ טראָפעלע שׂמחה, אַ כּזית עולם הזה, האָבן שוין געשמעקט מיט אַ ווינטעלע, וואָס בלאָזט פון אָדעס. אָדעס האָט פון דער ווײַטנס אַרײַנגעלויכטן אין די ליימיקע הײַזלעך און מונטערנדיקע שטימען, ווי שטאַפעטן, געלאָזט שאַלן אין די גאַסן און געסלעך פון די אַלע אירע אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. אוקראַיִנע איז דער עק פון דער גרויסער רוסישער אימפעריע און אָדעס איז דער עק פון אוקראַיִנע. פון איר און ווײַטער הייבט זיך אָן די ברייטע וועלט. זי גופא איז שוין די ברייטע וועלט און אַלע ישובים פון דער געגנט ציִען זיך, נייען, לויפן, צו איר, ווי טײַכן אין דעם גרויסן ים אַרײַן. ווען אַ קינד לערנט אין חדר שורה־גריס, שרײַבט אים אָן דער רבי מיט אַ בלײַ אויף אַ בויגן פאַפיר: „מײַן טאַטע איז געפאָרן קיין אָדעס קויפן סחורה". איבערצוגיין אויף דעם מיט טינט און פעדער אַ סך מאָל, צו כאַפן דעם שניט פון אויסציקלען אַן אַלף און אַ בית, און אַרײַנצוחזרן דעם אויסלייג. קיין אָדעס פאָרט מען ניט נאָר קויפן סחורה. מע פאָרט אויך אַהין אײַנקויפן בילדונג, אַ לעב טאָן און זיך אויסמענטשלען, הערן און זען, קומען אין באַרירונג מיט דעם גרויסן וועלט־שטראָם, און אויב זוכה זײַן, כאַפן אַ קוק אויף אירע גרויסע חכמים און משׂכּילים, באַרימטע כּלל־טוערס און גלאַט אַנשי־שם. אָדעס איז די קרוין־שטאָט ניט נאָר פון סוחרים, נאָר אויך פון בעלי־חלומות, פון יונגע הערצער, וואָס נאָגן און נשמות, וואָס צאַפלען זיך, פון מענטשן, וואָס, ווי געזאָגט, זײַנען מלא תּשוקות צום לעבן און אויך פון אַזעלכע, וועלכע ווילן אַנטלויפן פון לעבן, ווײַל לעבן קענען זיי ניט. אין די קליינע ישובים שפירן זיי זיך ניט־גוט, מחמת מע שטעכט זיי מיט די אויגן און מיט פראַגעס מכּוח תּכלית רײַבט מען זיי אָן מאָזאָליעס אויף דער נשמה. אַנטלויפט מען קיין אָדעס און דאָרט, אין דעם גרויסן ים, מאָנט קיינער בײַ זיי ניט קיין דין וחשבון. אָדעס איז פאַררעכנט פאַר אַ ריזיקער שטאָט, אַ מין נינוה, גרויס צו גאָט און צום... שׂטן. זעכציק מײַל אַרום אָדעס, איז אַ קלאַנג, ברענט דער גיהנום.

נאַאיווע צײַטן. ווי קליין זײַנען דעמאָלט געווען די השׂגות און ווי גרויס די גוזמאות. דאָס אַמאָליקע אָדעס, פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, און אויך אַ היפּשע צײַט נאָך איר, אין פאַרגלײַך מיט אַנדערע גרויסע שטעט פון אַמאָל, ווער שמועסט פון איצט, איז געווען כּמעט אַ שטעטל, לאָמיר זאָגן אַ גרויסע פראָווינץ־שטאָט. זי איז יונג אין יאָרן, דאָס מיינט אויך, פאַרשטייט זיך, אין טראַדיציע; קליין אין שטח און קנאַפּ אין איר צאָל אײַנוואוינער. ביז אין אָנהייב פון אַכצנטן יאָרהונדערט איז דאָרטן געווען ניט מער ווי אַ טערקישע פעסטונג. ווען דאָס רוסישע מיליטער האָט אײַנגענומען די דאָזיקע פעסטונג, האָבן זיך פאָרט שוין דאָרט געפונען זעקס ייִדן. ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די גאָרע באַפעלקערונג פון גרויס

אָדעס נאָך ניט דערצויגן צו אַ האַלבן מיליאָן. ייִדן זײַנען דאָרטן בסך־הכּל געווען בערך הונדערט און זעכציק טויזנט. דערבײַ זײַנען אויך די איבעריקע אײַנוואוינערס ניט פון איין שטאַם. די שטאָט איז אַ געמיש פון אַ סך שטאַמען: קליין־רוסן, גרויס־רוסן, טערקן, פראַנצויזן, גריכן — די לעצטע זײַנען פון תּחילת אָן די הויפּט־מחותּנים בײַ דער גרינדונג פון דעם נײַער פּאָרט און בײַ דער בויאונג פון דעם נײַעם ישוב. כאַראַקטעריסטיש זײַנען אויך די נעמען פון די הויפּט־גאַסן, ווי גרעטשעסקאַיאַ, אַ סימן, אַז גריכן זײַנען געווען די מיטבויערס פון דער שטאָט. דעסט־גלײַכן מאַראַזליבסקאַ. רישעליעווסקאַיאַ איז אויף דעם נאָמען פון פראַנצייזישן גענעראַל רישעליע. דעסט־גלײַכן לאַנזשעראָן; יעווריעיסקאַיאַ איז דער צענטער פון ייִדישע בתּי־מדרשים, און אַנדערע. אויך די פאַרשיידנאַרטיקייט פון די אײַנוואוינער און די פאַרצווײַגטקייט פון די פּרנסות האָבן אַרויפגעלייגט אויף אָדעס דעם חותם פון קליינשטעטלדיקייט. די פּאָרט־אַרבעטער זײַנען אַן עולם בפני עצמו. דער טאָלטשאָק מיט זײַן האַנדל מיט אַלטע זאַכן איז ווידער אָפּגעזונדערט פאַר זיך. אַרום אים, אין אַלע נאָענטע און ווײַטע גאַסן און געסלעך, לויט זייער אויסזען זייער קלאָגעדיקע, דער צלם הדלות אויף זיי אויסגעגאָסן, שוויבלען און גריבלען פאַרשוינען באַצייכנטע מיטן נאָמען אונטערוועלט, פאַר וועלכע די גאַנצע איבערוועלט ציטערט. דאָרטן איז אין דער לעצטער תּקופה מישקע יאַפּאָנעץ, אַן אָנפירער פון די נאַליאָטשיקעס, די בליץ־באַפאַלערס, דער מלך. ער האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף די שוואַרץ־מאהניקעס און פּאָגראָמשטשיקעס. דער פּערעסיפּ איז אַ פאָרשטאָט, וועלכע שטייט מיט דעם רוקן צו אָדעס גופא און האָט מיט דער הויפּטשטאָט אַ קנאַפּן מגע־משׂא, על כּל פּנים אין געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע ענינים. די אַלע חלקים אַרום אָדעס, וועלכע לעבן אייגנטלעך אין אַ ספערע וואָס איז אויס־אָדעס, פאַרקלענערן מן הסתם אויף אַ העלפט בערך דעם פאַרנעם פון דער הויפּטשטאָט מיט איר באַפעלקערונג, וועלכע באַשטייט פון באַזונדערע קערפערשאַפטן און גרופּירונגען. דהיינו: אויך ייִדן, למשל, טיילן זיך אײַן אין בראָדער, וועלכע זײַנען די גבירים, גרויס־הענדלער, דײַטשמערישע, מיט אַן אייגענער שול, וואָס איז אַ כאָר־שול, מיט אַ גרויסן חזן און אַן אָרגל, ניסי בלומענטאַל, פּיני מינקאָווסקי און אַנדערע, ליטווישע ייִדן מיט זייערע דרכים און התנהגות, אײַנגעוואַנדערטע פון אוקראַיִנער דרום־געגנט, אַ רוב מנין און, ווי מע האָט זיי גערופן, סתּם אָנגעלאָפענע פון אַלע עקן פון דער מדינה, וועלכע זײַנען זיך בכלל ניט מצטרף צום מנין פון די אמתדיקע און אַלט־געזעסענע אָדעסער. און דאָך, כאָטש אַזוי צעוואָרפן, צעשיט און צעבראָקלט, אָן אַ שטאַרקן רוקנביין, לאָזט זיך ניט זאָגן אויף אָדעס דאָס, וואָס עמעץ האָט געלאָזט פאַלן אויף דער גרויסער לאָס־אַנדזשעלעס, למשל, אַז זי באַשטייט פון בלויזע פאָרשטעט, וועלכע זוכן אַ שטאָט און לעכצן נאָך אַ צענטער. אָדעס האָט ניט באַדאַרפט זוכן זיך אַליין. זי איז געווען אַ שטאָט. אָן אַ יחוס־בריוו און אָן זכות־אָבות בכלל, אָבער מיט אַן אייגענעם יחוס. זי איז אַ שטאָט, מחמת זי האָט אַן אייגענעם פּרצוף, דאָס מיינט, אַ נשמה. און אַן עיר ואם, וואָרעם זי פאַרמאָגט אויך אַ ייִדישע נשמה יתירה.

אָדעס איז אַלע מאָל אָדעס. אַ שם־דבר. כאָטש קליין, פאַרמאָגט זי אַ גלאַנץ פון אַ כּרך. גאָר ניט קיין יפת תּאַר, אָבער חנודיק. ניט קיין פּראַכטפולע בנינים, ניט קיין וואָלקנקראַצנדיקע הײַזער, אָבער די מענטשן האָבן זיך געוואָלקנקראַצערדיקט. זי האָט דעם ים. אַ סך שטעט אין דער וועלט האָבן אַ ים. זיי האָבן און האָבן ניט. פון יענע שטעט ביזן ים איז אַ היפּשער מהלך. ביז מע קומט צו אים ווערט מען גוט אײַנגעמאַטערט. מע דאַרף זיך אַוועקלאָזן, אָדער מאַכן אַ רײַזע, צו אים. זיי זײַנען פאַר זיך גופא, און דער ים איז פאַר זיך. אָדעס האָט דעם ים צופוסנס און צוקאָפּנס. זי און ער — נפש־אַחת. מע קען זײַן אין איר און בײַם ים בנשימה אַחת. דער ים איז אָדעס, ווי אָדעס דער ים... די מעלה פון אָדעס שטעקט אויך דערין, וואָס זי האָט ניט געקענט צו פיל זיך צעוואַקסן, ניט אין דער לענג און ניט אין דער ברייט. דער ים האָט דאָס ניט דערלאָזט. און ווײַל אַזוי האָט זי זיבן חנען. בכּוח איז זי גרויסשטעטיש, און בפּועל ניט צו גרויס און פאַרריסן. ווען אַ שטאָט וואַקסט ווי אויף הייוון, צעשפּרייט זיך אומאויפהערלעך אין דער לענג און אין דער ברייט, ווי אויך אין דער הייך, פאַרלירט זי ממילא אַלע מאָל פון דאָס נײַ איר פּנים, אָדער קומט גאָר ניט צו האָבן אַ פּנים ווי אייגן פאַרמעגן. דעסטגלײַכן פאַרלירט זי דעם צובונד פון אירע אײַנוואוינער צו זיך. מע קען זײַן אײַנגעליבט אין אַ וועזן, וואָס איז שוין אויסגעפּאַרטיקט און אויסגעפורעמט, מיט אַ באַשטימטער צורה. אָט אַ דאָס איז דאָס. כּזה ראה וקדש. קוק דאָס אָן און האָב דאָס ליב. שטעט, וואָס שווימען און האַלטן זיך אין איין מינען, זײַנען פּושט צורה ולובש צורה, וואָס פאַר אַ התקשרות אָדער אַפילו התקרבות קען מען האָבן צו זיי? זיי זײַנען מער אײַנפאָר־הײַער, צײַטווײַליקע אכסניות, אײדער וואוין־ערטער. דאָס איז אייגנטלעך די שוואַכע זײַט פון די שטאַרק צעוואַקסענע און גיך אויפבלײַענדיקע שטעט, וואָס זיי האָבן ניט קיין מאָסן אײַנגעליבטע אין זיי. מע האַלט זיך אויף אין זיי באין ברירה און מע לויפט פון זיי. מע לויפט פון זיי אין אַנדערע מקומות, אָדער אין זיי גופא, פון איין פלאַץ צום צווייטן, פון אײַנגעזעסענע נעסטן אין די פריש־געבאַקענע צענטערן. דער הײַנטוועלטיקער כּרך איז אָנגעפּיקעוועט מיט מענטשן, האָט אָבער ניט

קיין תושבים. אַ מאָל באַקומט זיך דער רושם, אַז גאָר פּלוצלינג אין איינעם אַ העלן טאָג קען גרינגלעך פּאַסירן, אַז אַלע מענטשן זאָלן טאָן אַ פלי אַוועק און אים לאָזן שטיין אייביק אַליין מיט די פּוסטע הייזער. די אַלט־געזעסענע, די אַריינגעוואַקסענע אין דער שטאָט, הויכן אַריין אין איר נשמה. איינער אַ סאָקראַט, וועלכער שפּאַצירט אַרום אין די גאַסן פון אַטהען מיט אַ פּאָר תּלמידים, אָדער אַן אַנאַטאָל פראַנס, וועלכער דרייט זיך אַרום אויף דעם ברעג פון דער סענע יאָרן־לאַנג איינקויפן ביי די בוקיניסטן אַלטע ביכער, אַ קלוב אָדער, להבדיל, אַ קאַפע־הויז, וועלכע דינען אין משך פון אַ פּאָר דורות ווי אַ פאַרזאַמלונג־ אָדער באַגעגעניש־פּלאַץ פון די חשובי העיר, פון די פּני, די סמעטענע פון דער געזעלשאַפט, פנימער און אַנשטאַלטן, וועלכע שמעקן מיט טראַדיציע און טאַקע אַ ביסל, במחילה, מיט אַלט־מאָדישקייט און מיט דענקמאָלישקייט, געשטאַלטיקן אַ ישוב, באַלעבן און באַפרישן אים, מאַכן אים חנוודיק און אינטים.

אָדעס ווידער, כאָטש ס'האָבן איר אויסגעפעלט די גרויסע טראַדיציאָנעלע שטריכן און דער לאַנגער יחוס, פאַרמאָגט זי טראַדיציע אויף איר שטייגער. איר קורצער יחוס האָט אַ מין כּוח המושך, וועלכער איז כּלל ניט מינדערוויכטיק. יחוס זויגט אַפּנים ניט נאָר פון דעם עבר, נייערט אויך פון הווה. אין אָדעס איז דער מענטש פאַר זיך אַ מיוחס. דער אָדעסער איז איינגעליבט אין זיין שטאָט און האָט אַלע מאָל שטאָלץ און האָפערדיק געמאָלדן: איך בין אַן אָדעסער אַ געבוירענער. מיט זיין אַן אָדעסער האָט מען זיך געגרויסט. איין קליינינקייט: טאַקע אַן אָדעסער ממש!...

אינטימע שטעט — אַזעלכע זיינען אויך דעמאָלט אין דעם פאַרשטאָרבענעם נעכטן, געווען זייער ווייניק, מכּל שכּן ביי היינטיקע צייטן — האָבן די מעלה, וואָס ניט נאָר די דאָרט געבוירענע און אַלט־געזעסענע זיינען איינגעלעבט און איינגעליבט אין זיי, אויך יעטוועדער פרישער אַראָפּגעקומענער שפּירט זיך אין זיי אַ בן־בית, זעצט זיך אַוועק, אָדער צעלייגט זיך אין זיי, ווי ביי זיין טאַטן אין ווייַנגאָרטן. זיי דערלאַנגען אַ פריינדלעכן קבלת־פּנים אויך דעם פון וויַיט אַראָפּגעקומענעם, דעם גר און היימלאָזן. זיי אַליין זיינען אַ שטיק היים. ווי אין ישעיה שטייט: „און ניט זאָגן זאָל דער פרעמדגעבאָרענער... אָפּזונדערן וועט מיך אָפּזונדערן גאָט פון זיין פאָלק. איטלעכער, וואָס היט שבת ניט צו פאַרשוועכן... זיי וועל איך דערפרייען אין מיין הויז". אָדעס איז אַ שבתדיקע שטאָט. דעריבער יעדערער, ווער ס'האָט אין איר אַ מאַטעריעלע און גייסטיקע אַחיזה, און ווער סע פאַרמאָגט אין איר ניט אָפילו זיינע אייגענע דלת־אַמות, איז איינגעהיימישט אין איר. אַ שטאָט איז זי דען? אַ היים. מ'האָט נאָר באַדאַרפט צו האָבן אַ בעטל דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן אין דער נאַכט, איז מען שוין אַן איינגעאָרדנטער. דעם גאַנצן טאָג קען מען ווי ס'איז אַדורכקומען מיט אַרומבלאָנקען זיך אין די גאַסן, פאַרברענגען ביים ים אויפן לאַנזשעראָן, אָדער אין אַרקאַדיע. בדיעבד האָט מען געקענט יוצא זיין אָפילו אָן אַ בעטל און דורכשלאָפן די נאַכט ביי אַ פריינד אָדער אין פּאַרק, איבערזיצן אין אַ טראַקטיר, וואָס איז אָפן די גאַנצע נאַכט. אין איצטיקן באַטייט איז אַ שטאָט אַ גרויסער ווערקשטאַט, אַ קחניע, אַ פּלאַץ פון בלויזער קלאַפּער־געצייג, אַ געלויף, אַ געדראַנג און אַ געאייַל, אַ רעש און געפּילדער, וואו מע טאַראַראַמעוועט אָפּ אַ לעבן. דאָס נעכטיקע אָדעס איז געווען גאַנץ דער היפּוך דערפון. מ'האָט געאַרבעט אָן אַ געלויפעריי און געשטופּעריי. מ'האָט געאַרבעט דאָרט וואו מע האָט געאַרבעט, אָבער אומעטום איז ניט געווען קיין שפּור פון הור־האַ און פאַריאָגט זיין. ס'האָבן געאַרבעט די וועלכע האָבן געוואָלט. מ'האָט אָבער ניט געקוקט קרום אויף בטלנים און ליידיקגייערס. ס'איז געווען דעמאָלט אַ צייט אַזאַ, און דערעיקרשט אַן אָרט אַזאַ, ווען און וואו חלומען איז ניט קיין פאַרברעכן, און אויך ניט קיין עסטעטישער פלעק. אַדרבה, ווילסטו, ברודערקע, חלומען, זאָל דיר וואויל באַקומען. דער גוסט פון דער שטאָט, די פרידלעכע געמיטלעכקייט, וואָס האָט געשוועבט אויף איר אומעטום, האָבן איינגעוויגט. ס'האָט זיך געחלומט פון זיך. און וואָס איז, אַז איינעקע האָבן דערביי אַ ביסל צוגעהונגערט? וואו שטייט דען געשריבן, אַז לעבן, מיינט דווקא זיך יאָגן נאָך פרנסה? לעבן הייסט זיך איינלעבן אין עטוואָס, זיך אויסלעבן דורך עטוואָס, אויפכאַפּן כאָטש אַ דינינקן בלישטש פון יענעם גאָלדענעם ווינטש־פינגערל, וואָס הייסט גליק. איז נאָך אַ פראַגע, ווען קומט מען אין אַ נאָענטער באַרירונג מיט דעם גליק־שרעטל, בשעת מע איז איבערזאַט, אָדער בשעת מע איז ניט דערעסן, בשעת מע איז אַ מטופּל מיט אַ לאַסט פון אַ סך מטלטלים, מיט פּעק פון פאַרמעגן און די נשמה איז דערביי ליידיק, אָדער בשעת מע שוועבט אַרום אין די יונגע יאָרן אויף דער וועלט פאַרמעגלאָז אָדער אָפילו שטובלאָז, מיט אַ האַרץ פול מיט גלוסטענישן און שפּרודלענדיקער נשמה, וועלכע וויל איינשלינגען די וועלט, און ווייל זי וויל, שלינגט זי.

אָדעס איז יונג און האָט אין זיך אַ שפּרוך אַזאַ צו פאַראייניקן און באַפרישן נשמות. דאָ איז מען כּמעט ניט געלאָפן, ווייניק געגאַנגען און אַ סך געשפּאַצירט. חברים מיינע, וועלכע האָבן געוואוינט אין אַנדערע שטעט, פלעגן אַראָפּקומען פון צייט צו צייט קיין אָדעס אַ ביסל שפּאַצירן. רופט דאָס אָן פאַרברענגען, אָפּרוען. אַנדערע האָבן געזאָגט בטלענען, אָדער זיך אָפּפרישן. פון פאַרווייַלן איז נאָך דעמאָלט ניט געווען צו ריידן. דאָס גאַנצע לעבן האָט מען דאָך זיך געווייַלט. די אַרבעט איז אויך אַ פאַרוויַילונג. האָט דען ווער געשלאָגן

מיט אַ בײַטש: אַרבעט? מע האָט געטאָן וואָס מע האָט געטאָן. אָבער זײַן אין אָדעס אַ קורצע צײַט, אָטעמען איר לופֿט, כאַפּן אַ שפּאַציר צום ים צו און טאַקע אָפּזיצן אויפֿן ברעג שעהן־לאַנג סתּם אַזוי, אָט דאָס האָט געהייסן אָפּרוען און זיך דערפֿרישן. אַזוי ווי מ'האָט אין אָדעס אַ סך געשפּאַצירט, האָט מען אויך אַ סך געשמועסט. אַ לאַנגער שמועס אויף אַ לאַנגן שפּאַציר, דאָס איז אָדעסער שטייגער. ניטאָ זיך וואָס צו אײַלן. צײַט פֿאַראַן גענוג. גאָרניט לויפֿט ניט אַוועק. מע גייט אַ ביסל און מע זעצט זיך צו אויף אַ באַנק. אין אַלע הויפּט־גאַסן זײַנען פֿאַרזייט און צעשפּרייט בענק. אַרום און אַרום איז ניט קיין גערודער. מע קען זיך גאַנץ געמיטלעך דורכשמועסן. נאָכדעם שפּאַנט מען ווידער. סע טוט אַ צי בײַם האַרצן, כאַפּט מען עפּעס איבער. טאַקע אויף דער גאַס גייענדיק. קיין בושה ניט. עלעהיי אַ זומער־וואוינונג. אָדעס איז געבענטשט מיט אַלערליי גוטע שפּײַזן און פּירות, וועלכע ווערן אַהער אַרײַנגעבראַכט פֿון פֿאַרשיידענע קלימאַטן אין איר שכנות. קערטשער הערינג, קרימער אַפּריקאָסן, פּערשקעס און ווײַנטרויבן, טערקישע כאַלוואַ און ראַכאַטלוקום, פֿאַדאָליער ווייץ און קאָרן, באַסאַראַביער קאַטשקעוואַל, ברינזע און כלערליי קעזן, קאַווקאַזער עפּל און אַפֿילו ארץ־ישׂראלדיקע פּאָמעראַנצן. אײַז־קרעם איז בזיל־הזול. פּוטערקוכנס — דעסטגלײַכן. מיט איין פּוטערקוכן קען מען ווי עס איז אָפּקומען אַ טאָג, בתּנאַי אַז דער קוכן איז באַשמאָלצן מיט זיסע חלומות, דערפֿרישנדיקע השׂגות און אַרײַנטראַכטעניש. דערבײַ כאַפּט מען אַ האַרציקן שמועס מיט אַ צוגעלאָזענעם חבֿר, אָדער אַפֿילו מיט אַ ווילדפֿרעמדן, בשעת אַ צופֿעליקער באַקאַנטשאַפֿט מיט אים אין שטאָט־פּאַרק, למשל, ער אויך, ווי עס ווײַזט זיך אַרויס, אַ פֿרײַ־פֿייגעלע און לאָז מיך געמאַך פּוסט־און־פּאַסניק ווי דו. אַבי מע לענט אונטער דאָס האַרץ, קען מען שוין ווידער זיך אַוועקלאָזן אין אַ ברייטן און טיפֿן שמועס איבער זאַכן, וועלכע זײַנען דער תּוך און מהות פֿון מענטשלעכן לעבן און איבער פּראַגעס, וואָס גראָבן זיך אַרײַן טיף אין דער וועלט אַרײַן. אָדער געמיטלעך אַרײַנטענהן וועגן ענינים, וואָס פֿאַרמאָגן אין זיך אַ פּאָעטישן שוואונג און טאַקע מיניה וביה זיך אַרײַנלאָזן אין פּאָעזיע־געדיכטעניש. ווידער פֿאַרקערט האָט מיך איין מאָל אַ פּשוטע פֿרוי, דערזעענדיק מיך זיצן אַ פֿאַרטראַכטן אויף אַ באַנק אין שטאָט־פּאַרק, אַ זאָג געטאָן צו מיר, אַ גאַנץ פֿרעמדן צו איר: וואָס האָסטו זיך אַזוי אַרײַנגעטראַכט אין דער וועלט אַרײַן? לאָז די וועלט לויפֿן און דו טו דיר דאָס דײַניקע, יונגער מענטש וואָס דו ביסט.

אָדעס האָט מיט איר עצם מהות, מיט אַלע אירע לאַנדשאַפֿטלעכע און געזעלשאַפֿטלעכע שײַכותן, געגעבן אַ הכשר אויף אויסשמועסן זיך. דיבורים זײַנען ניט געווען שפּינוועבס און ניט אַן עבודה פֿון פּוסט־און־פּאַסעווען. זיי האָבן געשפּריצט פֿון די מײַלער, ווי לעבנס־פֿונקען. אין אַ שמועס זײַנען צוויי נשמות צו דער חופּה געגאַנגען. מוחות האָבן זיך פֿונאַנדערגעבליט און הערצער זיך צוזאַמענגעקלעפּט. ווען איינער דערציילט אַ צווייטן, וואָס ער טראַכט און דענקט וועגן גאָט, וועלט און מענטש, וועגן הימל, לבֿנה און שטערן, וועגן משה רבינו אָדער בודאַ און קאָנפֿוציוס, און פֿאַר וואָס טאַקע ניט וועגן טאָלסטאָי, מאָפּאַסאַן, טשעכאָוו, איבסען, און בײַראָן, פֿאַרטרויט ער דען ניט זיך אין גאַנצן צו אים? איז מען מכבד מיט אַ ציגאַר איז דאָס אַ שיינער כּבֿוד, און ווען מע איז מכבד מיט אַ טראָפּעלע נשמה איז דאָס גאָרניט? כאַפּן אַ שמועס האָט געהייסן אַ סעודה צוזאַמען פּראַווען — פֿאַרשוועסטערן, פֿאַרברודערן זיך. אַזוי האָט זיך געלעבט אין אָדעס. טאַקע ווי גאָט אין אָדעס. אָדעס האָט געזאָגט און געוואונקען: מע מעג אַזוי. מע באַדאַרף אַזוי. מע איז ניט קיין פּועל־בטל, ווען מע לעבט זיך אויס ניט אויף געשעפֿטלעכע יאַרידים, נײַערט אין געמיטלעכע פֿרײַנדשאַפֿטן. דאָס הייסט כּלל ניט אַ לעבן אָפּגעשטופּט. דאָס הייסט נאָר דאגות אָפּגעשטופּט, אײַלענישן פֿאַרטריבן, שטרויכלונגען אויסגעמיטן.

אָדעס איז געווען אייגנטלעך אַ המשך פֿון די קליינע אוקראַיִנער ישובֿים ניט פֿאַרוואָרפֿן און אָפּגעלאָזן ווי זיי, אָבער דאָך געלעגן אַ ביסל אין דער זײַט פֿון גרויסן וועלט־שליאַך, זיך ניט געהיצט און ניט געקאָכט, ניט געיאָגט זיך און ניט צו שטאַרק געיוירט. סע איז געווען דאָ צײַט צו טראַכטן און צו חלומען. זי האָט ניט אַרויסגענומען די נשמה פֿון איר תּושבֿים. אַליין שטראַלט זי מיט נשמה. קיין חידוש ניט, וואָס אירע אײַנוואוינער זײַנען הייסע פּאַטריאָטן פֿון איר. ס'איז ניט דער דרך מע זאָל זיך בלאָזן אויף איר און אויסלאָזן אויף איר דעם גאַנצן כּעס פֿאַר ניט קיין געראָטן לעבן, ווי למשל, מע זידלט אַן קאָלומבוסן, ווען די הצלחה שפּילט ניט. אין אָרעמקייט און שלימזלדיקייט האָט מען זיך נאָך שטאַרקער געטוליעט צו דער דאָזיקער ליבער און גוטמוטיקער שטאָט, ווי מע טוליעט זיך צו אַ מאַמען. מע האָט זי טאַקע גערופֿן מאַמע אָדעס. און אין אַ לידל זינגט זיך: אָדעס, איך ווער נאָך דיר אַ מת. אַליין אַ פֿאַרטראַכטע און געמיטלעכע, האָט זי צו זיך געצויגן פֿון דעם גאָרן לאַנד מענטשן אַ ביסל פֿאַרשלאָפֿענע און אינערלעך זייער אויפֿגעוועקטע. סע איז אַ כּלל גדול: טיפֿע רעיונות ווערן אויסגעטראָגן אין שטילע מקומות און אין פּאַטריאַרכאַלישע געגנטן. גוטעס גײַסט האָט זיך אויפֿגעכאָוועט אין אַ שטילער פּראָווינץ. ווין, אַ מין אָדעס אין אַ גרעסערן מאַסשטאַב, אָבער אויך בשעתּה, אין דער צווייטער העלפֿט פֿון נײַנצנטן יאָרהונדערט, אַ היימיש ווינקל, האָט געשפּײַזט די וועלט מיט אויפֿטרייסלענדי־

קע תורות. די וויזיע פון אַ ייִדישן שטאַט האָט אויפגעבליצט בײַ הערצלען אין מוח אין יענער סביבה. ארץ־ישׂראל און גריכנלאַנד, צוויי קליינע מדינהלעך, האָבן אַזוי פיל גרויס אין דער וועלט אַרײַנגעבראַכט! לעת־עתה, אויף וויפל מיר שפּאַרן אָן צום בראשית פון מענטשלעכער געשיכטע און קענען לייענען דאָס געשריבענע אויף אירע טאָוולען, זײַנען די קליינע פּראָווינצן אין תהום פון גײַסטיקער יצירה געווען די פּעטעקי. אַקעגן, די גרויסע אימפּעריעס, האָבן זייער ווייניק גײַסטיק זיך געלאָזט מעלקן. פון צו פיל משלים קען געניזוקט ווערן דער משל. בכן צוריק צו אָדעס. זי איז אַפילו ניט ווין, אָבער אין שייכות מיט ייִדישער יצירה אין די לעצטע דורות איז זי דאָך געווען בײַ אונדז דער עמוד האש.

ס'איז דעריבער נאַטירלעך — אַלץ וואָס האָט שוין פּאַסירט, קוקט אויס לאחר־מעשׂה זייער נאַטירלעך, אַז אַנדערש האָט זיך גאָר ניט געקענט פאַרלויפן, ממש אַ גזירה פון דער השגחה עליונה, אָדער פון דעם געשיכטס־רײַטוואָגן־אָנטרײַבער — וואָס גראָד אין אָדעס האָבן זיך אין דער לעצטער תקופה, דהיינו, פון דער צווייטער העלפט אָן פון נײַנצנטן יאָרהונדערט, ביז דעם אויסבראָך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, צונויפגעקליבן שעפערישע ייִדישע מענטשן, וועלכע זײַנען געגאַנגען מיט שטילע טריט און געגראָבן טיף, האָבן באַהאַנדלט ברענענדיקע פראַגעס מיט אַ לאַנגן אָטעם און אויך אויף חיי־שעה האָבן זיי אָנגעמאָסטן די השׂגות פון חיי־עולם. ס'האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט אַ נוסח־אָדעס, הן אין דעם צוגאַנג צו געזעלשאַפטלעכע פראַגעס און הן אין תחום פון ליטעראַרישער שאַפונג. אָדעסער כלל־טוערײַ האָט געטראָגן אויף זיך אַן אײַנציקאַרטיקן חותם. דער שרײַבערישער סטיל האָט אין זיך געהאַט אַן אָפּשטראַל פון יענער פאַרטראַכטער און ערנסטער פאַרחלומטקייט, פאָרזיכטיקער אויסגעהאַלטנקייט און אחריותפולער שעמעוודיקייט אין פריידיקן אידעען און אויסדריקן געפילן, וועלכע זײַנען די הויפּט־מעלות פון אוקראַיִניש־ייִדישן שבט. די באַציאונגען צווישן חכמי־אודיסה זײַנען אַלע מאָל געווען פרײַנדלעכע. סופרי אודיסה האָבן זיך אויפגעהאַלטן ווי איין משפחה. מע האָט געלעבט אָן אימפּעט און געטראַכט אינטענסיוו, פאַרטיפט. כאָטש אָדעס האָט די בכורה לגבי גרינדן צײַטונגען, ווי המליץ אויף לשון קודש און הבקר אור אויף לשון־ייִדיש, האָט זיך דאָס ייִדישע צײַטונגס־וועזן אין איר ניט אַנטוויקלט. מע האָט דאָרטן ניט געצײַטונגט, איז געבליבן צײַט אויסצוצײַטיקן געדאַנקען, רײַפער מאַכן אידעען, ווי אויך שלײַפן שפּראַך־סטיל. שפּראַך־סטיל איז דאָך ניט בלויז שפּראַך־סטיל. ווען מע איז שפּאָרעוודיק און שפּירעוודיק אין דעם אַרט ריידן און שרײַבן, מע וועגט און מעסט יעטוועדער זאַך, באַקומט מען אויך פײַנערע מידות, געוואויגענע און געמאָסטענע גענג, אין דער אַלגעמיינער התנהגות. פּינקטלעכקייט אין דער שפּראַך איז מעורר צו זײַן פּינקטלעך אויך אין מעשׂים. ווער עס מײַסטרעוועט זײַן לשון, מוז דאָך אויך מײַסטרעווען דעם גאַנצן איך זײַנעם.

אָדעסער שרײַבער־משפחה האָט זייער מקפיד געווען אויפן לשון. אין תוך גערעדט, מע האָט געהאַלטן, אַז אַ תלמיד חכם דאַרף שאַנעווען זײַן לבוש, סע זאָל אויף דעם ניט פאַלן קיין פלעקעלע. אַחד־העם איז געווען דער מוסטער־מענטש און מוסטער־שרײַבער, אַ גרויסער מקפיד אויף טהרת הלשון, ווײַל דער גאַנצער מענטש איז געווען אַ טהור און אַ זהיר. ריינקייט גייט אַלע מאָל געפּאָרט מיט טיפקייט. אַ מוטנע וואַסער קענט איר דאָך ניט וויסן, איז דאָס פלאַך אָדער ביין. דעם טיפן שניט פאַר אַחד־העמען האָט געוויזן פּינסקער. בסך־הכל אָנגעשריבן אַ קליין ווערקל, אָבער יעדער זאַך דערין איז אויפטרייסלענדיק. נוסח־אודסיה איז געווען, אַז אַ שרײַבער זאָל גאָר ניט זײַן קיין שרײַבער. ס'האָט אים איין מאָל אַ שטאַרקן ברי געטאָן בײַ דער נשמה, איז ער צו צום עמוד. מעג ער נאָך אַמאָל גיין, אין תוך אַרײַן, אַ שפּרינג טאָן צום עמוד, נאָך אַ צווייטן ברי. איז מען אַ וואָרט־זאָגער נאָר פון ברי צו ברי — וואָס פאַר אַ שרײַבער איז מען? מע איז ניט און מע זאָל ניט. שרײַבן הייסט, אייגנטלעך, עולה־לתורה זײַן. ניחא. איין מאָל אָדער צוויי מאָל באַקומט מען אַן עליה, אָבער ניט אָן אַ שיעור. פּינסקער האָט כמעט נאָר איין מאָל עולה־לתורה געווען, אָבער אַלץ, וואָס הערצל האָט דערנאָך געזאָגט, האָט ער פריִער געזאָגט, נײַערט שאַרפער, גרינטלעכער, דורכגעטראַכטער. פּינסקער איז געווען אַ פון־ווײַט־געקומענער, אָבער די שכינה פון אָדעס האָט אויף אים גערוט.

מענדעלע האָט אויך אײַנגעזאַפּט אין זיך אַ סך פון דעם אָרטיקן קאָלאָריט און געמיט. ער אַליין פלעגט אָפּט דערציילן וועגן דער גרויסער השפּעה, וואָס האָבן אויף אים געהאַט די פּאָדאָליער לאַנדשאַפטן אין די יונגע יאָרן פון זײַן פאַרברענגען אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק אין דער מחיצה פון גאָטלאָבערן. געשריבן האָט מענדעלע בקדושה ובטהרה, געוואויגן און געמאָסטן די מידה פון אַ נחבא אל הכלים. מיט אַ שטיקעלע חוש השמיעה קען מען געניי דערהערן, ווי עס רעדט אַרויס פון זײַן ווערק אַ מענטש אַ ביישן, מיט אַ צעבראָכן האַרץ, אַ תקיף בדעתו, נאָר אַ ווייכער אין געמיט, שאַרף, קלוג, אַנאַליטיש, עכט ליטוויש, מיט אַן אָפּשײַן און אָפּגלאַנץ פון אוקראַיִנער פאַרווייכטער און אַ ביסל עצבותדיקער ייִדישקייט. מענדעלע, וועלכער האָט געהאַט אַן אײַזערנעם קאָפּ און אַ גאָלדן מיט רחמנות אָנגעגאָסן האַרץ, האָט מער מקבל השפּעה געווען פון די נײַע אָרטיקע נאַטור־ און מענטש־לאַנדשאַפטן, אידעו לילינבלום, למשל, וועלכער געהערט אויך צו דעו

גרויסער אָדעסער חבֿריא און בלי שום ספֿק איז ער באַאײַנפֿלוסט געוואָרן פֿון איר, אָבער ניט אין אַזאַ גרויסער מאָס, ווי מענדעלע. ס'איז שוין אַזוי. דער מקום האָט אַ סך צו זאָגן. אַן אָרט, וואָס האָט אויסגעכאָוועט אַ קעמערל פֿון יאָדערדיקע מענטשן, יחידי סגולה, ווערט אַ כּוח המושך פֿאַר יעטווידן, וואָס איז אויף זײַן שטייגער אַ יחיד־במינו. מע ציט זיך אַהין, מע לויפֿט אַהין. אָט אַזוי בילדעט זיך אַ חבֿרותא, מיט דער צײַט פֿורעמט זיך אויס אַ נוסח און סע ווערט געשאַפֿן אַן איינציקאַרטיקער סטיל. ליליענבלום און אַחד־העם, די צוויי אָדעסער, זײַנען צוויי זײַלן פֿון ייִדישער פּובליציסטיק, אַ מופֿת לדורות, ווי אַזוי אײַנצושפּאַנען דעם שטערן פֿון חלום אינעם רײַטוואָגן פֿון יחידישע און פֿאָלקישע זאָרגן. פּונקט ווי מענדעלע איז ער פֿאַר אונדז דער לײַכטנדיקער שטערן אויף לאַנגע דורות, אונדזער שײַנדלינג און דערפֿרייאונג, אויסרופֿער, אַז ליטעראַטור איז אַ קדושה און דער אמתער שרײַבער איז אַ מכהן־בקודש.

וואָס איז מענדעלע מער, קאַפּוליע אָדער אָדעס?

ער איז די גוטע מזיגה פֿון ביידע. אַז רבֿ זירא איז געשטאָרבן, האָט אים איינער אַזוי מספּיד געווען: בבֿל האָט אים אויסגעטראָגן און געבוירן, דאָס הייליקע לאַנד האָט אים אויסגעכאָוועט און מגדל געווען. ווען רבֿ זירא האָט עולה געווען פֿון בבֿל, איז ער שוין געווען אַ באַוואוסטער אמורא. דאַקעגן מענדעלע איז אויסגעשטאַלטיקט געוואָרן לחלוטין אין אָדעס. ער, דער גר אין דער זוניקער קרוין־שטאָט פֿון דרום־אוקראַיִנע, איז געוואָרן דאָרט דער עכטער תּושבֿ, איר תּכשיט און סימבאָל. ער מיט זײַנע פּאַמעלעכע רואיקע טריט, גלײַך און אויסגעצויגן, ווי אַ סטרונע, מאַיעסטעטיש לויט זײַן גאַנצן אויסזען, פּאַטריאַרכאַליש מיט זײַן באַנעמונג, טראָגנדיק מיט אַן איראָניש שמייכעלע דעם טיטל זיידע, וואָס מע האָט אים צוגעקלעפּט, האָט ער אויסגעזען, ווי אַ שטיק אוקראַיִנער לעבעדיק ייִדישקייט. ער האָט אַלע מאָל אויסגעקוקט, ווי אַ מנורה מיט אַ סך רערן, וועלכע ליכטיקן זיך צו אים און באַקומען פֿון אים אַ שפֿע פֿון ליכט. אָדעס האָט אויך באַשטראַלט דעם פֿון־ווײַט־געקומענעם דובנאָוו, דער פֿאָרשער פֿון ייִדישע ראַנגלענישן פֿאַר אַן אייגענעם ווערדיקן קיום; בן־עמין, דעם אומרו, אַן עכט אוקראַיִנער ייִד לויטן תּוך און שטייגער, וועלכער האָט באַזונגען און באַמאָלט אויף זײַן שטייגער ייִדישע אָרעמקייט און פֿרומקייט, על־פּי רובֿ אויף גויִיש לשון, ווי אויך דעם ערלעכן און האַרציקן לעווינסקין, וועלכער האָט אין זײַן הומאָריסטישע פֿעליעטאָנען געשמייכלט שטראָפֿנדיק און אויסגעלאַכט שוואַכקייטן זייער גוטמוטיק.

אָט אַזוי איז געווען אָדעס. אָבער איז דען דאָס געווען נאָר אָט אַזוי? איז דען דאָ אַזאַ נעץ צו פֿאַנגען זון־שטראַלן און זיי ברענגען אויף אַן אויסשטעלונג? אין דער זון מוז מען זיך טובֿלען. זכרונות וועגן אַ נעכטיקער זון זײַנען טאַקע ניט מער ווי זכרונות. די זון פֿון נעכטן איז אַן אַנדערע, ווי די הײַנטיקע. זכרונות לאָזן זיך ניט אַרײַנפּרעסן אין אַן אָפּגעמאָסטן געפֿעס. ווי טרויעריק איז, וואָס דו אַליין, אָדעס, דו, די נעכטיקע, ביסט שוין אַ מת. דו ביסט געווען אַן אינדזל פֿון קליינשטעטלדיק געמיט אין דער טיפֿער געדיכטעניש פֿון גרויסשטאָט. דו ביסט געווען אַ כּרך, וואָס איז לויט זײַן שניט אַ דורכויסיקע זומער־וואוינונג, אַ מערבֿ־ווינקל, וואָס געהערט שוין צום אָריענט; גלות, וואָס האַלט אַן אויג אויף דער גאולה; פֿרעמד־לאַנד, וואָס איז אַ טויער צו ארץ־ישׂראל. ליבע דײַן אָנדענק, ווײַל אין דיר האָט מען געקענט לעבן, געמעגט חלומען און גרינג איז געווען צו הונגערן. קיינעם האָט ניט פֿאַרדראָסן, ווען עמעצן האָט זיך געוואָלט ליידיקגיין, אָדער, ווי מע זאָגט, אַרומגיין צו חלום. אין דיר איז דער ווינטער ניט געווען צו לאַנג און דער זומער האָט זיך ניט אַרײַנגעגעסן אין די ביינער. אין דיר האָט מען געקענט זיך וואַלגערן, נעכטיקן ניט וואו טאָגן און ניט טאָגן וואו נעכטיקן. אין דיר איז געווען ערנסט און געמיטלעך, געלאַסן און באַפֿליגלט, וועלט־פֿרעמד און דאָך אומעטום אַ היימישער. מע האָט אין דיר אַפֿילו אַ מאָל צו היימישלעך אַ קלאַפּ געטאָן אין דער פּלייצע, אָבער קיין מאָל ניט אַ שטאַרקן שטופּ געטאָן מיטן עלנבויגן.

האָב שיִער ניט פֿאַרגעסן ראַווניצקין, ביאַליקס לעבנס־באַגלייטער און דער ערלעכער נושׂא־כּלים פֿון אַלע חכמי־אודיסה. ער, דער איינציקער, דוכט זיך, איז געווען אין דעם אָדעסער געזינדל טאַקע אַ געבוירענער אָדעסער. קיין חידוש ניט, וואָס ער איז געווען דער רואיקסטער און באַזאַכטסטער צווישן אָדעסער שרײַבער. קיין זאַך האָט אים ניט איבערראַשט און קיין שום פֿאַרלויפֿעניש האָט אים ניט געקענט אַרויסברענגען פֿון די כּלים, כאָטש אין שרײַבן פֿלעגט ער זיך אַמאָל צעבייזערן. פֿאָרט אַ ליטעראַטור־קריטיקער. און קריטיק אָן געבייזערײַ גייט ניט. אַקעגן אין לעבן שטיל, ווי אַ טויב. אַ וואָרט בײַ אים אַ רענדל, אָבער אַ הבֿטחה איז ער מקיים, סע זאָל דונערן און בליצן. פּינקטלעך, ווי אַ שטאָט־זייגער און ערנסט, ווי אַ וועק־זייגער. מ'האָט געקענט מיינען, אַז ער איז טרוקן און שטײַף. זעלטן נתפּעל געוואָרן. אייניקע האָבן געזאָגט, ער איז געווען ביאַליקס גוטער מלאך און יועץ־פּלא. אַנדערע האָבן געהאַלטן, אַז ער איז געווען זײַן פּאַרקן, באַצוימער און באַשרענקער. אין אַ צײַטונג שבעל־פּה, אויף איינעם אַ ליטעראַרישן אָוונט, האָט מען געלאָזט קלאַפּן אַזאַ דעפּעשע: אַן אָטאָמאָביל איז אַרויף אויף ראַווניצקין. דעם אָטאָמאָביל האָט גאָרניט געשאַט. ראַווניצקי קליין און שטיל, אָבער פֿעסט אין כאַראַקטער.

# י״ג. דער זון פון מײַן פאָלק

דער חלום איז לענגער פון דער נאַכט. אַ באַשרײַבונג פון אַ נעכטן איז אַ סך לענגער פון דעם נעכטן. ווײַל אָבער דער הײַנט ניט מע זאָל זיך צו פיל פאַרקען מיטן נעכטן. ניטאָ, זאָגט ער, קיין צײַט און קיין פּלאַץ פאַר דעם. מוז מען מקצר זײַן. אַז סע קומט צו קיצור פאַרכאַפּט אַזש דער אָטעם. קיצור איז אײַלעניש. אײַלט מען זיך, פאַרגעסט מען זייער אָפט עטוואָס וויכטיקס. קען איך ניט זאָגן נעילה דעם נעכטן, אידער צו לאָזן פאַלן אַ פּאָר ווערטער איבער דעם זון פון מײַן פאָלק, דאָס מיינט, בן עמי, דעם זייער ייִדישלעכן שרײַבער אויף רוסיש לשון. חלילה אים צו פאַרגעסן. ער שטייט מיר פאַר די אויגן, מאָנט בײַ מיר: שכן מײַנער, שרײַב אָן אַ שטיקעלע יזכּור וועגן מיר.

אַ שכן, ווײַל אונדזערע געבוירן־שטעטלעך זײַנען גאָר נאָענטע שכנים. ער איז געבוירן אין ווערכיווקע, און אפשר אין אַ דאָרף לעבן ווערכיווקע, וואָס ליגט ניט־ווײַט פון בערשאַד, און בסך־הכּל אַ זיבן־אַכט קילאָמעטער פון אָבאָדיווקע, מײַן שטאָט. אויף די דאָזיקע שטעטלעך פלעגט מען זאָגן, אַז בײדע צוזאַמען זײַנען גרויס, ווי דער טל ומטר אין סידור. דערבײַ איז ווערכיווקע פאַררעכנט געוואָרן פאַר טל און אָבאָדיווקע איז געווען מטר. אָבאָדיווקע איז פאַרשפּאָט געוואָרן, ווי מע געשפּאָטעט פון אַלע קליינע ישובים בײַ אונדז, אַז זי איז גרויס ווי אַ גענעץ און אַז מע פאָרט אַרײַן אין איר מיט אַ וואָגן איז שוין דער דישל פון יענער זײַט שטאָט. איז שוין אַ קל וחומר, וואָס פאַר אַ כּרך ווערכיווקע איז. אַ קליין ייִנגל בין איך געווען, ווען איך האָב געמאַכט אַ רײַזע צו פוס קיין ווערכיווקע. געוואָלט פשוט אָנקוקן דאָס געבורטס־אָרט פון בן־עמין, וועלכער איז שוין דעמאָלט געווען אַ באַרימטער שרײַבער און אַן אָדעסער תּושב. כ׳וויס ניט געננוי, ווען בן־עמי איז אַוועק פון זײַן שטעטל אין דער גרויסער וועלט אַרײַן. אָבער קלאָר איז, אַז אין דעם לעצטן צענדלינג פון נײַנצנטן יאָרהונדערט איז בן־עמי שוין געווען אַ שם־דבר און אַ חשובער מיטגליד פון דעם אָדעסער געזינדל ייִדישע שרײַבער. געשריבן האָט ער רוסיש מיט אַ זייער ייִדישן טראָפּ. אויף אים איז געזאָגט געוואָרן דער פּסוק „כּי גנוב גונבתי מארץ העברים“. מ׳האָט מיך אַרויסגעגנבעט פון העברעער־לאַנד. אַ ייִד מיט אַ ברען און מיט אַן אַהבת־ישׂראל, וועלכע איז בײַ אונדז געוואָרן אַ גענגלעכע מטבע ערשט אין די לעצטע יאָרן, נאָך דעם גרויסן אומקום. ער האָט מיט זײַן אויפטרייסלענדיקער און שטורמישער רחמנות אויף דער קריוודע פון ייִדן און ייִדישקייט, כּביכול פאַרויסגעפילט די גרויסע אומגליקן פון לעתיד־לבוא. אין געוויסן בחינות איז ער געווען ווײַטזעעוודיקער פון זײַנע אַלע אָדעסער חברים. קיין מאָל ניט געווען אַ משׂכּיל און אַן אַפּיקורס, ניט נתפּעל געוואָרן פון יפּתן מיט זײַן אויסגעפּוצטער און פאַרצאַצקעטער קולטור. וואָסער ניט איז אַסימילאַציע, אַפילו אַן אויסגעכשרטע, אויסגעצוואָגענע און אויסגעבאָדענע אין זיבן וואַסערן, איז פּשוט ניט געווען אין גדר פון זײַנע השׂגות. ווי קען דען אַ ייִד זײַן ניט קיין אויסגעשפּראָכענער ייִד? דאָס פּינטעלע אוקראַינער ייִד איז בײַ אים בולטער ווי בײַ וועמען ס׳איז. ער איז שטענדיק היימיש, זיך טרײַ, גאָר ניט צו פאַרטושן. פאַראַן אַ בעל־צורה. און פאַראַן אַ בעל־צורה בולטת, וועלכער קען אין קיין שום ספערע ניט שפּילן מיט זיך אַליין אין באַהעלטעניש. בלויז אַזאַ. איז מען אַ ייִד, מוז מען אָפּהיטן ייִדישקייט. און וואָס איז דען ייִדישקייט? תּורה, מצוות און טאַקע דאַוונען צו השם יתברך. קלאָר? ווײַל פון דער נאַטור אַ היציקער, גראָדלינײק, אש ולהבה פאַר דעם אמת, איז ער אויפגעטרייסלט געוואָרן פון די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, וועלכע האָבן געבושעוועט אויך אין אָדעס אין סוף נײַנצנטן און אָנהייב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. פון כּעס איז ער אַוועק פון רוסלאַנד און זיך באַזעצט אין דער שווייץ. נאָר פאַר דעם איז ער געווען איינער פון די גרויסע וועקער צו ייִדישער זעלבסטשוץ און זיך באַטייליקט אין איר בפּועל ממש.

אויסגעלאָשענע וואולקאַנען זײַנען אויך וואולקאַנען און געפאַלענע שטערן זײַנען אויך שטערן. בן־עמי איז געווען אַ וואולקאַן. זײַן שטערן האָט געלויכטן ניט קיין לאַנגע צײַט, מחמת ער איז פון כּעס אויסגעריסן געוואָרן פון זײַנע וואָרצלען און איז געוואָרן אַ פּליט אין אַ פרעמד לאַנד. אָבער זײַן דערציילונג „דער בעל תּפילה“, למשל, האָט בשעתּה אויפגערודערט און גלײַכצײַטיק דערפרישט. מ׳האָט זיך זייער גוט אויסגעוויינט בײַ איר. ווער ס׳האָט נשמות געוואַשן מיט טרערן, האָט שוין זײַן נאָמען אויסגעקריצט אויף דעם פאָלקס־טאָוול. אַ יתום פון קינדווײַז אָן האָט ער יאָרן־לאַנג זיך אַרומגעוואַלגערט אין פרעמדע הײַזער און חסד־אַנשטאַלטן. פון דעם וואַלגער־לעבן איז ער אַרויס אַ דורכגעלײַטערטער אין זײַנע מידות, אַ פרײַער מענטש און אַ הייסער ייִד. מיט זײַן שׂנאה צו חניפה איז ער די פאַרקערפּערונג פון זײַן שבט. שקר איז בײַ אים טריף ווי דער צלם און דער צלם ווי שקר. זײַן לעבן איז געווען אַ דערנער־וועג. ניט געהאַט קיין גוטן טאָג און ניט נאָכגעגעבן.

דער גורל האָט אָפּט ליב אַרויסצושטעלן אַ צונג. ער, דער וואָס ביזן סוף פון זײַנע יאָרן איז ער פאַרבליבן אַ ווערכיווקער ייִד, אַ קליינשטעטלדיקער, מיט אַלע זײַנע גענגלעך, איז דווקא געוואָרן אַ שרײַבער אויף רוסיש, אין וועמענס ליטעראַטור ער האָט כּלל ניט געקענט זיך אַרײַנפּאַסן, ווער שמועסט נאָך זיך צופּאַסן. נאָך דעם ווי ער האָט זיך אָנגעברוגזט אויף רוסלאַנד און זיך באַזעצט אין דער פראַנצייזישער

שווייץ, אָנגעהויבן שרײַבן אויף פראַנצייזיש. שרײַבן הייסט פאָרן מיט אַ געשפּאַן פון פערד באַרג־אַרויף. בשעת מע דראַפּעט זיך אויפן באַרג האָט דאָך קיין טעם ניט, און ס'איז ניטאָ אַפילו קיין מעגלעכקייט, צו בײַטן די פערד. בײַט מען יאָ איז ניט־גוט. פאָרט מען ניט ווילנדיק באַרג־אַראָפּ. איז דאָס טאַקע אַ געשפּאָט פונעם גורל, וואָס אַזאַ עכט אוקראַיִנער ייִד, זיך־טרײַ, האָט דווקא בגזירת־הגורל געמוזט אַלע מאָל אַרויסשפּרינגען פון זײַן הויט און בײַטן זײַן געשפּאַן.

אין די צוואַנציקסטער יאָרן איז ער געקומען קיין ארץ־ישׂראל. שוין אַריבער די זיבעציקער, אָבער ווי יונג און היציק איז נאָך געווען זײַן גײַסט. זײַנע בריוו וועגן ארץ־ישׂראל, געשריבענע אין פראַנצייזיש און איבערגעזעצט דורך אַנדערע אויף עברית, זײַנען אַ מײַסטערווערק פון תוך און סטיל, נביאישער גרימצאָרן און חסידישער התלהבות צוזאַמענגעפלאָכטן. צאָרן און צער איז ערשט אַ האַלבע מלאכה. און אפשר קיין האַלבע אויך ניט. אַ רבותא איז צו פײַערן, צו שײַערן, חסרונות געפינען, עוולות אויפצודעקן? אַזוי ווי טרערן אָן דעם כּוח צו לאַכן, און באַלאַכן אָן אַ גילדענער טרער, זײַנען ניט משפּיע, אַזוי קען אויך ניט דורכגעוויטיקטער כּעס קיין שום פּעולה ניט האָבן. בן־עמים בריוו פאַרמאָגן אַ ווײ־מתיקות, אַ זיסע עצבות. און ניט ער רײַסט פון יענעם, נײַערט ער רײַסט פון זיך, שטיקער. אין זײַנע בריוו איז דאָ אַ ניצוץ פון אַ ירמיהו...

אויף אַלץ איז דאָ אַ שעה. אַ צײַט צו וויינען און אַ צײַט צו לאַכן. אַ צײַט צו שווײַגן און אַ צײַט צו ריידן. אַ צײַט צו שרײַבן דערציילונגען און עסייען און אַ צײַט בריוו צו שרײַבן... בריוו שרײַבן קען זײַן גאָר אַ הויכע מדרגה, ווי הויך אַ שפּלע. בריוו זײַנען גאָר אַ הויכע מדרגה, ווי אויך אַ שפלות. בריוו זײַנען אינטים, פאַרשטייט זיך, אויב זיי זײַנען דאָס. העכסטע שאַפונגען שטאַמען נאָר פון אינטימע מקורות. אַקעגן, דוכט מיר, אַז אָפענע בריוו, מיט וועלכע מע ווענדט זיך צו באַרימטע פערזענלעכקייט, זײַנען ווירקלעך באַרג־אַראָפּ. אַן אָפענער בריוו איז אַ דבר והיפּוכו. ס'איז שעטנז. ממה נפשך, אויב אַ בריוו, איז ניט אָפן, און אויב אָפן, איז ניט בריוו. דערצו אָפענע בריוו צו באַרימטע פערזענלעכקייטן זײַנען לחלוטין אָפּגעפרעגט. באַרימטע פערזענלעכקייטן, וועלכע טאָגן און נעכטיקן אין דער עפנטלעכקייט, האָבן ניט קיין אויערן פאַר אָפענע דיבורים.

בן־עמי סוף ימיו האָט זיך אַ סך אָפּגעגעבן מיט שרײַבן אָפענע בריוו, ווי למשל, צו דעם ייִדישן הײַ־קאָמישאָנער פון ארץ־ישראל, צו דעם ראש פון דער ענגלישער רעגירונג, צו די און יענע געלערנטע, צו דער „ברית שלום״־גרופּע, צו אַלערליי מינים עוולות־באַגייער. און צו וועמען ניט? אַ מלאכה, וואָס ברענגט ניט קיין מזל־ברכה. אָבער יעטוועדער מלאכה, ווען מע לאָזט זיך אַרײַן אין איר, קען מען פון איר ניט אַרויס. זי ווערט אַ שכרות. בן־עמי דער וואולקאַן האָט געשפּיגן מיט פײַער. שוין געווען פיזיש צעבראָכן, העלפט פאַראַליזירט און געשלאָגן האָט דאָס פון אים ווי אַ וואַסער־פאַל, געשפּריצט פון אים מיט פײַער. איין מאָל אים געטראָפן לעבן אַן אַפּטייק, וואו ער האָט געקויפט אַ רפואה פאַר זיך. בין איך אים געגאַנגען באַגלייטן ביז צו זײַן וואוינונג. אַ דורכשניטלעכער פוס־גייער קען דעם מהלך דורכמאַכן אין אַ פערטל שעה לכל־היותר. און געגאַנגען זײַנען מיר צוויי שעה. ער האָט ניט געקענט רירן מיט די פיס. קוים זיך דערשלעפּט. גייענדיק פּאַמעלעך און מאַכן יעטוועדער מינוט אַן אתנחתה, האָט ער אין די דאָזיקע צוויי שעה פאַר מיר אויסגערעדט זײַן ביטער האַרץ אויף עולם־ומלואו. צי האָט ער געשפּירט אין מיר אַן אייגענעם? צי האָט ער גערעדט ניט צו מיר, נאָר דורך מיר, ווי אַלטע לײַט, אָדער זייער אָנגעוויטיקטע מענטשן, סתם אין דער וועלט אַרײַן? ווייס איך ניט. נאָר דאָס ווייס איך, אַז בשעת אונדזער צוויי־שעהדיקער פוס־רײַזע האָב איך געדאַכט אין יענער צוויי־שעהדיקער פוס־רײַזע, וועלכע איך האָב דורכגעמאַכט אין מײַנע פריִע ייִנגלשע יאָרן פון אָבאָדיווקע קיין ווערכיווקע. דעמאָלט בין איך געווען פאַרחידושט אָנקוקנדיק, אַז ווערכיווקע, אַזאַ פיצינקע שטעטעלע, האָט געבוירן אַזאַ גרויסע פערזענלעכקייט. איצט בין איך ווידער נבהל ונשתומם געוואָרן, וואָס אַזאַ אײַנגעבראָכענער גוף אין זײַן טיפער עלטער הילט אײַן אין זיך אַזאַ זודיקע און קאָכיקע נשמה. אָ, שבט מײַנער, שבט, האָט אין האַרצן געטיאָכקעט, ווי זודיק דו ביסט געווען אונטער דעם שלייער, אָדער מאַסקע, פון אָפּשײַ און דרך־ארץ.

דאָס האָט מײַן נאָענטער שכן, אין וועלכן דער נעכטן האָט געברויזט און געצאַפּלט אַ סך שטאַרקער ווי אין מיר, אַרויסגעשאַלט פאַר דער וועלט וואָס אַ שטילינקער און צוריקגעצויגענער אוקראַיִנער־ייִד, אַ גאַנץ נעכטיקער, קלערט וועגן אירע משונהדיקע גענג און מיאוסע עוולות. די וועלט מיינט די גאָרע וועלט, וועלכע פרעסט יעקבן און מאַכט חרוב זײַנע הײַזער. אויך די פון אונדזעריקע, וועלכע לערנען ניט אָפּ קיין מוסר השׂכּל.

דער נעכטן פון אוקראַיִנער ייִדישקייט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט מוסר.

# י״ד. צו נעילה

איך וויל ניט, אויך קען איך ניט, זיך אָפּגעזעגענען מיט דעם נעכטן אײדער דערמאָנען ווי עס איז נאָך צוויי אונדזעריקע וואָרט־זאָגער, וועלכע האָבן אַ סך משפּיע געווען אויף די מחשבות און מעשׂים פֿון זייער צײַט אין תּחום פֿון ייִדישער אויפֿלעבונג און בויאונג אין ארץ־ישׂראל: אַהרן־דוד גאָרדאָן און יוסף אַראָנאָוויטש.

אַהרן־דוד גאָרדאָן איז ניט קיין אײַנגעבוירענער אוקראַיִנער, אָבער ער איז דאָרטן אויסגעוואַקסן און זיך צעוואַקסן מיט זײַן טיפֿן שׂכל, ברייטן וויסן און דורכגעלויטערטער פּערזענלעכקייט. גײַסטיקע מענטשן האָבן על־פּי רוב צוויי היימען: די געבורטס־שטאָט און די ווידערגעבורט־שטאָט: דאָרט, וואו זיי זייגן די מוטער־מילך און דאָרט, וואו זיי זייגן די חכמה־האָניק; וואו זייער פּערזאָן האָט דערזען די ליכטיקע וועלט און וואו זייער פּערזענלעכקייט האָט זיך אויסגעקריסטאַליזירט. ס׳איז דאָך פֿאַראַן אַ סבֿרה, אַז ערשט די וואַנדער־יאָרן מאַכן דעם מענטשן פֿאַר אַן אמתע בלי. איך ווייס ניט גענוי, ווען איז ער אַראָפּגעקומען אין אונדזערע מקומות. מן־הסתּם נאָך קינדווײַז. זינט איך געדענק זיך, זײַנען זײַן משפּחה און אַלע קרובֿים פֿון איר שוין געווען אַלט־געזעסענע בײַ אונדז אין שטאָט. ר׳ מאַני, דער שטאָט־נגיד, צו וועמען יאָסל־דוד פֿלעגט אַרײַנקומען אין שטוב גאַנץ אָפֿט טרינקען זײַן ווײַן פֿון דעם גבֿירס קעלער, איז געווען אַהרן־דודס שוואָגער. היפּשע יאָרן האָט גאָרדאָן געוואוינט אין כאַשטשעוואַטע און טערנאָווקע, נאָענטע ישובֿים פֿון אונדזער שטאָט, געווען דאָרטן אַן אָנגעשטעלטער אין גוראַלניע, אַ בוכהאַלטער, צי אַ נאמן, ווי סע האָט דעמאָלט געהייסן. אַ גוראַלניע, ווי דער שטייגער איז, שטייט אין אַ דאָרף, אָדער אַפֿילו ווײַט אָפּגערוקט פֿונעם דאָרף. זי איז ווי אַ מיל אויף דער אוקראַיִנע, וועלכע טוליעט זיך צו אַ טײַך אַרויס דעם ישובֿ. אַרום גוראַלניע־ אָדער מיל־יידן דרייען זיך אָפֿט סיפּורי־מעשׂיות, אַז אייניקע פֿון זיי זײַנען געווען למד־וואָווניקעס מיט אַ כּיוון זיך אויסצובאַהאַלטן אין אַ פֿאַרוואָרפֿן ווינקל צו פּראַווען דאָרטן התבודדות און אַרומבלאָנקען אין דער פֿרײַער צײַט איבער די פֿעלדער און אין וועלדער פֿאַרטיפֿטע אין מחשבות און אין חשבון־הנפש. גאָרדאָן איז בלי ספק אײנער פֿון זיי. יאָרן־לאַנג האָט ער אין דער דאָרפֿישער שטילקייט געטראַכט און געשוויגן, ביז ער איז אַוועק קיין ארץ־ישׂראל, שוין דעמאָלט אַ מענטש אין די יאָרן און איז דאָרטן מיט אַ מאָל פּלוצלינג נתגלה געוואָרן ווי אַ חכם־עתּיק און טיפֿער דענקער, וועמענס שײנע אויפֿטרייסלענדיקע דרשות זײַנען באַגלייט געוואָרן מיט פֿלאַמיקע מעשׂים. אַ ייִד אין די יאָרן איז געוואָרן אַ פּועל אין ארץ־ישׂראל. פֿאַרלאָזן האַק און פּאַק, דאָס מיינט, אויך עשירות — אַלע בני המשפּחה זײַנען געווען פֿאַרמעגלעכע און אײַנגעפֿונדעוועטע — און מיט לײַב און לעבן זיך אַרײַנגעגראָבן אין ערד־אַרבעט. ארץ־ישׂראל פֿון אַמאָל, בײַם אָנהויב פֿון דער עליה השניה, סאַראַ אָרעמקייט בגשמיות און אויך ברוחניות האָט דאָרט געהערשט. אָבער ווי מונטער איז גאָרדאָנס שטים, וועלכע רופֿט און וועקט צו עבֿודת־אַדמה, וואָס איז דורך אים דערהויבן געוואָרן צו דער מדרגה פֿון עבֿודת־הבורא. ער איז ניט געווען דער ערשטער וועקער צו דער מזל־ברכה, וועלכע ס׳איז צו האָפֿן פֿון דער סאָכע. אָבער ער איז געווען אײנציקאַרטיק מיט זײַן באַגרינדן און באַזינגען דעם נײַעם בונד צווישן דעם אדם־מישׂראל און דער נאַטור. זײַן געדאַנק טיף און אַלוועלטלעך, קאָסמיש — אַ באַליבטער אויסדרוק זײַנער — האָט זיך אײַנגעגראָבן אין דער ייִדישער ערד און פֿון דאָרט אַוועקגעפֿלויגן אין די ווײַטע הימלען. אַ סך קרוינען לאָזן זיך אָנמעסטן אויף דעם דאָזיקן ניט־געקרוינטן און פּשוטן, ביז תּכלית־הפּשטות, ייִד, וועלכער האָט זיך אויסגעטאָן פֿון אַלע מענטשלעכע חפציות און הבֿלים. ער איז געווען דער חכם־הדור און צדיק־הדור, דער גרויסער שליח און עמוד־האור פֿון זײַן דור. ניט קיין אַנדערער, אַפֿילו ניט אַחד־העם, האָט איבערגעלאָזט, ווי ער נאָך זיך, אַזוי פֿיל קלאָרע ווערטער, הן שלאָג־ווערטער הן דערמוטיקנדיקע טרייסט־ווערטער, און טאַקע חידושי תּורה אין דער ספֿערע פֿון מעטאַפֿיזישן און רעליגיעזן דענקען. וואָס ס׳איז דאָ אין אוצר־המחשבה פֿון דעם נײַעם ארץ־ישׂראל ערלעכס און דורכדרינגענדס און מעסט תּהומות, איז זײַנס, אָדער גייט פֿון זײַן מקור. אויף אים האַלט זיך דער ישׂראלדיקער געדאַנקען־גאַנג אין זײַנע איבערשטע שטאָקן. סע שאַט ניט, כאָטש ס׳איז זייער פֿאַרדראָסיק, וואָס גראָד איצט, אין דעם פֿיבער פֿון בויאונג, שטייט זײַן חכמה אין אַ זייט. אַ צײַטווײַליקע הפסקה. גרויסע גײַסטער אײַלן זיך ניט. האָבן געדולד. אַפֿילו ווען מע שטעלט זיי אַוועק אין אַ ווינקל זײַנען זיי סאַמע אינמיטן.

פֿאַרשטייט זיך, גאָרדאָן האָט געהאַלטן אין איין טענהן: לא נביא ולא בן נביא אני. וואָס בין איך פֿאַר אַ שרײַבער? וועגן זײַן נבֿיאישן בליק קענען קיין חילוקי־דעות ניט זײַן. ווי אַ שרײַבער איז ער געווען אַ מעין הנובע. רעדט ער וועגן מענטש און נאַטור, מאַכט ער דעם חשבון פֿון פּרט און כּלל, לאָזט ער זיך אַרײַן אין דער סוגיא פֿון יחיד און רבים, פֿאָלק און מענטשהייט, איז ער ווי אַ טײַך, וואָס צעפֿליסט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט. אפֿשר טאַקע ווי יענער טײַך אויף די ברעגעס פֿון וועלכן ער האָט געשפּאַצירט פֿאַרטיפֿט אין מחשבות, בשעת דער פֿרײַער צײַט פֿון דער גוראַלניע. ער וואָלט אָבער ניט געווען קיין עכטער

צוגעקומענער צום אוקראַיִניש־ייִדישן שבט, ווען ער וואָלט אויף זיך אָנגעמאָסטן בדחילה ורחימו די שרײַבערישע קרוין. אַן אונדזעריקער ווערט בלאָס, ווען מע וואַרפט אים אויף, אַז ער איז גאָר אַ שרײַבער, אַ רעדנער, אָדער אַן אַנדער מין גברא־רבא. וואָס איז עפּעס? סתם אַ ייִדישער מענטש איז ווייניק?

יוסף אַראָנאָוויטש איז געבוירן אין אַ דאָרף לעבן בערשאַד. ער איז כּולו אוקראַיִניש־יידיש און דערצו אויך דאָרפיש. דער גרינדער און יאָרלן־לאַנג דער רעדאַקטאָר פון דער וואָכנטלעכער צײַטונג הפּועל הצעיר, וועלכער איז אין איר בראשית־צײַט געווען אַ סך מער ווי סתם אַ צײַטונג. זי איז געווען אַ פעסטונג און אַ שולע, אין וועלכער ס'האָט זיך אַרויסגעקאָוועט די נײַע ווערטן פון דער אַרבעטנדיקער ארץ־ישראל. זי איז געווען די דערציאונגס־אַנשטאַלט פון די נײַע מאַסן צו מעסטן וועלט און מענטש, ערד און אַרבעט, פאָלק און ייִדישער מעמד צווישן די פעלקער, עבר און הוה. אַראָנאָוויטש איז געווען דער ראש־המדברים און אויך דער ראש פון דעם הײַפל מענטשן, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט דעם קאַמף פאַר די רעכט פון דעם יידישן אַרבעטער צו באַקומען זײַן חלק מי און פראַצע אויף ייִדישער ערד אונטער אַ ייִדישן הימל. יש קונה עולמו בשעה אחת און יש קונה עולמו בתקופה אחת. יוסף אַראָנאָוויטש האָט זיך קונה עולמו געווען, ווײַל ער איז אָנגעקומען פונקט אין לאַנד אַרײַן אין אַ בראשית־צײַט. ער איז געווען אין זײַן תקופה דער ריכטיקער מענטש אויף דעם ריכטיקן פלאַץ אין דער ריכטיקער צײַט; דערבײַ האָט ער אויך אַלע מאָל געזאָגט אין יענער תקופה דאָס ריכטיקע וואָרט. געוויס איז דאָס אויך אַ מזל־זאַך צו זײַן דער ערשטער און דער ריכטיקער. אָבער מיט מזל אַליין מאַכט מען נאָך ניט אַלץ. צו מזל מוז זײַן אַ בר־מזל, היינו, אַ בר־הכי, דאָס מיינט, אַזאַ איינער וועלכער קען פאָרן רײַטנדיק אויף דעם פערד־מזל. וואָס העלפט אַ פערד דעם, וואָס קען ניט רײַטן? אַראָנאָוויטש האָט מיטגעבראַכט פון זײַן דאָרפישקייט, פון זײַן שטילן און פאַרוואָרפענעם אוקראַיִנישן ווינקל, אַ טיפע אינערלעכע שטילקייט, וועלכע איז זייער אָפט געקניפּט און געבונדן מיט אַ שׂכל־הישר, האָט ניט פאַרמאָגט דעם אָדלער־פלי פון גאָרדאָנען, אָבער אין אַ געוויסער בחינה איז זײַן ניט־פליאיקייט געווען אַ צורך־הזמן ווי אַ קעגנגעוויכט צו גאָרדאָנס שפּרינגען אין הימל אַרײַן. ער איז געווען אי אַן אויסטײַטשער פון גאָרדאָנס ברייט צעצווײַגטע אידעען, אי אַן אײַנצוימער פון זיי, כּדי זיי אַרײַנצופּאַסן אין די ערדישע ראַמען. ניט נאָר אָדלער־גייסטער בויען די וועלט. דאָס פאָלק מוז האָבן אַלע מאָל אַ זעלבשוץ קעגן זײַנע פײַערדיקע גײַסטער, וועלכע ברענען און בראָטן. דער שטילער דורכגעטראַכטער און אידעאַליסטיש־פּראַקטישער אַראָנאָוויטש האָט אָפט געדעמפט די איבערגעטריבן צעפלאַקערטע התלהבות און זי מזווג געווען מיט די טאָג־טעגלעכע באַדערפענישן. אַראָנאָוויטש האָט געהאַט די זכיה צו זײַן אַ ראשון און אַ טרײַער געראָטענער פירער אין זײַן צײַט. ער איז געוואָרן דאָס אַ דאַנק דער פשטות און וואָכעדיקער יום־טובדיקייט, פאָרזיכטיקער תקיפות און דער באַשיידענער הנהגה, וועלכע ער האָט געהאַט בירושה פון דעם צניעותדיקן אוקראַיִנישן־ייִדישן שבט. די קרוין־מעלה זײַנע, ווי אויך גאָרדאָנס, איז די התנהגות על טהרת הפשטות, ניט מאַכן פון זיך קיין ווען און אַנטלויפן אַהין וואו דער פעפער וואַקסט פון טראָגן אַ וועלכע ס'איז זשופּיצע. אוקראַיִנער ייִדן זײַנען ניט געווען קיין שבת־יום־טובדיקע ייִדן, על־כּל־פּנים ניט לויט זייער חיצוניות. זייער גאַנצער שניט איז אַן אַנדערער. אַ משפּחה. און ווען מע איז אין דער משפּחה, פּוצט מען זיך דען אויס און מע שטעלט זיך אַוועק פאַרן שפּיגל?

מײַן פעטער נחום, איין מאָל דאָ אים שוין דערמאָנט, אָבער צו ווייניק, ניט ווי ס'איז דאָ צו דערציילן וועגן אים, מחמת ס'איז מיר זייער ענג אין פלאַץ, האָט טאַקע געהאַלטן, אַז גאַנץ פּאָדאָליער גובערניע איז ווי איין שטאָט. געווען איז ער אַ ייִד אַן אָרעמאַן, אַרומגעפאָרן אַלע יאָרן אויף יאַרידים, אַ תּקיף בדעתו און אַפּנים אַ גרויסער בעל־זכּרון, זיך אומעטום געמישט און אַלץ איז אים אָנגעגאַנגען, אויך יעטוועדער. געזען איינעם איין מאָל האָט ער אים אויסגעפרעגט ווער ער איז, פון וואַנעט ער שטאַמט, ווער זײַן טאַטע איז, זײַן זיידע, זײַנע פעטערס און מומעס. אַזוי אַרום האָט זיך בײַ אים אָנגעקליבן אין זכּרון במשך פון יאָרן אַ גובערניע אַ גאַנצע מיט יידן. וואו ער איז געקומען אויף אַ יאַריד, אין אַ בית־מדרש, גלאַט אין אַ שטוב, אין אַ פרעמדער שטאָט, האָט ער יעדן איינעם גענומען אויסרעכענען דעם יחוס ביז זײַן עלטער־ און עלטער־זיידן אַרײַן. ער איז געווען אַזוי צו זאָגן אַ לעבעדיקער קאַטאַלאָג און אַדרעסן־אָנווײַזער פון גרויסע שטרעקעס אין אונדזער געגנט. מע האָט געזאָגט אויף אים, אַז בײַ אין אים בוזעם־קעשענע זײַנען אָנגעזאַמלט גאַנצע ייִדישע קהילות. מײַן פעטער נחום איז אין די אומקום־יאָרן פון טויזענט נײַן הונדערט אַכצן אין די פּאָגראָמען אויף אוקראַיִנע, אַוועק פון דער וועלט.

מיט אַ ווינקל פון אַן אויג האָב איך אַרײַנגעבליקט אין זײַנער אַ בוזעם־קעשענע און אַלץ וואָס כ'האָב דאָ וועגן מײַנע אוקראַיִנער ייִדן דערציילט איז ניט מער ווי אַ קאַפּעטשקע פון דעם וואָס איך האָב פון מײַן פעטער איבערגענומען.

מ. אשעראוויטש

# א היסטארישער דאקומענט פון דער תקופה ת״ח ות״ט

## א

איבער דעם, וואס ביים שרייבן וועגן דעם לעבן פון די יידן אין אוקראינע אין יענע צייטן פון פאר און אויך פון נאך דעם חורבן פון די גזירות ת״ח ות״ט איז געוועזן אזוי פיל צו דערציילן און אזוי פיל אויף וואס זיך צו באקלאגן פאר גאט און פאר דער וועלט אויף די מוראדיקע שחיטות, וואס כמעלניצקיס קאזאקן־באנדעס האבן געמאכט אויף יידן אין די אלע שטעט און שטעטלעך וואוהין זיי זיינען אריין אין זייער אויפשטאנד קעגן פוילן, האבן מיר ניט־גענוג מאטעריאלן, וואס זאלן ווי געהעריק באלויכטן דאס געוויינלעכע טאג־טעגלעכע לעבן פון יענער צייט און געבן א קלארן באגריף וועגן דעם.

אבער מע האט דאך געוואוסט און מע האט זיך עס לייכט געקענט פארשטעלן, אז פונקט ווי אין אנדערע לענדער און מדינות, האבן די יידן אין אוקראינע דעמאלט אין זייער פרומקייט אויך געגלייבט אין גאט און אפגעהיט זיין געבאט;

און געגאנגען אין שול אריין דאווענען איז מען געגאנגען ניט נאר אין די טעג פון שבת און יום־טוב, נאר אויך אין דער וואכן;

און מע האט אמאל אויך געקענט קומען אין בית־המדרש און זיך דארט אוועקזעצן אפלערנען א פרק משניות און אפילו אויך א בלאט גמרא;

און אז מע האט חתונה געמאכט א קינד, א זון אדער א טאכטער, איז דאס אוודאי געווען כדת משה וישראל און דעם רב אליין וואלט זיכער קיין מאל אפילו אויף דער מינדסטער מחשבה ניט געקענט קומען אזא געדאנק, אז אפשר איז דא דאך ניט אלץ אינגאנצן כשר;

און ווען עס איז געבוירן געווארן א ייִנגל, איז געווען א גדולה אין שטוב און מע האט געפראוועט א ברית אויף אזא שטייגער, אז מע זאל דאס האבן צו געדענקען און מע האט געטרונקען „לחיים״ און די שמחה איז געווען גרויס און מע האט געווינטשעוועט טאטע־מאמע, אז זיי זאלן מגדל זיין דעם זון לתורה ולחופה ולמעשים טובים און האבן נחת פון דעם וואס ער וועט אוודאי זיין א רב ביי יידן;

און אויב עס איז געווען א מיידל, איז דער מאן די ערשטע צייט ארומגעגאנגען אין שטוב ווי א ברוגזער קלעזמער, אבער דאס איז פונדעסטוועגן דאך נישט געווען געפערלעך, ווייל אין דער זעלבער צייט ווען ער, און נאך אזעלכע ווי ער, זענען ארומגעגאנגען ווי די ברוגזע קלעזמער און האבן זיך געבלאזן אליין ניט ווייסנדיק אויף וואס און אויף וועמען, זיינען אין יידישע הייזער אין אלע משפחות צוגעקומען נאך גיטעלעך און דאברישלעך, און פייגעלעך און טייבעלעך, און ברכה־לעך און נחמהלעך און נאך אנדערע שיינע יידישע מיידעלעך, וואס האבן זומער גאנצע טעג אויף אלע פריזבעס און פידאשעקעס זיך געשפילט אין וואס פאר א שפיל איר ווילט נאר אליין און זיי האבן אנגעפילט די גאסן מיט זייער ליבן קינדערישן געלעכטער און מיט זייער הארציקער קינדערישער פרייד.

עס איז אויך ארומגעגאנגען א געשיכטע, וואס האט ניט איין מאל, פונקט ווי אין א חלום, צונויפגעמישט די צייטן, וואס זיינען שוין לאנג אוועק, מיט די צייטן, וואס זיינען ערשט ניט לאנג צוריק געקומען. און אינאיינעם מיט דער געשיכטע איז אויך געגאנגען דער ניגון,וואס קלינגט עפעס יא באקאנט און ניט באקאנט און וואס איז אוודאי אלע מאל ערגעץ ארונטער פון וועג, אבער אים דאך ניט אינגאנצן פארלוירן און זיך ווידער אמאל און אבער אמאל ווייטער ארויפגעכאפט אויף אים.

מען האט דערציילט:

א פאר־פאלק, וואס האט קיין קינדער ניט געהאט, האט געלאזט שרייבן א ספר־תורה. און ווען מע האט דאס ספר־תורה אין בית־מדרש אריינגעפירט, איז דאס געווען א גרויסע שמחה און עס האבן זיך דערמיט געפרייט גרויס און קליין, ארעם און רייך. קלעזמער האבן געשפילט ווי אויף א חתונה, און א חזן האט געזונגען מיט משוררים. אזוי האט מע זיך אין יענער צייט געפירט אין אזא פאל. די גאנצע שטאט איז נאכגעגאנגען און איינער איז דעם אנדערן פארלאפן דעם וועג אנצוקוקן פון דער נאענט דאס יונגע ווייבל, וואס האט אין איר אויסגענייט מיט זיידענער וולישקע אויפן סאמעטענעם מענטעלע, וואס זי האט אויסגענייט פארן ספר־תורה, אריינגעגעבן דעם גאנצן טרויער, וואס האט זי גענאגט איבער דעם וואס זי קען קיין קינדער ניט האבן. זי האט געשפאנט מיט געמאסטענע טריט, דער אויסדרוק פונעם פנים האט זיך ביי איר געהאלטן אין איין בייטן. און

מענטשן, וואָס האָבן זי דאַן געזען, האָבן געזאָגט, אַז פּונקט אַזוי ווי ס׳איז ניט־שווער זיך פֿאָרצושטעלן, אַז אָט־אָט וועט זי גאָר פּלוצעם אויסשיסן אַ געוויין, אַזוי איז אויך געווען ניט־שווער זיך פֿאָרצושטעלן, אַז אָט וועט זי זיך גאָר אַ לאָז טאָן אין אַזאַ טאַנץ, אַז קוקנדיק אויף איר וועלן זיך אַלע צעטאַנצן און ס׳וועט זײַן ניט אײַנצונעמען זיי...

געזונגען האָט דער חזן מיט די משוררים „ישׂמח משה". אַזוי איז געווען אײַנגעפֿירט אין אַזאַ פֿאַל, און געמאַכט האָבן זיי דאָס אַזוי, אַז עס זאָל אין געזאַנג און אין שפּיל איבערגעגעבן ווערן וואָס ס׳איז פֿאָרגעקומען בײַם באַרג סיני בשעתן מתּן־תּורה. איינער פֿון די משוררים האָט זינגענדיק געפֿרעגט ווער ס׳איז דעמאָלט אַרויף צום הימל. און פּונקט ווי דאָס וואָלט געווען די פֿראַגע, אויף וועלכער זיי האָבן שוין לאַנג אַרויסגעקוקט, האָבן זיי, דער חזן מיט די משוררים, געגעבן אַ דערלאַנג דעם ענטפֿער מיט גרויס גדולה:

— משה, משה... משה, משה... משה עלה למרום... משה רבינו אַליין, הייסט עס, איז אַרויף צום הימל. און דאַן איז באַלד געקומען נאָך אַ פֿראַגע, און טאַקע פֿון דעם זעלבן משורר: — מע וויל וויסן וואו ער איז דאַן געשטאַנען?

און אויך דערויף איז געווען אַ פּאַרטיקער ענטפֿער:

— אַך, „בעמדו לפניך, אײַ־אײַ, על הר סיני".

און דאָ, ווי נאָר זיי האָבן דערהערט, אַז געשטאַנען איז ער דעמאָלט אויפֿן באַרג סיני, האָבן זיי אַלע אינאיינעם אונטערגעכאַפּט דעם צוזינג, וואָס איז שוין ווי פֿון לאַנג געלעגן בײַ אַלעמען אויף דער צונג:

— אײַ, ישׂמח משה, ישׂמח משה,
ישׂמח משה,
ישׂמח משה —
ישׂמח משה במתּנת חלקו...

אַ וועלט מיט פֿראַגעס האָט ער געהאַט צו שטעלן, דער משורר מיט דעם שיינעם קול, אין זײַן זיסן געזאַנג, וואָס האָט בײַם גאַנצן עולם אַזוי שטאַרק אויסגענומען, אַז די פֿרייד האָט זיך בײַ זיי אַלץ גרעסער און גרעסער צעוואַקסן, און געענדיקט האָט ער מיט דעם וואָס מע דאַרף דאָך וויסן ווי אַזוי מע האָט אים דאַן גערופֿן.

דערויף האָט דער ענטפֿער אויף זיך אַפֿילו קיין איבעריקע רגע ניט געלאָזט וואַרטן און ער איז געקומען מיט אַ גדולה:

— כּי עבד נאמן, אײַ־אײַ, קראת לו...

און דאָ ווידער דער גאַנצער עולם אַלע אינאיינעם:

„אײַ, ישׂמח משה... ישׂמח משה...
ישׂמח משה,
ישׂמח משה,
ישׂמח משה במתּנת חלקו..."

און אין די שבּתים און ימים־טובֿים איז מען געגאַנגען איינער צום אַנדערן אויף קידוש און בײַם טרינקען „לחיים" האָט מען פֿאַרהערט די ייִנגעלעך אין דער סדרה פֿון דער וואָך, און יעדער יום־טובֿ האָט זיך געהאַט זײַן ניגון, פּונקט ווי זײַנע אייגענע מאַכלים, אויף וועלכע די מאַמעס זײַנען געווען זייער גרויסע בריות.

און שׂמחת־תּורה האָט מען געטאַנצט אין די גאַסן, מע האָט זיך איינער דעם אַנדערן ווי אַ גרויסע מתּנה געטראָגן דעם גוט־יום־טובֿ אַקעגן, און ווען עס וואָלט דעמאָלט שוין געווען דאָס ליד, וואָס, ווי מיר וויסן, האָבן ייִדן געזונגען מיט אַ סך יאָרן שפּעטער און זיי זינגען אַ מאָל נאָך איצט אויך, וואָלטן זיי דאָס דעמאָלט זיכער געזונגען אַזוי, אַז עס וואָלט אויף אַזאַ שׂמחה אַוודאי אַרויסגעקומען נאָך מער לעבעדיק און פֿריילעך. און מע וואָלט גאָר ניט מיד געוואָרן דאָס צו זינגען נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל:

אײַ, וואָס מיר זענען, זענען מיר,
אָבער ייִדן זענען מיר,
און וואָס מיר טוען, טוען מיר,
אָבער אתרוג בענטשן מיר...

אַזוי האָט עס געקענט זײַן און עס וואָלט זיכער געשטימט מיט די אַנדערע ניגונים און לידער פֿון יענער צײַט.

אָבער ווי אינטערעסאַנט עס זאָל ניט זײַן דאָס וואָס מ׳קען זיך פֿאָרשטעלן וועגן דעם לעבן פֿון יענער צײַט, וואָס איז שוין לאַנג אַוועק און וועט זיך שוין אַוודאי מער קיין מאָל ניט אומקערן צוריק; און ווי נאָענט מען זאָל אין דעם ניט צוקומען צו דער ווירקלעכקייט, וואָס איז שוין אַרײַן אין דער געשיכטע, קען עס דאָך ניט געבן קיין קלאָרן באַגריף וועגן דעם אמתן ייִדישן לעבנס־שטייגער פֿון יענער צײַט, וועגן דעם תּוך דערפֿון, און עס קען אַוודאי אויך ניט געבן קיין קלאָרן באַגריף וועגן דעם ווי אַזוי עס האָט דערמיט דערפֿירט דאָס פֿאָלק צו דער אייביקייט, צו דעם נצח־ישׂראל, וואָס האָט אַרויפֿגעלייגט זײַן שטעמפּל אויף דעם ווײַטערדיקן קיום־האומה אין אַלע לענדער פֿון דער וועלט.

און עס איז דעריבער גוט וואָס דעם לעצטן קאַפּיטל פֿון זײַן ספֿרל יון מצולה האָט נתן־נטע האַנאָווער אין גאַנצן געווידמעט דעם ייִדישן לעבנס־שטייגער פֿון אוקראַיִנע אין יענער צײַט און ער האָט דאָרט וועגן דעם געגעבן אַ באַשרײַבונג, וואָס לייענט זיך באמת מיט גרויס אינטערעס און איז געבליבן אַ וויכטיקער היסטאָרישער דאָקומענט, פֿון וועלכן מע קען אַ סך לערנען.

און דאָס ווילן מיר דאָ איבערגעבן.

אָבער איידער איך קום דערצו, וויל איך מאַכן אַ באַמערקונג, וואָס וועט געוויס זײַן ניט־איבעריק:

צווישן די, וואָס גייען אַלע מאָל נאָר אויף גוט־אויסגעטראָטענע וועגן און זיי האָבן קיין מאָל ניט געהאַט דעם מוט צו שטעלן אַ פֿוס אויף אַ ניט־אויסגעטראָטענעם וועג, וואו זיי האָבן פֿריִער קיין מאָל קיין שפּאַן ניט געמאַכט, זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע, פֿון וועמען עס איז

מיר ניט איין מאָל אויסגעקומען צו הערן ווי מע באַשולדיקט מיך אין דעם וואָס גראָד אין אַזעלכע פֿאַלן, גראָד בײַם שרײַבן וועגן געשיכטע, אָדער וועגן דעם אופֿן ווי מען פֿאָרשט געשיכטע, באַנוץ איך זיך אָפּט מיט דעם נאָוועליסט אין מיר און איך שרײַב דאָרט בעלעטריסטיק...

דערויף וואָלט איך געקענט געבן אַן אויספֿירלעכן ענטפֿער, וואָס וואָלט זיך אַוודאי פֿאַרצויגן צו לאַנג. אָבער איך וועל עס דאָ דאָך מאַכן בקיצור.

עס שאַדט זיכער ניט געדענקען און האָבן אין זינען, אַז דער וואָס גיט זיך אָפּ מיט געשיכטע, דאַרף קודם־כּל וויסן ווי אַזוי צו דערציילן אַ געשיכטע און זי איבערגעבן אַזוי, אַז מען זאָל זיך דערמיט פֿאַראינטערעסירן. און ווען איינער שטויסט זיך דאָרט אָן אין אַ פֿאַסירונג, וועגן וועלכן די פֿאַקטן זײַנען צעוואָרפֿן אויף זיבן ימען און צעשפּרייט דאָ און דאָרטן און קיינער האָט זיך ביז איצט ניט גענומען די מי דאָס צונויפֿצונעמען אינאיינעם, צו פֿאַרקייטלען איינס מיטן אַנדערן אַזוי, אַז עס זאָל האָבן אַ זין און זאָל זײַן געבויט אויף די פֿאַקטן, וואָס האָבן פֿריִער אין זייער צעוואָרפֿנקייט גאָרניט געמיינט און גאָרניט געזאָגט; און ער שרײַבט וועגן דעם אַזוי, אַז עס זאָל זיך לייענען מיט גרויס אינטערעס און מען זאָל קענען זען ווי עס וואַקסט אויס אַ בילד פֿאַר די אויגן, איז דאָס אַוודאי אַ גרויסע מעלה און ניט קיין חסרון...

אַ חסרון — און טאַקע גאָר אַ גרויסער חסרון — איז דאָס נאָר דאַן ווען ער שרײַבט וועגן דעם נודנע, לאַנגווײַליק, טרוקן, האַרט, סקוטשנע, קאַזיאַנע און ער רופֿט בײַם לייענער ניט אַרויס קיין אינטערעס צו דעם וואָס ער שרײַבט, צו דעם וואָס ער גיט איבער...

דאָס איז אַ חסרון — אויב אַפֿילו דער שרײַבער אַליין רעדט זיך אײַן, אַז טאַקע דערפֿאַר וואָס ס'איז אַזוי טרוקן, אַזוי לאַנגווײַליק און אַזוי נודנע, איז דאָס ריינע „וויסנשאַפֿט“.

## ב

איצט קומען מיר דאָ צו דעם דאָקומענט, וואָס הייבט זיך אָן, אין טאָן און אין סטיל, ווי אַ שיעור, וואָס מע זאָגט אין בית־המדרש. אין אַזאַ געמיט פֿאַלט מען אַרײַן אַזוי שנעל ווי מע הייבט עס נאָר אָן לייענען. און עס וואָלט געווען, דוכט זיך מיר, אַ גרויסע עוולה דאָ איצט ניט צו ברענגען כאָטש דעם ערשטן פּאַראַגראַף אין דער אָריגינעלער שפּראַך, וואָס רבי נתן־נטע האַנאָווער האָט עס אָנגעשריבן — אויף העברעאיש, אין דער שפּראַך אויף וועלכער עס איז, ווי עס ווערט אָנגעגעבן, אין ת״י״ג לפּ״ק, דאָס הייסט אין 1653, דאָס ערשטע מאָל אַרויס פֿון דרוק זײַן ספֿר יון מצולה. אין דער שטאָט ווענעציע, וואָס אין איטאַליע, האָט ער דאָס ספֿר זײַנס אָפּגעדרוקט. ער איז דעמאָלט דאָרט געווען אַן אַנטלאָפֿענער פֿון די כמעלניצקי־שחיטות אין אוקראַיִנע. עס זײַנען דעמאָלט אין איטאַליע געווען גענוג אַזעלכע ייִדן, וואָס זײַנען אַנטלאָפֿן פֿון די כמעלניצקי־שחיטות אין אוקראַיִנע. זיי האָבן זיך איבער אַ סך לענדער אַרומגעשלעפּט און זיי זײַנען שטענדיק געווען גרייט צו לויפֿן ווײַטער. אָבער בעת די אַנדערע האָבן זיך איבער דער וועלט אַרומגעשלעפּט מיט זייערע אייגענע צרות און יסורים און מיט זייער אייגענער שרעק, האָט ר' נתן־נטע האַנאָווער זיך דאַן אַרומגעשלעפּט איבער דער וועלט מיט די צרות און יסורים און אויך מיט דער שרעק פֿון דעם גאַנצן ייִדישן פֿאָלק...

בילעכווײַז און אַזוי אַז ס'איז גאָר אוממעגלעך געווען צו באַמערקן וואָס און ווי אַזוי עס איז געקומען, איז דער געדאַנק אָנצוהייבן מיטן ערשטן פּאַראַגראַף פֿון דעם העברעאישן טעקסט, וואָס הייבט זיך אָן ווי אַ שיעור אין בית־המדרש, געוואָרן בײַ מיר עפּעס אַזוינס, וואָס איך האָב גענומען באַטראַכטן ווי אַ חוב פֿון אַ ייִדישן שרײַבער, וואָס קומט פֿון אוקראַיִנע, צו דעם היסטאָריקער און גרעסטן כראָניקער, רבי נתן־נטע האַנאָווער, וואָס האָט נאָך מיט אַזויפֿל יאָרן צוריק באַשריבן דעם גרעסטן אומגליק, וואָס האָט געטראָפֿן די ייִדן פֿון אוקראַיִנע. און באַשריבן האָט ער דאָס דעמאָלט מיט אַזויפֿל האַרץ און נשמה, אַז ס'האָט זיך דערנאָך אין יעדער שורה פֿון זײַן ספֿר געפֿילט, וואָלטן מיר זייער געוואָלט, אַז אַלע אונדזעריקע ייִדן, די וואָס קענען ייִדיש און זײַנען פֿאַראינטערעסירט אין ייִדיש, זאָלן איצט דעם דאָקומענט לייענען און אָפּלערנען פֿון דעם וואָס מע דאַרף און וואָס מע קען, אַז עס זאָל אין לעבן פֿון פֿאָלק צו נוץ קומען אויף שפּעטער. גייען מיר דאָ באַלד איבער פֿון דעם העברעאישן אָריגינאַל צו דער ייִדישער איבערזעצונג פֿון לאַצקי־בערטאָלדי און פֿון אַנדערע. געמאַכט די איבערזעצונג האָט לאַצקי־בערטאָלדי אין קיִעוו, אין דער הויפּטשטאָט פֿון אוקראַיִנע, און דאָס איז געווען נאָך אין 1920, אין די צײַטן פֿון פּעטלורע און דעניקין. אָבער אַרויסגעגעבן האָט מען עס ערשט מיט יאָרן שפּעטער, אין 1938. עס האָט דאָס אַרויסגעגעבן דער ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט אין ווילנע און אָפּגעדרוקט האָט מען דאָס אין דעם בוך גזרות ת״ח, וואו ד״ר יעקב שאַצקי האָט געהאַט זײַן גרעסערע אַרבעט היסטאָריש־קריטישער אַרײַנפֿיר צום יון־מצולה, וואָס האָט אַרויסגערופֿן שאַרפֿע קריטיק

קעגן אים אין דער ייִדישער פּרעסע. מע האָט דעמאָלט געדאַרפט האַלטן אַן אויג אויף יענע ייִדן, וואָס האָבן זיך אויף אַלע געמאַרקן דערקלערט אין ליבע דעם ייִדישן פאָלק, אָבער דאָס איז בײַ זיי אַרויסגעקומען ניט פון דעם האַרצן, נאָר פון עלנבויגן. אַזאַ צײַט איז דאָס דעמאָלט געווען. און מער ווי אויף אַלע אַנדערע האָט מע געדאַרפט האַלטן אַן אויג אויף די אַזוי גערופענע „אָביעקטיווע היסטאָריקער" זייערע, וועלכע זײַנען געווען גרויסע בריות צו פאַרשטעלן און צוצודעקן די גאַנצע אַנטיפּאַטיע זייערע צו ייִדן און צו ייִדישע טראַדיציעס מיט זייער איבערגעטריבענער סימפּאַטיע צו ייִדיש ווי צו אַ שפּראַך...

און ווער ווייסט, עס קיין זײַן, אַז גראָד פון זיי האָט אַזאַ שרײַבער ווי לאַצקי־בערטאָלדי מער ווי פון אַלע אַנדערע זיך אין יענער צײַט געוואָלט אָפּזונדערן און עס איז שוין פאַר אים ניט געווען גענוג זיך אונטערצושרײַבן גלאַט לאַצקי־בערטאָלדי און ער האָט אַכטונג געגעבן, אַז זײַן נאָמען זאָל זײַן אָנגעגעבן אין פולן — זאב וואָלף בר רבי אליהו לאַצקי־בערטאָלדי. (זען אויך ד"ר שמעון פעדערבושס אַרבעט פּוילן, דער תורה־צענטער פון וועלט־ייִדנטום, געדרוקט אין יאָרבוך א' פון דער וועלט־פעדעראַציע פון פּוילישע ייִדן, אַמעריקאַנער עקזעקוטיווע, ניו־יאָרק, תשכ"ד, 1964. רעדאַקטאָר ד"ר שמעון פעדערבוש.)

און עס וועט דאָ אַוודאי אויך ניט זײַן איבעריק צו ציִען די אויפמערקזאַמקייט פון די לייענער, אַז אַלע מאָל, ווען האַנאָווער דערמאָנט אין זײַן ווערק „מדינת פּוילן", מיינט ער ניט שטענדיק די פּוילן ווי מיר פאַרשטייען דאָס איצט, נאָר ער מיינט בפירוש אוקראַיִנע, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ טייל פון פּוילן און האָט אַזאַ גרויסע און וויכטיקע ראָל געשפּילט.

דאָס איז קלאָר פון די שטעט, וואָס ווערן אין אַזאַ פאַל אין שײַכות דערמיט דאָרט דערמאָנט. דאָס קען מען זען אין די געגנטן, וואָס ווערן אין אַזאַ פאַל דאָרט אָנגעגעבן אין פאַרבינדונג מיט דעם...

## ג

ווי אַ גרויסער למדן, וואָס האָט נאָך פון פריִער אַלץ פאַרטיק אין קאָפּ, הייבט האַנאָווער אָן גלײַך פון עיקר. ער זאָגט:

דאָמרינן במסכת אָבות שמעון הצדיק היה משירי אַנשי כנסת הגדולה. הוא היה אומר: „על שלשה דברים העולם עומד, על התורה ועל העבודה ועל גמילת חסדים". רשב"ג (רבי שמעון בן גמליאל) אומר, „על שלשה דברים העולם קיים, על הדין ועל האמת ועל השלום". כל אלה ששה עמודים שהעולם עומד עליהם נתקיימו במדינת פּוילן.

אַזוי גייט אין מסכתא אָבות:

שמעון הצדיק איז געווען פון די פאַרבליבענע פון דער כנסת־הגדולה, פלעגט ער זאָגן: אויף דרײַ זאַכן האַלט זיך די וועלט: אויף תורה, אויף עבודה און גמילת־חסדים. רבן שמעון בן גמליאל ווידער זאָגט: אויף דרײַ זאַכן האַלט זיך די וועלט: אויף דין, אמת און שלום. אָט די דאָזיקע זעקס זײַלן, וואָס אויף זיי האַלט זיך די וועלט, זײַנען אַלע מקוים געוואָרן אין דער מדינה פּוילן.

דער ערשטער זײַל, די תורה, איז גענוג באַוואוסט, מע דאַרף ניט ברענגען קיין ראַיות, אַז אין ערגעץ ניט, בכל תפוצות ישראל, איז ניט געווען אַזוי פיל תורה, ווי אין פּוילן. אין אַלע קהילות פלעגט מען אויסהאַלטן ישיבות און געבן אַ פולע שכירות דעם ראש־ישיבה, כדי ער זאָל זיך קענען אָפּגעבן מיט זײַן ישיבה אָן דאגות און זיך פאַרנעמען נאָר מיט דער תורה. און דער ראש־ישיבה פלעגט אַ גאַנץ יאָר ניט אַרויסגיין מפתח ביתו, סײַדן פון בית־מדרש אין שול אַרײַן, און ער איז געזעסן יומם ולילה און האָט עוסק געווען אין לערנען. און איטלעכע קהילה פלעגט אויסהאַלטן בחורים און זיי צאָלן וואָכן־געלט, אַז זיי זאָלן לערנען בײַ דעם ראש־ישיבה און פאַר יעדן בחור פלעגט מען אויסהאַלטן צוויי ייִנגלעך, אַז זיי זאָלן זיך בײַ אים אויסלערנען אויף אויסנווייניק גמרא, פּירוש רשי און תוספות פון דעם וואָס ער האָט מיט זיי געלערנט, כדי ער, דער בחור, דער לערנער, זאָל זיך צוגעוואוינען צו פּלפּול. און מען פלעגט די ייִנגלעך געבן עסן פון דער צדקה־פּושקע, אָדער פון דער קהלשער קיך, און אויב די קהילה האָט פאַרמאָגט ניט ווייניקער ווי פופציק בעלי־בתים, פלעגט זי אויסהאַלטן ניט ווייניקער ווי דרײַסיק בחורים און ייִנגלעך. איטלעכער בעל־הבית פלעגט האַלטן בײַ זיך איין בחור מיט צוויי ייִנגלעך; און הגם דער בחור פלעגט קריגן זײַן באַדערפעניש פון דער קהילה, פלעגט דער בעל־הבית אים צום עסן אַוועקזעצן בײַם טיש, פּונקט ווי זײַן זון און אים געבן עסן און טרינקען, וויפל ער האָט באַדאַרפט. און עס זײַנען צווישן די בעלי־בתים געווען אויך אַזעלכע, וואָס פלעגן אַפילו די ייִנגלעך אויך אַוועקזעצן צום טיש, און אַזוי פלעגן דרײַ פאַרשוין זײַן בײַ אים אויף קעסט אַ גאַנץ יאָר. און אין דער גאָרער מדינה פון פּוילן איז ניט געווען קיין איין שטוב, וואו מע זאָל ניט לערנען קיין תורה; אָדער דער בעל־הבית אַליין איז געווען אַ למדן, אָדער זײַן זון, אָדער זײַן אידעם זײַנען געווען למדנים, אָדער אַ בחור איז געווען בײַ אים אויף קעסט, און צײַטנווײַז איז דאָס אַלץ אין איינעם

געוועזן אין איין שטוב. זיי פלעגן מקיים זײַן אַלע דרײַ זאַכן, וואָס רבא האָט געזאָגט אין מסכתא שבת פ״א: ווער עס האָט ליב תּלמידי־חכמים, וועלן זײַנע זין זײַן געלערנט; ווער עס גיט אָפּ כּבוד צו תּלמידי־חכמים, וועלן זײַנע אידעמס זײַן לומדים; און ווער עס האָט מורא פאַר תּלמידי־חכמים, וועט ער אַליין זײַן געלערנט און מען וועט אים האַלטן פאַר אַ צורבא דרבנן.

און מחמת דעם טאַקע זיינען אין איטלעכער קהילה געוועזן אַ סך תּלמידי־חכמים. האָט אַ קהילה פאַרמאָגט פופציק בעלי־בתּים, זײַנען דאָרט געוועזן אַ צוואַנציק תּלמידי חכמים, וועלכע מען האָט געדאַרפט רופן ניט אַנדערש ווי מורנו, און דער ראש־ישיבה איז געוועזן איבער זיי אַלעמען, און די דאָזיקע תּלמידי־חכמים פלעגן זיך אונטערגעבן און גיין מיט הכנעה צו אים לערנען אין דער ישיבה.

און דאָס איז געוועזן דער לערנשטייגער אין דער מדינה: דער זמן איז געוועזן אין זומער, פון ראש־חודש אייר ביז ט״ו אין אָב, און אין ווינטער — פון ראש־חודש חשון ביז חמשה עשר בשבט; דענסטמאָל זײַנען די בחורים מיט די ייִנגלעך מחויב געוועזן צו לערנען בײַ דעם ראש־ישיבה אויפן אָרט, נאָר פון ט״ו בשבט אָדער ט״ו באָב האָבן די בחורים מיט די ייִנגלעך געהאַט רשות צו לערנען אין אַנדערע מקומות, וואו נאָר עס האָט זיך זיי פאַרוואָלט. פון ראש חודש אייר ביז שבועות און פון ראש חודש חשון ביז חנוכּה פלעגן די ישיבה־בחורים לערנען גמרא מיט פּירוש רש״י און תּוספות מיט גרויס התמדה, און פלעגן יעדן טאָג לערנען הלכה, דהיינו: איין עמוד גמרא מיט פּירוש רש״י מיט תּוספות, וואָס דאָס רופט זיך אַן הלכה, און אַלע תּלמידי־חכמים, לערנער און בחורים פון דער קהילה, ווער עס האָט נאָר געהאַט אין זיך אַ רוח פון תּורה, פלעגן גיין לערנען בײַ דעם ראש־ישיבה. ער, דער ראש־ישיבה, איז געוועזן דער איינציקער, וואָס איז געזעסן אויף אַ שטול און די אַנדערע, די תּלמידי־חכמים, לערנער און די ישיבה־בחורים, פלעגן אַלע שטיין אַרום אים, זיי פלעגן זיך מפלפּל זײַן אין הלכה, ביז ס'איז ניט אָנגעקומען דער ראש־ישיבה אַליין. דענסטמאָל פלעגן זיי פרעגן זייערע קשיות וועגן אַלצדינג, וואָס איז זיי געוועזן האַרב אין לערנען, און דער ראש־ישיבה פלעגט איטלעכן פאַר־ענטפערן זײַן קשיא. דערנאָך פלעגן אַלע אַנטשוויגן ווערן און דער ראש־ישיבה פלעגט אָנהייבן זאָגן וואָס ער האָט דאָס מאָל אויפגעטאָן אין הלכה, און נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעזאָגט וואָס ער האָט דאָ איצט מחדש געוועזן, פלעגט ער אָנהייבן זאָגן חילוק, דהיינו: ער פלעגט אַרויסקומען מיט קשיות אויף דער גמרא, אויף רש״י און אויף תּוספות, דאָרט, וואו זיי זײַנען סותר איי־נער דעם אַנדערן, און אויף די דאָזיקע קשיות און סתירות אין גפת (ראשי תיבות פון גמרא, פּירוש רש״י, תּוספות, אָדער: גמרא, פוסקים, תשובות) פלעגט ער געבן תּירוצים. נאָר אָט ווײַזט זיך אַרויס, אַז אויך די תּירוצים זײַנען סותר איינער דעם אַנדערן און עס בלײַבט נאָך אַלץ די זעלבע אַלטע קשיא, פלעגט ער אויף איר געבן אַן אַנדער תּירוץ, ביז די הלכה איז ניט געוואָרן קלאָר און לויטער. מען איז זומער קיין מאָל ניט אַרויס פון דער ישיבה פריִער ווי נאָכמיטאָג. און פון שבועות, אָדער פון חנוכּה און ווײַטער פון פסח ביז ראש־השנה, פלעגט דער ראש־ישיבה זיך קיין סך ניט אָפּ־געבן מיט זאָגן חילוק און ער פלעגט מיט די תּלמידי־חכמים לערנען פוסקים, אַרבע טורים מיט דערקלערונ־גען און מיט די בחורים פלעגט ער דעמאָלט לערנען אַלפס און אַנדערע ספרים, און אויף יעדן פאַל, ווי אַ זאַך מאַכט זיך, פלעגט מען אויך לערנען גמרא, פּירוש רש״י און תּוספות ביז אין אָב אָדער ט״ו אין שבט, און פון דענסטמאָל אָן און ווײַטער, ביז פסח אָדער ביז ראש־השנה, פלעגט מען זיך פאַרנעמען נאָר מיט פוסקים און אַנדערע ספרים.

עטלעכע וואָכן פאַר ט״ו אין אָב אָדער ט״ו אין שבט פלעגט דער ראש־ישיבה מכבּד זײַן די ישיבה־בחורים מיט זאָגן חילוקים אויף זײַן אָרט, סײַ פאַר די תּלמידי־חכמים פון דער קהילה, סײַ פאַר די בחורים, און זיי פלעגן זאָגן די חילוקים און דער ראש־ישיבה פלעגט זיך צוהערן און זיך מפלפּל זײַן מיט זיי, כּדי די ישיבה־בחורים זאָלן זיך שאַרפן די מוחות אין הלכה, און מען פלעגט לערנען אין דער גאָרער מדינה פוילן צו איין מסכתא לויט דעם סדר פון די זעקס סדרים.

און איטלעכער ראש־ישיבה האָט בײַ זיך געהאַט אַ שמש, וואָס פלעגט אַרומגיין טאָג־אײַן טאָג־אויס פון איין חדר אין אַנדערן, בכדי אַכטונג צו געבן, אַז די ייִנגלעך, סײַ אָרעמע, סײַ רײַכע, זאָלן ניט גיין אויף די וועגן פון די, וואָס ווערן געגאַרניקעס אין לערנען, און ער פלעגט זיי אַלע טאָג פון דער וואָך אָנזאָגן מיטן האַרבן וואָרט, אַז זיי זאָלן זיך ניט אַרומשלעפּן איבער די גאַסן און זיי זאָלן בעסער לערנען מיט גרויס חשק, מיט התמדה. און יעדן דאָנערשטיק פלעגן די ייִנגלעך זײַן מחויב זיך צונויפצוקומען און אַלע אינאיינעם אַוועק־גיין צו דעם גבאי, וואָס איז געוועזן דער ממונה אויף דער תּלמוד־תּורה, און ער, דער גבאי, פלעגט זיי אויס־פרעגן וואָס זיי האָבן געלערנט הײַנטיקע וואָך. און טאָ־מער פלעגט איינער ניט וויסן וואָס ער האָט געלערנט, אָדער ער פלעגט זיך טועה זײַן אין עפּעס, האָט אים דער שמש דערפאַר געגעבן שמיץ, לויט ווי דער גבאי האָט געהייסן, און מע פלעגט אים אַ חוץ דעם שטאַרק מבייש זײַן פאַר די אַנדערע ייִנגלעך, בכדי עס זאָל אים פאַרבלײַבן אין זכרון און ער זאָל שוין די אַנדערע וואָך לערנען בעסער.

און יעדן פרײַטיק פלעגן די ייִנגלעך זיך צונויפ־קומען בײַ דעם ראש־ישיבה און ער האָט זיך אויך איבערגעפרעגט וועגן דעם וואָס זיי האָבן געלערנט הײַנטיקע וואָך. פאַר דעם האָבן די ייִנגלעך שטאַרק מורא געהאַט און זיי האָבן דעריבער גוט אַרײַנגענומען

אין זינען דאָס וואָס זיי האָבן געלערנט. אויך אין די שלושת ימי הגבלה, אָדער אום חנוכה, פֿלעגן די ייִנגלעך מוזן איבערחזרן אַלצדינג וואָס זיי האָבן געלערנט פֿאַרן זמן, און דערפֿאַר פֿלעגן די פּרנסים פֿון דער קהילה געבן די ייִנגלעך מתּנות אַ געוויסן סכום געלט.

אָט אַזוי האָט מען זיך נוהג געווען פֿון ט״ו אין אָב ביז ט״ו אין שבט. דערנאָך פֿלעגט דער ראש־הישיבה מיט אַלע זײַנע בחורים און ייִנגלעך פֿאָרן אויפֿן יאַריד, צום מאַרק־טאָג, זומער פֿלעגט מען פֿאָרן אויף יאַראָסלאַווער יאַריד, און ווינטער אויף לוואָווער און לובלינער יאַרידן. און דאָרטן, אויף די יאַרידן, האָבן די בחורים און ייִנגלעך געהאַט רשות צו לערנען אין וואָס פֿאַר אַ ישיבה זיי האָבן נאָר געוואָלט, און אויף יעדן יאַריד פֿלעגן זיך צונויפֿקומען עטלעכע הונדערט ראשי־ישיבות און עטלעכע טויזנט בחורים און צענדליקער טויזנטער ייִנגלעך, און ייִדישע סוחרים און גויים, להבדיל, ווי זאַמד אויפֿן ברעג פֿונעם ים, וואָרעם פֿון אַלע עקן וועלט פֿלעגט מען זיך צונויפֿקומען אויפֿן יאַריד, און ווער עס האָט געהאַט אַ זון אָדער אַ טאָכטער אויף חתונה מאַכן, פֿלעגט פֿאָרן אויפֿן יאַריד און זיך משדך זײַן, וואָרעם איטלעכער האָט דאָרטן געפֿונען זײַן גלײַכן און זײַן פּאָר. אָט אַזוי פֿלעגן זיך מאַכן עטלעכע הונדערט חתונות אויף יעדן יאַריד און אַ מאָל אין די טויזנטער אַרײַן. און ייִדן, סײַ מאַנסבילן, סײַ פֿרויען, פֿלעגן קומען אויפֿן יאַריד אָנגעטאָן אין בגדי־מלכות, וואָרעם זיי זײַנען געווען חשובֿ אָנגעזען בײַ דער רעגירונג און בכלל בײַ די גויים. אַ סך ייִדן זײַנען דעמסטמאָל געווען אין פּוילן, ווי די זאַמד בײַם ברעג ים. און הײַנט, בעוונותינו הרבים, זײַנען זיי ווייניקער געוואָרן, זאָל דער אייבערשטער זיך דערבאַרעמען אויף זיי.

און דעם ראש־ישיבה פֿלעגט די קהילה אָפּגעבן גרויס כּבֿוד, און צו זײַנע ווערטער פֿלעגן זיך אַלע צוהערן, סײַ אָרעם, סײַ רײַך. קיינער האָט זיך ניט דערוועגט צו ווידערשפּעניקן, און אָן אים פֿלעגט קיין זאַך ניט אָפּגעטאָן ווערן; ווי ער האָט געזאָגט, אַזוי האָט געמוזט בלײַבן. און אין זײַנע הענט האָט ער געהאַט אַ שטעקן און אַ רצועה אויף צו שלאָגן, שטויסן און מבייש זײַן אַלע זינדיקע, ער האָט געהאַט רשות צו מאַכן תּקנות, פֿאַרצוימען און פֿאַרווערן, און פֿאַרקערט, אויך מתּיר זײַן אַן איסור. און פֿונדעסטוועגן האָט מען אים ליב געהאַט, דעם ראש־ישיבה. ווער עס האָט נאָר געהאַט אין זײַן פֿאַרמעגן געשטאָפּטע עופֿות, צי גוטע פֿיש, פֿלעגט ער מכבד זײַן דעם ראש־ישיבה מיט אַ העלפֿט דערפֿון, אָדער גאָר אינגאַנצן, און אויך מיט אַנדערע מתּנות, געלט, צי זילבערנע און גילדענע חפֿצים אָן אַ שיעור, אויך אין שול, ווער עס פֿלעגט קויפֿן מצוות, האָט מכבד געווען דערפֿון דעם ראש־ישיבה, און ס׳איז געווען אַ חובֿ, אַז דער ראש־ישיבה האָט געמוזט קריגן שלישי אום שבת און דעם ערשטן טאָג יום־טובֿ אויף יעדן פֿאַל. און טאָמער איז דער ראש־ישיבה געווען אַ כּוהן אָדער אַ לוי, פֿלעגט ער מוזן זײַן כּוהן, צי לוי, אָדער ער האָט געקראָגן אַחרון, הגם עס זײַנען אין שול אַ סך כּוהנים און לוויים, געבליבן דער אייבערשטער, און קיינער פֿלעגט שבת און יום־טובֿ ניט אַרויסגיין פֿון שול, איידער סע פֿריִער ניט אַרויסגעגאַנגען דער ראש־ישיבה, דערנאָך די ישיבֿה־בחורים און דערנאָך שוין גאָר דער קהל, וואָס פֿלעגט אים באַגלייטן ביזן שטוב אַרײַן, און יום־טובֿ פֿלעגט דער קהל אַרײַן אין שטוב, אים מקבל־פּנים זײַן. אָט דערפֿאַר האָט צווישן די תּלמידי־חכמים שטענדיק געהערשט עפּעס אַ מין קנאת־סופֿרים און זיי האָבן געלערנט מיט גרויס התמדה, כּדי צו דערגרייכן די מדרגה פֿון אַ ראש־ישיבה אין וואָסער ס׳איז קהילה, און אויב אַפֿילו זיי האָבן די ערשטע צײַט געלערנט שלא לשמה, האָבן זיי דערנאָך אָנגעהויבן לערנען לשמה, און דאָס גאַנצע לאַנד איז געוואָרן פֿול מיט וויסן.

אַזוי ווערט אין האַנאָווערס ספֿרל באַשריבן ווי עס האָט בײַ די ייִדן פֿון אוקראַיִנע געהאַלטן מיט לערנען און וויסן אין די יאָרן פֿון פֿאַר די כמעלניצקי־שחיטות, און עס שאַפֿט זיך דערפֿון אַ קלאָר בילד פֿון דעם וואָס זיי האָבן אַפֿילו אין גאָר שווערע צײַטן געטאָן, כּדי גײַסטיק אויף שטענדיק צוצובינדן צו זיך און צום תּוך פֿון קיום די דורות, וואָס האַלטן אין קומען, און מע דערזעט פֿאַר זיך דעם וואונדער וואָס אַ פֿאָלק, וואָס האָט קיין מאָל ניט געקענט זײַן זיכער מיטן מאָרגנדיקן טאָג, האָט דאָך אײַנגעשטעלט פֿאַר זיך אַ לעבנס־שטייגער, וואָס האָט אין זיך דעם אָנזאָג אויף אייביקייט און וואָס קען מיטן טאָן פֿון אַ נבֿיא ריידן וועגן אַ „באחרית הימים״, וואָס רייצט בײַ אַלעמען דאָס גאַנצע לעבן די פֿאַנטאַזיע; און עס פֿאַלט אַמאָל אַפֿילו אײַן, אַז זיי אַלע, די קינדער פֿון דעם דאָזיקן פֿאָלק, וואָס קען קיין מאָל ניט זײַן זיכער מיט דעם וואָס דער מאָרגן וועט פֿאַר זיי ברענגען, זײַנען שוין אַמאָל געווען דאָרט, אין דעם „באחרית הימים״ און איצט ריכטן זיי זיך שוין ווידער דאָרט צו זײַן...

און דאָ קומט האַנאָווער צו צום צווייטן זײַל, וואָס איז איינער פֿון די דרײַ, אויף וועלכע עס האַלט זיך די וועלט:

דער צווייטער זײַל, זאָגט ער, איז די עבֿודה. דאָס איז אין אונדזערע צײַטן תּפֿילה, ווי אין פּסוק שטייט: „ונשלמה פרים שפתנו״ — מיט אונדזערע ליפּצן וועלן מיר באַצאָלן פֿאַר די קרבנות, וואָס מיר האָבן געבראַכט, בעת דאָס בית־המקדש איז געשטאַנען אויף זײַן אָרט. און די תּפֿילה אין פּוילן איז געווען געגרונטפֿעסטיקט אויף גילדענע סלופּעס. אין שפּיץ איז געווען אַ חבֿרה „שומרים לבוקר״, וואָס פֿלעגן אויפֿשטיין פֿאַרטאָג, איידער דער מאָרגנשטערן האָט זיך באַוויזן, און פֿלעגן מתפּלל זײַן און קלאָגן אויפֿן חורבן בית־המקדש. און אַז דער מאָרגנשטערן האָט זיך באַוויזן, פֿלעגט אויפֿשטיין אַ חבֿרה תּהילים־זאָגער און פֿלעגט זאָגן תּהילים

אַ שעה אַן ערך פאַרן דאַוונען און איטלעכע וואָך פלעגט מען אָפּזאָגן גאַנץ תהילים.

שוין אָפּגערעדט, אַז מען האָט ניט געטאָרט פאַרשלאָפן, חלילה, צום דאַוונען און מען האָט געמוזט קומען בשעתו אין שול אַרײַן, סײַדן על־פּי גרויס נויט. און איז מען געגאַנגען אין שול אַרײַן, פלעגט מען ניט אַרויסגיין פון דאָרט צוליב געשעפט, איידער מע האָט אויסגעהערט די דברי־תורה פון אַ תלמיד־חכם, אָדער אַ פּירוש רש״י אויף דער תורה, נביאים אָדער כתובים, אָדער משניות אָדער דינים, וואָס עמעצן האָט זיך נאָר פאַרוואָלט צו לערנען, וואָרעם אין אַלע שולן זײַנען געווען אַ סך תלמידי־חכמים, וואָס פלעגן לערנען מיטן עולם גלײַך נאָכן דאַוונען, אין דער פרי און אין אָוונט, כדי מקיים צו זײַן דעם פּסוק: „זיי וועלן זיך שטאַרקן וואָס ווײַטער אַלץ מער ביז זיי וועלן דערזען דעם אייבערשטן אין ציון״.

ווײַטער קומט דער דריטער זײַל, אויף וועלכן עס האַלט זיך די וועלט — דער זײַל פון גמילת־חסדרים.

וועגן דעם שרײַבט האַנאָווער אין זײַן ספרל און מיר גיבן עס דאָ איבער:

עס איז קיין שיעור און קיין גרענעץ ניט געווען צו גמילת חסדים אין דער פּוילישער מדינה, קודם־כל הכנסת־אורחים. ווען אַ תלמיד־חכם, אָדער אַ בעל־דרשן, פלעגט קומען צו גאַסט אין אַזוינע קהילות, וואו פאַר אורחים זײַנען געווען אָנגענומען קוויטלעך, האָט דער תלמיד־חכם ניט באַדאַרפט פאַרשוועכן זײַן כבוד און אויך אַרויסנעמען אַ קוויטל, נײַערט ער פלעגט גיין צו איינעם פון די פּרנסים אין דער קהילה, צו וועמען עס האָט זיך אים פאַרוואָלט, און פלעגט דאָרטן אײַנשטיין. דענסטמאָל פלעגט קומען דער קהל־שמש און באַווײַזן דעם גבאי אָדער דעם פּרנס־חודש פון יענער צײַט, וואָס ער האָט אויסגעקליבן, און זיי פלעגן אים געבן אַ מתנה, לויט זייער פאַרשטאַנד און זי צושיקן צו אים דורכן שמש בדרך כבוד, און ער פלעגט אײַנשטיין בײַ דעם בעל־הבית וויפל ער האָט נאָר געוואָלט.

און אַזוי — דערציילט ווײַטער האַנאָווער אין זײַן ספרל, אַז עס פילט זיך דער ריינער אמת אין יעדן וואָרט — אַזוי איז געווען מיט אַנדערע אורחים, וואָס פלעגן באַקומען קוויטלעך. מע פלעגט דעם אורח געבן אַ קוויטל און ער פלעגט אײַנשטיין בײַ אַ בעל־הבית, וואָס דער גורל איז אויף אים געפאַלן, וויפל טעג ער האָט געוואָלט, לכל הפּחות האָט אַ קוויטל געגאָלטן אויף דרײַ טעג; מע פלעגט אים געבן עסן און טרינקען, אין דער פרי, אין אָוונט און מיטאָג צײַט, און האָבן זיי זיך געאײַלט אין וועג אַרײַן, האָט מען זיי מיטגעגעבן צידה־לדרך און מען פלעגט זיי אָפּשיקן מיט פערד־און־וואָגן פון איין קהילה אין דער אַנדערער.

און ווען עס פלעגן קומען פון אַנדערע לענדער און פון ווײַטע שטעט בחורים און יינגלעך בעלי־בתים, צי בתולות, פלעגט מען זיי תיכף ומיד געבן מלבושים. און האָט עמעצער געוואָלט זיך פאַרנעמען מיט עפּעס אַ מלאָכה, פלעגט מען אים אָפּגעבן צו אַ בעל־מלאָכה, און וועמען סע האָט זיך געוואָלט דינען, פלעגט מען אים אָפּגעבן אין אַ שטוב פאַר אַ משרת און פאַר אַ דינסט, און ווער סע האָט געוואָלט לערנען, פלעגט מען דינגען פאַר אים אַ מלמד, כדי ער זאָל זיך לערנען בײַ אים, און דערנאָך, אַז ער איז שוין געוואָרן אַ חשובער בחור, פלעגט אים שוין אַ גביר נעמען צו זיך אין שטוב אַרײַן און אים געבן זײַן טאָכטער פאַר אַ ווײַב און עטלעכע אַלפים גילדן נדן, פלעגט אים אָנטאָן אין בגדי־מלכות, וואָרעם ווער זײַנען דען די אמתע מלכים פון דער וועלט, אויב ניט די געלערנטע און די רבנים?

און נאָך דער חתונה פלעגט ער אים אַמאָל אַוועקשיקן פון זײַן הויז לערנען אין די גרויסע ישיבות, און אַז ער פלעגט אין צוויי־דרײַ יאָר אַרום זיך אומקערן צוריק אַהיים, פלעגט פאַר אים דער שווער אַמאָל אויסהאַלטן אַ ישיבה אין זײַן אייגענער שטוב און ער פלעגט פונאַנדערטיילן געלט צווישן בעלי־בתים גרויסע תלמידי־חכמים, זיי זאָלן קומען לערנען צו אים אין ישיבה עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד, ביז ער איז געוואָרן אַ ראש־ישיבה ערגעץ אין אַ קהילה.

און אויב דאָס יינגל איז אין יענער צײַט נאָך קיין חשובער בחור ניט געווען, נאָר ער האָט בלויז געהאַט חשק צום לערנען, און ס׳איז געווען אַ סברא, אַז אויב מע וועט אים נאָר געבן די מעגלעכקייט צו לערנען, וועט ער זיכער ווערן אַ תלמיד־חכם און מע וועט זיך מיט אים מעגן איבערנעמען, פלעגט אַ מאָל פון ערגעץ קומען אַ ייד אַ גביר, וואָס האָט זייער שטאַרק געוואָלט האָבן אַזאַ איידעם, אַז גאָט און לײַט זאָלן אים דאַרפן מקנא זײַן; געהאַט האָט דער ייד דער גביר אַ קליין טעכטערל, וואָס האָט אַלע מאָל געטאָן נאָר דאָס וואָס דער טאַטע הייסט און וואָס די מאַמע הייסט און וואָס אַלע גוטע און פרומע לײַט הייסן איר צו גוטן טאָן, און ער פלעגט דאָס יינגל נעמען צו זיך אַהיים, אים געבן עסן און טרינקען און מלבושים און אַלצדינג וואָס ער האָט נאָר באַדאַרפט, פונקט אַזוי ווי אַן אייגענעם זון, און פלעגט אים דינגען אַ מלמד, ביז ער איז געוואָרן אַ פאַרטיקע כלי, און דערנאָך פלעגט ער אים געבן זײַן טאָכטער פאַר אַ ווײַב, אַזוי ווי פריִער איז באַשריבן. ניטאָ קיין גמילת חסד, וואָס זאָל זײַן גרעסער פון דעם.

און אויך פאַר אָרעמע בתולות זײַנען געווען גוטע תיקונים ביז גאָר אין איטלעכער מדינה. און עס איז ניט געווען קיין איין אָרעמע בתולה פון אַכצן יאָר, וואָס זאָל ניט האָבן חתונה געהט: אַ סך ווײַבער צדקניות האָבן זיך מתעסק געווען מיט דער דאָזיקער מצוה, זאָל זיי דער אייבערשטער געבן זייער געצאָלט און זיך דערבאַרעמען אויף די אַנדערע פון דעם פאָלק ישׂראל.

און דאָ גייט האַנאָווער איבער צום פערטן זײַל — צום דין: אין פּוילן, זאָגט ער, האָט מען זיך נוהג געווען ווי אין ירושלים פאַרן חורבן. מע האָט אַוועקגעזעצט

בתּי־דינים אין איטלעכער שטאָט, און ווער עס האָט ניט געוואָלט זיך משפּטן פֿאַרן בית־דין פֿון זײַן שטאָט, פֿלעגט קאָנען גיין צום בית־דין, וואָס איז געווען נאָענט צו זײַן שטאָט, און האָט מען ניט געוואָלט זיך משפּטן פֿאַרן נאָענטן בית־דין, איז מען געגאַנגען צום גרויסן בית־דין, וואָרעם אין איטלעכער מדינה איז געווען אַ גרויסער בית־דין. אָט אַזוי, למשל, איז די קהילה קדושה אָסטראָה געווען דער גרויסער בית־דין פֿאַר דער מדינה וואָלין אין אוקראַינע, און די קהילה קדושה לוואָוו איז געווען דער גרויסער בית־דין פֿאַר דער מדינה רײַסן, און אַזוי איז געווען די מעשׂה מיט אַ סך אַנדערע גרויסע קהילות: איטלעכע פֿון זיי איז געווען דער גרויסער בית־דין אין איר מדינה, און אויב עס פֿלעגן זיך משפּטן די ראשי־הקהילה צווישן זיך, זײַנען זיי געגאַנגען צו די פּרנסים פֿון דעם ועד אַרבע אַרצות, זאָל זיי דער אייבערשטער באַהיטן און באַשיצן, וואָס פֿלעגט זיך צונויפֿקומען צוויי מאָל אין יאָר, און פֿון אַלע ראשי הקהילות פֿלעגט מען אויסקלײַבן צו איין פּרנס און זיי פֿלעגן צו זיך מצרף זײַן זעקס לאַנד־גאונים פֿון פּוילן; אָט זיי האָט מען דאָס גערופֿן אַרבע אַרצות און זיי פֿלעגן זיצן אויף די לובלינער יאַרידן צווישן פּורים און פּסח, און אויפֿן יאַראָסלאַווער יאַריד פֿון חודש אָב אָדער אלול, און די פּרנסים פֿון די אַרבע אַרצות זײַנען געווען ווי דער סנהדרין פֿון לשכּת הגזית אין זײַן צײַט און זיי האָבן געהאַט כּוח צו משפּטן די פּוילישע יידן, צו מאַכן תּקנות און צו באַשטראָפֿן לויט זייער אײַנזען, און וואו עס איז נאָר געווען אַ האַרבער ענין, פֿלעגט מען עס ברענגען צו זיי און זיי פֿלעגן משפּטן. און די פּרנסים פֿון ועד אַרבע הארצות פֿלעגן פֿאַר זיך אויסקלייבן דיינים פֿון די פֿאַרשיידענע מדינות, כּדי זיך גרינגער צו מאַכן די אַרבעט, און זיי פֿלעגט מען רופֿן לאַנד־דיינים, און אַלע דיני ממונות פֿלעגן קומען פֿאַר זיי, פֿאַר די דאָזיקע לאַנד־דיינים, אָבער ענינים פֿון קנס און חזקות און אַנדערע האַרבע דינים פֿלעגן קומען פֿאַר די פּרנסים, זאָל זיי דער אייבערשטער באַהיטן און באַשיצן. און עס פֿלעגט ניט טרעפֿן, אַז אַ ייִד זאָל גיין זיך משפּטן פֿאַר גויִישע ריכטער אָדער פֿאַר אַ פּוילישן שׂררה אָדער פֿאַרן מלך ירום הודו. נאָר טאָמער איז יאָ געווען עמעצער, אַ ייִדיש־קינד, וואָס איז געגאַנגען זיך משפּטן פֿאַר גויִישע ריכטער, פֿלעגט מען דאָס אים פֿאָרוואַרפֿן, אים זאָגן מוסר פֿאַר דעם און אים דערמאָנען וואָס עס שטייט געשריבן ואויבינו פּלילים.

האַנאָווער דערציילט אויך ווי אין דעם ייִדישן לעבנס־שטייגער אין דער אוקראַינע פֿון יענער צײַט איז אָפּגעהיט געוואָרן דער זײַל פֿון אמת און מען האָט געזען, אַז אַלע זאָלן גיין אויפֿן וועג פֿון אמת; עס איז, גיט ער איבער, געווען אײַנגעפֿירט, אַז קהל באַשטימט ספּעציעל־באַפֿולמעכטיקטע מענטשן, וואָס דאַרפֿן אַרומגיין איבער די קלייטן און אַכטונג געבן, אַז ייִדישע קרעמער זאָלן אַלע מאָל געבן זייערע קונים אַ ריכטיקע וואָג און אַ ריכטיקע מאָס. מע זאָל קיינעם ניט אָפּנאַרן. קיינעם ניט באַשווינדלען, און קיינער זאָל ניט קענען זאָגן, אַז ייִדן זײַנען אין האַנדל ניט קיין ערלעכע מענטשן.

און ענדיקן ענדיקט האַנאָווער דעם קאַפּיטל בײַם סוף פֿון זײַן ספֿרל מיט דעם זײַל פֿון שלום, וואָס איז איינער פֿון די, אויף וועלכע עס האַלט זיך די וועלט. באַשרײַבנדיק דעם לעבנס־שטייגער פֿון די ייִדן אין אוקראַינע אין יענער צײַט, זאָגט ער: „עס שטייט געשריבן, אַז גאָט וועט געבן פֿעסטקייט צו זײַן פֿאָלק, גאָט וועט בענטשן זײַן פֿאָלק מיט שלום. אין פּוילן איז געווען אַזוי פֿיל תּורה, אַז סע פֿלעגן ניט זיצן קיין דרײַ מענטשן בײַ אַ טיש, וואו זיי זאָלן בײַם עסן ניט ריידן צווישן זיך קיין דברי־תּורה, וואָרעם אַלע פֿלעגן זיך מפּלפּל זײַן אין הלכה, צי אין אויסטערלישע מדרשים די גאַנצע צײַט פֿון עסן, כּדי מקיים צו זײַן דעם פּסוק „ותורתך בתוך מעי", און דײַן תּורה איז אין מיר, אין מײַנע געדערעם.

---

דערמיט ענדיקט זיך אין יון מצולה די באַשרײַבונג, וואָס איז געבליבן ווי אַ וויכטיקער היסטאָרישער דאָקומענט און מע קען מיט דעם וואַרפֿן אַ ליכט אויף דעם ייִדישן לעבנס־שטייגער פֿון אוקראַינע אין יענער צײַט. און דערצו האָט דער מחבר פֿון דעם ספֿרל, דער היסטאָריקער און גרויסער כראָניקער, רבי נתן־נטע האַנאָווער, צוגעגעבן נאָך עפּעס, וואָס אַ פֿרומער ייִד, וועלכער איז באמת געטרײַ און איבערגעגעבן דעם פֿאָלק, האָט מיט גרויס כּוונה געקענט זאָגן ווי אַ תּפֿילה בלחש. ער האָט געזאָגט:

„און גאָט האָט זיי געגעבן זייער געצעלט, און אַפֿילו ווען זיי זײַנען אַמאָל געקומען אין לאַנד פֿון זייערע שׂונאים, האָט ער זיי ניט פֿאַרמיאוסט און ניט אָפּגעזאָגט זיך פֿון זײַן צוזאָג צו זיי. אין איטלעכן אָרט, וואוהין זיי זײַנען נאָר געקומען צווישן אַחינו בני ישׂראל, האָט מען זיי גרויסע טובֿות געטאָן. קודם־כּל האָט מען געהאַלטן אונדזערע ברידער, וואָס זײַנען אין געפֿענגעניש בײַ די טאָטערן, האָבן די טאָטערן זיי אָפּגעפֿירט קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואָס איז געווען אַ גרויסע חשובֿע שטאָט בײַ ייִדן. און אין דער שיינער באַרימטער שטאָט סאַלאָניקי און אין אַנדערע קהילות פֿון טערקײַ און פֿון מצרים און פֿון בערבעריע און אַנדערע מדינות און תּפֿוצות־ישׂראל האָט מען זיי אויסגעלייזט פֿאַר גוט געלט, אַזוי ווי מיר האָבן אויבן באַשריבן. און ביז צום הײַנטיקן טאָג האָט מען דאָרטן ניט אָפּגעלאָזט די הענט און מען לייזט אויס אַלע געפֿאַנגענע, וואָס מען ברענגט זיי יעדן טאָג. זאָל זיי דער אייבערשטער געבן זייער געצעלט, און אַלע אַנטרונענע פֿון דעם שׂונאס שווערד, די וואָס זײַנען אַוועק קיין מעהרן, צי עסטרײַך, צי בעהמען, אין דײַטשלאַנד, אין איטאַליע, האָט מען זיי אומעטום פֿרײַנדלעך אויפֿגענומען, געגעבן עסן און

טרינקען און אַ געלעגער צו שלאָפן, מיט מלבושים און אַ סך מתּנות, איטלעכן לויט זײַן חשיבות, און מע האָט זיי געטאָן אַ סך אַנדערע טובות, און מער ווי אומעטום האָט מען פֿאַר זיי געטאָן אין דײַטשלאַנד. מער וויפֿל זיי האָבן געקאָנט. און זייער צדקות איז געגאַנגען פֿאַר זיי פֿאָרויס און האָט באַהיט און באַשיצט זיי און כּל ישׂראל אין זייערע וואוינערטער. זײַנען ייִדן געזעסן אין זייערע קהילות אין שלום און שלווה. זייער זכות זאָל אונדז און אונדזערע קינדער בײַשטיין, אַז גאָט זאָל שוין דערהערן אונדזער געשריי און אונדז צונויפקלײַבן פֿון אַלע עקן וועלט און זאָל שיקן דעם אמתן משיח גאָר אין גיכן פֿאַר אונדזערע טעג. אָמן סלה.״

דאָס איז דער דאָקומענט, וואָס איז שוין מער ווי דרײַ הונדערט יאָר אַלט און וואָס וועט אַוודאי בלײַבן לדורות בײַ די, וואָס אינטערעסירן זיך מיט דער געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק און מיט דעם ייִדישן לעבן אין אוקראַיִנע, וואו ייִדן האָבן אַזוי פֿיל געשאַפֿן און אַזוי פֿיל אויפֿגעטאָן...

## תּקנות קעגן לוקסוס און אויסבּרענגערײַ

די גײַסטיקע פֿירער פֿון יענער צײַט, די רבּנים אין די גרעסערע און אין די קלענערע שטעט, האָבן אויך אָנגעפֿירט אַ קאַמף קעגן לוקסוס און אויסבּרענגערײַ און אין די אַלטע ייִדישע פּנקסים, וואָס די קהילות האָבן געפֿירט, איז שווער געווען צו געפֿינען איינעם, וואו עס זאָל ניט זײַן פֿאַרשריבן קול־קורא, אַן אויפֿרוף צו דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, אַז ווי גוט עס זאָל ניט גיין אין דער פּרנסה, זאָל מען דאָך ניט גיין אין די וועגן פֿון די פּריצים און מען זאָל זיך קיין מאָל ניט אָנטאָן אַזוי, אַז עס זאָל רײַסן די אויגן. אין די תּקנות, וואָס זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן וועגן דעם, איז בּפירוש געשטאַנען, אַז די ווײַבער זאָלן ניט טראָגן קיין טײַערע צירונג און זיי זאָלן געדענקען, אַז ניט אַלע מאָל דאַרפֿן זייערע קליידער זײַן געמאַכט פֿון זײַד און פֿון סאַמעט. אויך די מאַנספּאַרשוינען האָט מען אין די אויפֿרופֿן געוואָרנט, אַז זיי זאָלן זיך ניט „שנײַדן אויף קיין פּריצים״, זיך ניט האַלטן פֿאַרריסן, ניט פּראַווען קיין צו גרויסע שׂמחות און זיך ניט אָנטאָן אַזוי, אַז ס׳זאָל זיך שאַפֿן דער אײַנדרוק ווי די גבירישאַפֿט זייערע וואָלט זיך געטראָגן איבער אַלץ און איבער אַלעמען מיט אַ קוויטש. און אין דעם קהילה־פּנקס פֿון דעם שטעטל באַר האָט מען געפֿונען אַ קול קורא, וואָס דער מרא־דאתרא האָט אין תּקפּ״ה (1825), אינאיינעם מיט די דיינים און ראשי־הקהל פֿון שטעטל, אַרויסגעלאָזט קעגן די צעצויגענע און צו הפקרשע שׂמחות, וואָס מע פּראַוועט. דעם קול־קורא האָט מען געלייענט אויפֿן קול און אים אויסגעקלעפּט אין אַלע שולן און בּתּי־מדרשים, און געלייענט האָט ער זיך אַזוי:

„הערט צו, כּל הקהל הקדוש! דאָס לאָזן אײַך כּבוד הרב הגאון הגדול המפורסם אב״ד (אב בית־דין) ור״ם (ריש מתיבתא) יצ״ו (ישמרהו צורו וגואלו) בצירוף כּבוד הנגיד הפּרנס חודש ד׳ יצ״ו ובצירוף כּבוד הרבּנים המפלגים, הדיינים הגבוהים יצ״ו — מכריז בּרבּים זײַן, בּהיות עס געשען חטאים גדולים עלי ידי רבּוי הסעודות החתונה יותר מלילה אחד, ובכן איז מן גוזר בּגזרת עירין ובמאמר קדושין ובת״ח (ובתקנות חכמים) אַז מהיום והלאה זאָל זיך קיינער נישט דערוועגן צו מאַכן קיין סעודת החתונה, יותר מלילה אחד, והפּורץ גדר ישכנו נחש וחל עליו לטותא דרבּנן דלית בּיה אסותא וגדול עונו מנשׂא ונלכּד בּמצודת החרם און דער וואָס וועט מאַכן די סעודה יותר מלילה אחד, ער וועט פֿאַרשריבן ווערן בּפנקסא בּשם עבריין וכל העם ישמעו ולא יזידון עוד.״*

און סע ווערט דערציילט, אַז דעם קאַמף קעגן אַ לעבן פֿון לוקסוס, וואָס רײַסט די אויגן, האָבן די רבּנים אין יענע יאָרן געפֿירט מיט אַ שטאַרקער האַנט, און זיי האָבן געטאָן אַלץ וואָס זיי האָבן נאָר געקענט, אַז די תּקנות, וואָס זיי האָבן געשאַפֿן קעגן דעם, זאָלן אָפּגעהיט ווערן.

---

* זע, אַברהם רעכטמאַן, ייִדישע עטנאָגראַפֿיע און פֿאָלקלאָר (זכרונות וועגן דער עטנאָגראַפֿישער עקספּעדיציע אָנגעפֿירט פֿון ש. אַנ־סקי), ייִדישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט — ייִוואָ, בּוענאָס־אײַרעס, 1958.

# דאָס אוקראַיִנישע יידנטום און די יידישע ליטעראַטור אין 19טן יאָרהונדערט

## 1

די היסטאָרישע פאָרשונג פון דער ייִדישער ליטעראַטור בכלל, ווי פון דער נײַעסטער בפרט, האָט זיך נאָך ווייניק, כּמעט גאָרניט, פאַרנומען מיט דער פראַגע מכּוח אירע אַנטוויקלונגס־ערטער. אויך בנוגע דעם אויפבוי פון דער ייִדישער שפּראַך איז, חוץ עטלעכע רמזים, ניטאָ קיין איין איינציקע אָפּהאַנדלונג, וואָס זאָל אונדז געבן אַ השגה וועגן די אַנטוויקלונגס־ערטער פון דער ייִדישער שפּראַך, וואָס אָפּרוקנדיק זיך אַלץ ווײַטער פון אַלטן מיטלהויך־דײַטש, ווערט זי אַ דיאַלעקט פאַר זיך, אַ ייִדישע שפּראַך. די היסטאָרישע פאָרשונגען, הן בנוגע דער שפּראַך, הן בנוגע צו דער ליטעראַטור, איז נאָך אַ ניט־באַאַקערט פעלד פאַר אונדז, און איטלעכער, וואָס טרעט צו נענטער צו די דאָזיקע פראַגעס, געפינט זיך אין אַ פאַרצאַמטן געגנט, וואו עס איז נאָר מעגלעך צו מאַכן פאָרזיכטיקע קליינע טריט.

אַז אַ באַשטימטע טעריטאָריעלע סביבה שפּילט אַ געוואַלדיקע ראָלע בײַ דער אַנטוויקלונג פון איטלעכער געזעלשאַפטלעך־גײַסטיקער טעטיקייט איז דאָך אַן אַקסיאָמע, פון וועלכער מע קאָן זיך ניט אַרויסדרייען בשום אופן. און בשעת מיר האָבן צו טאָן מיט רעליגיעזע באַוועגונגען, מיט שיינער ליטעראַטור, מוזיקאַלישקייט, פּלאַסטישער קונסט, זעט דעם אײַנפלוס פון דער אָפּגעגרענעצטער טעריטאָריעלער סביבה אויך דער, וואָס האָט צום ווייניקסטן זיך געשטעלט די פראַגע וועגן דעם ענגן צוזאַמענבונד פונעם אָרט און שאַפונגס־ווערק. לייענענדיק פאַרגלײַכנדיקע פאָרשונגען בײַ אַנדערע פעלקער, זעען מיר, ווי געוויסע ערטער ווערן צו אַ געוויסער צײַט דער צענטער פון גײַסטיקן לעבן בײַ אַ פאָלק; און ווערן זיי אויך ניט קיין צענטער — חתמענען זיי שטאַרק דעם גײַסט פון דער צײַט מיט זייער שטעמפּל, וואָס נעמט זיך פון אַ געוויסער טעריטאָריעלער סביבה. מע רופט די דאָזיקע טעריטאָריעלע סביבות אין דער קונסט, ווי אין אַנדערע גײַסטיקע שאַפונגען — די שולן. למשל, די פלאָרענטינישע, די טאָסקאַנישע, ווענעציאַנישע שולן אין דער איטאַליענישער מאָלערײַ האָבן אַרויפגעלייגט זייער שטעמפּל אויף דער מאָלערײַ פון דער צײַט ניט נאָר אין ווענעציע, פלאָרענס, ווי אויף דער קונסט בכלל. אַזוי די ליטעראַרישע שולן, ווי די שוואַבישע, די צפון־מזרחדיקע און די דרומדיקע אין דײַטשלאַנד, די מאָסקווער און פּעטערבורגער ליטעראַטור־שולן אין רוסלאַנד אאַז״וו. אויך די ייִדישע ליטעראַטור האָט געהאַט אירע שולן, וואָס זײַנען געווען געבונדן מיט אַ געוויסער טעריטאָריע פון ייִדישן קיבוץ. אָבער מע האָט זייער אָפט צונויפגעמישט דעם שאַפונגס־צענטער מיט דעם צענטער, וואו עס זײַנען געווען די פאַרלאַגן פון די דערשינענע ביכער. נאָך עד־היום זײַנען דאָ אַזוינע תמימים, וואָס קאָנען ניט אָפּטיילן אַ ייִדישן בוך פון פּוילן, פון וואַרשע, וואָס איז געוואָרן אין די לעצטע צוואַנציק יאָר דער צענטער פון אַ ייִדישער אויסגאַבע. פּונקט אַזוי האָט מען אין די לעצטע 70ער־80ער יאָרן פאַרבונדן אַ ייִדיש ווערק, ווי בכלל ייִדישע ליטעראַטור, נאָר מיט ליטע, מיט ווילנע, בעת „האלמנה והאחים ראָם" איז געוואָרן עפּעס אַ מין סימבאָל, עפּעס אַזוינס, פון וואַנען עס שטראָמען די וואָסערשנירלעך פון אַ ייִדיש־שאַפנדיקן וואָרט.

און די לעגענדע פון פּוילן בנוגע צום שאַפונגס־אָרט פון ייִדישער ליטעראַטור איז גראָד געווען דענסטמאָל בעת שלום־עליכם — אַן אמתער אוקראַיִנער ייִד — איז געוואָרן אַלץ פּאָפּולערער, ווען אַ ח. נ. ביאַליק, אויך אַן אוקראַיִנער ייִד, איז געוואָרן דער גלענצנדסטער פּאָעט בײַ ייִדן, ווען צו די שעפער פון די עקסטערן־טיפּן אין דער ליטעראַטור, צו אַש און ווײַסענבערגס שטעטל, איז צוגעקומען אַ נײַער שילדערער פון מיטל־בעל־הבתישן אוקראַיִנער שטעטל מיט זייערע טיפּן, אַ דוד בערגעלסאָן. דער פּשוטער שׂכל האָט כּסדר פאַרבונדן דעם צענטער פון אַ ליטעראַטור מיט דעם אָרט פון די פאַרלאַגן, און עס איז אויך ניט אַרויף אויפן זינען, אַז אַ פאַרלאַג מאַכט נאָך ניט קיין שול, ברענגט ניט אַרײַן קיין נײַע ריכטונגען, ווען זיי קומען ניט פון ערגעץ אַ טעריטאָריעלן קיבוץ, וואו די נײַע שול, די נײַע ריכטונג איז ניט־אָרגאַניש צוזאַמענגעבונדן מיט אַ לעבעדיקער סביבה, וועלכע געפינט איר אויסדרוק אין דער נײַער שול.

און דעריבער צוגייענדיק צו דער פראַגע וועגן דער ווירקונג פון אַ באַשטימט אָרט אויף דער ליטעראַטור, טאָר מען ניט אַרײַנפאַלן אין דעם טעות פון אַן איבערפלעכלעכן באַאָבאַכטער, וואָס פאַרבינדט דעם פאַרלאַגס־אָרט מיט דעם אָרט, וואו דאָס בוך איז געשאַפן געוואָרן. און ווען מיר באַמערקן אין דער געשיכטע פון דער

ייִדישער ליטעראַטור, אַז צײַטנווײַז האָט דער גײַסטיקער צענטער געביטן זײַן אָרט, דאַרפֿן מיר פֿריִער פֿאַר אַלץ פֿעסטשטעלן, צי דאָס איז ניט אַ ריין אויסערלעכע דערשײַנונג, אָדער צי איז דאָס אַ סך־הכּל פֿון אַ באַשטימטער גײַסטיקער ריכטונג, וואָס האָט צו אַ געוויסער צײַט אַרויפֿגעלייגט איר שטעמפּל אויך אויף אַנדערע ייִדישע קיבוצים, וועלכע זײַנען געווען ווי אַ ספּעציעלער טעריטאָריעלער קיבוץ ווייניקער מסוגל צו פֿאַרטרעטן די דאָזיקע ריכטונג. למשל, עס איז קלאָר, אַז צו אַ געוויסער צײַט פֿון דער השׂכּלה־עפּאָכע האָט ליטע געשפּילט די ערשטע ליטעראַרישע ראָלע. דער לעבנס־באַנעם פֿון ליטווישן ייִד איז געשטאַנען אויבנאָן, און געקרוינט איז געוואָרן די דאָזיקע עפּאָכע מיט מענדעלע מוכר־ספֿרים. ווידער וויסן מיר, די ספּעציפֿישע אַרט פֿון דער השׂכּלה־עפּאָכע אין פּוילן, אין צוזאַמענהאַנג מיט די ערשטע שפּראָצונגען פֿון דער נאַציאָנאַלער שטרעמונג פֿון איין זײַט, און דער ראָמאַנטישער ייִדישער שטרעמונג פֿון דער אַנדערער זײַט — האָט געמאַכט וואַרשע פֿאַר אַ גײַסטיקן ליטעראַרישן צענטער. און אויך די דאָזיקע עפּאָכע איז געקרוינט געוואָרן מיט אַ גרויסער ליטעראַרישער פּערזענלעכקייט, מיט י. ל. פּרץ.

פֿאַרשטעלט איז אָבער געבליבן פֿאַר פּוילן דער פֿאַקט, אַז די אוקראַיִנישע ייִדן, ניט האָבנדיק קיין באַשײַמפּערלעכן צענטער, זײַנען געווען כּמעט אין אַלע צײַטן פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור־אַנטוויקלונג עפּעס אַזוינס, וואָס האָט ניט אויפֿגעהערט שאַפֿן נײַע ריכטונגען און שולן, וואָס האָט כּסדר מעכטיק געווירקט סײַ אויפֿן אַמאָליקן ליטווישן, ווי אויפֿן שפּעטערדיקן פּוילישן צענטער. ווען מען קוקט זיך צו נענטער צו דער ווירקונג פֿון אוקראַיִנער ייִדנטום, ווערט מען פּשוט נשתּומם, ווי איז דאָס מעגלעך געווען, אַזוי לאַנג דאָס ניט צו האָבן באַמערקט.

און דאָס נעמט זיך דערפֿון צוליב צוויי טעמים. ערשטנס דעריבער, וואָס דער פּראָסטער שׂכל קאָן נאָך אַלץ ניט אָפּטיילן דאָס ווערק פֿון זײַן דערשײַנונגס־אָרט, און צווייטנס, דעריבער, וואָס די פֿאַלשע כּלל־ישׂראל־פֿאָרשטעלונג דערלויבט ניט צו פֿאַרבינדן דאָס ווערק פֿון אַ ייִדישן שרײַבער מיט דעם טעריטאָריעלן קיבוץ, וואו ער איז אויסגעוואַקסן. „אַלע ייִדן האָבן איין שׂכל“, זאָגט אַ ייִדיש שפּריכוואָרט, און אַזוי ווי דאָס רובֿ שפּריכווערטער זײַנען פֿון דעם מין חכמות, וואָס ווערן אויף דער עלטער פֿאַרוואַנדלט אין נאַרישקייטן, דעריבער מאַכט מען אויף דעם סמך קיין שום חילוק ניט ווען אַ ייִדישן שרײַבער, וואָס באַקומט זײַנע ערשטע אײַנדרוקן ניט אין אַ ווילנער פֿאָרשטעטל שניפּעשאָק, אָדער פֿון אַ פּוילישן קאַזשמירעזש, אָדער אין אַ קליין־רוסיש אָרט, ווי אין טשערנאָביל, בראַצלאַוו, אָדער מעדזשיבוזש.

ווײַטער וועלן מיר פּרואוון ווײַזן, וואָס פֿאַר אַ געוואַלדיגע ראָלע — אפשר די ערשטע — האָט געשפּילט דאָס אוקראַיִנער ייִדנטום אין דער אַנטוויקלונג פֿון אונדזער נײַער ליטעראַטור. דערמיט וויל איך אָבער ניט זאָגן, אַז אין דער אַלטער ליטעראַטור האָט עס געשפּילט אַ קליינע ראָלע. אַדרבה, עס איז שטאַרק אָנצונעמען, אַז אויך אין דער פֿריִערדיקער פֿאָלקס־ליטעראַטור איז זײַן אײַנפֿלוס געווען גרויס. באַזונדערס אין דער אַנטוויקלונג פֿון ייִדיש ווי אַ שפּראַך, וואָס האָט זיך לחלוטין אָפּגעטיילט פֿון דער אַלטער מיטלהויך־דײַטשער הויט און אָנגעהויבן פֿירן אַ לעבן פֿאַר זיך. נאָר דאָס איז איצט ניט מײַן אויפֿגאַבע, איך לאָז דאָס איבער אפשר אויף אַן אַנדערש מאָל און פֿאַר אַנדערע פֿאָרשער.

## 2

נאָר אײדער מיר וועלן אָנהייבן רײדן וועגן דער עיקר־זאַך, מוז מען זיך קלאָר מאַכן, פֿאַרוואָס מיר הייבן אָן די געשיכטע פֿון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור מיטן נײַנצנטן יאָרהונדערט. דער גרונט־חילוק צווישן די פֿריִערדיקע און די נײַע באַשטייט אין דעם, וואָס די אַלטע איז געווען פֿון דעם מין ליטעראַטור, וואָס האָט זיך ניט געדאַרפֿט דורכקעמפֿן, כּדי צו ווערן אָנגענומען פֿון פֿאָלקס־לעזער, בעת דער צווייטער מין ליטעראַטור האָט געמוזט זוכן פֿאַר זיך אַ צד בײַם פֿאָלקס־לעזער, בכדי געלייענט און פֿאַרשפּרייט צו ווערן. די אַלטע ליטעראַטור איז געווען דער אָפּשלאָג פֿון אַ לומדישן רעליגיעזן וועלט־באַנעם, מיט וועלכן מע האָט מהנה געווען דעם פּראָסטן פֿון פֿאָלק, וואָס האָט בכלל אויך געהאַט דעם אייגענעם וועלט־באַנעם, כאָטש אָרעמער און שפּלדיקער. די נײַע אָקעגן האָט אַרײַנגעבראַכט עפּעס אַזוינס, וואָס איז געווען אין סתירה פֿאַרן טונקעלן פֿאָלקס־באַוואוסטזײַן, וואָס האָט זיך עפּעס ניט געקלעפּט מיט דעם רגילותדיקן, סײַ אין מאַרך, ווי אין האַרצן, וואָס האָט אַרויסגערופֿן מחלוקות צווישן די, וועמען דאָס פֿאָלק איז שטענדיק געוואוינט געווען צו זען, ווי אין פֿאַראייניקטע גאָטס־פֿאָרכטיקע עדה, און וועלכע רופֿט עפּעס איצט אַלעמען זיך צו שטעלן אויף עמעצנס צד.

די נײַע ליטעראַטור האָט אָנגעהויבן דערמיט, וואָס זי האָט געזוכט בײַם פֿאָלק אַ צד פֿאַר זיך, און דערמיט ממילא עס דערהויבן צו אַ פּולבאַרעכטיקטן מיטגליד, וועמענס צד איז דאָס אייגענע, וואָס קראַפֿט און געוועלטיקייט. די נײַע ליטעראַטור הייבט שוין פֿון אָנפֿאַנג אָן צו זײַן דער אָפּקלאַנג פֿון די צוויי גרויסע שטרעמונגען אין ייִדנטום: אויפֿקלערונג (השׂכּלה) און חסידיזם;

ווענדט זיך אינסטינקטיוו צו די מאַסן פון פאָלק אין איר קאַמף קעגן דעם לומדישן לעבנס־שטייגער און זוכט עס אַריבערציִען אויף איר זײַט. זי ווערט דורך דעם אַ פאָלקס־ליטעראַטור אין פּרינציפּיעלן זין פון וואָרט. זי ווערט בכלל אַ ליטעראַטור. ווען מען נעמט די השגה „ליטעראַטור" אין דעם זינען פון קאַמף, פּראָטעסט קעגן אַן אַלטן פאַרשימלטן באַנעם צוליב אַ נײַעם טיפערן און פרישערן.

נאָך דער קורצער באַמערקונג איז שוין איצט קלאָר געמאַכט דער וועג, מיט וועלכן מיר מוזן גיין, בכדי צו זען דעם גרויסן אײַנפלוס פון דעם אוקראַיִנישן ייִדנטום אויף דער נײַער ליטעראַטור, וועלכע האָט געדאַרפט כסדר זײַן דער אויסדרוק פון אַ נײַעם לעבנס־באַנעם בנוגע צום ייִדישן פאָלק, וואָס וואַקסט, ענדערט זיך, שטייט אויס אַלערליי נסיונות פון פרעמדע אײַנפלוסן און שפּינט אויס אַלערליי חלומות, פּלענער און פּראָגראַמען פאַר דער צוקונפט. און ווען דאָס אוקראַיִנער ייִדנטום האָט ליטעראַריש ניט אויף אַלץ קלאָר געענטפערט און רעאַגירט, איז דאָס ניט געווען זײַן פעלער אַליין, ווי דער חסרון פון פאָלקס־לעבן און זײַן ליטעראַטור בכלל, וואָס זײַנען נאָך ניט אָרגאַניש אַזוי אויסגעוואַקסן צו זײַן בײַ אונדז דער אָפּקלאַנג פון אַלץ. דאָרטן אָבער, וואו די ליטעראַטור האָט באַקומען לשון, האָט דאָס וואָרט פון די אוקראַיִנער ייִדן געקלונגען שטאַרק, און צײַטנווײַז נאָך שטאַרקער פון אַלע אַנדערע ייִדן אין דער ליטע, ווי אין פּוילן.

## 3

אויף דער גרענעץ פון 18טן און אָנפאַנג 19טן יאָרהונדערט נעמען אָן סײַ דער חסידיזם, ווי די אויפקלערונגס־באַוועגונג, אַזאַ געשטאַלט, אַז זיי הערן שוין אויף צו זײַן אַ שטיבל־שמועס און גייען אַרויס אויפן ברייטן שטח פון דער גאַס. די ווירקונג פון בעש"ט באַקומט רעאַלע לעבנס־פאָרמען, עס הייבן זיך אָן אויסטיילן די חסידישע דינאַסטיעס. פּאָדאָליע, וואָלין, גאַליציע, ווי פּוילן און ליטע, שטעלן אויס די שטולן פון די חסידישע רביים, צדיקים, מגידים און עס זאַמלען זיך שוין די מאַסן אַרום זיי. אויך דער משכּיליזם גייט שוין אַרויס פון זײַנע באַהעלטענישן. בן זאבס דקדוק און מענדעלסאָנס באור, ווי די מאספים, פאַלן שוין אַרײַן אין די הענט פון די שפּעטערדיקע זײַלן פון דער השכּלה. אַרום דעם ייִדישן אָטקופּטשיק דרייען זיך שוין לערערס און סרסרס, וואָס פון זיי ווערט שפּעטער אַרויס אַן „אָדם", אַן אַהרן מרדכי גינזבורג און אַנדערע דאָס גלײַכנס. ערגעץ וואו לויפט שוין אַרום אַ פאַרחלומטער ייִד, וואָס וועט אַמאָל שרײַבן אַן „אהבת ציון", און פון איינִיקע שטעטלעך קומען שוין אָן אין „ירושלים דליטא" בחורים פון אַ ראַסיין און אַ זשאַגער צו ווערן נײַע מאָדנע פּרושים, פּרושים פון דער השכּלה, וואָס וועלן אפשר אַמאָל ענדיקן זייערע טעג, ווי, למשל, כוואָלסאָן, ווי אַ פּראָפעסאָר אין אַן אַקאַדעמיע אד"גל.

מצד דעם חסידיזם איז געווען שוין פון אָנפאַנג אַ גוטע באַציאונג צו ייִדיש. בײַ די חסידים הייבן זיך אָן צו ערשט דרוקן ייִדישע ביכלעך מיט אותיות מרובעות, ניט ווי ביז אַהער מיט ווײַבער־כּתב. ר' דוד בער, דער זון פון ר' שניאור זלמן מלאַדי (דער רב), טרעט אַרויס עפנטלעך אין זײַן ספר פקח עורים פאַר דער מוטערשפּראַך, „וואָס ווערט גערעדט אויף דער מוטער־שפּראַך, געפינט לײַכט אַ וועג צום האַרצן". ר' נחמן בראַצלאַווער הייסט אין זײַנע לקוטי מהרן „דאַוונען אויף דער שפּראַך, וואָס מע רעדט". איינִיקע רביים גייען אַזוי ווײַט אַוועק, אַז זיי זעען אין דעם לשון פון המון עפּעס זייער וויכטיקס, אַפילו אין לשון פון גוייִשן המון.

אויך בײַ די משכּילים זעען מיר אַ נײַע ערנסטע באַציאונג צום ייִדיש: ר' מנשה איליער, למשל, האָט גאַנצע טיילן פון זײַנעם אַ ספר געשריבן אין ייִדיש. ש"י פין דערציילט אין זײַן ניט־פאַרענדיקטער אויטאָביאָגראַפיע פרחי צפון, אַז צו לשון־קודש און ממילא שפּעטער צו השכּלה איז ער געקומען צוליב צאינה וראינה, וואָס ער פלעגט לייענען אין דער הייך זײַן מאַמע אַלע שבת. ווען אַפילו פין שטעלט זיך אויף דעם פאַקט, ווי אַ סיבה פון זײַן שפּעטערדיקער אַנטוויקלונג ניט אָפּ, אָבער דאָס ווײַזט דאָך פאָרט אַ געוויסע באַציאונג צו ייִדיש.

סוף־כּל־סוף אָבער דער משכּיל, זוכנדיק בלינד אַן אינהאַלט פאַר זײַן נײַער שיטה אין דער געזעלשאַפט, האָט נאָר אין אוקראַיִנע געפונען דעם צד, צו וועמען מע דאַרף זיך ווענדן, בכדי צו לאָזן טיפערע וואָרצלען. אויך דער חסידיזם, וואָס האָט באַקומען זײַן צד אומיטלבאַר, ריידנדיק מיט דער מאַסע פּנים אל פּנים, וואָס האָט ניט געוואָלט און ניט געקאָנט באַגרײַפן דעם ווערט פון געדרוקטן וואָרט (אַגב, ביזן הײַנטיקן טאָג כמעט), האָט אויך נאָך אוקראַיִנע געגעבן אַ ייִדישן בוך, וואָס איז פאַר אַ טייל פאָלקס־מענטשן נאָך עד היום אַ הייליקס.

די השכּלה־צײַט האָט לויט איר גאַנצן פּרינציפּיעלן תּוך ערשט אַ סך שפּעטער געקאָנט זיך ווענדן אויף פּראָסט ייִדיש, ניט אויף העברעאיש, צום ייִדישן לעזער. ניט דאָ איז דאָס אָרט עס ברייטער צו אַנטוויקלען. מען האָט געדאַרפט זײַן אין אַ געוויסן זינען אַ גאונישער קאָפּ צו כאַפּן דעם אינעווייניקסטן צוזאַמענהאַנג צווישן דער פאַרווירקלעכונג פון אידעאַל אין די ייִדישע מאַסן.

און דער דאָזיקער וואונדערבאַרער משׂכּיל איז געווען אַן אוקראַיִנער־ייִד און ניט אַזוינער, וואָס שטאַמט פון ליטע אָדער פוילן. דער חסידיזם, וואָס ווי געזאָגט, איז געבויט אויף דער אוממיטלבאַרער באַהעפטונג פון המון צום צדיק — האָט שוין אַוודאי זיך ווייניק געניייטיקט אין דעם פאָלקס־בוך ווי אַ פאַרשפרייטער פון זײַנע געדאַנקען און געפילן. העכסטנס אין די מעשׂיות פון בעש״ט, וואָס איז דער וואָרצל פון אַלע געקרוינטע צדיקים פון דעם גאַנצן זרע קודש.

און אַזוי ווי דער דירעקטער שונא זײַנער איז געווען די לומדישע וועלט, האָט מען געדאַרפט נאָר אַרויסגעבן פון זיך ספרים פאַר לומדים. געבן זייער געדאַנקען־וועלט אויף ייִדיש האָט אייגנטלעך ניט געהאַט פאַרן חסידיזם קיין שום צוועק. אַן ענלעך ספר האָט נאָר געקאָנט זיך באַווײַזן דענסטמאָלט, ווען עס וואָלט געווען ניט קיין קאַמף־ספר, ניט קיין ספר פאַר לומדים, נאָר דער פולקומער אויסדרוק פון אַ פערזענלעכקייט, בײַ וועמען די פאָלקס־שפּראַך, די געדאַנקען־וועלט און די באַציאונג צום הערער אָדער לעזער איז איינס, איז ניט אָפּגעשיידט פון אַנאַנדער. און אַזאַ בוך איז ווידער אַרויס. נאָר פון אַן אוקראַיִנישן צדיק און ניט פון אַ פוילישן אָדער אַ ליטווישן.

אַדאַנק דער איבערזעצונג פון משלי דורך ר׳ מענדל לעפין (סאַטאַנאָווער) און אַדאַנק די ספורי מעשׂיות פון ר׳ נחמן בראַצלאַווער באַקומט שוין די נײַע ליטעראַטור (בײדע זײַנען דערשינען אין יאָר 1818, אין לעמבערג) צוויי גרונט־טענדענצן, וואָס טרעטן אויף אין דער שפּעטערדיקער ליטעראַטור קלאָרער און קלאָרער און וואָס האָבן ביז הײַנטיקן טאָג ניט באַקומען זייער פולע אַנטוויקלונג. מע קאָן זאָגן אָן אַ גוזמה, אַז נאָך עד־היום האָבן מיר נאָך ניט אין דער ליטעראַטור עפּעס, וואָס קאָן לויט דעם ערנסטן טיפן אינהאַלט פאַרגליכן ווערן מיט די ספורי מעשׂיות פון ר׳ נחמן בראַצלאַווער. ס׳איז ניט־וויכטיק, וואָס דער תּוך פון אונדזערע איבערלעבונגען זײַנען הײַנט אַנדערע, ווי פאַר הונדערט יאָר צוריק. פון באַדײַטונג איז פאַר אַ בוך דאָס, וואָס אין אים דריקט זיך אויס די גאַנצע לײַדנשאַפטלעכקייט, דער גאַנצער לעבנס־באַנעם, דער גאַנצער גלויבן, דאָס טיפסטע פון דער זוכנדיקער בענקנדיקער נשמה, דער גאַנצער אינטימער מהות פון דער שאַפנדיקער פערזענלעכקייט. אין דעם זינען קאָנען מיר ניט אָנרופן אין דער ליטעראַטור אַ צווייט בוך אַזוינס, וואָס זאָל נאָך זײַן אינעווייניקסטן ווערט קאָנען פאַרגליכן ווערן מיט ר׳ נחמן בראַצלאַווערס מעשׂיות. און דעריבער איז זײַן ווירקונג נאָך ביז הײַנטיקן טאָג אַ קוואַל פון נײַע שאַפונגס־מעגלעכקייטן אין דער ליטעראַטור, ווי מיר האָבן דאָס געזען בײַ י. ל. פּרץ ז״ל פריִער, און הײַנט בײַ דעם לעבעדיקן און ייִנגערן, בײַ נסתּרן.

און אויך ר׳ מענדל סאַטאַנאָווער האָט אונדז איבערגעלאָזט אַ צוואה, וואָס מיר פּרוּוון ערשט אין די לעצטע צענדליק יאָרן אַ ביסל מקיים צו זײַן, און בײַ וואָס מען האָט געפונען פּרצן מיט דער פעדער אין דער האַנט בײַם שרײַבטיש אין דער טרויעריקער נאַכט, ווען ער האָט זיך אָפּגעזעגנט פון דער וועלט: מיט דער איבערזעצונג פון קהלת אויף ייִדיש. ר׳ מענדל סאַטאַנאָווער האָט געקלערט געבן אַ נײַעם מענדעלסאָנס באור אויף תּנ״ך, נאָר ניט אין דײַטש מיט ייִדישע אותיות, נאָר אין אמתן מאַמע־לשון. אין זײַן צײַט האָט מען אַזאַ אַרבעט גערופן „באור". אין דער אמתן האָט ער אַרײַנגעטראָגן דער ערשטער — און נאָך ווי אַ משׂכּיל דערצו — די טענדענץ אין דער ייִדישע ליטעראַטור איבערצודיכטן דעם תּנ״ך אויף ייִדיש. ניט דאָ איז דאָס אָרט צו ריידן, ווי נאָענט עס איז די טענדענץ צו אונדזערע מאָדערנע באַגריפן. עס קלעקט נאָך אָנצואווײַזן, אַז דער דאָזיקער אוקראַיִנער ייִד האָט אַרײַנגעוואָרפן אין דער ייִדישע ליטעראַרישער וועלט אַ געדאַנק, וואָס איז נאָך עד־היום ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן, און אויף וועלכן עס אַרבעטן איצט אַ סך פון אונדזערע בעסטע שרײַבער, ווי אַש, יהואש, דער נסתּר און אַנדערע.

## 4

מענדל לעפין (סאַטאַנאָווער) איז געבוירן געוואָרן אין 1742 און געשטאָרבן אין 1819. זײַן געבורטס־אָרט איז סאַטאַנאָוו, אַ שטעטל אין פּאָדאָליע. ער האָט זיך פרי אַנטוויקלט. שוין אַ יונג בחורל, איז ער געווען גוט באַקאַנט מיט דער מיטלאַלטערלעכער ייִדישער פילאָזאָפיע. אַן אויגן־קראַנקייט פירט אים קיין בערלין, וואו ער באַקאַנט זיך מיט מענדעלסאָנען, ווערט זײַן אָנהענגער און איינער פון זײַנע מקורבים. געקומען אַהיים — איז ער שוין מיט די קענטענישן פון דער נײַער פילאָסאָפיע, ווי אויך מיט קאַנטס פונדאַמענטאַלע ווערק. ער עפנט אַ קראָם פון ליים־געפעס, וואו אַ צופאַל פירט אים צונויף מיט גראַף טשאַרטאָריסקי, וועלכער קען זיך ניט גענוג אָפּוואונדערן פון דער פילאָזאָפישער בילדונג, וואָס עס באַזיצט דער דאָזיקער קרעמער. שפּעטער ווערט ער אַ לערער אין טשאַרטאָריסקיס הויז, שרײַבט פאַר אים אויף פראַנצייזיש אַ פּאָפּולערע אָפּהאַנדלונג וועגן קאַנטס פילאָסאָפיע. גלײַכצײַטיק שרײַבט ער אַ סך ספרים אין העברעאיש אין דעם גײַסט פון דער נײַער אויפקלערונגס־עפּאָכע, ווערט ממילא איינער פון די זײַלן אין דעם דאַמאָלסדיקן דרום־ייִדישן השׂכּלה־קרײַז און פאַרנעמט אויך צווישן אַנדערע קרײַזן איינס פון די געשעצטסטע ערטער. אין ר׳ מענדל סאַטאַנאָווער האָט זיך

פאַראייניקט אַלץ, סײַ דער גרויסער למדן, דער חוקר, דער שפּראַכקענער, ווי אויך דער קלוגער אָפּענער בליק אויפן לעבן בכלל. ענדלעך שטעלט ער זיך אין די עלטערע יאָרן די אויפגאַבע צו ווערן פאַרן פּשוטן ייִדישן לעזער דאָס, וואָס מענדעלסאָן מיט זײַן באור פאַר די לומדים און „בערלינער". און קורץ פאַר זײַן טויט גייט אַרויס משלי אין אַ פּראָסט ייִדישער איבערזעצונג. דער רושם פון דער דאָזיקער טאַט, נאָך איידער דאָס בוך איז עפנטלעך דערשינען, איז געווען אַ געוואַלדיקער בײַ די משׂכּילים, וואָס האָבן באַלד פון אָנהייב באַקומען אַ פײַנדלעכע, פאַלשע באַציאונג צו ייִדיש. אַ צווייטער אָנגעזעענער משׂכּיל, טוביה פעדער, איז שאַרף אַרויס קעגן ר' מענדל סאַטאַנאָווער מיט זײַן פאָלעמישן ספר קול מחצצים, וואָס האָט דעמאָלט שטאַרק אויפגערודערט דעם נעסט פון די פאָדאָליער משׂכּילים. באַקאַנט איז אויך שמואל ביקס ענטפער, סאַטאַנאָווס סנגור. לעפינס ווײַטערדיקע איבערזעצונג פון תהילים און קהלת זײַנען געבליבן אין מאַנוסקריפּט בײַ די יורשים, און נאָר אין 1873 איז תהילים צום ערשטן מאָל אָפּגעדרוקט געוואָרן. קהלת איז נאָך עד־היום אין מאַנוסקריפּט. (דאָס איז אַ טעות. אין 1873 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן נישט די איבערזעצונג פון תהילים (זי איז געבליבן אין מאַנוסקריפּט). אָפּגעדרוקט געוואָרן איז קהלת. רעד')

עס איז ניט מײַן אויפגאַבע צו געבן ר' מענדל סאַטאַנאָווערס ביאָגראַפיע. די דאָזיקע פערזענלעכקייט איז נאָך ביז הײַנטיקן טאָג ניט צעגלידערט געוואָרן. דאָס, וואָס מיר ווייסן וועגן איר, נעמט זיך פון פאַרשיידענע נאָטיצן בײַ די ערשטע משׂכּילים, וואָס דערמאָנען אים מייסטנס דרך אַגב. ר' מענדל לעפין וואַרט אויף אַ ספּעציעלער מאָנאָגראַפיע, און וועט זיך אַוודאי דערוואַרטן, נאָך איידער עס וועלן פאַרבײַ ווייטער 70 יאָר נאָכן דרוק פון זײַנע תנ"ך־איבערזעצונגען אין כּתב־יד.

פאַר אונדזער אויפגאַבע איז דער עיקר וויכטיק צו ווײַזן, צו וואָס ר' מענדל האָט געשטרעבט נאָך מיט הונדערט יאָר צוריק, וואָס איז נאָך עד־היום ניט מקוים געוואָרן, און וואָס איז נאָך עד־היום אַ פרומער פאַרלאַנג און כּמעט ניט מער: צו געבן דעם פאָלק דעם תּנך אין זײַן אייגענער שפּראַך, ד"ה אים איבערדיכטן. און אַז דאָס איז געווען זײַן אינסטינקטיווער וואונטש, באַווײַזט די איבערזעצונג אַליין, וואו מע באַוואונדערט די שפּראַך, דעם גוסט צו דער שפּראַך און דעם קינסטלערישן געשמאַק בײַם באַנוצן די פאָלקס־שפּראַך.

לײדער, מוז איך זיך באַנוגענען נאָר מיט עטלעכע ציטאַטן, ווײַל דאָס בוך אַליין איז, אַחוץ אין פּעטערבורגער שטאַטס־ביבליאָטעק און אַזיאַטישן מוזעאום, ניט בנמצא הײַנט.

„מײַן קינד, גיב נאָר אַכטונג אויף מײַן חכמה, בייג אָן דײַנע אויערן צו מײַן מבינישאַפט". — „זאָלסט קאָנען איבערוואַרטן אויף איבערלייגונג, דײַנע ליפּן באַוואָרענען מיט געניטשאַפט".

„ווי זיי טריפן אַזוי מיט צוקער די ליפּן פון אַ פרײַנטין, גלאַט ווי פּוטער איז איר גומען". — „איר סוף איז אָבער ביטער ווי פּאָלין, שאַרף ווי אַ געשליפענע שווערד".

„צו מאָל איז אַ סך בעסער אַ זשמעניע נחת, פון בײדע הענט, פול מיט האָרעוואַניע און קאָפּדרייעניש".

„„אַ שלימעזאָלניק האָט אַלץ בייזע טעג, אַ לוסטיק האַרץ האָט תּמיד שׂמחה־טעג". —

„וואָרעם וועמען גאָט האָט ליב, דעם שטראָפט ער, ווי אַ פאָטער אַ קינד, טוט ער עס פאַר ליבשאַפט". —

„דיך מציל זײַן פון אַ פרעמד ווײַב, פון אַן אומבאַקאַנטער מיט גלאַטינקע ריידעלעך". —

„מיט פײַן בעטגעוואַנט האָב איך מײַן בעטל שוין פאַרבעט, אויסגעהאָפּט אויף מצרימשן באַטיסט". —

מיט די ווייניקע שטעלן האָב איך געוואָלט אָן אײבעריקע ווערטער אָנווײַזן אויף דער כאַראַקטעריסטישער שפּראַך, כּמעט קינסטלעריש־סטיליזירטער, וועלכע מיר באַוואונדערן אין לעפינס איבערזעצונג. וויכטיק איז אויך צו באַמערקן, אַז סלאַווישע ווערטער ווערן צו ערשט פרײַ און מיט געשמאַק אײַנגעפירט פון די אוקראַיִנער ייִדן (למשל, פּאָלין, זשמעניע, האָרעוואַניע). עס איז אויך באַזונדערס אינטערעסאַנט, וואָס מענדל לעפינס שפּראַך איז כּמעט ניט פאַרעלטערט געוואָרן פאַר אונדז. אַדרבה, מען מערקט, אַז בײַ דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור איז זי אַלץ נענטער צו זײַן שפּראַך, און ערשט גאָר ניט־לאַנג זי איבערגעוואַקסן. און דאָס באַווײַזט, אַז בנוגע צו דער שפּראַך, איז דאָס ליטווישע ייִדיש געווען אַ ירידה, און אַז די אמתע ריינקייט אירע דאַרף מען זוכן בײַם אוקראַיִנער־ייִד, וועלכער האָט תּמיד געהאַט אַ נאַטירלעך געפיל פאַר דער ייִדישער שפּראַך.

## 5

אויך וועגן ר' נחמן בראַצלאַווער קלײַב איך זיך ניט שרײַבן קיין גענויע ביאָגראַפיע. אַגב, איז נאָך אַזאַ באַאַרבעטע ביאָגראַפיע ניטאָ, כאָטש קוועלן מאַטעריאַל איז דאָ גענוג, און ס'לעבט נאָך די קליינע כּיתּה „בראַצלאַווער", וואָס קומען זיך נאָך עד־היום צונויף צו זײַן יאָרצײַט אויף זײַן קבר אין אומאַן, און וועלכע קאָנען אונדז געבן אַ גרויס מאַטעריאַל פאַר דער „ר' נחמן־לעגענדע".

ר׳ נחמן (געבוירן 1772, געשטאָרבן 1810) איז פון דער מאַמעס צד אַן אור־אייניקל פון בעש״ט. זײַן קינדהייט פאַרגייט אין אַ רײַכן, פאַנטאַסטישן געפיל־לעבן. זײַן ווײַטערדיקער מזל איז אַן אויסמיש פון אַלץ אין דער וועלט. ער האָט יונג און רײַך חתונה, פאַראָרעמט דערנאָך אַזוי שטאַרק, אַז ער גיט אָפּ זײַן טאָכטער פאַר אַ דינסט. צוליב זײַן אייגענעם „דרך החסידות״ — ער וויל דאָס חסידות, וואָס ווערט אַלץ וואָס מער דעגענערירט, צוריקפירן צו זײַנע ערשטע וואָרצלען, צו דעם דרך פון בעש״ט — קומט ער אין קאָנפליקטן מיט די צדיקים פון אַלערליי דינאַסטיעס. ער רודפט און ווערט גערודפט. זײַן גאַנץ לעבן איז אַ וואַקלען זיך צווישן מעגאַלאָמאַניע (אַ פלאַקערנדיקע מורא־לבנה־שטימונג), און דעם געפיל פון דער אייגענער נישטיקייט, וואָס באַקומט נאָר אַן עליה דורכן המון, מיט וועלכן ער באַהעפט זיך און וועלכע לייגן אין אים אַרײַן זייער גלויבן, דערלויכט אים. ער פאָרט קיין ארץ־ישׂראל און קומט פון דאָרטן מיט גרויסע אײַנדרוקן, וואָס לייגן ווידער אַרויף זייער שטעמפל אויף זײַן פאַנטאַסטיש־מיסטיש־עקסטאַטישן וועלט־באַנעם. ר׳ נחמן בראַצלאַווער ווערט טאָפּלט פאַרבערנט: פון זײַן אייגענער התלהבות און פון זײַן שווינדזוכט, וואָס זעגט אונטער די וואָרצלען פון זײַן קערפּער. דרײַ יאָר פאַר זײַן טויט שטאַרבט זײַן קליינער און איינציקער זון, צו וועמען ער איז געווען זייער טיף צוגעבונדן. און באַלד נאָכדעם הייבט ער אָן זײַנע אָנהענגער צו דערציילן מעשׂיות, וואָס ווערן פאַרשריבן פון זײַן תּלמיד נתן „אות־באות״, און נאָך זײַן טויט (1818) אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט די לקוטי מוהר״ן אויף לשון־קודש און ייִדיש. נאָר אַזוי ווי ר׳ נחמנס שפּראַך, אויף וועלכער ער האָט דערציילט די מעשׂיות, איז געווען ייִדיש, דאַרף מען באַטראַכטן די אייגענע מעשׂיות אין העברעאיש פאַר אַן איבערזעצונג. די מעשׂיות טראָגן אויף זיך דעם נאָמען ספּורי מעשׂיות, און נאָך ביז הײַנטיקן טאָג ווערן זיי פון די בראַצלאַווער חסידים, וואָס קומען זיך צונויף צו ר׳ נחמנס יאָרצײַט אין אומאַן, געלייענט ווי אַ צווייט תּורהלע, און די מעשׂיות טראָגן בײַ זיי דעם נאָמען „נחמנטשוקעס״.

די ספּורי מעשׂיות, צען סך־הכּל, זײַנען דורכגעדרונגען מיט אַ פלאַקערנדיקער בענקשאַפט און מיט דעם ברענענדיקן געפיל פון אַן אייביקן זוכן. פון מעשׂה צו מעשׂה שטײַגן די דאָזיקע געפילן, ביז זיי דערגרייכן צו „דער מעשׂה פון די זיבן בעטלער״, וועלכע פּרואוון צו אַנטפּלעקן פאַר דעם אייביק זוכנדיקן די גאַנצע געטלעכע האַרמאָניע פון דער בריאה. נאָר די מעשׂה בלײַבט אָן אַ סוף, איבערלאָזנדיק אין דער נשמה פון לעזער אַ צאַפּלעניש פון אַן אומענדלעכער בענקשאַפט.

די מעשׂיות זײַנען אין תּוך אַלעגאָריעס, געדאַנקען, געקליידט אין אַ מעשׂה. נאָר אַזוי ווי ר׳ נחמן איז געווען מער אַ געפיל־מענטש, ווי דער מענטש פון אַ קלאָרן רואיקן געדאַנק, זײַנען דעריבער די דאָזיקע אַלעגאָריעס ניט פון געוויינלעכן סאָרט: זיי דערנענטערן זיך שוין צו דער פאַנטאַזיע פון אַ קינסטלער, בײַ וועמען דער געזעענער, געמאָלטער אָדער אויסגעטראַכטער אָביעקט דריקט ניט נאָר אויס אַ געוויסן פאָרויסגעזעענעם געדאַנק, נאָר ניט־ווילנדיק גיט ער אַזאַ געפיל־צושטאַנד, וואָס שטײַגט אַריבער דורך זײַן קראַפט אַלערליי געדאַנקען־פעדעם און קאָפּ־שטיק.

ר׳ נחמנס מעשׂיות, ווען מיר וואַרפן אָפּ זייער אַלעגאָרישע הויט, זײַנען פול מיט דער שטימונג פון די מענטשן, בײַ וועמען אַלע נערוון־צווײַגלעך שרײַען: „צמא לך נפשי כמה לך בשרי״. איבער אַלע צען מעשׂיות וויִיט דער הייסער ווינט פון אומבאַפרידיקטער בענקשאַפט. „זאָלסט זיך אויסקלײַבן אַן אָרט און זיצן אַ גאַנץ יאָר און בענקען נאָך מיר,״ זאָגט אָן די בת־מלכּה דעם שני־למלך, וואָס איז געקומען זי באַפרײַען פון דעם פרעמדן פּאַלאַץ, וואו מען האַלט זי געפאַנגען (מעשׂה 1).

„זאָלסט מיך אַרויסנעמען, און ווען דו וועסט האָבן צײַט, זאָלסטו רק בענקען און וועלן און האָפן מיר אַרויסצונעמען״ — זאָגט אָן די בת־מלכּה ווײַטער.

אַלע הויפּט־העלדן זײַנע באָדן זיך אין אַ ים פון געפילן. ווען די בת־מלכּה דערזעט דעם שני־למלך שלאָפן, ווײַל די אייביקע בענקשאַפט האָט אים אויסגעמאַטערט ביזן טויט, האָט זי רחמנות אויף אים און „שרײַבט מיט טרערן אויף דער פאַטשיילע״ אַן דאָס אָרט, וואו זי געפינט זיך (מעשׂה 1).

צווישן צוויי מדינות הערט זיך תּמיד אַ האַרץ־רײַסנדיקער יאָמער, און פון יאָמער כאַפּט אָן אַזאַ גרויל, אַז די צוויי מדינות קאָנען ניט געפינען קיין רו פאַר זיך. דאָס יאָמערט אַ פויגל־פּאָר, אַן ער און אַ זי, וואָס האָבן פאַרבלאָנדזשעט און קאָנען זיך ניט ווידער צוזאַמענגעפינען (מעשׂה 4). דאָס יאָמערט צווישן צוויי וועלטן אַן אומבאַפרידיקט זוכן, בענקען, דער אייביקער ווילן זיך באַהעפטן צום שורש.

מעכטיקער אָבער ווי אומעטום שרײַט ר׳ נחמן בראַצלאַווערס האַרץ אין דער מעשׂה מיט די זיבן בעטלער, ווען ער גייט צו צום אינטימסטן און טיפסטן פון זײַן פלאַמענדיקן געפיל־לעבן, וואָס זוכט, בענקט, וויל התדבקות און יאָמערט ווי דער פויגל, וואָס האָט זײַן זי פאַרלוירן:

„עס איז פאַראַן אַ באַרג, און אויף דעם באַרג שטייט אַ שטיין, און פון דעם שטיין גייט אַ קוואַל, און איטלעכע זאַך האָט אַ האַרץ און דאָס האַרץ פון דער וועלט האָט אַ קומה [פיגור], דער נאָגל פון פוס פון האַרץ איז האַרציקער אײדער יעדערנס האַרץ״.

און דער באַרג מיטן קוואַל שטייט אין איין עק וועלט און דאָס האַרץ אין צווייטן, „שטייט אַקעגן קוואַל און גלוסט און בענקט שטענדיק, אַז עס זאָל קומען צום קוואַל״.

דאָס האַרץ ווערט מיד פֿון בענקען, דאָס אײביקע בענקען פֿאַרמאַטערט דאָס האַרץ. וואָס נענטער דאָס האַרץ גייט צו צום קוואַל, אַלץ ווייניקער זעענדיק ווערט דער קוואַל, ווײַל דער שפּיץ פֿון באַרג פֿאַרדעקט דעם קוואַל־אויסגאָס. און אָן דעם קוואַל גייט אויס דאָס האַרץ פֿון חיות, און אַזוי ווי דאָס האַרץ איז דאָס חיות פֿון דער וועלט, טאָר דאָס בשום אופֿן ניט אויסגיין פֿון בענקעניש. און ווען עס דעקן צו די פֿויגל־פֿליגלען דאָס האַרץ, געזעגענען זיך קוואַל און האַרץ, און ווען ניט דער איש־חסדים, וואָס טראָגט אַריבער פֿון האַרץ צום קוואַל זײַנע שירים און תּשבחות און זײַנע בענקענישן צום קוואַל, ווען ניט דער דאָזיקער סודותדיקער פֿאַר־מיטלער (צי מיינט ער ניט דערמיט דעם צדיק און די צדיקים־ראָלע), וואָלט די וועלט קיין קיום ניט געקאָנט האָבן.

די עטלעכע געבראַכטע ציטאַטן גיבן דעם לעזער אַ געוויסע בלאַסע פֿאָרשטעלונג פֿון ר׳ נחמן בראַצלאַ־ווערס ווערק. עס ווערט פֿאַר אים ממילא קלאָר, אַז בײַ דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער לי־טעראַטור האָט ער געמוזט באַקומען די אָפּשאַצונג, וועלכע ער האָט פֿאַרדינט. ניט נאָר אַ קאַלטע אָפּשאַצונג. פֿאַר די טיפֿערע האָט ער געמוזט ווערן אַ קוואַל פֿון באַגײַסטערונג, אין אַ געוויסן זין אַ מוסטער פֿון אַ רײַכער געפֿיל־פּערזענלעכקייט, וואָס זוכט זיך אויס־צודריקן אין דער שפּראַך פֿון זײַן פֿאָלק, ווײַל עס איז אויך זײַן אייגענע שפּראַך.

ווי ר׳ מענדל סאַטאַנאָווער אויף זײַן אופֿן, האָט אויך ר׳ נחמן אָנגעוויזן אין דער ליטעראַטור אַ וועג, אויף וועלכן זי האָט ערשט פֿון פּרצן אָנגעהויבן צו גיין, דעם וועג, וואָס פֿירט פֿון נאַציאָנאַלן, ייִדישן, צום אַלגעמיין־מענטשלעכן אין ייִדישן לבוש.

נחמן, אַלס בענקענדיקער, זוכנדיקער, רעליגיעז־מיס־טישער גײַסט, איז פּונקט אַזוי נאָענט דעם ענלעך פֿילנ־דיקן ענגלענדער, פֿראַנצויז, דײַטש, ווי דעם ייִדן. דער ייִדישער מלבוש האָט אים ניט טינקעלער געמאַכט, נאָר פֿרײַער אין זײַנע באַוועגונגען. און אַקוראַט ווי פֿון ר׳ נחמנס אַלעגאָריעס זײַנען אַרויס אַ סך מער, ווי אַלעגאָריעס, אַזוי פֿלאַצן אויך די נעט פֿון ספּעציפֿיש־נאַציאָנאַלן, ווען עס רעדט אַ האַרץ און עס פֿלאַקערט אַ נשמה פֿון אַ גרויסער ייִדישער פּערזענלעכקייט.

ר׳ נחמן דער מוסטער איז ביז איצט, לײַדער, דער איינציקער אין אונדזער ליטעראַטור. זײַן בוך, דער בוך פֿון אוקראַיִנער ייִדן, איז נאָך עד־היום דער גאָלדענער „יד" וואָס טײַטלט אויף דעם וועג, וואוהין עס מוז נאָך גיין די וואַקסנדיקע ליטעראַטור. זײַן גײַסט רוט שוין אויף אייניקע פֿון אונדזערע שפּעטערדיקע, למשל, אויף פּרצן, צייטלינען, דעם נסתּר. אָבער עס וועט נאָך לאַנג דויערן, ווען די נײַע ליטעראַטור וועט דערגרייכן מיט אירע נײַע פֿאָרמען די טיפֿקייט און די אינערלעכקייט פֿון ר׳ נחמנס ווערק.

ר׳ נחמן און ר׳ מענדל סאַטאַנאָווער זײַנען אָבער ניט די איינציקע, כאָטש די וויכטיקסטע כּמעט פֿון אוק־ראַיִנער ייִדנטום, וואָס האָבן געהאַט אַזאַ מעכטיקע און לאַנגע ווירקונג אויף דער ליטעראַטור. אַגב, זיי זײַנען די זײַלן פֿון דער ליטעראַטור. דאָס הייסט אָבער נאָך ניט, אַז נאָך זיי זײַנען ניט געקומען אַנדערע אוקראַיִנער ייִדן, וואָס האָבן אויף אַ קורצע אָדער לענגערע צײַט אַרויפֿגעלייגט זייער שטעמפּל אויף דער ווײַטערדיקער ליטעראַרישער אַנטוויקלונג.

6

ווי געזאָגט, האָבן בלויז די אוקראַיִנער־ייִדן שוין באַלד אין דער ערשטער עפּאָכע פֿון דער השׂכּלה־באַווע־גונג אינסטינקטיוו פֿאַרשטאַנען דעם צוזאַמענהאַנג פֿון דער אויפֿקלערונג מיט דער פֿאָלקס־שפּראַך. חוץ ר׳ מענדל סאַטאַנאָווער, און אויף אַ פֿיל קלענערן און ניט באַדײַטנדיקן אופֿן, ר׳ י״ב לעווינזאָהן פֿון קרעמענעץ אין הפקר־וועלט (1. אַ געשפּרעך צווישן אַ ליטוואַק און צוויי אוקראַיִנער־ייִדן און 2. אַ פֿאַנטאַזיע אויף יענער וועלט (אַ פּאַמפֿלעט קעגן די בעלי־מופֿתים), גיט אַרויס פֿון זיך אין ערשטן פֿערטל פֿון 19טן יאָרהונדערט דאָס פּאָדאָליער ייִדנטום ישׂראל אַקסענפֿעלדן, וועלכער האָט מיט זײַנע ווערק באַאײַנפֿלוסט ניט נאָר אַ שלמה עטינ־גער (פֿון זאַמאָשטש, פּוילן, דער פֿאַרפֿאַסער פֿון דער קאָמעדיע סערקעלע און קאַטאָוועסן און משלים), נאָר אויך ש״י אַבראַמאָוויטשן. וואָרעם בײַ אַקסענפֿעלדן געפֿינען מיר שוין אָנגעמערקט אַ סך טיפּן, וואָס זײַנען געוואָרן נאָכדעם קלערער דורכגעפֿירט בײַ מענדעלען. חוץ דעם, איז אַקסענפֿעלד דער פֿאָטער פֿון דער דראַ־מאַטישער ליטעראַטור ווי פֿון ייִדישן טעאַטער. פֿון אים הייבט זיך אָן ציִען דער פֿאָדעם, פֿון ד״ר שלמה עטינגער ביז אַ גאָטלאָבער און אַ גאָלדפֿאַדען.

דערבײַ איז נאָך וויכטיק צו באַמערקן, אַז די דאָ־זיקע דערמאָנטע משׂכּילים, וואָס האָבן צום אונטערשייד פֿון די „חכמי ליטא" אויסגעטראַכט אַ נײַעם וועג אין זייער השׂכּלה־דראַנג בנוגע צו דער שפּראַך — האָבן די שפּראַך ניט פֿאַרדײַטשמעריש, ווי שפּעטער א. מ. דיק און זײַנע תּלמידים; זיי האָבן זי ניט פֿאַרגוואַלטיקט. אַדרבה, שוין פֿון אָנהויב אָן זײַנען זיי צו צו איר מיט אַ געוויסן געשמאַק, מיט אַן אַכטונג צו איר גײַסט, כּמעט מיט אַ געוויסן קינסטלערישן געפֿיל. וואָס שייך ר׳

מענדל לעפין, האָבן מיר שוין דאָס געוויזן אויפן סמך פון די געציילטע ציטאַטעס, וואָס געפינען זיך איצט אונטער אונדזערע הענט. דאָס אייגענע איז צו זען, ווען מיר נעמען ר׳ י״ב לעווינזאָהנס שפּראַך אין זײַן הפקר־וועלט, וואָס איז געשריבן געוואָרן בדרך אַגב, און וועלכער האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן דעם העבּרעאיש, באַאַרבעטנדיק זײַנע פּראָבלעמען. ווען איר לייענט אין ייִדיש, ווי, למשל: „איר זאָלט זען אַ ביסל אַ קבצן, וואָס האָט ניט אַ טאָג איבערצוקומען, ווי ער מאַכט אַ חתונה. קיין נדן גיט ער ניט, ער גיט אַ שעיבוד אויף זײַן אַ קבצן, און קליידער מוז ער מאַכן פּופּצן פלאָטיעס; ער רײַסט די ערד און קבצנט, ער מוז נאָך מאַכן אַ שטערנטיכל מיט אוירינגלעך, אַ שיבער און אַ סאַלאָפּ פון ראַצימאָרע און נאָך אַ וועלכע שוואַרץ־יאָר. און הײַנט חתן־מתנות, אַ שטרײַמל, אַ סויבעלן היטל, אַ טלית מיט אַ שפּאַניר, ווייס איך? מע וואָלט געקאָנט דערפון האָבן אַ גאַנצע גאָספּאָדאַרסטווע; פעלדער, בהמות און שאָף...” (הפקר־וועלט); און דערנאָך א. מ. דיקס דײַטשמעריש, וואו ער פּרוּווט אַפילו אויסדריקן זײַן גוטע באַציִאונג צו דער שפּראַך בזה הלשון: „דער זשאַרגאָן האָט אויך וואָס שענעס אין זיך, אַזוי גאָר וואָס צירליכעס, רירענדעס, מען קאָן אין אים אויך שפּרעכן צום הערצן” (שבעים־מאָלצײַט) — זעט מען דעם גוואַלדיקן פּרינציפּיעלן חילוק צווישן דעם אוקראַיִנישן און ליטווישן משׂכּיל בנוגע צו פּראָסט ייִדיש.

ישׂראל אַקסענפעלד איז געבוירן געוואָרן אין פּאָדאָליע. זײַן לעבנס־גאַנג איז נאָך עד־היום ניט אויסגעפאָרשט געוואָרן. מיר ווייסן נאָר, אַז ייִנגלווײַז איז ער געווען אַן אָנהענגער פון ר׳ נחמן בראַצלאַווער, דערנאָך איז ער געוואָרן אַ משׂכּיל. געשטודירט, שפּעטער לעבט ער אין אָדעס אַלס נאָטאַריוס, וואו ער דערציט אין אַ גוייִשער שול זײַן זון. אין די 60ער יאָרן פאָרט ער אַריבער קיין פּאַריז, וואו זײַן זון איז געווען פּראָפעסאָר פון פילאָסאָפיע בײַ דער סאָרבאָנע; באַלד דאַרויף שטאַרבט ער. שרײַבן הייבט ער שוין אָן גאַנץ פרי. אין די 20ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. פון אַ סך מאַנוסקריפּטן, וואָס זײַנען געווען בײַ אים, זײַנען ס׳רוב פאַרלוירן געגאַנגען. געבליבן זײַנען נאָר די אָפּגעדרוקטע: דער ערשטער רעקרוט, דאָס שטערנטיכל, קבצן־עושר־שפּיל, ברודער און שוועסטער און דער אוצר אָדער די גנאַרטע וועלט. דאָס זײַנען דראַמאַטישע זאַכן, סצענעס און בילדער פון ייִדישן לעבן. דאָס רוב מאַנוסקריפּטן, וואָס האָט געדאַרפט נאָך זײַן טויט אַרויס, אַן ערך 30 דרוק־בויגן, איז אין דער אָדעסער שׂרפה (1870) פאַרברענט געוואָרן, צווישן זיי פיר גרויסע ראָמאַנען (ז. גאָטלאָבער, שלום־עליכמס פאָלקס־ביבליאָטעק, 1888). דאָס, וואָס עס איז געבליבן בײַ זײַן זון אין פּאַריז, זײַנען פאַרפאַלן געוואָרן פאַר אונדז, וואָרעם דער זון איז שוין אויך אַ שוכן־עפר, און עס איז ניטאָ דערווײַל קיין וועג צוצוקומען צום זונס אַרכיוו, וואָס איז ווי פּאַריזער פּראָפעסאָר אינגאַנצן מן הסתּם אָפּגעפרעמדט געוואָרן פון אַ ייִדישער סביבה. אַגב, דאַרף מען אָנמערקן, אַז דער זון האָט איינס עפּעס אַ זאַך פון פאָטער איבערגעזעצט אין פראַנצייזיש און ערגעץ וואו פאַרעפנטלעכט (זע לעקסיקאָן פון ז. רייזען).

מע דאַרף אָבער ניט מיינען, אַז אַקסענפעלדס ווערק אין מאַנוסקריפּט האָבן ניט געהאַט קיין אײַנפלוס אויף זײַנע צײַט־חברים, ליטעראַטן. ווער עס איז באַקאַנט מיט דעם לעבן פון די ערשטע משׂכּילים ווייסט, אַז נאָך איידער דאָס ווערק פון איינעם פון זיי האָט דערזען דעם דרוק, איז עס שוין געגאַנגען פון האַנט צו האַנט אין איבערגעשריבעכצן אָדער פּשוט אין מאַנוסקריפּט. אַ סך ווערק פון יענער צײַט זײַנען בכלל ניט דערשינען בײַם לעבן און אין דור פון די שרײַבער, ווי, למשל, הפקר־וועלט, צו ערשט געדרוקט אין שלום־עליכמס פאָלקס־ביבליאָטעק, 1888; קהלת, אין איבערזעצונג פון ר׳ מענדל סאַטאַנאָווער, געדרוקט 1873; אבן עזר, פון מרדכי אַהרן גינזבורג, געדרוקט 18 יאָר נאָך זײַן טויט; אַ טייל ווערק פון מאַפּו, למשל, אַשמת שומרון, עטינגערס קאַטאָוועסן און משלים און אַנדערע (ז. גאָטלאָבער, זכרונות אין שלום־עליכמס פאָלקס־ביבליאָטעק, וואו ער שרײַבט, אַז ער האָט געלייענט אַלע מאַנוסקריפּטן פון אַקסענפעלדן). סײַ אַ גאָטלאָבערן, אַן אַבראַמאָוויטשן, אַ גאָלדפאַדענען, נאָך מער אַ לעווענזאָהנען און אַן עטינגער זײַנען זיי געווען, מן הסתּם, גוט באַקאַנט. און דעריבער, מאַכנדיק די דאָזיקע מער ווי וואַרשײַנלעכע השערה, קאָנען מיר ניט גענוג אָפּשאַצן די ווירקונג פון אַקסענפעלדן אויף דער ווײַטערער אַנטוויקלונג פון ליטעראַטור בײַ אונדז, סײַ שפּראַכלעך, ווי דורך זײַנע אַלגעמיינע קינסטלערישע מאָטיוון.

ווען אויך די באַוואוסטזיניקע טענדענץ פון די געדרוקטע זאַכן איז אַ השׂכּלהדיקע, שפּאַרט דאָך אַדורך די קינסטלערישקייט, און על כּל פּנים די גרויסע באַאָבאַכטונג־גאָב פון אַקסענפעלדן דורך דער משׂכּילישער כּוונה — און איטלעכעס ווערק שיסט אַריבער דעם ציל אַהין צו דער שאַפונג פון אַ שיינער דראַמאַטישער ליטעראַטור בײַ ייִדן, אויפן יסוד פון דער גערעדטער שפּראַך. זיך ניט אַרײַנלאָזנדיק אין דער קריטישער צעגלידערונג פון אַקסענפעלדס ווערק, וועלן מיר נאָר ברענגען אַ פּאָר ציטאַטן, בכדי צו געבן אַ פּראָבע פון זײַן שפּראַך, וואָס איז נאָך ביז הײַנטיקן טאָג ניט פאַרעלטערט געוואָרן. צום בײַשפּיל, אין ערשטן רעקרוט רעדט זײַנער אַ העלד אין אַזאַ שפּראַך: „ווען אַלע זאָלן פאַרשטיין ווי איר, כאָטש ניט זײַן קיין גלאַטע בהמות... און אין די קליינע שטעטלעך זײַנען אונדזערע ייִדעלעך גלאַטע בהמות, נאָר קיין מילך געבן זיי ניט, און אָקסן זײַנען זיי אויך, ניט אַזוינע, אַז מע זאָל זיי קענען טרײַבן קיין וואַרשע”.

אָדער אין מאַן און ווײַב, שוועסטער און ברודער ווערט אַרויסגעפֿירט אַ ייִדענע מיט אַ מענה־לשון, וואָס איז שפּעטער געוואָרן די געליבטסטע פֿיגור אין אונדזער דראַמאַטישער און ראָמאַנען־ליטעראַטור פֿון אַ שמרן ביז אַ גאָלדפֿאַדען און אַן אַנדערן פֿאָלקס־טעאַטער.

„לאָזן מײַנע שׂונאים די אויגן אַרויסקריכן, זאָלן זיי אין די אויגן, קנאָבל זיי אונטער דעם צונג, שטיינער זיי אויפֿן האַרצן — אַזאַ אָרעמע פֿינצטערע אַלמנה, אַז איך כאַפּ שוין אַמאָל דעם גראָשן, צי דעם גילדן — קאָן איך אַפֿילו אַ שטיקל יופּקעלע זיך ניט מאַכן. אָט גייט איר אָנגעטאָן, באַקליידט און באַנייט, באַשפּינען און באַצווערנט" אאַז"וו.

סאַראַ רואיקע, הומאָרפֿולע שפּראַך אין דעם ערשטן ציטאַט!

סאַראַ רײַכע אין דער צווייטער!

ווי געזאָגט, איז י. אַקסענפֿעלד נאָך ניט אין ערך אָפּגעשאַצט געוואָרן פֿאַר דער אַנטוויקלונג פֿון דער הײַנטיקער ליטעראַטור. אין אונדזער ליטעראַטור־פֿאָרשונג, וואָס הייבט זיך אָקערשט אָן, קאָן אַמאָל קומען צו אַזוינע רעזולטאַטן, ווען אַ גרויסער טייל פֿון די דימענטן אין מענדעלעס ליטעראַרישער קרוין וועט מוזן אָוועקגעגעבן ווערן דעם פֿאַדאָליער ייִדן, ישׂראל אַקסענפֿעלד.

## 7

איך וועל און קען נאָר אין קורצע ווערטער באַרירן די זשיטאָמירער צײַט, אין די 50ער יאָרן, בעת די השפּעה פֿון גאָטלאָבערן, אויך אָן אוקראַיִנער ייִדן, איז געווען זייער גרויס. עס קלעקט נאָר אָנצואווײַזן אויף דעם פֿאַקט, אַז אַדאַנק גאָטלאָבערס חדר, האָט ש"י אַבראַמאָוויטש געפֿונען זײַן ריכטיקן וועג פֿאַר זײַן צוקונפֿטיקן שאַפֿן, בכדי צו שרײַבן, ווי שטאַרק עס האָט געמוזט זײַן גאָטלאָבערס ווירקונג. גאָטלאָבערס ווירקונג איז ענג פֿאַרבונדן מיט צוויי נעמען, מיט גאָלדפֿאַדענען, דעם אוקראַיִנער־ייִדן, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער שעפֿער פֿון ייִדישן פֿאָלקס־טעאַטער, און מיט אַבראַמאָוויטשן, וואָס באַלד נאָך דעם, ווי ער פֿאַרלאָזט זשיטאָמיר צוליב בערדיטשעוו, פֿאַרבײַט ער זײַן העברעאישע משׂכּילישע פֿען אויף אַ ייִדישע. כאָטש ש"י אַבראַמאָוויטש דערקלערט אין זײַן אויטאָביאָגראַפֿיע דעם דאָזיקן איבערגאַנג מיט ריין מאָראַלישע טעמים (צו וואָס שרײַבן אויף אַ שפּראַך, וואָס מע פֿאַרשטייט ניט, צו וואָס די גאַנצע האָרעוואַניע, אַז פֿאַרן מאַסןלעזער איז דאָס ניט צו צעבײַסן. קורץ, דער למי אני עמל־מאָטיוו, געזען דורך דעמאָקראַטישעברילן). פֿונדעסטוועגן מוזן מיר אָננעמען, אַז, חוץ דעם מאָטיוו, האָבן נאָך מיטגעווירקט אַ גאַנצע ריי קינסטלערישע מאָטיוון, וואָס זײַנען אַבראַמאָוויטשן אַנטפּלעקט געוואָרן, נאָר אַדאַנק דעם נאַטירלעכן צובונד צו דער שפּראַך בײַ די דרומדיקע ייִדן, מיט גאָטלאָבערן אין דער שפּיץ.

גאָטלאָבער אַליין, כאָטש ער איז בכלל געווען אַ העברעאישער שריפֿטשטעלער, האָט שטענדיק געפּרואווט שאַפֿן אין ייִדיש. חוץ זײַנע לידער אין בדחנישן זשאַנער, האָט ער געשריבן אַ קאָמעדיע דאָס דעקטוך (וואָס איז שפּעטער אַרויסגעגעבן געוואָרן אָן דעם מחברס חתימה אויפֿן נאָמען פֿון פֿאַרלעגער ווערבליונסקי) און אַנדערע זאַכן (זע צינבערג).

ווי געזאָגט, די זשיטאָמירער שול, נאָך לחלוטין ניט קיין אויסגעפֿאָרשטע און ניט קיין באַאַרבעטע, איז געווען דער קוואַל, וואָס האָט אָפּגעפֿרישט די ליטעראַטור און ווײַטער געטריבן אירע שפּראָצונגען, וואָס האָט פֿון אָנפֿאַנג 19טן יאָרהונדערט נאָך געבליט און געווירקט אין אוקראַיִנע. מיר וואָלטן בלי־ספֿק גאָר געהאַט אַן אַנדער מענדעלען, און אפֿשר גאָר קיין מענדעלען ניט, ווען דאָס דאָזיקע בחורל וואָלט ניט אַרײַנגעפֿאַלן אין נעץ פֿון די זשיטאָמירער באַוואוסטזיניקע משׂכּילים און ניט־באַוואוסטזיניקע ליבהאָבער פֿון דער ייִדישער שפּראַך. די פֿאָלקס־שפּראַך איז געווען פֿאַר זיי אַן אוצר פֿון זייער אינסטינקטיוון קונסט־געשמאַק, קונסט־געפֿיל, אין בונד מיטן חשק צו נאַטירלעכקייט און לעבנס־רעאַליזם. מענדעלע וואָלט קיין מאָל ניט געוואָרן דער סטיליזאַטאָר פֿונעם ייִדיש, אָדער דער שעפֿער פֿון „ייִדישן נוסח" (ביאַליקס ווערטל), ווען ער וואָלט ניט אין זשיטאָמירער חדר אָנגעשטעקט זיך מיט דער ליבע צו דער שפּראַך, וואָס האָט נאַטירלעכערווײַז דורכגעזאַפּט די גאַנצע סביבה אַרום.

מיטן זשיטאָמירער חדר איז ענג פֿאַרבונדן די וויכטיקסטע דערשײַנונג אין ליטעראַריש־ייִדישן לעבן אין די 60ער יאָרן, ווען עס הייבט אָן אַרויסצוגיין דאָס ערשטע ייִדישע וואָכנבלאַט קול מבשׂר אונטער דער רעדאַקציע און צוליב דער איניציאַטיוו פֿון אַן אוקראַיִנער־ייִדן, ווי אַ. צעדערבוים. דער 50־יאָריקער יובילעאום אין 1912 האָט געגעבן אין די דאַמאָלסטיקע זשורנאַלן און צײַטונגען עטלעכע היסטאָרישע מאַטעריאַלן פֿון דעם קול מבשׂר, אָבער בכלל זײַנען די דאָזיקע מאַטעריאַלן נאָך צו ווייניק און די אָפּשאַצונגס־טענדענצן דערבײַ צו נאַאיוו און איבערפֿלעכלעך, אַז זיי זאָלן האָבן אַ באַדײַטנדיקן ווערט.

אַגב, איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז די ערשטע מאָדערנע שבמאָדערנע באַציאונג צו ייִדיש ווי אַ שפּראַך,

וואָס דאָס איז געווען דאַמאָלסט די גרעסטע אַפּיקורסות פֿאַר דער אויפֿקלערונג, ווערט אָנטפּלעקט צו ערשט אין קול מבשׂר דורך אַ בערדיטשעווער ייִדן, מרדכי יהושע ליפּשיץ, דעם שפּעטערדיקן פּראָפֿעסאָר פֿון אַן ערנסטן ייִדישן ווערטערבוך (זשיטאָמיר, 1876). לויט ווי דער מחבר שרײַבט אין דער פֿאָררעדע צום ווערטערבוך, איז דער דערמאָנטער אַרטיקל געלעגן צוויי יאָר אין רעדאַקציע ביז צעדערבוים האָט זיך דערוועגט אים צו דרוקן.

די ווירקונג פֿון קול מבשׂר אויפֿן לעזער פֿון יענער צײַט איז אַ געוואַלדיקע. צוליב אים האָבן זיך באַוויזן מיטאַרבעטער און לעזער, וואָס וואָלטן קיין מאָל ניט אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין דער ייִדישער ליטעראַטור. עס איז כּדאַי, אַגב, צו לייענען דעם בריוו פֿון דער רעדאַקציע פֿון סאָפֿיע העלפּמאַן (וואָס האָט זיך שפּעטער באַטייליקט אין דעם מאָרד פֿון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן), בכדי אָפּצושאַצן, ווי טיף עס האָט אָנגעהויבן אַרײַנצודרינגען אַ ייִדיש וואָרט צוליב דעם דאָזיקן וואָכנבלאַט (זע די נײַע וועלט, ווילנע, 1919). אַגב, אויך צוליב דעם צווייטן ייִדישן וואָכנבלאַט דער יוד אין די יאָרן 1899־1902, לויט זײַן השפּעה אפשר ניט וויניקער וויכטיק ווי דער קול מבשׂר.

איך מוז שוין באַמערקן (ווײַל שפּעטער וועל איך לויט דעם פּלאַן פֿון דער אַרבעט זיך ניט קאָנען אָפּשטעלן אויף דעם פּעריאָד פֿון דעם וואַרשעווער יוד, וואָס האָט אייגנטלעך ניט קיין דירעקטע שײַכות צו דעם אוקראַיִנער ייִדנטום) — דער יוד ווי אַ גרינדונג איז געווען אין אַ גרויסער מאָס דער פּועל־יוצא פֿון די דרומדיקע ציוניסטן, און אַז זײַן ערשטער ווי צווייטער רעדאַקטאָר זײַנען געווען אוקראַיִנער ייִדן. דער ערשטער איז געווען ראַבניצקי, איינער פֿון די זעלטענע ציוניסטן, וואָס האָט שטענדיק געהאַלטן הויך דעם ייִדיש (ער איז באַקאַנט נאָך מיט זײַן פּסעוודאָנים בר־קצין), און וואָס איז קיינמאָל ניט אײַנגעגנעצט געוואָרן אין דעם וואַסערל פֿון „עברית או רוסית", כּסדר קעמפֿנדיק קעגן דעם שטראָם, כאָטש ער איז אַ נאָענטער פֿרײַנט און אַ מקורב פֿון די לײַט, וואָס האָבן אויפֿגעשטעלט דעם פֿאַראָל פֿון אַגרעסיוון „עברית". דער צווייטער און לעצטער רעדאַקטאָר, ד"ר יוסף לוריע, איז אַליין פֿון ראָמען, פּאָלטאַווער גובערניע, און האָט זיך שוין ווי אַ סטודענט אין בערלין אויסגעצייכנט מיט זײַן באַזונדערן קוק אויף ייִדיש, צוזאַמען מיט אַ קליינער גרופּע אַנדערע, וואָס האָבן געהאַט צו קעמפֿן סײַ מיט אייגענע ציוניסטן, ווי מיט די דאַמאָלסטדיקע ייִדיש־רוסישע נאַראָדניקעס און שפּעטערע בונדיסטן, וועלכע האָבן ערשט אַ צײַט נאָכדעם באַגריפֿן דעם פּאָליטישן און קולטורעלן ווערט פֿון ייִדיש.

אין אַ נאָענטן צוזאַמענהאַנג מיט דעם זשיטאָמירער חדר שטייט דער באַוווסטער דרומדיקער שרײַבער י. י. לינעצקי, ווען־ס דאָס פּוילישע אינגעל איז צו ערשט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין קול מבשר. אויך די ווירקונג פֿון פּוילישן אינגעל, ווי בכלל פֿון לינעצקין, אויף דער ווײַטערער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, איז נאָך ניט־געהעריק אָפּגעשאַצט געוואָרן. שוין דאָס אַליין, וואָס מען פֿאַרבינדט מיט לינעצקין די פֿאָרשטעלונג פֿון אַ קעמפֿער קעגן חסידיזם, באַווײַזט, ווי וויניק מע האָט זיך אַרײַנגעלייענט אין לינעצקיס שאַפֿונגס־אַרבעט. דאָס פּוילישע אינגעל איז מער דער ווידוי פֿון אַ מענטשן, וואָס האָט זיך אַ סך אינערלעך און אויסערלעך אָנגעליטן, ווי אַ בלויז גראָבער פּאַמפֿלעט קעגן די בעלי־מופֿתים. צום וויניקסטנס איז עס אַ קאַמף קעגן חסידיזם ווי אַ גײַסטיקע שיטה. אַדרבה, לינעצקי איז דער ערשטער אין דער ייִדישער ליטעראַטור נאָך אליעזר צווייפֿלען, וואָס האָט דעם חסידיזם רעהאַביליטירט. האָט דאָך לינעצקי געשריבן אין פּוילישן אינגעל די ווערטער: „זיי (די חסידים) גייט נאָר דערינען, וואָס דער דרך לאָזט דעם גײַסט אַ פֿרײַען וועג אין ייִדישקייט, און דאַרום זײַנען די אָנהענגער דערפֿון שטענדיק פֿריילעך, לעבעדיק און אויפֿגעלייגט, וועלכע מאַכט אַ שטיק אַחדות צווישן אַלע חברה־לײַט אַזוי, אַז איינס דאָס אַנדערע איז מעורר און מתעורר, מאַכט אַ פּעולה און ווערט נתפּעל, אַז כּמעט אַלע פֿילן מיט איין האַרץ און אָטעמען מיט איין נשמה"... אָדער: „בײַ די משׂכּילים און מתנגדים זײַנען די אָנהענגער קאַלטע מלאכים, ספּראַווגע לאַקייען, ערנסטע סאָלדאַטן אָן אַ שום פֿונק, אַ ברען, אַ שטיקל התלהבות"... אָדער: „אַ מענטש מיט פֿײַער קאָן ניט זײַן קיין אָנהענגער פֿון יענע בײדע טויטע שיטות מיט אַלע זייערע מעלות און מדות־טובות... און דאָס חסידיזם איז לעבעדיק מיט אַלע זײַנע פֿעלערן און שווינדל" (זע דאָס פּוילישע אינגעל).

די געבראַכטע ציטאַטן ווײַזן מער ווי מע באַדאַרף, ווי פֿאַלש עס איז צו באַטראַכטן לינעצקין פֿאַר אַ פּרינציפּיעלן קעגנער פֿון חסידיזם, ווי פֿון אַ גײַסטיקער שיטה.

אַגב, באַנוץ איך די געלעגנהייט צו אונטערשטרײַכן, אַז די רעהאַביליטאַציע פֿון חסידיזם הייבט זיך אָן פֿון אוקראַיִנער ייִדנטום; צו ערשט, אַדאַנק דער אַרבעט פֿון אַ. צווייפֿל און זײַן העבראַיִשן בוך שלום על ישׂראל און דערנאָך דורך לינעצקין אויף ייִדיש, ווי מיר האָבן דאָ שוין פֿריִער דערוויזן, און דערבײַ באַמערקן מיר ווידער די דערשײַנונג, אַז דאָס אוקראַיִנער שאַפֿנדיקע ייִדנטום איז שטענדיק אָריגינעלער און טיפֿער אין זײַן לעבנס־באַנעם, ווי דער ליטווישער און פּוילישער ייִד. אַקוראַט, ווי בײַ משׂכּילים זעען מיר, ווי דער אוקראַיִנער משׂכּיל פֿאַרשטייט אינסטינקטיוו טיפֿער זײַן באַציִונג צו ייִדיש, להיפּוך פֿון די ערשטע „חכמי ליטא". דאָס אייגענע זעען מיר אויך, ווי דער אוקראַיִנער ייִד אין דער ליטעראַטור באַפֿרײַט זיך אַ לאַנגע צײַט פֿריִער

פאַר די ליטווישע און פּוילישע פון דער ניט־אָביעקטיווער באַציאונג צו דער פאָלקס־באַוועגונג, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין חסידיזם. נאָך פאַר פּרצן האָט ליגעצקי דערפילט, אַז בײַ אַלע זײַנע חסרונות און שווינדל, בײַ אַלע זײַנע אויסערלעכע מיאוסע זײַטן, אַנטוויקלט דער חסידיזם צו גלײַך אַ ריי געפילן און לעבנס־פאָרמען, וואָס מען טאָר ניט אויסמישן אין איין טאָפּ, וואו עס קאָכט זיך דאָס געקעכטס פון סאַטירישן וויץ קעגן די צדיקים, רביים, בעלי־מופתים אאַז״וו.

אין טיפערן זין איז י. ליגעצקי דער פאָרגענגער פון פּרצן בנוגע צום חסידיזם. און ניט נאָר אין דעם. ריין־שפּראַכלעך איז ער אים אויך פאָרגעגאַנגען. וואָרעם ליגעצקי איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אין זײַן ייִדיש אַרײַנגעבראַכט דעם בית־מדרש סטיל, ריכטיקער, דאָס חסידיש־שטיבל־ייִדיש, וועלכע מיר באַוואונדערן אַזוי שפּעטער בײַ פּרצן.(שאַצקעס אין זײַן פאַר פּסח האָט ערשט שפּעטער (1873) אַרײַנגעבראַכט דעם ליטווישן בית־מדרש־סטיל.) כּדי דאָס צו זען בחוש, ראַט איך צו נעמען אין האַנט דאָס פּוילישע אינגעל, כאָטש שוין די פריִער געבראַכטע ציטאַטעס גיבן אַ רמז דערפון. אין אַ געוויסן זין איז י. ליגעצקי געווען דער דערווײַטערטער פון די שפּראַך־מעגלעכקייטן אין ייִדיש און שיידט זיך שטאַרק אָפּ פון אַבראַמאָוויטשן, וואָס איז מער געווען דער סטיליזאַטאָר פון דער פאָלקס־שפּראַך בכלל, ווי דער, וואָס האָט זי געוויזן אין אירע פאַרשיידענע דיפערענציאַציעס בײַ פאַרשיידענע שטאַנדן, למשל, דער ייִדיש פון אַ רב, אַ למדן, אַ ישיבה־בחור, אַ באַנק־קוועטשער אין אַ חסידיש־שטיבל, פון חסידישן פאָלקס־טיפּ און אַזוי ווײַטער.

## 8

מיר רוקן זיך צו אַלץ נענטער צו די לעצטע עפּאָכעס פון דער ייִדישער ליטעראַטור, ווען די ווירקונג פון אוקראַיִנער ייִדנטום איז אויך בולט פאַר דעם, וואָס האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט באַשעפטיקט מיט ס׳רוב פראַגעס און פּראָבלעמען, וואָס מיר האָבן באַרירט אין די פריקע שורות.

די געשטאַלט פון שלום־עליכמען, דעם אוקראַיִנער־ייִדן, קענען שוין אַפילו ניט פאַרטונקלען ניט אַן אַבראַמאָוויטש, ניט אַ פּרץ. דער שלום־עליכמדיקער חוזק כאַפּט אַזוי שטאַרק אַרום דעם ייִדישן לעזער, אַז ער לאָזט כמעט קיין אָרט שוין ניט פאַר אַנדערע העלדן פון דער פעדער. ער דרינגט אַרײַן אין אַ ייִדישער שטוב, וואָס עלטערט זיך אין אַלטן ייִדישן ישוב. ווי אַ געלעכטער־ציקלאָן גייט ער איבער אַלע מדינות, שפּרײַזט אַריבער ימים און צערודערט מיט זײַן הומאָר אין איין און דער אייגענער צײַט אַ ייִדן אין שניפּעשאָק, ראַדאָמיסל, ווי אַ ייִדישן באָי אין ניו־יאָרקער איסט־סײַד. וועגן שלום־עליכמס אײַנפלוס אויף דער ייִדישער ליטעראַטור און שאַפונג בכלל איז דאָ איבעריק צו רעדן. ווי אָרעם און ווייניק עס ווערט בײַ ייִדן אָפּגעשאַצט אַ ליטעראַטור, איז דאָך שלום־עליכם אין אַ געוויסער מאָס אָפּגעשאַצט געוואָרן פאַרן לעזער און הערט ניט אויף צו וועקן דעם חשק גענויער און טיפער אָפּגעשאַצט צו ווערן; און דעריבער וועלן מיר דאָ באַרירן נאָר די זײַטן פון שלום־עליכמען, וואָס האָבן אַ דירעקטן צוזאַמענהאַנג מיט אונדזער היסטאָריש־קריטישער שטודיע.

קודם־כּל האָט אונדז שלום־עליכם געוויזן דעם ייִדן, זײַן ייִדן, דעם אוקראַיִנער־ייִדן, גאָר פון אַן אַנדער זײַט, וועלכן מיר האָבן ביז איצטער ניט געזען, וועלכער איז ווייניקסטנס ניט געווען אין דער קבלה פון די ליטעראַטור־טיפּן: אַ ייִדן, וואָס האָט אַ תאווה צו לעבן, בכלל אַ ייִדן מיט תאוות, אַ ייִדן, בײַ וועמען דער מאָגן איז שוין אַוודאי גרעסער פון אַ כּזית (בײַ אַבראַמאָוויטשעס ייִדן קלענער ווי אַ כּזית), וועלכער ווערט געשלײַדערט און געוואָרפן פון ליידנשאַפט־קדחות, וואָס איז, כאָטש אײַנגעוואָרצלט אין שטעטל, אַ מחותן צו אַלץ אויף דער וועלט, און בײַ וועמען עס לעבן אינסטינקטן, דאָס געפיל פון לעבנס־תענוגים, אַפילו די הרחבהדיקייט פון אַ שטילן לעבנס־געניוס. זײַן כתרילעווקער תושב איז שוין אַ פריילעכער, פאַרשײַטער פאַרשוין, מיט פולע באַקן, ווען ער גייט אַפילו אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן. און אין כתרילעווקע איז שוין ניטאָ, ווי בײַ אַשן אין שטעטל, אַן עדה ייִדן, וואָס קוקן מיט קנאה, ווי דער „גביר" פון שטעטל פאַרגינט זיך פאַר מיטאָג אויפעסן אַ צוויי־קאָפּיקן רעטעך. שלום־עליכמס ייִד וויס דעם טעם פון אַלע „אַכילות", און אַ „ווימאָראָזעק" איז אַ געווינלעכע זאַך בײַ אים. שלום־עליכמס ייִד וויס דעם טײַטש פון נחת גאָר אויף אַן אַנדער אופן, ווי דער ליטווישער. זײַן כתרילעווקע איז באַפעלקערט מיט אַ מחנה ייִדישע קינדערלעך, פול־פאַרפול מיט טעמפּעראַמענט, באַוועגונג, לעבעדיקייט, נאַטירלעכע אינסטינקטן און פרייִלעכע פאַרשײַטקייט. זײַן וועלטל האָט אַקטיאָרן, זינגער, שפּילער, פאַרליבטע מיידלעך און ווײַבלעך. בקיצור, שלום־עליכמס וועלטל איז אַזאַ נײַע אין דעם רומל פון די אַלטע טראַדיציעס אין דער ליטעראַטור, אַז עס ווירקט פּשוט ווי אַן איבערקערעניש, און טראָגט אַרײַן אַזאַ פרישן קוואַל, וואָס וואַשט פון איר אַרויס אַ סך שטויב און שימל.

שלום־עליכמס וואונדערלעכער הומאָר — צום אונטערשיד פון דער זיס־זויערער סאַטירע, וואָס האָט לאַנג זיך געקרעצעלט אויף אַ ייִדיש וואָרט — זײַן ליבּ, געהויבן שמייכל אויף דער ייִדישער נאַרישער וועלט,

וואָס עס אָטעמט שוין די זעלבסטבאַפרײַאונג פון געלײַטערטע מענטשן — איז אַזאַ אוצר אין אונדזער ליטעראַטור, וואָס איטלעכע אַנדערע וועט אונדז שטאַרק מקנא זײַן. שלום־עליכמס „יאָ״־זאָגן צום לעבן, צום אונטערשייד פון דעם „ניט״ בײַ אַבראַמאָוויטשן און אַ סך אַנדערע פון זײַן שול, צו דעם „ניט״ פון אַ פּרץ, וואָס טרײַבט צו אַ הינטער־וועלטלעכן קיום, נאָר אויף אַ נײַעם, אַ מענטשישן שטייגער — איז אַזאַ וויכטיקער פאַקטאָר אין אונדזער ליטעראַטור־אַנטוויקלונג, אַז מיר קענען נאָך ניט זען הײַנט כאָטש אַ טייל פון זײַנע ווירקונגען.

צווייטנס, מוז מען געווי אָפּשאַצן דעם שטויס, וואָס שלום־עליכם האָט געגעבן דער שפּראַך. מע קאָן זאָגן אָן אַ גוזמא, אַז ער האָט דעם גאַנצן הומאָר פון אונדזער פאָלקס־ווערטל און פאָלקס־שפּראַך אויסגעזויגן ביז דעם דעק. אין שלום־עליכמס ווערק איז פאַראַן מער פאָלקלאָר, און לעבעדיק פאַרגײַסטיקט דורך זײַן געבענטשטן טאַלאַנט, ווי אין דער גאַנצער שוויס־האָרעוואַניע פון אונדזערע פאָלקס־לידער־ און פאָלקס־ווערטלעך־זאַמלער. און ניט נאָר צוליב דעם אַליין. וואָרעם שלום־עליכם האָט ליב דאָס ייִדיש, ער איז אין אים פּשוט „פאַרכליאָבעט״, ער איז דער זולל־וסובאניק פון דער שפּראַך. ער איז ווי יענער חתן־בחור, וואָס פאַר אים בלײַבט ניט פאַרהוילן קיין איין פּעלבעלע אין דער כלהס פּנים, ווען זי שמייכלט, לאַכט, מאַכט אַ קרימעלע און פאַרשאָטנט פון אַן אומעטיקן געפיל.

און דערבײַ מוז מען אָנמערקן, אַז שלום־עליכמס ליבשאַפט צום ייִדיש איז ניט געווען קיין פּערזענלעכע מעלה, נאָר די צען מאָל געכפלטע ליבע צו דער שפּראַך, וואָס איז תמיד געווען דער כאַראַקטער־צוג פון אוקראַיִנער שאַפנדיקן ייִדנטום, ווי מיר האָבן דאָס שוין פריִער אָנגעמערקט. און דאָס איז דאָך שוין אַ כלל־גדול, אַז וואו עס איז דאָ די ליבע, שפּראָצט אויף די אמתע קונסט. אַ גריכישע לעגענדע הייבט אָן די געשיכטע פון דער מאָלערײַ מיט אַ פאַסטעכל, וואָס זײַענדיק שטאַרק פאַרליבט אין אַ דאָרפס־מיידל, האָט ער פון גרויס בענקשאַפט צו איר גענומען אויסקריצן אין אַ פעלדז די טײַערע קאָנטורן פון דער געליבטער. נאָר אַדאַנק דער נאַטירלעכער ליבע צו דער שפּראַך, הייבן מיר אָן צו באַמערקן אויסגעקריצט די ערשטע קאָנטורן פון אַ ליטעראַטור־וואָרט.

מיר קענען אָבער ניט באַהויפּטן, אַז די אייגענע ליבע צו דער שפּראַך האָט געפירט מיט דער פען פון ניט־אוקראַיִנער ייִדן. בנוגע צו ליטע איז דאָס פאַר איטלעכן קלאָר. דאָס דײַטשמעריש פון אַ מ. דיק און די אַנדערע באַווײַזט עס. נאָר אויך אין פּוילן זעען מיר דאָס ניט. כמעט קיינער ניט פון די פּוילישע גדולים און קטנים האָבן שפּראַכלעך דאָס ייִדיש ניט שטאַרק אַנטוויקלט, און וועגן ליבע איז כמעט ניטאָ צו רעדן. אפשר שלום אַש איז דער אײנציקער, וואָס איז מיט מער ליבע צוגעגאַנגען צו דער שפּראַך, ווי אַ שפּראַך, ווי י. ל. פּרץ, נאָמבערג, ווײַסנבערג און אַנדערע. מכּוח פּרצן בנוגע דער שפּראַך קען מען זאָגן, אַז מע טאָר ניט פאַרבײַטן די פּערזענלעכקייט, וואָס דריקט זיך אויס אויף זײַן אָרט מיט דער שפּראַך־אַנטוויקלונג, ווי אַ סינטעז צווישן שפּראַך און פּערזענלעכקייט. בײַ פּרצן געפינען מיר דעם סינטעז ניט, און דער בעסטער באַווײַז איז, פּרצס שפּראַך איז אַ דרײַפאַכע כמעט ביז דער לעצטער צײַט. ווי אַ פּובליציסט האָט ער אַן אַנדער שפּראַך־סטיל, ווי אַ דראַמאַטיקער און מעשׂהלעך־שרײַבער. עס איז כדאַי צו פאַרגלײַכן די „פאָלקס־ביבליאָטעק״ פון שלום־עליכם און די „אידישע ביבליאָטעק״ פון פּרצן, כּדי צו זען די דיאַמעטראַליש־פאַרשיידענע באַציאונג צו ייִדיש ווי אַ שפּראַך, און ווי צו אַ ליטעראַטור־בילדנדיקער שפּראַך. בעת בײַ שלום־עליכמען אין „די ביבליאָטעק״ איז כּסדר דאָ אַ פאָרשונג און אַן אויפרוף צו פאָרשונג וועגן ייִדיש ווי אַ שפּראַך און ליטעראַטור, געפינט איר בײַ פּרצן אין די זאַמלביכער קיין שום אינטערעס דערצו*).

מיר מוזן אויף גיך פאַרענדיקן די פאָרלעצטע עפּאָכע פון אונדזער ליטעראַטור בנוגע צו פּאָעזיע און ליריק, בכדי נאָך שפּעטער אַ ביסל צו רעדן וועגן דער נײַעסטער עפּאָכע פון דער ייִדישער ליטעראַטור, וואָס שפּיגלט זיך איצט אָפּ צום שטאַרקסטן און צום ווירקזאַמסטן, וואָס שייך איניציאַטיוו און טאַלאַנט, ווידער אַ מאָל אין אוקראַיִנע בײַם דרום־ייִדנטום.

דער לעזער וועט שוין איצט ניט נתפּעל ווערן נאָך אַלץ דעם, וואָס ער האָט פריִער באַטראַכט, ווען ער וועט ווידער דערזען פאַר זיך צווי דרום־ייִדן, וואָס טראָגן אַרײַן אין דעם טראַדיציאָנעלן ייִדישן בדחנישן שטייגער, און שפּעטער אין דער ייִדישער פּאָעזיע בכלל אַ נײַעם שטראָם, הייבנדיק זיי סײַ אין אינהאַלט, פאָרעם, ווי אין דער שפּראַך. איך מיין דאָ צו ערשט פרוגן, וואָס שטייט אויף דער גרענעץ, ווען עס לעבט נאָך דער בדחנישער שטייגער ניט געמינערט, און שפּעטער ביאַליק, ווען די ייִדישע פּאָעזיע איז שוין געווען פאַרטראָטן פון אברהם רייזען, מאָריס ראָזענפעלד און אַנדערע.

ביזן סוף פון די אַכציקער און נאָך שפּעטער בליט שטאַרק דער בדחנישער שטייגער. מיכל גאָרדאָן, פּ. זאַמאָסטשין, גאָלדפאַדען, אליקום צונזער זײַנען די גדולים וועמען מע דרוקט מיט התמדה, מיט וועמען מע צוקערט זיך און וועמען מע ציטירט. אָבער שוין צום סוף פון די 80ער יאָרן דרינגט אַרײַן ש. פרוג אין דער ייִדישער דאַמאָלסדיקער זשורנאַליסטיק און פאַרטונקלט אין אַ קורצער צײַט אַלע דאַמאָלסדיקע גדולים. מיט פרוגן הייבט זיך אָן דער ערשטער עטאַפּ פון אַן

*) מ. ספּעקטאָר, אויך אַ דרומדיקער ייִד, האָט אין זײַנע זאַמלביכער הויז־פרײַנד דאָס נאָך געטאָן פאַר שלום־עליכמען. ליבע צו ייִדיש זעען מיר נאָר בײַ די אוקראַינער ייִדישע שרײַבער.

אמתער פּאָעטישער ליריק. דאָס ליד באַקומט אַ פֿאָרעם, אַן עכט אייראָפּעאישע פֿאָרעם, ניט נאָר אין דעם משקל, נאָר אויך בנוגע צו מוזיקאַלישקייט, ווי בנוגע צו פּאָעטישע פֿאָרמען בכלל, די פֿאָרעם פֿון דער באַלאַדע, פֿון עפּאָס; פֿון דער ריינער שטימונגס־ליריק, פֿון דעם צונויפֿשמעלצן פֿון נאַטור־שילדערונגען מיט מענטשלעכן פֿילן אאַז״וו.

אויך דער תּוך פֿון דער פּאָעזיע איז אַן אַנדערער, כאָטש ס׳רוב איז ער נאָך ניט־ווײַט אַוועק פֿון דעם בדחנישן תּוך מיט דעם סימבאָל „ישׂראליק״.

דאָס בינטל פּאָעזיע־בלומען, וואָס פֿרוג האָט אָנגעריסן פֿאַר ייִדיש פֿון זײַן גרויסן רוסישן בלומען־פֿעלד האָט ניט נאָר געגעבן אַ טויט־קלאַפּ דעם בדחנישן שטייגער, נאָר אויך שטאַרק געווירקט, אַז עס זאָלן אויפֿשטיין נאָך אים אַ סך נײַע פּאָעטן, וואָס זײַנען אייגנטלעך קיינמאָל ניט אינגאַנצן אַרויס פֿון פֿרוגס השפּעה, כאָטש אין אַ סך הינזיכטן זײַנען זיי אים אַריבערגעוואַקסן.

מ. ראָזענפֿעלד, אַברהם רייזען, יהואש און אַנדערע זײַנען די, וואָס פֿירן ווײַטער דעם פֿאָדעם פֿון פֿרוגס שאַפֿונגס־ווערק, אַרײַנברענגענדיק גלײַך אין דער ייִדישער ליריק נײַע פּערזענלעכע מאָטיוון און אויך אַ נײַעם תּוך. אַלע די דאָזיקע זײַנען צו נאָענט צו אונדזער צײַט, אַז מיר זאָלן זיי דאַרפֿן ציטירן. פֿאַר מײַן איצטיקער אויפֿגאַבע איז נאָר וויכטיק אָנצואווײַזן, אַז בײַ אַלע זייערע מעלות האָבן זיי דאָך ניט געקאָנט אַרײַנברענגען אין זייער פּאָעזיע אַזאַ קראַפֿט, אַזאַ האַרטקייט און פֿעסטקייט אין דער שפּראַך, אַזאַ פֿאַרב, וואָס זאָל זי דערנענטערן צו נײַע מעגלעכקייטן סײַ אין דער פֿאַרב, ווי אין דעם פּלאַסטישן אויסדרוק. דער קלאָגעדיקער טאָן איז אויך אַרײַנגעדרונגען בײַ דעם סאָציאַלן פּראָטעסט, בײַ די איבערלעבונגען פֿון אַלערליי לײַדנשאַפֿטן, בײַ דער אייביקער פֿראַגע מכּוח מענטש, וועלט, גערעכטיקייט אאַז״וו. זי איז נאָך געווען אײַנגעשנורעוועט אין דעם סאַטירישן גאַרטל פֿון אַן אָרעמען בידנעם פֿאָלקסקינד, און דער „ישׂראליק״־סימבאָל איז ניט אַרויסגעיאָגט געוואָרן פֿון איר לירישן וועלט־באַנעם אויך דאַמאָלסט, ווען זי האָט באַזונגען די „בת־מלכּה״ און די לבנה־שטראַלן. און אָט באַווײַזט זיך אַ ביכל אויף ייִדיש פֿון „צער און צאָרן״ פֿון ח. נ. ביאַליק, דעם גרויסן העברעאישן פּאָעט, וואָס אים ווי אַן אוקראַיִנער ייִדן, איז דאָס ייִדיש אַזוי נאָענט, לעבעדיק, און — זאָגט, וואָס איר ווילט — ליב, ניט געקוקט אויף זײַן פּאָליטישן אַני־מאַמין. און די ייִדישע ליריק באַקומט פּלוצעם אַזאַ געוואַלדיקן שטויס, וואָס געוויי אָפּגעשאַצט, איז ער נאָך אַ סך באַדײַטנדיקער, ווי דער שטויס וואָס זי האָט באַקומען פֿון פֿרוגן.

פֿרוג מיט זײַן שטאַרקן פּאָעטישן טאַלאַנט, וואָס איז אויסגעוואַקסן אויף דער רוסישער פּאָעזיע פֿון דער נעקראַסאָווער צײַט אין בונד מיט דער ביבל־ראָמאַנטיק פֿון איין זײַט און דער היינע־פּאָעזיע פֿון דער אַנדערער — האָט צוגעפֿירט די ייִדישע פּאָעזיע צו נײַע דערגרייכונגען אין זין פֿון פֿאָרעם, תּוך און מוזיקאַלישקייט. פֿרוג האָט דער ייִדישער פּאָעזיע געגעבן אַן אייראָפּעאישן בגד. אָבער אין תּוך אַרײַן האָט ער זי שפּראַכלעך ניט באַרײַכערט, ניט אַרויסגייענדיק בנוגע צו דער שפּראַך פֿון דעם בדחנישן בגד. און איז ער יאָ אַרויס — האָט ער זי פֿאַרדײַטשמערישט. און אַזאַ איז זי פֿאַרבליבן, קאָן מען זאָגן, ביז ביאַליק, וואָס האָט סך־הכּל געגעבן אַן ערך צען פּאָעטישע זאַכן אויף ייִדיש, נאָר אַזוינע, וואָס איטלעכע פֿאַר זיך איז אַ פּרק אין דער ייִדישער פּאָעזיע־אַנטוויקלונג (זע ח. נ. ביאַליק: שירים, אַרויסגעגעבן אין „כּלל״־פֿאַרלאַג, בערלין, 1922). עס קלעקט נאָר עטלעכע שטעלן צו ציטירן פֿון ביאַליקס לידער, בכדי אָן פֿיל הסברות צו זען בחוש דאָס אומדערוואַרטעט נײַע פֿון ביאַליקס פּאָעטישער פּעדער, וואָס איז אַרײַנגעפֿלאָסן ווי אַ נײַער דערפֿרישנדיקער שטראָם אין דער ייִדשער ליריק.

פֿון שטאָל און אײַזן, קאַלט און האַרט און שטום
שמיד אויס אַ האַרץ פֿאַר זיך, דו מענטש, און קום.

— — — — — — — — — — — — — — —

יסורים שטומע פֿלאַטערן ... שאַ ... שטילער ...
ס׳איז נאָך דאָ עמעצער מיט דיר, ער בלאָנדזשעט
מיט צוגעמאַכטע אויגן אין דער פֿינצטער,
פֿאַרטיפֿט אין אָפּגרונטן און גרויסן אומעט,
שטרעקט אויס פֿאַר זיך צוויי פֿאַר הענט צום שוואַרצן
מיט שטומע אַנגסטן אָנגעפֿילטן חלל,
און טאַפּט דאָס פֿינצטערניש מיט בלינדע פֿינגער,
נישט זוכנדיק קיין אויסוועג פֿאַר זײַן טרויער,
ס׳איז ער, ס׳איז ער אַליין, דער גרויסער שמערץ־גײַסט,
וואָס האָט זיך זעלבסט פֿאַרשלאָסן דאָ אין תּפֿיסה,
און אָן רחמנות זיך אַליין פֿאַרמשפּט
אויף אייביקע, אויף גרויסע שטומע ליידן.

— — — — — — — — — — — — — — —

שאַ, גיי פּאַמעלעך צו, פֿאַרשליס די טיר
און אויג אויף אויג בלײַב איבער דאָ מיט איר.
און לאָז זיך אָנזאַפּן אויף אייביק דײַן נשמה
מיט אירע שטילע, ברענענדיקע ליידן.
און ווען אין דיר וועט אַלץ אָפּשטאַרבן און שווײַגן,
נעם ריר זיי אָן, זיי וועלן אויפֿלעבן און ריידן.
און גיי אַוועק, צעטראָג זיי אין דײַן שויס
אין אַלע עקן פֿון דער גאַנצער וועלט
און זוך, נאָר נישט געפֿין פֿאַר זיי קיין נאָמען...
(אין שחיטה־שטאָט).

— — — — — — — — — — — — — — —

און גאָט האָט מיר געזאָגט אַזוי:
„צו שווער דער יאָך, איך קען ניט מער!
גיי רײַס פֿון זייער האַרץ אַן אוי!
שיס אויס פֿון זייער אויג אַ טרער!
און שווער זאָל זײַן די טרער און ביטער,
און הויך זאָל זײַן דער לעצטער קרעכץ
אַזוי — די ערד זאָל טאָן אַ ציטער
און אָפּטרייסלען פֿון זיך דאָס שלעכטס.״

— — — — — — — — — — — — — — —

איך שליס אויף אוצרות לעבן, מאַכט —
און ימים פֿרייד וועל איך צעגעבן —
נאָר איר אַליין וועט זײַן פֿאַרשמאַכט
און אײַער קוואַל וועל איך באַטריבן.
און טרוקענע מיט זין און טעכטער
וועט איר אין פֿרעמדע טירן קלאַפּן,
מיטן פּנים צו דער ערד צופֿאַלן
און איבער פֿרעמדע קוואַלן קניען
און דאָרשטיק אײַער האַלדז אויסציען
און בעטן, חלשן — אַ טראָפּן . . .
נאָר אײַך באַגעגנט אַ געלעכטער,
פֿאַר אײַך פֿאַרשלאָסן אַלע קוואַלן.

(דאָס לעצטע וואָרט).

דאָס ווייניקע, וואָס מיר ברענגען דאָ פֿון ביאַליקן, קלעקט פֿאַרן מבֿין צו זען, אַז ערשט מיט אים דרינגט אַרײַן אין אונדזער פּאָעזיע אַזאַ קראַפֿט, אַזאַ פּאַטאָס, אַזאַ הימל־שטורמישע לײַדנשאַפֿט, אַזאַ שטאָלענער, פֿעסטער, מאָנומענטאַלישער פּאָעטישער אויסדרוק, וואָס האָט פֿריִער צו זיך קיין גלײַכן ניט געהאַט. אויב ש״י אַבראַמאָוויטש האָט רעפֿאָרמירט דאָס העברעאיש, אַרײַנברענגענדיק אין דער שפּראַך דעם גײַסט פֿון דער גאַס מיט איר שפּראַך — האָט ביאַליק פֿאַרשטאַרקט, געקרעפֿטיקט און גלוטיק דורכגעוואָרעמט דאָס ייִדיש, אַרײַנברענגענדיק אין אים דעם הייסן פּאָעטישן גײַסט פֿון דער ביבל־שפּראַך. און די נײַע דערגרייכונגען פֿון דער יונגער ייִדישער פּאָעזיע אין די לעצטע יאָרן וואָלט געווען אוממעגלעך, ווען ניט ביאַליקס אײַנפֿלוס מיט זײַנע פּאָעטישע שאַפֿונגען אין ייִדיש.

סוף 19. י״ה און די ערשטע צענדליקער יאָרן פֿון 20. י״ה האָט זיך אויסגעדוכט (אין אַ געוויסן זין איז דאָס אַזוי געווען), אַז דער צענטער פֿון ייִדישן שאַפֿן אין וואַרשע בראש מיט י. ל. פּרץ און דערנאָך שלום אַש האָבן דורך זייער קונסט־טעטיקייט קאָנצענטרירט די עפֿנטלעכע מיינונג אויף אַ באַשטימטן טעריטאָריאַלן פּונקט. די שטערן פֿון צווייטן גראַד — נאָמבערג, ווײַסענבערג און אַנדערע, וואָס זײַנען געקומען פֿון דער אייגענער פּוילישער סבֿיבֿה, האָבן נאָך פֿאַרשטאַרקט די דאָזיקע מיינונג. מע קאָן אויסרעכענען אַ סך אייגנס, וואָס די פּוילישע כוואַליע האָט אַרײַנגעבראַכט אין דעם שטראָם פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, און דאָס פּאָדערט אַן אָפּהאַנדלונג פֿאַר זיך, אַן ענלעכע צו דער, וואָס ווערט איצטער געגעבן מכּוח דער אוקראַיִניש־ייִדישער כוואַליע. איצט איז נאָך וויכטיק פֿעסטצושטעלן, אַז די פּוילישע כוואַליע האָט גיך פֿאַרלוירן איר קראַפֿט, אָנגעוואוירן דעם כּוח אַרויסצורופֿן ווײַטערע באַוועגונגען אין פּוילן גופֿא, וועלכע האָבן געדאַרפֿט זײַן דער נאַטירלעכער פּועל־יוצא פֿון דער אָנפֿאַנגס־באַוועגונג, פֿון אַלע די התחלות, מיט וועלכע די פּויליש־ייִדישע שאַפֿונג האָט באַרײַכערט אונדזער ליטעראַטור.

אין דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג איז פּוילן ווי אַ צענטער ניט געגאַנגען כּסדר פֿון קליין צו גרויס, פֿונעם אָנגעמאַרקירטן טיפּ צום פּלאַסטיש־קינסטלעריש דורכגעאַרבעטן, פֿון דער קליינער נאָוועלע צו דער ברייטער דערציילונג, ווי צום ראָמאַן, פֿון די אָנגענומענע און איבערגענומענע לירישע מאָטיוון צו נײַע פֿאַרטיפֿטע און מער קינסטלעריש דורכגעטראַכטע אאַז״וו. די כאַראַקטעריסטישע וואַרשעווער טאָג־פּרעסע, ווי בכלל דער וואַרשעווער טאַנדעט־פֿאַרלאַג, שפּילט אַרײַן אַ וויכטיקע ראָלע און האָט דערשטיקט אַ סך בליאונגען, נאָך איידער זיי האָבן זיך אַנטוויקלט אין קנאָספּן און בלומען.

פֿאַרן וועלט־קריג האָט דעריבער דער פּוילישער צענטער מער געשפּילט אַ ריין אויסערלעכע מערקאַנטילישע ראָלע, ווי אַ גײַסטיקע, כאָטש דאָס איז ניט פֿאַר אַלעמען געווען אַזוי קלאָר. באַזונדערס פֿאַרן גוטן, טרײַען, נאַאיוון לעזער.

אָבער אין דער זעלבער צײַט, ווען פּוילן בליט אָפּ, בילדעט זיך שוין אין אוקראַיִנע אַ גרופּע פֿון יונגע ייִדישע שרײַבער, ווען עס איז באַשערט געוואָרן ווידער צו ציִען די געדיכטע פֿעדעם פֿון אונדזערע אַמאָליקע און איצטיקע שאַפֿנדיקע כּוחות אין דער ייִדישער ליטעראַטור. און באַזונדערס בולט האָט זיך דאָס אַרויסגעוויזן אין די לעצטע צען יאָר אין דער שיינער פּראָזע ווי אין דער ייִדישער פּאָעזיע. אַדאַנק דעם בעלעטריסט דוד בערגעלסאָן און דעם אָריגינעלן דיכטער פֿון דעם ייִדישן מעשׂהלע דעם נסתּר; אַדאַנק די טאַלאַנטירטע פּאָעטן דוד האָפֿשטיין, לייב קוויטקאָ און אָשר שוואַרצמאַן — באַקומט ווידער די ייִדישע ליטעראַטור אַ מעכטיקן רוק פֿאָרויס און אַזאַ שטויס, וואָס וועט דעם קומענדיקן געשיכטע־שרײַבער צווינגען צו שטעלן אַ שטאַרקע מחיצה צווישן דער עפּאָכע, ווען וואַרשע איז געווען דער צענטער, און דער צווייטער, ווען קיִעוו מיט זײַנע עטלעכע פֿאַרלאַגן (קיִעווער פֿאַרלאַג, קיִעווער פֿאָלקס־פֿאַרלאַג און קולטור־ליגע־פֿאַרלאַג), איז געוואָרן ניט אין ערך אַ גרעסערער צענטער פֿון ייִדישער קונסט און ליטעראַטור, ווי בכלל פֿון אַן ערנסט ייִדיש בוך.

אַלע די דערמאָנטע נעמען שטייען נאָך אין דער בליאונגס־צײַט פֿון זייער שאַפֿן, און חוץ דעם, וואָס זיי האָבן שוין געגעבן, טראָגן זיי נאָך אין זיך אַזוינע צוזאָגן, וואָס קען נאָך מער פֿאַרשטאַרקן זייער ווירקונג (ליידער, איז דער יונגער 29־יאָריקער אָשר שוואַרצמאַן געפֿאַלן אין שלאַכט פֿאַרטיידיקנדיק די רעוואָלוציע).*)

*) אין יענער צײַט האָט בעל־מחשבֿות זיך אַוודאי ניט געקענט פֿאָרשטעלן וואָס פֿאַר אַ טרויעריקן סוף עס וועלן האָבן די אַלע ייִדישע שרײַבערס, וואָס זענען אויסגעוואַקסן אין רוסלאַנד; ווי סטאַלין וועט זיי אַלע אומברענגען און אינאיינעם מיט זיי אויך אָפּמעקן און מאַכן שטום די גאַנצע ליטעראַטור, וואָס זיי האָבן דאָרט געשאַפֿן אין דער שפּראַך פֿון פֿאָלק, אין דער שפּראַך, וואָס זיי האָבן אַזוי ליב געהאַט דאָס גאַנצע לעבן.

רעד׳.

דוד בערגעלסאָן, מיט וועלכן די קריטיק באַשעפֿטיקט זיך שוין עטלעכע יאָר (זע די אַרטיקלען פֿון אַ. ווײַטער, מײַנע און ניגערס), האָט דורך זײַנע ווערק אַרום וואָקזאַל, נאָך אַלעמען, אין פֿאַרטונקלטע צײַטן און אַנדערע דערהויבן סײַ די דערציילונגס־פֿאָרעם, ווי דעם ראָמאַן, ביז צו אַ מדרגה, פֿון וועלכער די יונגע ייִדישע ליטעראַטור האָט נאָך ביז הײַנט ניט געוואוסט. סײַ די קינסטלערישע אויסאַרבעטונג פֿון דער דערציילונג, ווי פֿון ראָמאַן, סײַ דער רעאַליזם, וואָס מיט זײַן אימפּרעסיאָניסטישן פּענדזל דערנענטערט זיך אָפּט צום סימבאָליזם, האָט ד. בערגעלסאָנען אַרויסגעשטעלט אין די ערשטע רייען. ער איז צוגלייך אויך דער קינסטלער פֿון אַ נײַעם ייִדישן שטעטל, וואָס שיידט זיך האַרט אָפּ פֿון אַלע איבעריקע שטעטלעך — סימבאָלן, וואָס מע האָט אונדז געמאָלט ביז אַהער. נאָר אַדאַנק דעם, וואָס ד. בערגעלסאָן האָט ווי אַ קינסטלערישן הינטערגרונט געגעבן זײַן שטעטל אַ העכערע סײַ עקאָנאָמיש, ווי אין דער געוויסער האַרמאָנישקייט פֿון איר קערפּערלעכער און גײַסטיקער קולטור — איז מעגלעך געווען צו באַקומען די ערשטע גוטע קינסטלערישע דערציילונג, ווי דעם גרויסן געמעל פֿון אַ ייִדישן ראָמאַן אין ברייטן קינסטלערישן זין.

דער נסתּר מיט זײַנע מעשׂהלעך פֿאַר קינדער און גרויסע אין פּראָזע און אין פֿערזן האָט אין אייניקע פֿון זיי אַרויסגעוויזן אַזאַ פּשטות בנוגע צו די קינסטלערישע מיטלען, און צוגלײַך אַזאַ מאָלערישקייט פֿון דער מעשׂה־וועלט, אַז זיי דערמאָנען ערטערווײַז די מוסטערהאַפֿטע פּרימיטיוון פֿון דער קונסט. ערשט מיט נסתּרן ווערט די ייִדישע מעשׂה־וועלט עפּעס אַזוינס, וואָס דערהייבט זיך איבער אַלע פּראָוון פֿון פּרץ ביז אַלע זײַנע נאָכטוער — און ווערט אַ ייִדישע ריינע שאַפֿונג פֿאַר זיך, וואָס איז דורכגעדרונגען פֿון אַ ספּעציעלער נאַציאָנאַלער מיסטישער פֿאָרעם און דורכגעזאַפּט מיט אַ ספּעציעלן ייִדישן מעשׂהלע־קאָלאָריט.

אַדאַנק נסתּרס אייגענער שפּראַך, וואָס איר הויפּט־מעלה איז פּשטות, איינפֿאַך ביז פּרימיטיוויקייט, איז ער געוואָרן אין אַ גרויסער מאָס איר רעפֿאָרמאַטאָר, וועלכער האָט שוין געהאַט אַ מערקיקע ווירקונג אויף דער נײַער יונגער ליריק, וואָס טרעט אַרויס אַזוי שטאַרק בײַ די דרומדיקע פּאָעטן.

די דרײַ פּאָעטן, וועלכע מיר האָבן אויבן דערמאָנט, זײַנען די יונגע עכטע ליריקער, וואָס האָבן זיך באַפֿרײַט אינגאַנצן פֿון ישׂראליק־סימבאָל, און וואָס טרעטן אַרויס ווי אינדיווידועלע פּאָעטישע פּערזענלעכקייטן, און וואָס ווערן ניט צעקוועטשט פֿון די גרויסע ייִדישע כּלל־צרות, אָדער פֿון אַ געוויסער קבצן־אידעאָלאָגיע, אָדער אַן אַנדער צײַטלעכער געזעלשאַפֿט־אידעאָלאָגיע.

ד. האָפֿשטיין איז אַ גאַנצע פּערזענלעכקייט אין זײַנע לירישע פּאָעזיעס (זע האָפֿשטיין, בײַ וועגן, לידער, קיִעווער פֿאַרלאַג). דורך זײַן וועלט־באַנעם, דורך זײַן גלויבן, דורך זײַן שטרעבן צו ליכט, דורך די אייגנאַרטיקע רו־מאָטיוון פֿון זײַן נשמה ווי אויך דורך זײַן שטאַרקער רעליגיעזער עמאָציע. באַזונדערס פֿאַרדינט האָפֿשטיין נאָך אָפּגעשאַצט צו ווערן אַלס אַרטיסט אין דער שפּראַך, אין פֿערז, ווי בכלל אין דער מוזיקאַלישקייט זײַנער, וואו ער ווײַזט זיך אַרויס שוין פֿאַרן מײַסטער.

אָשר שוואַרצמאַן איז אַ גרויסער פּאָעט אַדאַנק זײַן טיפֿן, עטישן וועלט־באַנעם, וואָס שטעלט זיך ניט אָפּ בײַ די ריין אויסערע לײַדן פֿון אַ פֿאָלק אָדער אַ מענטשן־קלאַס, נאָר זײַן עטיש געפֿיל דערגרייכט דאָס העכסטע און רירט מיט זײַן מאַיעסטעטיש־געבויטן פֿערז דאָס טיפֿסטע פֿון אַ מענטשנס נשמה.

לייב קוויטקאָ, דער ייִנגסטער, איז אפֿשר ניט אַזוי צײַטיק, ווי די אויבן דערמאָנטע צוויי, נאָר זײַן דיאַפּאַזאָן איז ברייט, און ער איז אַ צוזאָג פֿאַר דער צוקונפֿט.

זײַן לידער־זאַמלונג טריט דערמאָנט ערטערווײַז, ניט ווי אַ נאָכטרעטונג, נאָר ווי קאָנגעניאַל, די שענסטע פּאָעטישע געשטאַלטן פֿון דער וועלט־ליטעראַטור. אין אים פֿילט זיך אַ הויך פֿון בײַראָניזם, גוטע רוסישע השפּעות בנוגע צו דער פֿאַרמענטשלעכונג פֿון דער נאַטור און אויך אַן עטישער פּאַטאָס.

נאָך אַלעמען, וואָס איז געזאָגט געוואָרן, רוקט זיך אַרויס די פֿראַגע: ווי קומט עס, וואָס דאָס אוקראַיִנער ייִדנטום האָט געשפּילט אַזאַ געוואַלדיקע ראָלע אין דער ליטעראַטור? וועלכע סיבות האָבן געבראַכט דערצו? וועלכן אײַנפֿלוס האָט געהאַט די טעריטאָריע, אַז פֿון איר האָבן געקאָנט אַרויס כּמעט אַלע שאַפֿנדיקע כּוחות פֿון דער ליטעראַטור? און צי איז בכלל ניט פֿאַדאָליע און וואָלין דער מקור פֿון ייִדיש, פֿאַר אַ באַזונדער שפּראַך, וואָס האָט זיך שוין אין 18טן יאָרהונדערט אין גאַנצן אויסגעשיילט פֿון דער מיטל־הויכדײַטש?

די דאָזיקע אַלע פֿראַגעס אָבער פֿאָדערן אַ ספּעציעלע אָפּהאַנדלונג, וועלכע גייט שוין אַרויס פֿון די גרענעצן, וואָס מיר האָבן זיך געשטעלט און וואָס פֿאַרלאַנגען שוין אַ שטודיע פֿאַר זיך אַליין.

מע טאָר ניט פֿאַרגעסן דערבײַ, אַז וואָלין און פֿאָדאָליע זײַנען קולטורעל געווען אַ צײַט לאַנג שטאַרקער אָפּגעזונדערט פֿון דער הויכער פּוילישער, רוסישער און דײַטשישער קולטור, ווי ליטע און פּוילן. אַ טייל פֿון דער צעשפּרייטער אומה איז אויף אַ ווײַל געווען ווייניקער גײַסטיק צעשפּרייט, ווייניקער גײַסטיק צעפּליקט פֿון אויסערע אײַנפֿלוסן. און די קורצע פֿאַרהעלטנסמעסיקע אָפּגעזונדערטקייט האָט ממילא געמוזט געבן מער רואיקייט סײַ בײַם ווײַטערדיקן שאַפֿן פֿון דער שפּראַך, ווי פֿון דער ליטעראַטור אויף דער דאָזיקער פֿאָלקס־שפּראַך.

מ. אַשעראָוויטש

# דער אָנהייב פון יידיש־טעאַטער אין אוקראַינע

## ערשטער קאַפּיטל

אין יאָר נאָך דעם ווי אַברהם גאָלדפאַדען האָט זיך אומגעקערט צוריק קיין רוסלאַנד פון רומעניע, וואו ער האָט געלייגט דעם ווינקלשטיין פאַר יידיש טעאַטער אויף דער וועלט, זײַנען צווישן די אַקטיאָרן אויף דער יידישער בינע שוין געווען אַזעלכע קינסטלער ווי זעליג מאָגולעסקאָ, דוד קעסלער, יעקב פ. אַדלער און מאַדאַם קעני ליפּצין.

זיי זײַנען געווען צווישן די פּיאָנערן פון דעם נײַגעגרינדעטן טעאַטער, וואָס האָט דערנאָך געבראַכט אַזוי פיל פרייד דעם פאָלק, וואָס איז דעמאָלט מיט יידיש לשון אין מויל און מיט יידישן ניגון אין האַרצן איבער אַזויפל לענדער און מדינות געווען צעזייט און צעשפּרייט.

מיט זייערע נעמען, וואָס האָבן דערנאָך שוין אַ סך יאָרן העל באַלויכטן די יידישע בינע אומעטום, איז דאָס יידישע טעאַטער אויסגעוואַקסן גרויס און האָט זיך אויף בײדע זײַטן ים שוין געהאַט הויך דערהויבן.

אויף זיי האָבן די בעסערע שוישפּילער פון יינגערן דור געקוקט ווי אויף די וועגווײַזער, וואָס מע דאַרף נעמען ווי אַ מוסטער פאַר זיך און פון זיי וואָס מער לערנען.

מיט זיי האָט מען זיך באַרימט, ווען מע האָט געדאַרפט אָנווײַזן דערויף וואָס מע האָט אויף דער יידישער בינע שוין אויפגעטאָן און וואָס פאַר גרויסע קינסטלערס מע האָט דאָרט ביז איצט שוין אַרויסגעגעבן.

און געקומען זײַנען זיי אַלע פון דעם לאַנד, וואו אַפילו ווען עס הערט זיך ניט קיין געזאַנג, דערטראָגט זיך דאָרט פון ערגעץ צו די אויערן אַ ווידערקול דערפון; זומער דערטראָגט זיך דאָס ווידערקול פון די פעלדער און עס מישט זיך צונויף מיטן קלאַנג פון קאָסעס, און ווינטער דערטראָגט זיך עס פון די יאַרידן אין די קליינע שטעטלעך און עס מישט זיך צונויף מיטן צעצויגענעם שפּילן פון די בלינדע לירניקעס אויף די גרויסע באַנדורעס — זיי זײַנען אַלע געקומען פון אוקראַינע. דאָרט זײַנען זיי געבוירן געוואָרן, דאָרט זײַנען זיי אויסגעוואַקסן, דאָרט האָבן זיי פון קליינערהייט אָן דעם אָטעם פון יידישן פאָלקסלעבן אין זיך אײַנגעזאַפּט. און פון דעם איז דאָס געקומען וואָס ס'איז אָנגענומען געוואָרן ווי אַ כלל, אַז יידיש זאָל מען בײַ אונדז אויף דער בינע ריידן אַזוי ווי מע רעדט אין אוקראַינע. ווי פון זיך איז דאָס געקומען גלײַך פון אָנהייב אָן און נאָכדעם איז דאָס שוין ווײַטער אויך אַזוי געגאַנגען און קיינער האָט דאָס ניט אָפּגעפרעגט. קיינער איז קיינמאָל ניט אַרויסגעקומען מיט קיין פּראָטעסט קעגן דעם.

עס איז אין דער אמתן ניט פון די גאָר לײַכטע זאַכן צו באַשטימען, ווען דאָס יידישע טעאַטער איז ווירקלעך געגרינדעט געוואָרן. גלאַט אַרויסכאַפּן אַ דאַטע, ווען מע האָט דאָ אָדער דאָרט געשפּילט עפּעס אַזוינס, וואָס איז געווען ניט מער ווי „אַ מין דולעניש, אַן אומזין, אַ קאַלאָטוכע", ווי גאָלדפאַדען אַליין האָט דאָס אָנגערופן, און זאָגן, אַז דאַן איז דאָס געגרינדעט געוואָרן דאָס יידישע טעאַטער, איז זיכער ניט גענוג. צו דעם וואָלט אויך געווען נייטיק צו געבן אַ קלאָרן באַגריף וועגן דעם אינערלעכן דראַנג בײַם פאָלק צו טעאַטער און וועגן די זײַטיקע השפּעות דערויף אין יענער צײַט. און אין אַלגעמיין וואָלט מען אויף דעם עפּעס געקענט בויען און זיך דערמיט אויף וועלכן ס'ניט איז אופן באַנוצן ווען דער גאַנג פון יידיש טעאַטער וואָלט נאָכדעם, אין די ערשטע צײַטן, געווען אַזאַ, אַז מע זאָל אים קענען נאָכפאָלגן און עס זאָל זײַן קלאָר אין וואָס פאַר אַ ריכטונג ער איז געגאַנגען און וואָס ער האָט געשטרעבט צו דערגרייכן. אָבער פון דעם, וואָס מע ווייסט וועגן יידישן טעאַטער אין די ערשטע צײַטן, שאַפּט זיך דער אײַנדרוק ווי עס וואָלט געווען עפּעס אַזוינס, וואָס איז מיט אַ מאָל פון ערגעץ אַרויסגעשפּרונגען און זיך אין דער פאַרלוירנקייט געלאָזט לויפן הענדום־פּענדום און וואו עס האָט זיך נאָר אָפּגעשטעלט, האָט זיך עס גלײַך צעטאַנצט און צעהאָפּקעט, זיך גלײַך צעזונגען און צעשפּרונגען און מע האָט קיין מאָל ניט געקענט וויסן וואָס ס'איז דאָ אַזוינס די גדולה דערמיט...

מע האָט געקענט מיינען, אַז עס איז יידן טאַקע אַזוי גוט אויפן האַרצן, אַז קיין אַנדער זאַך ווי זינגען און שפּרינגען ליגט זיי גאָר ניט אין זינען...

עס איז אָנגענומען, אַז געגרינדעט דעם יידישן טעאַטער האָט גאָלדפאַדען, אין רומעניע, אין דער שטאָט יאַסי און אַז געשען איז דאָס חול המועד סוכות,

אין 1786. עס האָט געהייסן, אַז מיט דער פאָרשטעלונג, וואָס מע האָט געהאַלטן פאַר דער ערשטער און וואָס איז צונויפגעשטעלט אין אַזאַ אײַלעניש און געשפילט געוואָרן אין אַזאַ כאַפּ־לאַפּ, אַז מע האָט דערנאָך אַפילו דעם נאָמען דערפון ניט געקענט געדענקען, האָט זיך אָנגעהויבן די געשיכטע פון טעאַטער בײַ ייִדן.

עס איז מיט גאָלדפאַדענען דעמאָלט — שרײַבט דער דיכטער איציק מאַנגער — „געשען דאָס וואָס ס'איז געשען מיט שאול המלך. שאול המלך האָט זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן זוכן דעם טאַטנס אייזלען און האָט געפונען אַ קעניגרײַך, און ער, גאָלדפאַדען, אַ באַרימטער משׂכּיל, האָט ווי דער שטייגער פון אַנדערע משׂכּילים, זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן זוכן די „פרומע אייזלען", כּדי מיט זיי צו לערנען בלק און האָט אויך געפונען אַ קעניגרייך — דאָס ייִדישע טעאַטער".*

אָבער ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן שפּעטער איז די ערשטע פאָרשטעלונג אין דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער געשפּילט געוואָרן נאָך מיט פערצן יאָר פריִער, אין 1862, און פאָרגעקומען איז דאָס ניט אין יאַסי, נאָר אין זשיטאָמיר, וואו גאָלדפאַדען האָט געשטודירט אויף ראַבינער. טאַקע דאָרט, אין דער ראַבינער־שול, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ צענטער פון השׂכּלה און וואו עס איז גאָר געווען אָנגענומען צו קוקן אויף ייִדיש פון אויבן אַראָפּ, האָט מען געשפּילט די פאָרשטעלונג, וואָס איז געווען די ערשטע אין דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער. און וועגן דעם האָט מיט אַ סך יאָרן נאָכדעם געשריבן דער שריפטשטעלער אַברהם יעקב פּאַפּערנאָ אין אַ ספּעציעלן אַרטיקל, וואָס איז געווען געדרוקט אין דעם זאַמלבוך דער פנקס, אַרויס אין 1913 אין ווילנע.**

אין יענעם אַרטיקל, וואו עס קומט אַגב שוין אויך אַרײַן די ראָלע פון דער אינטעליגענץ דערבײַ ווערט דערציילט, אַז:

„אין יאָר 1862 איז געשטאָרבן דער אינספּעקטאָר פון דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול יעקב אייכענבוים און אויף זײַן שטעל איז אָנגעקומען דער באַרימטער ייִדישער געלערנטער חיים זעליג סלאָנימסקי. מאַדאַם סלאָנימסקי, די טאָכטער פון באַוואוסטן מאַטעמאַטיקער ר' אַברהם שטערן פון וואַרשע, איז געווען זעהר אַ הויך געבילדעטע פרוי. בטבע אַן אַסימילאַטאָרין, האָט זי אָבער מיטגעבראַכט פון וואַרשע, ווי אַ קוריאָז, די ייִדישע דראַמע „סערקעלע" פון דאָקטער עטינגער פון זאַמאָשטש. די דראַמע איז איר זייער געפעלן געווען, פלעגט זי ליב האָבן זי פאָרצולעזן פאַר באַקאַנטע. דעם זעלבן ווינטער איז איר אײַנגעפאַלן צו מאַכן אַ ספּעקטאַקל, וואו די דראַמע זאָל געשפּילט ווערן דורך די שילער פון דער ראַבינער־שולע."

אַזוי דערציילט פּאַפּערנאָ אין זײַן אַרטיקל, וואָס הייסט „די ערשטע יודישע דראַמע און דער ערשטער יודישער ספּעקטאַקל". ער דערציילט עס ניט ווי אַ פרעמדער, וואָס האָט עס גלאַט פון עמעצן געהערט, אָבער ער איז דאָך ניט זיכער צי ס'איז טאַקע געווען אַזוי צי ניין; ער דערציילט דאָס ווי אַן אייגענער, וואָס איז אַליין געווען דערבײַ און ער קען דעריבער זײַן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר יעדער וואָרט; ער האָט אין יענער צײַט אין דער זעלבער זשיטאָמירער שול אַליין אויך געשטודירט אויף ראַבינער, און אַזוי ווי די דאַטע, וואָס ער גיט אָן אין זײַן אַרטיקל, איז 1862, מיינט דאָס, אַז אין 1962 איז געוואָרן פונקט הונדערט יאָר זינט עס איז אַוועקגעלייגט געוואָרן דער ווינקלשטיין פאַר ייִדיש טעאַטער און אַז געשען איז דאָס ניט אין יאַסי, נאָר אין זשיטאָמיר; ניט אין רומעניע, נאָר אין אוקראַיִנע.

ווײַטער דערציילט פּאַפּערנאָ, אַז:

„דער פּלאַן פאָרצושטעלן אויף ייִדיש אַ דראַמע האָט אויסגעזען ווילד בײַ דער זשיטאָמירער ייִדישער אינטעליגענץ, אָבער מאַדאַם סלאָנימסקי איז פעסט באַשטאַנען אויף איר פּלאַן. אפשר האָט זי אַליין געקוקט אויף דעם ווי אויף אַ קוריאָז, נאָר דאָך האָט זי זיך דערפאַר גענומען מיט גרויס ענערגיע. זי האָט פונאַנדערגעטיילט די ראָלן, אָרגאַניזירט, רעפּעטירט, געזאָרגט פאַר פּאַסנדע דעקאָראַציעס און דער ספּעקטאַקל איז צו שטאַנד געקומען אין קעגנוואַרט פון די לערער פון דער ראַבינער־שול און פון דער איבעריקער זשיטאָמירער אינטעליגענץ. דער ספּעקטאַקל האָט געמאַכט אַ פוראָר. די שילער האָבן זייערע ראָלן גוט געשפּילט, נאָר מער פאַר אַלעמען האָט זיך אויסגעצייכנט גאָלדפאַדען, וואָס האָט געשפּילט די שווערסטע ראָלע — סערקעלע."

דערבײַ מאַכט פּאַפּערנאָ אַ באַמערקונג און ער גיט דער גאַנצער פּאַסירונג אַ טײַטש:

„אין לעבן פון מענטשן — זאָגט ער — טרעפט אָפּט אַ צופעליקע געשעעניש, אַמאָל אַ קלייניקייט, וואָס מאַכט אַזאַ אײַנדרוק אויף אים, אַז עס גיט אַ נײַע ריכטונג זײַן גאַנצן צוקונפטיקן לעבן. און איך בין זיכער, אַז אַזאַ שטאַרקע ווירקונג האָט געמאַט אויף גאָלדפאַדענען זײַן צופעליקער דעביוט אויף דער סצענע. די אידעע פון גרינדן אַ ייִדישן פאָלקס־טעאַטער איז דעמאָלט בײַ אים געבאָרן געוואָרן און האָט פאַרנומען אַזאַ אָרט אין זײַן מוח און אין האַרץ, אַז זי איז געוואָרן זײַן לעבנס־אויפגאַבע און צו דער אויספירונג פון אָט דעם פּלאַן האָט ער אָנגעווענדעט אַלע זײַנע קרעפטן, יאָרן־לאַנג געקעמפט מיט אַלע מניעות, וואָס ער האָט באַגעגנט אויף זײַן נײַעם און שווערן וועג, האָט ער ניט

---

* איציק מאַנגער, נאָענטע געשטאַלטן, אַרויסגעגעבן פון איציק מאַנגער־יובל־קאָמיטעט, 1961, ז' 57.

** זע פנקס, יאָרבוך פאַר דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור און שפּראַך, פאַר פאָלקלאָר, קריטיק און ביבליאָגראַפיע, רעדאַקטירט פון ש. ניגער, ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין, תרע"ג.

גערוט ביז ער האָט דערגרייכט זײַן ציל — ער איז געוואָרן דער פאָטער פון דעם ייִדישן טעאַטער.״

פון אַלץ, וואָס ס׳ווערט איבערגעגעבן אין דעם אַרטיקל „די ערשטע יודישע דראַמע און דער ערשטער יודישער ספּעקטאַקעל״, וואָס איז געווען געדרוקט אין פּנקס; פון אַלץ, וואָס דער שרײַבער דערציילט דאָרט ווי איינער, וואָס איז אַליין געווען דערבײַ, קומט אַרויס קלאָר, אַז מע האָט דעמאָלט אין יענער זשיטאָמירער פאָרשטעלונג אַ סך אַרבעט אַרײַנגעלייגט; עס האָבן זיך דערמיט אָפּגעגעבן מענטשן מיט אינטעליגענץ און בילדונג און עס זײַנען צווישן זיי געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן דערצו נאָך געהאַט אַ גוטן חוש פאַר טעאַטער אויך, אַזוי ווי מע האָט דאָס פאַרשטאַנען אין יענער צײַט.

און טאַקע דערפאַר וואָס ס׳האָבן זיך דערמיט אָפּגעגעבן אַזעלכע מענטשן און זיי האָבן זיך צו דעם באַצויגן אַזוי ערנסט, איז פון דער אַרויסגעקומען אַזוינס, מיט וואָס זיי האָבן זיך באמת געקענט איבערנעמען. „עס האָט געמאַכט אַ פוראָר״, ווי פּאַפּערנאָ דריקט זיך אויס אונטערצייִענדיק דעם סך־הכּל פון דעם וואָס ער האָט דעמאָלט אַליין געהערט און געזען.

לייענט מען דאָס און מע זעט ווי לעבעדיק פאַר די אויגן אַ יום־טובדיקן ייִדישן עולם, וואָס איז נאָך מיט הונדערט יאָר צוריק געווען באַגײַסטערט פון אַ פאָר־שטעלונג, וואָס זיי האָבן דאָס ערשטע מאָל אויף דער ייִדישער בינע געזען. עס האָבן דערפון געשעפּט נחת ניט נאָר די וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם שפּיל, נאָר אויך די, וואָס זײַנען דאָס געקומען זען אויף דער בינע. עס איז געווען אַ וויכטיקע געשעעניש, וואָס האָט פאַרדינט מע זאָל עס ריכטיק אָפּשאַצן און עס איז דאָ אין גרונט טאַקע שווער צו פאַרשטיין אַ פראַגע, וואָס בלײַבט נאָך אַלץ אָן אַן ענטפער:

מיט וואָס איז דאָס די פאָרשטעלונג אין יאַסי, אין 1876, געווען מער ראוי פון דער פאָרשטעלונג אין זשיטאָמיר, אין 1862, באַטראַכט צו ווערן ווי דער אָנהייב אין דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער?

איז זי אפשר דערהויבן געוואָרן אין חשיבות אַזוי הויך שוין דערמיט אַליין וואָס די צוויי, וועלכע האָבן אונטער דער פירערשאַפט פון אַברהם גאָלדפאַדען די גאַנצע פאָרשטעלונג אָפּגעשפּילט, ישׂראל גראָדנער און שׂכר גאָלדשטיין, זײַנען דעמאָלט שוין געווען פּראָפע־סיאָנעלע אַקטיאָרן און ניט קיין אַמאַטאָרן?

ווייסן מיר דאָך אָבער, אַז ס׳איז אַלע מאָל געווען אָנגענומען, אַז אין אַזעלכע פאַלן, ווען מע וויל אויפן געביט פון טעאָטער־קונסט אײַנפירן עפּעס נײַס און שאַפן עפּעס רעכטס זאָל מען דאָס בעסער פּרוּוון טאָן מיט אַמאַטאָרן און ניט מיט קיין פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן. אומעטום, אין דער גאַנצער טעאָטער־וועלט, איז דאָס געווען אַן אײַנגעשטעלטער כּלל און די פּראָ־פעסיאָנעלע אַקטיאָרישקייט איז דעמאָלט נאָך גאָרניט געווען אַזוינס, וואָס זאָל עפּעס קענען צוגעבן. ניט נאָר בײַ ייִדן איז דאָס דעמאָלט אַזוי געווען, נאָר אויך בײַ אַנדערע פעלקער. ווען סטאַניסלאַווסקי האָט אין 1898 געגרינדעט דעם מאָסקווע קונסט־טעאַטער, וואָס איז דערנאָך געוואָרן באַרימט איבער דער גאַנצער וועלט, איז די גאַנצע טרופּע באַשטאַנען פון יונגע אַמאַטאָרן. און ווען מע האָט מיט אַ קורצער צײַט שפּעטער אַהין אויך אַרײַנגענומען קאַטשאַלאָוו, וועלכער איז דאַן שוין געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר, האָט מען אים אַ לענגערע צײַט דאָך ניט געגעבן קיין ראָלן צו שפּילן. סטאַניסלאַווסקי האָט אים געזאָגט, אַז ער זאָל אַלע טאָג קומען אין טעאַטער און דערווײַל זאָל ער גאָר ניט פאַרלאַנגען מע זאָל אים געבן אַ ראָלע צו שפּילן, נאָר ער זאָל זיך צוקוקן ווי מע מאַכט פּראָבע מיט אַנדערע, ווי מע שטודירט מיט זיי אײַן די ראָלן און ווי זיי שפּילן דערנאָך די ראָלן זייערע אויף דער בינע. און נאָכדעם ווי ער וועט ביסלעכווײַז פאַרגעסן אַלץ וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט צו טאָן אויף דער פּראָפעסיאָנעלער בינע, וועט מען אים אָנהייבן געבן ראָלן צו שפּילן אין מאָסקווער קונסט־טעאַטער.

אמת, בײַם גרינדן דעם ייִדישן טעאַטער, וואָס האָט זיך דערנאָך איבער דער גאַנצער וועלט צעשפּרייט און איז געוואָרן אַ וויכטיקער טייל פון ייִדישן לעבן אומעטום, האָט גאָלדפאַדען נישט געהאַט אַזעלכע מעג־לעכקייטן ווי סטאַניסלאַווסקי האָט געהאַט בײַם גרינדן דעם מאָסקווער קונסט־טעאַטער, וואָס איז אויף דער רוסישער בינע געווען דער אָנהייב פון אַ נײַעם וועג. אָבער דאָ האַנדלט זיך ניט וועגן ציִען וועלכן ס׳ניט איז פאַרגלײַך צווישן איין טעאַטער און אַן אַנדערן. דער עיקר באַשטייט דאָ אין דעם וואָס ס׳דאַרף אַרויסגע־בראַכט ווערן אַזוי קלאָר ווי עס איז נאָר מעגלעך, אַז נאָכדעם ווי מע באַקענט זיך גוט מיט די פאַקטן, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט דער גרינדונג פון ייִדישן טעאַטער, און מע קלײַבט זיך ריכטיק פונאַנדער אין דעם וואָס מע האָט שוין ביז איצט אויסגעפונען סײַ וועגן דער פאָר־שטעלונג אין זשיטאָמיר און סײַ וועגן דער פאָרשטעלונג אין יאַסי, איז ווי עס זאָל ניט זײַן שווער אָפּצופרעגן עפּעס, וואָס איז שוין געוואָרן טראַדיציע, מוז מען דאָך צוגעבן, אַז פאַר דער פאָרשטעלונג אין זשיטאָמיר אין 1862 האָט זיך אַ סך מער און אַ סך בעסער געפּאַסט באַטראַכט צו ווערן ווי דער אָנהייב אין דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער, איידער פאַר דער פאָרשטעלונג, וואָס מע האָט אין 1876 געשפּילט אין יאַסי.

און ווען עס וואָלט ווײַטער אויך געווען געגאַנגען אויף דעם וועג, וואָס איז אָנגעצייכנט געוואָרן אין זשי־טאָמיר, און עס וואָלטן זיך מיט דעם ווײַטער אָפּגעגעבן מענטשן מיט בילדונג און געשמאַק, און די יונגוואַרג, וואָס האָט זיך מיט אַזאַ ברען אַ כאַפּ געטאָן פאַר דעם שפּיל אויף דער בינע, וואָלט פאַרמאָגט ניט נאָר

אַקטיאָרישע אַמביציעס, נאָר אויך דעם נייטיקן וויסן, די נייטיקע קולטור, ווי עס פירט זיך געוויינלעך בײַ לײַטן, וואָלט אַוודאי ניט דערגאַנגען דערצו, אַז אײנאײנעם מיט דער שפּע אין טאַלאַנט, וואָס איז בײַ אונדז אויף דער בינע אַלע מאָל געווען ווי פון גאָט אַליין אַ ברכה, זאָל אויך קומען דער מאַנגל אין אינטעליגענץ, וואָס איז פאַרן ייִדישן טעאַטער אַלע מאָל געווען אַ קללה.

עס איז אויך אַ סברא, אַז נאָך פריִער פאַר דער פאָרשטעלונג אין זשיטאָמיר, האָבן אַמאַטאָרן געשפּילט ייִדיש טעאַטער אין באַרדיטשעוו. דאָס איז געווען נאָך אין די פופציקער יאָרן פונעם נײַנצנטן יאָרהונדערט און עס איז אינטערעסאַנט, וואָס די אַלע אַמאַטאָרן, וואָס האָבן יענע פאָרשטעלונג געשפּילט, זײַנען געווען סטודענטן פון דער ראַבינער־שול אין זשיטאָמיר. דאָרט איז, אַפּנים, אַ לענגערע צײַט געווען דער צענטער פון דער ייִדישער אינטעליגענטער יונגוואַרג, וואָס האָט געהאַט אַ וואַרעמע באַציאונג צו ייִדיש טעאַטער; זיי האָבן דאָרט, ווי עס זעט אויס, לאַנג געטרוימט וועגן די צײַטן ווען ייִדן וועלן, פּונקט ווי אַנדערע פעלקער, אויך האָבן זייערן אַן אייגענעם טעאַטער; עס האָט זיי אַלץ געצויגן צו ייִדיש געזאַנג און שפּיל אויף דער בינע; זיי האָבן די גאַנצע צײַט געבענקט נאָך דער יום־טובדיקייט, וואָס טעאַטער טראָגט אַרײַן אין לעבן, נאָך דער פרייד, וואָס ס׳רופט אַרויס אין האַרצן, און עס איז ווירקלעך נישט קיין וואונדער וואָס שפּעטער איז פון דאָרט אַרויסגעקומען אַברהם גאָלדפאַדען — דער פאָטער פון ייִדישן טעאַטער.

## צווייטער קאַפּיטל

ווי די מערסטע ייִדישע שרײַבער פון יענער צײַט, האָבן כּמעט אַלע פון די וואָס האָבן אין אוקראַיִנע געשריבן פאַר דער ייִדישער בינע נאָך אײדער עס איז געשאַפן געוואָרן דאָס טעאַטער, געטריי און ערלעך געדינט דער השׂכּלה און עס געהאַלטן פאַר זייער פליכט צו פאַרשוואַרצן דאָס פּנים פון חסידות. דער עיקר אין שרײַבן איז בײַ זיי געווען דער קאַמף קעגן דעם וואָס זיי האָבן גערופן פאַנאַטיזם, און ניט קיין אַנדערער ווי ישׂראל אַקסענפעלד אַליין, וועלכער איז אין זײַן צײַט שוין געווען אַ מײַסטער פון שפּראַך, האָט דאָס אויסגעדריקט גאַנץ קלאָר:

„מײַן ציל — האָט ער געשריבן — איז ניט געווען אַרויסצושטעלן זיך אַלס פאַרפאַסער (וואָרעם איך וואָלט דאָך געקענט שרײַבן אויף אַן אייראָפּעאישער שפּראַך), נאָר בלויז צו ברענגען נוצן מײַנע ברידער, וואָס לײַדן אונטערן יאָך פון אָבערגלויבן.”

אויך אַנדערע פון די שרײַבערס אין יענער צײַט האָבן צו דעם אַזאַ באַציאונג געהאַט, און עס איז ניט געווען קיין רייד וועגן אַזאַ זאַך ווי ליבשאַפט צו דער שפּראַך פון אייגענעם פאָלק און עס איז נישט געגאַנגען אין אַזאַ זאַך ווי קינסטלערישע פאָרמע אויסצודריקן וואָס מע דאַרף און וואָס מע וויל. דאָס וויכטיקסטע איז אין דעם געווען דער קאַמף פאַר אויפקלערונג און קעגן דעם פאַנאַטיזם, וואָס איז אין זייערע אויגן געווען דער קוואַל פון די אַלע צרות און אומגליקן, וואָס זײַנען געקומען אויפן ייִדישן פאָלק.

און אַרום און אַרום איז דאָס אויסגעקומען מאָדנע און עפּעס האָט זיך דאָ ניט אינגאַנצן געקלעפּט און עפּעס האָט דאָ נישט אינגאַנצן געשטימט.

עס איז געווען מאָדנע וואָס אין דער זעלבער צײַט ווען די השׂכּלה ווערט אין ייִדישן טעאַטער אַרויסגעשטעלט אין אירע שענסטע פאַרבן, האַלטן די מערסטע פון די געשוואוירענע משׂכּילים נאָך אַלץ, אַז עס פּאַסט זיי בעסער צום רומל צו קוקן אויף ייִדיש טעאַטער פון אויבן אַראָפּ און אין זייער פאַרריסנקייט, וואָס האָט אין זיך אַ היפּש ביסל פּראָווינציאַליזם, באַציִען זיי זיך נאָך אַלץ מיט ביטול צו דער שפּראַך פון פאָלק, וואָס האָט בײַ זיי גאָר קיין אַנדער נאָמען ניט ווי נאָר זשאַרגאָן.

און עס איז אויך געווען מאָדנע וואָס אין דער זעלבער צײַט ווען לויט די פאָרשריפטן פון דעם דראַמאַטורג ווערט חסידות אין טעאַטער פאָרגעשטעלט אַזוי, אַז עס זאָל זײַן צו שאַנד און צו שפּאָט, פילט זיך דער ייִדישער אַקטיאָר אין קיין אַנדער ראָלע ניט אַזוי היימיש ווי אין דער ראָלע פון אַ חסיד און ער זינגט קיין ניגון ניט אַזוי גוט און אַזוי באַטעמט ווי ער זינגט דעם חסידישן ניגון און ער לייגט אין קיין טאַנץ ניט אַרײַן אַזאַ ברען, אַזאַ פײַער, ווי אין דעם חסידישן טאַנץ, וואָס הייבט אים אין דער לופטן און רופט בײַ אים אַרויס התפּעלות אַזוי שנעל ווי ער גיט נאָר אַ שטעל אַ פוס.

בײַ יעדער געלעגנהייט, וואָס ס׳האָט זיך אים נאָר געמאַכט, האָט ישׂראל אַקסענפעלד דעם גאַנצן צאָרן זײַנעם אויסגעגאָסן אויפן חסידיזם און געטאָן האָט ער דאָס אַלע מאָל מיט אַזעלכע ווערטער און אויסדריקן, וואָס האָבן דעם טיפּיש אוקראַיִנישן ייִדיש זײַנעם צוגעגעבן נאָך מער חן און אים געמאַכט נאָך מער באַטעמט. אין זײַן שטערנטיכל שרײַבט ער:

„פאַרשטייט איר מיך, רבותי, מען מוז מיט כּלים שפּעטן פון זיי, טאַקע מיט זייערע אייגענע כּלים, מיט זייערע פּריסנע, ניט געהובליעוועטע תּורה־זאָגעכצן, מיט זייערע פאַלשע געלעכטערלעך, מיט זייערע געקנייטשטע העוויות, זיי צו געשפּעט מאַכן, אַז דער פּראָסטער עולם זאָל אין די גאַסן פון זיי שפּעטן, דענצ־

מאָל וועלן זיי אויפהערן גילטן. דערבײַ בעטן דעם קיסר, ער זאָל הייסן, ער זאָל געבן אַן אוקאַז, אַז אַ ייִד מוז כאָטש גוט קאָנען שרײַבן און לייענען, וועלן ייִדן לייענען פון די הײַנטיקע רוסישע יונגע וואוילע ביכער־שרײַבער זייערע חריצישע חיבורים, וועט נאָך בײַ אונדז ווערן אַן אַנדער וועלט. מיט שטעקענס וועט מען טרײַבן די חסידים מיט זייערע רביים.“

אין זײַן קינדערשער נאַיִוויטעט, וואָס האָט ניט אַלע מאָל געשטימט מיט זײַן אומרואיקייט און מיט זײַן שטורעמדיקן טעמפּעראַמענט, האָט ער, ווי די מערסטע משׂכּילים פון יענער צײַט, ווירקלעך געגלייבט, אַז ווען ייִדן וועלן זיך אויסלערנען, לויט אַן אוקאַז פונעם קיסר, ס׳פאַרשטייט זיך, די שפּראַך פון לאַנד, און זיי וועלן לייענען די „חריצישע חיבורים“, די קלוגע, די געראָטענע ווערק, הייסט עס, פון די „הײַנטיקע רוסישע יונגע וואוילע ביכער־שרײַבער“, וועט דאָס זיכער ברענגען דערצו, אַז ס׳וועט „בײַ אונדז ווערן אַן אַנדער וועלט“.

ער איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטער מענטש, דער ישׂראל אַקסענפעלד, אויף וועמענס גורל ס׳איז אויסגעפאַלן צו זײַן איינער פון די, וואָס האָבן געשריבן פאַר דער ייִדישער בינע נאָך איידער עס איז געווען אַ ייִדיש טעאַטער. אַן אינטערעסאַנטער און אַ טאַלאַנטפולער מענטש. ער האָט ווי אַ שרײַבער דערזען די שאָטנס פון שלום־עליכמס העלדן נאָך איידער ס׳איז געווען אַ שלום־עליכם אויף דער וועלט, און ער האָט דערהערט און אויפגעכאַפּט די שפּראַך פון שלום־עליכמען און פון זײַנע העלדן נאָך איידער שלום־עליכם האָט גענומען אַ פעדער אין דער האַנט. אָט איז אַ מוסטער פון דעם ווי ער האָט אין „מאַן און ווײַב“ געמאָלן זײַנעם אַ העלד:

„לייזער קריוואָשעיע, אַ ייִד ניט הויך, ניט קליין, שוין גרוי, אַ לאַנגע באָרד מיט אַ קאָלטענע אין מיטן, די פאות זײַנען אויסגעקראָכן, און אַ לאַפּנמיצל, אַמאָל געווען אַ פוקסנס, נאָר מיט סאַמע פליכעס. דער האַלדז אין דער קרים צו דער לינקער זײַט און אַ ברישליך געשטעפּט אויף קלאָטשע מיט איבערגעניצעוועטן אַלטן קיטיי. די קלאָטשע זעט מען אַרויס פון דעם צעריסענעם שטעפּעכץ, צוגעגאַרטלט מיט אַן אַלט שטיקל גאַרטל. אַז דער קורצער ברישליך לאָזט זיך אויס, זעט מען לײַוונטענע זאָקן מיט שיך“.

און אָט איז אַ מוסטער פון דעם ווי ער האָט אין זײַן „שטערנטיכל“ געמאָלן אַ ייִדן אַ קרעטשמער:

„קומט אַרײַן — שרײַבט ער — אַ ברייטער ייִד אין אַ געשטעפּטן לאַנגן ברישליך פון בלויען קיטיי צוגעגאַרטלט מיט אַ פויערשן פאַסקעוואַטן גאַרטל, אין גראָבע יאַלעוויטשנע שיך, מיט וואָילאָקענע גראָבע זאָקן, אין אַ לאַפּנמיצל פון אַמאָל געוועזענעם פוקס. קיין באָרד האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט, נאָר צוויי לאַנגע פלאָכן הענגען ביז איבער די הענט־אַקסלען — דאָס זײַנען פאות. כאָטש ער איז אַלט אַ יאָר פופציק, איז ער זייער געזונט, ווי דאָס פנים ווײַזט אויס. טאַקע אַ רעכטער קרעטשמער.“

ישׂראל אַקסענפעלד האָט געהאַט אַן אויג פאַר דעטאַלן ניט נאָר בײַם מאָלן דעם כאַראַקטער פון אַ מענטשן, נאָר אויך בײַם מאָלן דעם אויסערלעכן אויסזען זײַנעם און דאָס איז אים גוט צו נוץ געקומען אין די ווערק, וואָס ער האָט געשריבן פאַר דער בינע אין די צײַטן ווען עס איז נאָך ניט געווען בײַ וועמען זיך צו לערנען. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אַרויסגעפירט די ייִדענע מיטן מענה־לשון, וואָס איז, ווי בעל־מחשבות האָט שוין אָנגעוויזן, שפּעטער געוואָרן „די געליבטסטע פיגור אין אונדזער דראַמאַטישער ליטעראַטור“.

אָט הערט אומיסטן ווי זי רעדט, יענע ייִדענע, אין אַקסענפעלדס „מאַן און ווײַב, שוועסטער און ברידער“:

„לאָזן, זאָגט זי — מײַנע שונאים די אויגן אַרויסקריכן. זאַלץ זיי אין די אויגן, קנאָבל זיי אונטער דער צונג, שטיינער זיי אויפן האַרצן — אַזאַ אָרעמע פינצטערע אַלמנה, אַז איך כאַפּ שוין אַמאָל דעם גראָשן, צי דעם גילדן — קאָן איך אַפילו אַ שטיקל יופּקעלע זיך ניט מאַכן. אָט גייט איר אָנגעטאָן, באַקליידט און באַנייט, באַשפּינט און באַצווערנט.“

אַפילו אין דער צעפּאַטלטקייט, וואָס האָט זיך דאָ און דאָרט עפּעס ווי מיט גוואַלד אַרײַנגעריסן אין אַקסענפעלדס סטיל, איז געווען שרײַבערישער נוסח, אייגנאַרטיקער שרײַבערישער נוסח. און ווען מע קלײַבט זיך גוט פונאַנדער אין דעם און מע גיט אַ טראַכט דערפון, הייבט מען דאַן אָן בעסער צו פאַרשטיין וואָס אונדזער גרויסער ליטעראַטור־קריטיק בעל־מחשבות האָט אַמאָל געזאָגט אין שייכות דערמיט אין זײַן גלענצנדיקער אָפּהאַנדלונג וועגן דער ראָלע פון אוקראַיִנער ייִדן אין דער ליטעראַטור פונעם נײַנצנטן יאָרהונדערט. ער האָט דאָרט אויסגעדריקט די מיינונג, אַז ביז איצט האָט מען אַקסענפעלדן בײַ אונדז אין דער ליטעראַטור נאָך אַלץ ניט גענוג אָפּגעשאַצט. און דערבײַ האָט ער אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז ס׳קען אַ מאָל קומען אַ צײַט ווען מע וועט אײַנזען, אַז אַ גרויסן טייל פון די דימענטן אין דער ליטעראַרישער קרוין פון מענדעלע מוכר־ספרים „דאַרף מען גאָר אַוועקגעבן דעם פאָדאָליער ייִדן ישׂראל אַקסענפעלד“.

אויך ד״ר ישׂראל צינבערג, וואָס איז אין זײַן אָפּשאַצונג פון אַקסענפעלדן און זײַן שאַפן גראָד נישט געגאַנגען אַזוי ווײַט ווי בעל־מחשבות, האָט וועגן אים געשריבן, אַז ער איז געווען אַ „לײדנשאַפטלעכע קעמפער־נאַטור, מיט אַ געזונטן געזעלשאַפטלעכן טעמפּעראַמענט און מיט אַ שאַרף באַאָבאַכטער־אויג“. זײַן טאַלאַנט, זאָגט ער, איז געווען „עכט און קרעפטיק“. אַקסענפעלדס שאַפן, שרײַבט ער ווייטער, איז אַ „באַדײַטנדיקער עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פון דער מאָ־

דערנער ייִדישער ליטעראַטור, דער ערשטער דרײַסטער פרואוו צו פירן אַ ברייט עקשנותדיקן קולטור־קאַמף פאַר אויפקלערונג, פאַר נײַע לעבנס־פאָרמען אויף דער שפּראַך פון דעם ברייטן המון, פון די ברייטע פאָלקס־מאַסן. און חוץ דעם לויבט ער אים נאָך זייער שטאַרק פאַר זײַן לשון. דאָס, זאָגט ער, האָט גאָר אַ „באַזונ־דערס גרויסן שפּראַך־היסטאָרישן ווערט". זײַנע ווערק, האַלט ער, זײַנען אַ „וויכטיקער דאָקומענט פאַר דער שפּראַך־געשיכטע פון יענער צײַט".

פון אַזאַ פאַרנעם איז דאָס געווען דער שרײַבער, וואָס האָט אין אוקראַיִנע דער ערשטער אָנגעהויבן שרײַבן אויף ייִדיש פאַר דער בינע אין אַ צײַט ווען מען האָט אויף ייִדיש נאָך אין ערגעץ קיין טעאַטער ניט געשפּילט. ער אַליין איז דעמאָלט אין טעאַטער בכלל שוין געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט און ווען נאָר עס איז אים אַמאָל אויסגעקומען צו זײַן אין אויסלאַנד צוליב די געשעפטן, וואָס ער האָט געפירט, האָט ער ניט פאַרפעלט דאָרט צו זען די בעסטע פאָרשטעלונגען אויף דער בינע, און ער האָט דערנאָך אָפט גערעדט וועגן דעם ווי אײבער, וואָס איז שוין אויסגעווען אַ וועלט און האָט שוין אומעטום אַ סך געזען און אַ סך געהערט. ער האָט ליב געהאַט טעאַטער, געוואוסט די ווערט פון טעאַטער און ער האָט אַוודאי געטרוימט וועגן דעם וואָס ס'וועט אַ מאָל דאָך קומען אַ צײַט ווען ייִדן וועלן, פונקט ווי אַנדערע פעלקער, אויך האָבן זייערן אַן אייגענעם טעאַטער און מע וועט דאָרט שפּילן אויף ייִדיש. ער האָט באמת געגלייבט אינעם כּוח פון טעאַטער. געגלייבט אין דעם ווי אַ משׂכּיל; ער איז געווען זיכער, אַז אין דעם קאַמף צו פאַרשפּרייטן אויפקלערונג צווישן די ברייטע ייִדישע מאַסן וואָלט מען מיט טעאַטער געקענט אַ סך אויפטאָן. און ער וואָלט אפשר טאַקע געווען אַ סך אויפגעטאָן אין דעם און זײַן השפּעה דערויף וואָלט אַוודאי געווען גרויס; און אויך די, וועלכע זײַנען געקומען נאָך אים, די וואָס זײַנען געווען געבענטשט מיט ליטעראַרישן טאַלאַנט און האָבן געהאַט קינסטלע־רישע אַמביציעס, וואָלטן אין דעם אַוודאי געווען אַ סך אויפגעטאָן און זייער אײַנפלוס וואָלט געווען גרויס, ווען

אין דער אַטמאָספערע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן אַרום דעם ייִדישן טעאַטער נאָך אין די גאָר ערשטע צײַטן, וואָלט דעם גרעסטן חלק געהאַט דער שרײַבער, דער דראַמאַטורג, און ניט דער אַקטיאָר...

אַלץ איז גלײַך פון אָנהויב אָן אַוועק אויף אַזאַ וועג, אַז אינאיינעם מיט דער שפע אין טאַלאַנט אויף דער ייִדישער בינע, האָט דער מאַנגל אין אינטעליגענץ זיך דאָרט אויך צעלייגט ווי בײַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן. און דאָס איז געווען אַ מכּה, וואָס מע האָט יאָרנלאַנג געהיילט און געהיילט און דאָך ניט געקענט אינגאַנצן אויסהיילן.

אַפילו נאָכדעם ווי עס זײַנען שוין געהאַט אַוועק אַ סך יאָרן און די מערסטע פון די באַרימטע אַקטיאָרן, וואָס זײַנען געווען פּיאָנערן פון ייִדיש טעאַטער אין רוסלאַנד, זײַנען שוין געווען אין אַמעריקע, איז דאָרט אין די צײַטן פון דער אַזוי גערופענער גאָרדין־עפּאָכע געשען אַזוינס, וואָס איז אין דעם פּרטווירקלעך זייער כאַראַקטעריסטיש: דער באַרימטער דראַמאַטורג האָט אַמאָל בײַ דער פּרעמיערע פון זײַנער אַ פּיעסע זיך שטאַרק צעבייזערט אויפן קאָמיקער פאַרוואָס ער האָט אַליין אויף זײַן אייגענער אַחריות, אַרײַנגעשטעלט אַ לידל אין דער פּיעסע און אַפילו ניט געהאַלטן פאַר נייטיק צו פרעגן בײַ אים, בײַם שרײַבער פון דער פּיע־סע, צי ער האָט גאָרניט קעגן דעם.

— ווער, זאָגט מיר נאָר, איך בעט אײַך — מאַכט ער אַזוי צו אים — האָט אײַך געגעבן די רעכט צוצו־טשעפּען אַ לידל צו מײַן פּיעסע?

דערויף האָט אים דער קאָמיקער געענטפערט מיט אַ שטאָך:

— און ווער זאָגט מיר נאָר, ר' ייִד, האָט אײַך געגעבן די רעכט צוצוטשעפּן אַ פּיעסע צו מײַן לידל?..

עס איז אויסגעקומען ווי דאָס וויכטיקסטע אויף דער בינע און פאַר טעאַטער בכלל וואָלט געווען ניט די פּיעסע, ווי עס איז געווען אָנגענומען, נאָך אין שעקספּירס צײַטן, נאָר דאָס לידל וואָס דער קאָמיקער זינגט, כּדי אַ קיצל צו טאָן דעם עולם און שטאַרק אויסנעמען דערמיט.

# דריטער קאַפּיטל

דאָס גאַנצע לעבן האָט זיך בײַ אַקסענפעלדן צונויפ־געלייגט אַזוי, אַז ער האָט אין דעם ניט אַלע מאָל אין איין גלײַכער ליניע געקענט גיין און עס איז אים ניט איין מאָל אויסגעקומען דורכצומאַכן אַזוינס, וואָס בלײַבט אויף לאַנג אין זכּרון און לאָזט איבער טיפע שפּורן נאָך זיך.

געבוירן געוואָרן איז ער אין 1787, אין דעם שיינעם אוקראַיִנישן ייִדישן שטעטל נעמיראָוו, וואָס אין פּאָ־דאָליער גובערניע. זײַנע עלטערן זײַנען געווען פונעם מער־וויניקער פאַרמעגלעכן גראַד און זיי האָבן גע־שטאַמט פון זייער אַ פײַנעם יחוס. דערצויגן האָט מען אים אין שטרענג־אָרטאָדאָקסישן גײַסט. ער האָט גע־לערנט גמרא און פּוסקים און ווען ער איז נאָך געווען זייער יונג האָט מען אים שוין חתונה געמאַכט, ווי עס איז געווען דער שטייגער אין יענער צײַט, און דאַן איז ער, ווי עס האָט זיך געפּאַסט פאַר אַ יונגן בעל־

הביתל אין זײַן שטאַנד, געוואָרן אַ חסיד בײַ אַ רבין. ער איז געווען אַ פאַרברענטער חסיד, און זײַן רבי איז געווען איינער פון די גרעסטע אין יענער צײַט, אַן אור־אייניקל פון ר׳ ישׂראל בעל־שם־טוב — ר׳ נחמן בראַצלאַווער. און עס איז אַפילו פאַראַן אַ סברא, אַז ער, ישׂראל אַקסענפעלד, איז געווען איינער פון די מקורבים פון ר׳ נתן נעמיראָווער, וועלכער האָט פאַרשריבן לדורות די תורה, וואָס ר׳ נחמן בראַצלאַווער פלעגט זאָגן פאַר זײַנע חסידים. אויך די מעשׂיות, וואָס ר׳ נחמן פלעגט דערציילן פאַר זײַנע חסידים, האָט ר׳ נתן נעמיראָווער פאַרשריבן לדורות. ר׳ נחמן אַליין האָט דאַן דעם ענין פון דערציילן מעשׂיות מיט זײַנס אַן אייגן וואָרט באַצייכנט און דאָס האָט געמיינט, אַז ס׳איז אים נאָענט צום האַרצן. ס׳געפעלט אים זייער שטאַרק. ווען ער האָט שוין געהאַט אָפּגעמאַכט בײַ זיך צו באַנוצן אין חסידות דעם דרך פון דערציילן מעשׂיות מיט אַ מוסר־השׂכּל, האָט ער געזאָגט, אַז איצט וועט ער אָנהייבן מעשׂהנען...

און ווער ווייסט?... עס קען זײַן, אַז אין די צײַטן ווען אַקסענפעלד האָט אויף דער שפּראַך פון פאָלק אָנגעהויבן שרײַבן די ווערק, וואָס האָבן אים שפּעטער אַוועקגעשטעלט צווישן די פּיאָנערן פון דער נײַער ייִדישער ליטעראַטור אינעם נײַנצנטן יאָרהונדערט און אים אין אוקראַיִנע אויסגעטיילט ווי דעם ערשטן, וואָס האָט געשריבן פאַר דער ייִדישער בינע ווען עס איז נאָך גאָר קיין ייִדיש טעאַטער ניט געווען, האָט ער אפשר ניט איין מאָל געטראַכט וועגן דעם וואָס פּונקט ווי זײַן רבי ר׳ נחמן אַ מאָל, קען ער איצט אויך זאָגן, אַז ער הויבט אָן „מאַיסענען״.

מיט דעם זעלבן פײַער, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן, ווען ער איז געווען פאַרקאָכט אין חסידות, האָט ער זיך דערנאָך אַרײַנגעוואָרפן אין דעם קאַמף פאַר השׂכּלה, וואָס האָט זיך דאַן אין אוקראַיִנע שוין געהאַט שטאַרק פאַרשפּרייט. די ערשטע ווײַב, מיט וועמען מע האָט אים חתונה געמאַכט, ווען ער איז נאָך גאָר אַ יונגער בחור געווען, האָט ער שוין געהאַט אָפּגעגט און איז שוין געווען דאָס צווייטע מאָל פאַרהייראַט. ער האָט דעמאָלט שוין מער ניט געלעבט לויט דעם אָנגענומענעם כּלל, אַז מע דאַרף „טאָן וואָס דער טאַטע הייסט און וואָס די מאַמע הייסט און וואָס אַלע גוטע און פרומע לײַט הייסן נאָר צו גוטן טאָן״. ער האָט דאַן אַלצדינג שוין אויפגענומען אַזוי, ווי ער וואָלט אין לעבן צוגעקומען צו אַ גרענעץ, וואָס פירט גאָר אויף אַנדערע וועגן אַוועק און וואו עס הייבט זיך אָן אַזוינס, וואָס איז פריִער גאָר אין גאַנצן ניט געווען. מיט גלויבן אין זיך האָט ער אין די צײַטן פון די נאַפּאָלעאָנישע מלחמות זיך גענומען צו מסחר און עס איז אים גוט געגאַנגען אין דעם. ער איז געוואָרן אַ פּאָדריאַטשיק פון שפּײַז־אַרטיקלען פאַר דער אַרמיי און עס איז אים צוליב דעם אויסגעקומען אַ סך אַרומצופאָרן און זיך מיט פאַרשידענערליי מענטשן צו טרעפן און דאָס איז אים דערנאָך גוט צו נוץ געקומען אין שרײַבן: עס האָבן אים, אַדאַנק דעם קיין מאָל קיין טעמעס ניט אויסגעפעלט און ער האָט אַלע מאָל געהאַט פון וואָס צו שרײַבן און עס איז פון זײַן זײַט זיכער נישט געווען קיין באַרימערײַ, ווען ער האָט בײַ ניט איין געלעגנהייט דערמאָנט, אַז ער שרײַבט „אמתע מעשׂיות״ און אַז דער עיקר וואָס ער האָט אין זינען בײַם שרײַבן איז, אַז „אומעטום זאָל אַרויסטרעטן דער אמת״.

אַזוי אין די ראָמאַנען, וואָס ער האָט געשריבן און אַזוי אויך אין די פּיעסעס, וואָס ער האָט פאַרפאַסט; און פאַרפאַסט האָט ער זיי, די אַלע פּיעסעס זײַנע, לויט די באַגריפן וועגן טעאַטער, וואָס ער האָט דעמאָלט געהאַט. דער עיקר איז בײַ אים געווען, אַז אויב אַפילו מ׳קען זיי נאָך ניט שפּילן, ווײַל עס איז דאָך נישטאָ קיין ייִדיש טעאַטער, זאָל מען זיי קענען פאַרלייענען אין אַ גרעסערע געזעלשאַפט און זיך דערבײַ פאָרשטעלן ווי עס וואָלט אויסגעזען ווען מע וואָלט עס געשפּילט אויף דער בינע.

אין אַלץ, וואָס ישׂראל אַקסענפעלד האָט געשריבן, האָט מען ווי אין אַ שפּיגל געקענט זען שטיקער פון ייִדישן לעבן אין דער אוקראַיִנע פון יענער צײַט. שפּעטער אין די יאָרן ווען ייִדיש טעאַטער האָט זיך שוין געהאַט צעוואַקסן און זיך שוין ווײַט איבער דער וועלט פאַרשפּרייט, איז ניט איין טעמע זײַנע אויסגענוצט געוואָרן פון די אַנדערע, וואָס האָבן פאַר דער ייִדישער בינע געשריבן. טעמעס, וואָס ער האָט אין זײַנע קאָמעדיעס באַהאַנדלט, זײַנען אויף לאַנג געבליבן אַקטועל, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט זײַן „מאַן און ווײַב, שוועסטער און ברודער״ און אויך מיט אַנדערע ווערק זײַנע. אים אַליין אָבער האָט מען ביסלעכווײַז אַלץ מער און מער פאַרגעסן און ער האָט קיין טיפע שפּורן ניט געלאָזט. עס איז אויסגעקומען ווי ער וואָלט געווען פאַרבונדן נאָר מיט דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער, אָבער ניט מיטן טעאַטער אַליין. ער איז בײַם לעבן געבליבן דער דראַמאַטורג, וועמענס פּיעסן מע שפּילט ניט, ווײַל אויף דער שפּראַך, וואָס זײַן פאָלק רעדט, איז נאָך קיין טעאַטער נישטאָ. עס האָט זיך געשאַפן דער אײַנדרוק, אַז די השפּעה, וואָס ער האָט אפשר געקענט האָבן, איז געבליבן הענגען אין דער לופטן.

אַפילו נאָכדעם ווי עס איז שוין געווען אַ באָדן פאַר דעם, וואָס ער האָט פאַר דער ייִדישער בינע געשאַפן, האָט ער דאָך ניט געהאַט די ווירקונג, וואָס ער האָט געדאַרפט האָבן, און איינע פון די סיבות דערפון איז זיכער געקומען פון דעם וואָס אין דער זעלבער צײַט ווען אין זײַנע טעאַטער־שטיק איז געווען אַ סך צו זאָגן, איז דאָרט אָבער גאָרניט געווען וואָס צו זינגען, און דאָס איז אין יענער צײַט פאַר אַ פּיעסע אין ייִדישן טעאַטער געווען אַ גרויסער חסרון.

אין אַ שטיק, וואָס מען האָט געשפּילט אויף דער ייִדישער בינע האָט מען דעמאָלט געמוזט האָבן צו זינגען און צו זאָגן...

אינאיינעם מיטן וואָרט האָט אויך געדאַרפֿט קומען דער ניגון...

דאָס איז געווען נוסח־אוקראַיִנע...

אַזוי האָט זיך עס דאָרט שוין געהאַט אײַנגעשטעלט אין פֿאַרלויף פֿון יאָרן.

און צייכנס דערפֿון האָט מען געקענט געפֿינען אין די געזאַנגען פֿון די לירניקעס און קאָבזאַרן, וואָס האָבן זיך מיט די באַנדורעס איבער אַלע שליאַכן פֿון דער אוקראַיִנישער ערד אַרומגעשלעפּט און דאָרט קיין איין יאַריד ניט פֿאַרפֿעלט.

און פּונקט אַזוי האָט מען קלאַנגען און ווידער־קלאַנגען פֿון דעם געקענט אויפֿכאַפּן בײַ די יום־טובֿדיק געדעקטע רביישע טישן, וואו חסידים זײַנען זיך פֿאַרגאַנגען אין התפּעלות זינגענדיק די נײַע ניגונים, וואָס האָבן אין זיך נאָך אַלץ די מתיקות פֿון די אַלטע ניגונים געהאַט און מע האָט זיך אין געזאַנג מיט אַ מאָל געקענט געבן אַ הייבּ אין דער הייך און טראָגנדיק זיך ווי אין דער לופֿטן איז מען „געגאַנגען אַ קײַלעכדיקס“.

עס איז געווען אַזוינס, וואָס אין די אַנדערע קאַנטן פֿון רוסלאַנד האָט מען גאָר קיין מאָל ניט געקענט זען; וואו נאָר ערגעץ עפּעס, וואָס האָט אין זיך געהאַט געזאַנג און שפּיל, זײַנען שטאָט און דאָרף אַרום דעם גלײַך געוואָרן נענטער איינער צום אַנדערן. קולות און ווידער־קולות, וואָס האָבן זיך קוים אַרויסגעריסן פֿון דעם גערויש אויף די יאַרידן אין שטאָט, האָבן זיך צונויפֿגעמישט מיט די קלאַנגען און אָפּקלאַנגען, וואָס האָבן זיך אין שניטצײַט געטראָגן פֿון די פֿעלדער אין דאָרף און אַלע אין איינעם האָבן מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ גרויסע פֿאָלקס־סימפֿאָניע אַזאַ, וואָס מע האַלט ערשט אין שאַפֿן.

עס איז אויסגעקומען ווי אַלץ וואָלט שוין אויף זיך געטראָגן דעם שטעמפּל פֿון נוסח־אוקראַיִנע. אַזוי איז דאָס געגאַנגען ווי פֿון זיך. און עס איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען נאַטירלעך, אַז אויך דאַן ווען עס איז געקומען צו טעאַטער, זאָל מען אין דעם קיין אויסנאַם ניט מאַכן און עס זאָל אויך דאָרט אויף דעם זעלבן שטייגער גיין ווײַטער.

אָבער אַקסענפֿעלד אַליין האָט אפֿשר קיין מאָל גאָר אַפֿילו נישט געטרוימט וועגן דעם, אַז נאָך בײַ זײַן לעבן וועט מען אַמאָל אויפֿפֿירן זײַנס אַ טעאַטער־שטיק אויף דער בינע און ער וועט דאָס מיט די אייגענע אויגן קענען זען און שעפּן נחת דערפֿון. די אַטמאָספֿערע אַרום אים איז דעמאָלט די גאַנצע צײַט געווען אַזאַ, אַז ער האָט זיך אַזוינס גאָרניט געקענט פֿאָרשטעלן.

בכלל האָט ער, ווי אַ שרײַבער, ווי אַ דראַמאַטורג, קיין סך נחת ניט געהאַט. ער איז שוין געווען אַ זקן פֿון 75 יאָר, ווען מע האָט קוים מיט צרות דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעגעבן צוויי געשאַפֿענע ווערק — דאָס שטערנטיכל און דער ערשטער ייִדישער רעקרוט. די אַנדערע ווערק זײַנע האָט ער קיין מאָל ניט געזען קיין אַרויסגעגעבענע און זיי זײַנען אין מאַנוסקריפּט געגאַנגען פֿון האַנט צו האַנט, ווי עס איז אין יענער צײַט געווען דער שטייגער אין אַזעלכע פֿאַלן.

ער האָט דאַן אַוודאי נאָך גאָר אַליין ניט געוואוסט ווי טאַקע מיט די דראַמאַטישע ווערק זײַנע, וואָס גייען איבער פֿון האַנט צו האַנט אין מאַנוסקריפּט, צעאַקערט ער דעם באָדן פֿאַר אַ ייִדיש טעאַטער, וואָס איז שוין אפֿשר ניט נאָר זײַן אידעאַל, נאָר אויך דער אידעאַל פֿון נאָך אַ סך אַזעלכע ווי ער. עס איז אים געווען שווער שטענדיק צו זײַן אינגאַנצן זיכער אין דעם, אָבער דאָס האָט אים דאָך ניט געשטערט זיך צו באַציִען דערצו ווי צו עפּעס אַ מיסיע אין לעבן און ער האָט דאָס געטאָן מיט ליבשאַפֿט. אַזוי אין די אַלע יאָרן, וואָס ער האָט זיך דערמיט אָפּגעגעבן, און דער עיקר אין די יאָרן ווען ער האָט געוואוינט אין אַדעס און זײַן שטובֿ איז דאָרט געווען אַ בית־ועד לחכמים.

און געשטאָרבן איז ער אין פּאַריז, וואו זײַנער אַ זון, וועמען ער האָט געגעבן אַ וועלטלעכע הויכע בילדונג, איז שוין געווען אַ פּראָפֿעסאָר אין סאָרבאָנער אוניווערסיטעט. ער איז געשטאָרבן אין דער עלטער פֿון 79 יאָר. און געשען איז דאָס אין 1866, צען יאָר איידער אַברהם גאָלדפֿאַדען האָט אין רומעניע אַוועקגעלייגט דעם ווינקלשטיין פֿאַר אַ ייִדיש טעאַטער אין דער וועלט.

## פֿערטער קאַפּיטל

דרײַ יאָר נאָך דעם ווי ער האָט אין רומעניע שוין געהאַט אַוועקגעלייגט דעם באָדן פֿאַר אַ ייִדיש טעאַטער, וואָס האָט געדאַרפֿט זײַן דער אָנהייבּ פֿון אַן אײַנגעשטעלטער בינען־קונסט בײַ ייִדן, האָט אברהם גאָלדפֿאַדען זיך אומגעקערט צוריק קיין רוסלאַנד.

דאָס איז געווען אין 1879.

די מלחמה מיטן טערק איז שוין געווען געענדיקט.

די פּאָדריאַטשיקעס, וואָס האָבן פֿריִער קיין מאָל קיין איין פֿאָרשטעלונג ניט דורכגעלאָזט, זײַנען זיך צעפֿאָרן אַהיים.

עס זײַנען שוין מער ניט געווען די, וואָס האָבן פֿריִער אַלע מאָל, נאַכט אויף נאַכט, דאָס ייִדישע טעאַטער אָנגעפּילט און זיך דאָרט געפֿילט אַזוי היימיש ווי אויף אַ חתונה פֿון דער אייגענער משפּחה.

עס זײַנען אויך מער ניט געווען די אַלע געשוואוירענע הוליאַקעס און לעב־יונגען, וואָס האָבן אַלע נאַכט אין די ווײַנקעלערס און רעסטאָראַנען אויסגעגעבן אויף די אַקטיאָרן אַ סך געלט צו פאַרברענגען מיט זיי ווי מיט „גוטע־ברידער" און זיך גלאַט פרייען אין איינעם מיט זיי.

זיי האָבןווירקלעך ליב געהאַט ייִדיש טעאַטער, די אַלע הוליאַקעס און לעב־יונגען, וואָס זײַנען לפֿנים געווען אַזוי שטאַרק פאַרטאָן נאָר אין מאַכן געלט און מער אין גאָרניט. עס האָט זיי באמת טאַקע געצויגן צו דער סביבה פון די, וואָס שפּילן אויף דער ייִדישער בינע; און קיינער האָט קיין געשמאַקן ייִדישן ניגון אין טעאַטער ניט געקענט איבערנעמען אַזוי שנעל און אים דערנאָך מיט אַ גלאָז ווײַן אין דער האַנט זינגען מיט אַזאַ ברען, און מיט אַזויפיל מתיקות, ווי זיי.

אָבער קיין גוטס דעם ייִדישן טעאַטער האָבן זיי דאָך ניט געטאָן.

פאַרקערט, זיי האָבן אָנגעטאָן אַ סך שאָדן.

וואָרעם פּונקט דאַן ווען עס איז געווען נייטיק, אַז דער ייִדישער אַקטיאָר, אויף ווען מע האָט אַזוי לאַנג אַרויסגעקוקט, זאָל די גאַנצע צײַט גוט אין זינען האָבן די פליכטן, וואָס ער האָט איצט אויף זיך דורכצופירן ווי אַ פּיאָנער פון אַ גרויסער קולטור־אונטערנעמונג איינעם לעבן פון פאָלק, האָט מען אים, אין דער גרויסער שפע פון די פּאָדריאַטשיקעס אין בוקאַרעשט, אַזוי הפקרדיק צעבאַלעוועט און אים דערמיט אַרויפגעפירט אויף אַזאַ וועג, אַז עס איז שוין דערנאָך ניט שווער אָנגעקומען צו דערשטיקן אין אים די חשיבות פון אַ מענטשן און די אַמביציע פון אַן אַקטיאָר...

אַ באַגריף וועגן דעם ווי אַזוי מע האָט דעמאָלט צעבאַלעוועט דעם ייִדישן אַקטיאָר און אים דערמיט אַליין שוין אַרויפגעפירט אויף אַ שלעכטן וועג, גיט אונדז אַ געשיכטע, וואָס איז געבליבן פון יענער צײַט. עס ווערט דערציילט, אַז איינער פון די אַקטיאָרן אין דער טרופּע, אויף וועלכער די פּאָדריאַטשיקעס האָבן אין די שפּעטע נאַכט־שעהן פון נאָך דער פאָרשטעלונג אויסגעגעבן אַ סך געלט אין די ווײַנקעלערס, שענקען און רעסטאָראַנען פון כל־המינים, איז פּלוצלינג קראַנק געוואָרן און דער דאָקטער, וואָס האָט אים אונטערזוכט, האָט געזאָגט, אַז דאָס איז אַן ערנסטע קראַנקייט און מע וועט מוזן מאַכן אַן אָפּעראַציע. האָט דער אַקטיאָר, פאַרשטייט זיך, געוואָלט וויסן וואָס פאַר אַ קראַנקייט דאָס איז, און ווען ער האָט דערהערט פונעם דאָקטער, אַז די דאָזיקע קראַנקייט זײַנע קומט פון דעם וואָס ער האָט וואַסער אין מאָגן, האָט ער אויסגעשאָסן אַ געלעכטער:

— וואַסער אין מאָגן?! איך האָב וואַסער אין מאָגן?... איך?!...

ער האָט אַזוי לאַנג געלאַכט, אַז עס איז גאָר אוממעגלעך געווען ער זאָל אויפהערן לאַכן... ווי קען גאָר אימעצן קומען אויפן זינען, אַז ער האָט וואַסער אין מאָגן ווען דער אמת איז, אַז זינט די פּאָדריאַטשיקעס געפינען זיך דאָ, איז קיין טראָפּן וואַסער אין זײַן מויל ניט געקומען... ער טרינקט גאָר ניט קיין אַנדער זאַך ווי נאָר שאַמפּאַניער... ער באָדט זיך ממש אין שאַמפּאַניער, איז ווי קומט צו אים וואַסער אין מאָגן?...

עס איז געווען אַ לעבן אָן די אַלע דאגות, וואָס פאַראומערן עס אַזוי אָפט.

עס איז געווען „חי געלעבט, אי ניקאָקיך", ווי מ'האָט דאָס וואוילעריש אויסגעדריקט בײַם אויסליידיקן אַ גלאָז ווײַן ביזן דנאָ און זי דערנאָך מיט אַ קנאַק געגעבן אַ שטעל אַוועק אויפן טיש. וועגן דעם וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען האָט מען ניט געטראַכט. קיין באַשטימטע פּלענער וועגן ייִדיש טעאַטער אין דער צוקונפט האָט מען דערווײַל נאָך ניט געהאַט. גרייט צו באַגעגענען אַ צרה וואָס קען קומען גראָד דאַן ווען מע ריכט זיך גאָר ניט דערויף, איז מען ניט געווען. מע האָט די גאַנצע צײַט געלעבט ווי פון דער האַנט אין מויל אַרײַן און קיין מאָל גאָר קיין זאָרג ניט צוגעלאָזט צו זיך. און דערפאַר טאַקע האָט מען זיך אַזוי פאַרלוירן, ווען מע איז אין רומעניע, גלײַך נאָך דער מלחמה מיטן טערק, מיט אַ מאָל גאָר געבליבן ווי אָן אַ באָדן אונטער די פיס און מע האָט געדאַרפט לויפן צוריק קיין רוסלאַנד, דאָרט באַנײַס צו זוכן דאָס מזל און ווידער פּרוּוון זיך צו שטעלן אויף די פיס.

נאָך אײדער גאָלדפאַדען האָט זיך פון רומעניע אומגעקערט צוריק קיין רוסלאַנד, האָבן דאָס געטאָן ספּיוואַקאָווסקי און ראָזענבערג, די צוויי אַקטיאָרן, וועלכע האָבן זיך שוין דאַן געהאַלטן פאַר גרויסע קינסטלער. זיי האָבן זיך באַזעצט אין אָדעס און דאָרט האָבן זיי אין אײַלעניש צונויפגעשטעלט אַ טרופּע, אין וועלכער זיי האָבן אַרײַנגענומען עטלעכע פון די אָדעסער פאָלקסזינגער אין די ווײַנקעלערס. צווישן די, וואָס זיי האָבן דאַן אַרײַנגענומען, זײַנען געווען אַזעלכע ווי יעקב קאַצמאַן, אַריה שראַגע און מענדל אַבראַמאָוויטש, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער מאַן פון דער באַרימטער ייִדישער אַקטריסע בינאַ אַבראַמאָוויטש. אויך סאָפיע אָבערלענדער, וועלכע איז שפּעטער געוואָרן די ווײַב פון דעם באַרימטן שוישפּילער יעקב אַדלער, דעם „נשר הגדול" פון דער ייִדישער בינע, איז דאַן צוגעצויגן געוואָרן צו דער טרופּע, וואָס ספּיוואַקאָווסקי און ראָזענבערג האָבן אויף שנעל צונויפגעשטעלט. זיי האָבן געדונגען דעם „רעמעסלעני קלוב" און דאָרטן האָבן זיי דעם ערשטן אָוונט געשפּילט אַברהם גאָלדפאַדענס דרײַ וואָדעווילן: „פיר פאָר פאַרצעלייענע טעלער", „ספּיטשקי", (שוועבעלעך) און „די דרײַ טויבע", און דאָס, אַגב, איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס מע האָט אין אָדעס אויף דער בינע געשפּילט אַזוינס וואָס מע האָט געקענט אָנרופן מיטן נאָמען ייִדישע טעאַטערשטיק. פריִער איז מען אין דעם ווײַטער ווי זינגען אַ

קופּלעט ניט געגאַנגען. און ווען מע האָט זיך שוין אַמאָל יאָ פֿאַרגונען צו ווײַזן אַ סצענע, איז אויף דער בינע אַרויסגעקומען אַן אַקטיאָר, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן פּראַק און מיט ווײַסע הענטשקעס, און אָנווײַזנדיק מיטן פֿינגער אויף אַוודאי ניט ווייניקער ווי אַ צען אַקטיאָרן, וואָס זײַנען געווען אָנגעטאָן ווי חסידים און האָבן זיך געהאַלטן ווי חסידים, האָט ער אָנגעהויבן מיט אַ ניגון:

— „דאָס זײַנען די ייִדעלעך, דאָס זײַנען זיי דאָ!“

און די אַקטיאָרן, וואָס האָבן שוין אַוודאי לאַנג אַרויסגעקוקט דערויף, אַז מע זאָל דאָס בײַ זיי פֿרעגן, האָבן דערויף געענטפֿערט מיט דעם באַקאַנטן ניגון:

— „אמת, ווי איך בין אַ ייִד!“

און באַלד ווײַטער און אַלץ אָנווײַזנדיק מיטן פֿינגער:

— „אַזוי בלאָנדזשען זיי שוין צוויי טויזנט יאָר!“

און דערויף באַלד ווידער דער זעלבער ענטפֿער און אַלץ מיט דעם זעלבן ניגון:

— „אמת, ווי איך בין אַ ייִד!“

* * *

אַדעס איז דעמאָלט געווען דער צענטער, וואָס האָט ווי מיט אַ מאַגנעט געצויגן צו זיך די ייִדישע אַקטיאָרן, וואָס האָבן אין יענער צײַט, אין 1879, פֿון רומעניע זיך צוריק קיין רוסלאַנד אומגעקערט. אַלע זײַנען זיי געלאָפֿן אַהין. און צווישן זיי איז אויך געווען זעליג מאָגולעווסקי, אָדער זיגמונט מאָגולעסקאָ, ווי ער האָט זיך שוין דאַן גערופֿן. ער האָט מיט זײַן שפּילן און זינגען, און אויך מיט דעם בינען־חן, וואָס ער האָט פֿאַרמאָגט, שוין געהאַט אַ גרויסן נאָמען פֿאַר זיך. ייִדן פֿלעגן זאָגן, אַז ווען מע דערזעט אים אויף דער בינע, ווערט פֿריילעך אויפֿן האַרצן, און מע האָט אים שטאַרק ליב געהאַט דערפֿאַר.

נאָך דאַן האָט מען אַדעס שוין גערופֿן „די קראַסאַוויצע פֿון דרום“ און די שטאָט איז ווירקלעך געווען איינע פֿון די שענסטע אין לאַנד. מיט אירע גלײַך־אויסגעווירעטע גאַסן און שיינע בולוואַרן האָט זי זיך מיט רחבות בײַ די ברעגן פֿון שוואַרצן ים צעשפּרייט און עס האָט זיך געדוכט, אַז דאָס שפּיגלט זי זיך אַזוי אין זיך אַליין און זי האָט גרויס נחת דערפֿון.

און אין די זוניקע טעג פֿון פֿרילינג האָט דער געשמאַקער ריח פֿון דער צעבליטער אַקאַציע די גאַנצע שטאָט פֿאַרשמעקט. און דאַן האָבן יונגע מענטשן אין גיין זיך פּונקט ווי אין דער לופֿטן געטראָגן און דערבײַ האָבן זיי פֿאַר זיך אונטערגעזונגען אַ ניגון, וואָס זיי האָבן אַמאָל ערגעץ אויפֿגעכאַפּט און דערנאָך שוין אַליין פֿאַרגעסן ווען און וואו.

און אין די לבֿנהדיקע נעכט, ווען די שטאָט האָט זיך צעשײַנט מיט אירע אָנגעצונדענע לאַמטערנס אין די גאַסן און מיט אירע העל־באַלויכטענע שוי־פֿענצטער אין די קראָמען און מיט די ברענענדיקע ליכט בײַ אירע בריטשקעס און פֿאַעטאָנען, האָט מען אין די אַלעען צווישן די ביימער אַפֿילו אין די שפּעטע שעהן געקענט אויפֿכאַפּן אין דער שטילקייט ווי פֿון דער ווײַטנס טראָגט זיך דאָ און דאָרט אַ געזאַנג און באַלד שטאַרבט עס ערגעץ אָפּ, דאָס געזאַנג, עס גייט אויס אין דער לופֿט און עס איז נישטאָ מער. און נאָכדעם דערטראָגט זיך פֿון דער ווײַטנס אַ ציטער פֿון אַ סטרונע, וואָס האָט זיך ערגעץ פֿון אַ גיטאַרע אָפּגעריסן און איז באַלד אַ פֿאַרטײַעטער געבליבן שטעקן אין דער לופֿט. אַליין ניט וויסנדיק פֿאַרוואָס וויל מען אים ווידער דערהערן, דעם סטרונע־ציטער, וואָס איז געקומען פֿון דער ווײַטנס, אָבער ווי מע זאָל זיך ניט אָנשטרענגען אים נאָך אַ מאָל צו הערן, קומט ער ניט מער און אין דער פֿינצטער צווישן די ביימער דערפֿילט מען זיך אומהיימלעך אײַבער דעם.

אַדעס איז דעמאָלט שוין אויך געווען אַן עיר ואם בישׂראל און זי האָט געהאַט אַ פֿײַנע ייִדישע אינטעליגענץ.

פֿון ווײַטע און נאָענטע שטעט און שטעטלעך זײַנען אַהין געקומען אַ סך פֿון די יונגע מענטשן, וועמען עס איז מיט אַ מאָל געווען ענג בײַ טאַטע־מאַמע אין דער היים און זיי האָבן דאָרט פֿאַר זיך שוין מער קיין ציל אין לעבן ניט געזען, און ווײַל עס האָט זיי געצויגן צו דער ברייטער וועלט, האָבן זיי זיך געריסן צו בילדונג.

עס האָבן אין אַדעס געוואוינט שרײַבערס און צווישן זיי זײַנען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געשריבן זייערע ווערק אין ייִדיש און אַזעלכע, וואָס האָבן געשריבן אויף העברעאיש און אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געשריבן אויף רוסיש.

וואו נאָר אַ שרײַבער האָט שוין מער ניט געקענט אויסשטיין פֿון די, וואָס האָבן זיך אין זייער אײַנגעשפּאַרטקייט אַזוי פֿאַרלייגט אויף די אַפּיקורסים פֿון שטעטל און ער האָט זיך געוואָלט פֿילן פֿרײַ און שאַפֿן פֿרײַ, איז ער מיט די שענסטע טרוימען און מיט די ליכטיקסטע האָפֿענונגען געקומען קיין אַדעס זיך דאָרטן אויף שטענדיק צו באַזעצן, און צווישן זיי זײַנען געווען אַזעלכע ווי אַברהם־בער גאָטלאָבער, מענדעלע מוכר־ספֿרים, משה־לייב ליליענבלום, יצחק יואל ליניעצקי און נאָך אַנדערע.

דער גרעסטער טייל פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג דאָרט, אין דער שטאָט, וואוהין די פֿאַרבענקטע יונגוואַרג פֿון נאָענט און פֿון ווײַט האָט זיך געריסן מיט אַזאַ ברען, איז באַשטאַנען פֿון עפּעס גאָר אַ באַזונדער מין „שבת־יום־טובדיקע ייִדן“ אין דעם זין ווי מע האָט דאָס פֿאַרשטאַנען אין אַדעס, און דאָס האָט געמיינט — פֿון אַזעלכע ייִדן, וואָס גייען אין שול אַרײַן דאַוונען אַ מאָל אין אַ שבת און אַ מאָל אין אַ יום־טובֿ, און דער עיקר אין דעם איז בײַ זיי ניט אַזוי דאָס דאַוונען ווי דאָס הערן אַ חזן און בפֿירוש טאַקע — אַ גוטן חזן...

בכלל האָבן ייִדן אין אַדעס ליב געהאַט נגינה. און ווי עס ווערט איבערגעגעבן, איז נאָך דאַן געווען אָנגע־

נומען, אַז קיינער קוועלט אַזוי ניט אָן ווי דער אָדעסער ייִד ווען ער נעמט שנעל איבער אַ גוטן ניגון, וואָס געפעלט אים שטאַרק און אַז קיינעם קען מען אויף אַ שׂמחה אַזוי לײַכט ניט אַרײַנצִיִען אין קאָן ווען עס קומט צו כאַפּן אַ האָפּקע און ווען מען פאַרוואַרפט האַנט אויף אַקסל און מע גייט אַ קײַלעכדיקס.

איז וואו דען אויב ניט אין אַזאַ שטאָט האָבן די פּיאָנערן פון דער ייִדישער בינע דעמאָלט, נאָך דער בהלה פון דער גרויסער שפּע אין רומעניע, זיך געקענט אָוועקזעצן רואיק און אויסאַרבעטן אַ פּלאַן פאַר טעאַטער בײַ ייִדן אין דער צוקונפט און מיט ישוב־הדעת זיך צונויפריידן וועגן דעם וואָס מע דאַרף טאָן און אויף וועלכע וועגן מע זאָל גיין דאָס צו דערגרייכן?

און גראָד זײַנען דעמאָלט אין אָדעס געווען געגנוג אַזעלכע מענטשן, וואָס מע האָט געקענט צוצִיִען דערצו און מיט וועמען מע האָט זיך געקענט באַראָטן וועגן דעם. דער ווײַטערדיקער גאַנג פון ייִדישן טעאַטער וואָלט זיכער ניט וויניק געוואונען ווען מע וואָלט אַזוי געטאָן. מע וואָלט דאַן אפשר געווען אויסגעמײַדט אַ סך פון די פעלערן, וואָס ס'אי' שפּעטער שוין געווען שווער צו פאַרריכטן. מע האָט דאָס אָבער דאָך ניט געטאָן. און ווען מע באַקענט זיך מיט די פאַקטן, ווען מע פאָלגט נאָך די פּאַסירונגען, וואָס די אַלטע שוישפּילער פון יענער צײַט האָבן דערציילט אין זייערע מעמואַרן, שאַפט זיך דער אײַנדרוק פון אַ ווילדן געיעג נאָך פּרנסה אויף אַ טומלדיקן יאַריד, וואו יעדערער באַזונדער און אַלע אינאיינעם זײַנען די גאַנצע צײַט אין אַזאַ אימפּעט, אַז איינער דעם אַנדערן פאַרלויפט דעם וועג.

אָבער אין דעם זײַנען ניט נאָר דווקא זיי, די פּיאָ־נער פון ייִדישן טעאַטער, געווען שולדיק. מער ווי אַלץ איז אין דעם געווען שולדיק די אַלגעמיינע ייִדישע לאַגע אין רוסלאַנד. פּונקט ווי אויף אַלץ, וואָס איז נאָר געווען פאַרבונדן מיט ייִדיש לעבן אין לאַנד, האָט מען דאָרט אויף ייִדיש טעאַטער אויך גלײַך פון אָנהייב אָן אַרויפגעלייגט גאַנצע בערג מיט גזירות און חרמות. מען האָט זיך אין ערגעץ קיין ריר ניט געקענט טאָן אָן דעם „חסד" פון דער פּאָליציי. אין וואָס פאַר אַ שטאָט, אָדער אין וואָס פאַר אַ שטעטל מע איז נאָר געקומען מיט אַ טרופּע, האָט מען פריִער פון אַלץ געדאַרפט „אויסקומען" מיט דער פּאָליציי, און דאָס האָט געקאָסט געלט. עס האָט זיך איבער דעם געשאַפן אַ לאַגע, אַז גאָר אַ וויכטיק — אויב ניט די וויכטיקסטע — פּאָזיציע אין אַ טרופּע, וואָס איז אַרומגעפאָרן פון שטאָט צו שטאָט, האָט פאַרנומען ניט דער, וואָס איז ווירקלעך געווען ראוי דערצו, נאָר דער, וואָס האָט געוואוסט ווי אויסצוקומען מיט דער פּאָליציי. און אויך דאָס האָט דעם ייִדישן טעאַטער אין די ערשטע יאָרן פון זײַן אַנטוויק־לונג קיין גוטס ניט געטאָן.

* * *

אין משך פון אַ קורצער צײַט זײַנען דעמאָלט אין אָדעס אויף שנעל צונויפגעשטעלט געוואָרן עטלעכע טרופּעס צו שפּילן ייִדיש טעאַטער אין די קלענערע און גרעסערע שטעט און שטעטלעך פון נאָענט און פון ווײַט. און אין דעם געיעג נאָך פּרנסה איז מען איינער דעם אַנדערן פאַרלאָפן דעם וועג און מע האָט איינער בײַם אַנדערן געכאַפּט אַקטיאָרן. גאָלדפאַדען האָט גע־כאַפּט אַקטיאָרן בײַ מאָגולעסקאָן און מאָגולעסקאָ האָט געכאַפּט אַקטיאָרן בײַ גאָלדפאַדען. אויך ישׂראל גראָד־נער, וועלכער איז אין יענער צײַט שוין געווען צווישן די געציילטע אַקטיאָרן, וואָס האָבן געהאַט אַ נאָמען און ער איז נאָך דערצו געווען אַן אויפטוער אויך, אַז אונ־טערנעמער, האָט געכאַפּט אַקטיאָרן בײַ וועמען ער האָט נאָר געקענט. מען האָט זיך געיאָגט נאָך יעדן אַקטיאָר, וואָס האָט זיך שוין געהאַט געמאַכט עפּעס אַ שטיקל נאָמען אויף דער בינע און נאָך יעדן זינגער, וואָס האָט ערגעץ אויסגענומען בײַ אַן עולם מיט זײַן קול. און מער ווי נאָך די אַלע אַנדערע אַקטיאָרן, וואָס מען האָט שוין געקענט פון פריִער, האָט מען זיך טאַקע געיאָגט נאָך מאָגולעסקאָן אַליין; ווער עס האָט נאָר צונויפגעשטעלט אַ טרופּע, האָט דאָרט פריִער פון אַלץ געוואָלט האָבן מאָגולעסקאָן, ווײַל קיינעם האָט דאָס פּובליקום אין טעאַטער דעמאָלט אַזוי ניט ליב געהאַט אַזוי ווי אים און קיינער האָט מיט זײַן שפּילן אַזוי ניט אויסגענומען אַזוי ווי ער. אָבער ער האָט זיך שטענדיק געריסן צו זײַן אַ באַלעבאָס און קיינמאָל ניט געוואָלט, אַז אַנדערע זאָלן באַלעבאַטעווען איבער אים.

קיין קלאָרן באַגריף וועגן דעם וואָס מע וועט סוף־כּל־סוף דערגרייכן און צו וואָס מע וועט זיך שפּעטער דאָך דערשלאָגן, האָט דעמאָלט אפשר נאָך קיינער פון זיי ניט געהאַט און עס איז אויסגעקומען ווי מע וואָלט זיך דערווײַל גלאַט געיאַרידעוועט מיט טעאַטער. אָבער אַפילו דעמאָלט ווען עס האָט זיך געקענט דוכטן, אַז דאָס יאַרידעוועט מען זיך טאַקע גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַרײַן, האָט מען אין דער זעלבער צײַט דאָך ניט געקענט פאַרזען די צייכנס, וואָס האָבן דערמאָנט, אַז דאָ האַלט זיך איצט אין שאַפן אַ זאַך פון גרויס באַדײַטונג אין דעם לעבן פון פאָלק און אַז זיי, די פּשוטע מענטשן מיט דעם געזונטן חוש, פרייען זיך שוין באַצײַטנס מיט דעם און זיי קוקן זיך אויס די אויגן אויף דער צײַט, ווען דאָס וואונדער וועט טאַקע געשען.

עס איז דעמאָלט שוין געווען אוממעגלעך צו פאַר־זען די שפּורן, וואָס זײַנען געבליבן פון דעם וואָס ס'איז אויף דעם זעלבן געביט אויפגעטאָן געוואָרן פריִער, נאָך איידער אַברהם גאָלדפאַדען האָט אין רומעניע אָוועקגע־לייגט דעם ווינקלשטיין פאַר אַ ייִדיש טעאַטער. מע האָט דעמאָלט שוין געהאַט בירושה די דראַמאַטישע ווערק, וואָס ישׂראל אַקסענפעלד האָט אָנגעשריבן פאַר דער ייִדישער בינע נאָך איידער עס איז געווען אַ ייִדיש

טעאַטער אויף דער וועלט. שוין אָפּגערעדט פֿון ד״ר שלמה עטינגערס „סערקעלע“, וואָס איז שוין פֿון לאַנג געווען פּאָפּולער אין די קרײַזן פֿון דער ייִדיש־געשטימטער אינטעליגענטער יונגוואַרג און אַמאַטאָרן האָבן דאָס געשפּילט אין זשיטאָמיר און אין באַרדיטשעוו. עס איז שוין אויך געווען אַברהם־בער גאָטלאָבערס טעאַטער־שטיק „דאָס דעקטוך אָדער צוויי חופּות אין איין נאַכט“. און מענדעלע מוכר־ספֿרים האָט שוין געהאַט אָנגעשריבן זײַן דראַמע „די טאַקסע אָדער די באַנדע שטאָט־בעלי־טובֿות“, און דער באַרימטער בדחן און פֿאָלקס־דיכטער אליקום צונזער האָט שוין געהאַט אָנגעשריבן זײַן „מכירת־יוסף“, וואָס איז אַ דראַמע אין גראַמען. און צו דעם האָבן אַזעלכע שרײַבערס ווי משה־לייב ליליענבלום און יצחק־יואל לינעצקי זיך שוין אויך געהאַט פֿאַראינטערעסירט מיט ייִדיש טעאַטער און זיי האָבן זיך געקליבן שרײַבן פֿאַר דער ייִדישער בינע. ליליענבלום האָט שפּעטער טאַקע אָנגעשריבן די ערשטע פּיעסע זײַנע פֿאַר דער ייִדישער בינע. ער האָט די פּיעסע אָנגערופֿן מיט דעם גויִשן נאָמען „דוואָיעזשאָניעץ“, וואָס אויף ייִדיש האָט עס געמיינט אַ „צווייווײַבערניק“, אַ ביגאַמיסט. מע האָט דעמאָלט אין אַדעס די פּיעסע „דוואָיעזשאָניעץ“ אויפֿגעפֿירט, און גלײַך בײַ דער ערשטער פֿאָרשטעלונג איז געשען אַזוינס, וואָס האָט געמאַכט אַ סוף צו ליליענבלומס קאַריערע אויף דער ייִדישער בינע, און וועגן דעם דערציילט ב. גאָרין, דער היסטאָריקער פֿון ייִדישן טעאַטער. ער שרײַבט:

„בײַ דער ערשטער אויפֿפֿירונג פֿון דער דערמאָנטער פּיעסע איז ליליענבלום געווען הינטער די קוליסן אין טעאַטער. ער האָט זיך צוגעקוקט צו דער פֿאָרשטעלונג פֿון הינטער די קוליסן מיט אַ גרויסער געשפּאַנטקייט. עס האָבן זיך געקײַקלט טרערן פֿון זײַנע אויגן, ווען עס איז צוגעקומען נענטער צום קלימאַקס אין דריטן אַקט. נאָר דאָ האָט ער פּלוצלינג דערזען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים בשעת מעשׂה אַ ביסל צעמישט. פֿאַרן שלוס־אַקט האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ סצענע, וואָס איז אים געווען אין גאַנצן פֿרעמד. ער האָט אויף דער ערשטער מינוט ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז אַזוינס און פֿון וואַנען דאָס האָט זיך גענומען, נאָר באַלד האָט ער זיך אָנגעשטויסן, וואָס דאָס איז. די צוויי קאָמיקערס, וואָס האָבן געשפּילט אין דעם שטיק, מאָגולעסקאָ און ווײַנבלאַט האָבן ניט אָנפֿרעגנדיק בײַם מחבר אַליין אַרײַנגעשטוקעוועט אַ קאָמישע סצענע, וואָס האָט זיך לחלוטין צו דער פּיעסע ניט געפּאַסט. ליליענבלום האָט זיך דערפֿילט דערפֿון אַזוי ניט־גוט, אַז ער האָט אַוועקגעחלשט גלײַך אויפֿן אָרט.“

מיט דעם האָט זיך עס דעמאָלט געענדיקט ליליענבלומס טעאַטער־קאַריערע. דער שריפֿטשטעלער און דענקער, אויף וועמענס ווערק אין העברעאיש עס האָט זיך דערצויגן אַ דור פֿון פֿאַרבענקטע טרוימערס און געוואַגטע בונטאַרן, האָט אין יענעם מאָמענט אינגאַנצן פֿאַרלוירן דעם חשק צו שרײַבן פֿאַר דער ייִדישער בינע.

ניט קיין בעסערן אָפּשניט האָט געהאַט יצחק יואל לינעצקי. אים האָט אַברהם גאָלדפֿאַדען גוט געקענט נאָך פֿון דער זשיטאָמירער ראַבינער־שול, וואו זיי האָבן ביידע געשטודירט. גאָלדפֿאַדען איז געווען פֿון אַלט־קאָנסטאַנטין, וואָלינער גובערניע, און לינעצקי איז געווען פֿון ווינניצע, פּאָדאָליער גובערניע. שפּעטער, ווען זיי זײַנען שוין ביידע געווען באַרימט און מען האָט שוין וועגן גאָלדפֿאַדענען גערעדט ווי וועגן דעם, וואָס האָט געגרינדעט און געשאַפֿן דאָס ייִדישע טעאַטער, און לינעצקי האָט זיך שוין געהאַט געמאַכט אַ נאָמען אין דער ליטעראַטור מיט זײַן ראָמאַן דאָס פּוילישע ייִנגל, האָט גאָלדפֿאַדען אים ניט איין מאָל געבעטן, ער זאָל אָנשרײַבן עפּעס אַ גוטע קאָמעדיע פֿאַר דער ייִדישער בינע. ער האָט זייער געוואָלט האָבן אַ קאָמעדיע פֿון דעם שרײַבער, וועמען ער האָט געהאַלטן פֿאַר אַ גאָר גרויסן הומאָריסט. אָבער לינעצקי האָט זיך ניט געאײַלט. ער האָט עס אַלץ אָפּגעלייגט אויף שפּעטער, געזאָגט, אַז ער האַלט אין שרײַבן און אַז אַזוי גיך ווי ער וועט נאָר פֿאַרטיק ווערן דערמיט, וועט ער לאָזן וויסן וועגן דעם.

פֿאַרטיק געוואָרן דערמיט איז ער ווען גאָלדפֿאַדען איז שוין געהאַט געקומען צוריק פֿון רומעניע און ער האָט אין אַדעס געמאַכט די פּלענער ווי אַזוי באַנײַס ווידער אויפֿצולעבן דאָס ייִדישע טעאַטער אין רוסלאַנד. ער, דער גרינדער און באַשאַפֿער פֿון ייִדישן טעאַטער, האָט דעמאָלט אויף דער נײַער שאַפֿונג פֿון דעם באַרימטן הומאָריסט גרויסע האָפֿענונגען אַרויפֿגעלייגט און ער האָט צו דער פֿאָרלעזונג פֿון דער פּיעסע אײַנגעלאַדן אַלע אַקטיאָרן פֿון דער טרופּע.

פֿאָרגעלייענט די פּיעסע האָט לינעצקי אַליין, און ווי עס האָבן דערנאָך איבערגעגעבן די וואָס זײַנען געווען דערבײַ, איז דאָרט דעמאָלט פֿאָרגעקומען אַזוינס, אויף וואָס מע האָט זיך אין גאַנצן ניט געריכט. מע האָט דערציילט, אַז לינעצקי האָט געלייענט און גאָלדפֿאַדען און די אַקטיאָרן האָבן זיך ממש געהאַלטן בײַ די זײַטן פֿון געלעכטער. די טיפּן, וואָס ער האָט אין דעם שטיק אַרויסגעפֿירט, זײַנען אַרויסגעקומען אַזוי, אַז זיי זײַנען אַלעמען ווי לעבעדיקע געשטאַנען פֿאַר די אויגן און יעדער אַקטיאָר האָט אין געדאַנק שוין געקענט אַרויפֿכאַפּן אויף זיך די ראָלע, וואָס איז פֿאַר אים, ווי ער האָט געדענקט, געווען ווי אָנגעמאָסטן, און עס איז שוין קיינעם זיכער ניט געווען שווער זיך פֿאָרצושטעלן ווי דער טעאַטער וועט קראַכן פֿון געלעכטער, ווען מע וועט דאָרט די קאָמעדיע שפּילן אויף דער בינע.

די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע. אָבער מיט אַ מאָל האָט לינעצקי זיך אַליין איבערגעהאַקט אין מיטן און דאָס פּנים האָט זיך בײַ אים זייער פֿאַרקרימט. דאָס איז ער אין לייענען צוגעקומען צו אַ סצענע, וואָס איז געווען באַצייכנט מיטן וואָרט „אַפּאַרט“ און וואָס האָט

דעמאָלט אויפן אָנגענומענעם טעאַטער־לשון געהייסן, אַז דאָס וואָס דער אַקטיאָר זאָגט דאָ אַרויס אין דער הויך, אויפן קול, איז ניט פאַר אַנדערע נאָר פאַר זיך; עס איז דאָס וואָס ער טראַכט אין דעם איצטיקן מאָמענט. אַזוי און ניט אַנדערש דאַרף מען דאָס פאַרשטיין. און דער עולם אין טעאַטער דאַרף בײַ זיך פּועלן, אַז די אַנדערע אַקטיאָרן, וואָס שטייען איצט לעבן אים אויף דער בינע און באַטייליקן זיך איצט אין איינעם מיט אים אין דער סצענע, הערן ניט וואָס ער זאָגט; עס גרייכט ניט צו זייערע אויערן אַפילו קיין איין וואָרט פון דעם, וואָס ער ברענגט אַרויס אויף די ליפּן אַזוי קלאָר.

בײַם שרײַבן די קאָמעדיע האָט לינעצקי זיך, אַפּנים, ניט געכאַפּט ווי אומנאַטירלעך דאָס איז. דערפילט האָט ער דאָס ערשט ווען ער האָט די קאָמעדיע פאָרגעלייענט פאַר די אַקטיאָרן, פאַר אַן עולם מיט מענטשן. און דעמאָלט, ווען אָנגעשריבענע ווערטער האָבן אָנגעהויבן ווערן לעבעדיקע געשטאַלטן, איז פאַר אים געוואָרן קלאָר, אַז דאָס וואָס דער אַקטיאָר זאָגט אין דער סצענע, וואָס ער אַליין האָט באַצייכנט מיטן וואָרט „אַפּאַרט“, איז דאָך אַ סוד, אַ גרויסער סוד, וואָס די אַנדערע אַקטיאָרן אויף דער בינע טאָרן דערווײַל, לויט דער האַנדלונג, בשום אופן ניט וויסן, ווײַל אויב זיי דערוויסן זיך דאָס יאָ, האָט שוין די ווײַטערדיקע האַנדלונג קיין זין ניט און אַלץ קריגט אַ פּנים פון חוזק. און טראַכטנדיק אַזוי וועגן דעם וואָס פאַר אַ פּנים עס וואָלט טאַקע געהאַט, ווען ער וואָלט זיך באַצײַטנס ניט געכאַפּט ווי אומנאַטירלעך דאָס איז, האָט ער די אָנגעשריבענע בלעטלעך געגעבן אַ רוק אָפּ פון זיך און האָט אויסגעשאָסן אַ געלעכטער.

ער האָט געלאַכט פון דעם וואָס ס׳איז שוין אַזוי לאַנג זינט מע באַנוצט זיך אויף דער בינע מיט אַזאַ פאָרמע. און עס איז נאָך ביז איצט קיינעם ניט אײַנגעפאַלן אַ טראַכט צו טאָן וועגן דעם ווי קאָמיש דאָס איז. ער האָט אַלץ געצויגן מיט די אַקסלען און אַלץ געהאַט טענות צו די אַנדערע און אויך צו זיך אַליין:

—צו׳ן אַל די רוחות! דאָס איז דאָך אַזוינס, וואָס מע קען זיך גאָר ניט פאָרשטעלן און וואָס קען זיך גאָר קיינעם בשום אופן ניט לייגן אויפן שׂכל! אין אַלע ווינקעלעך פון טעאַטער וועט מען הערן וואָס ער זאָגט, נאָר גראָד די אַקטיאָרן, וואָס שטייען לעבן אים אויף דער בינע און שפּילן מיט אים אין דער זעלבער סצענע — זיי וועלן מיט אַ מאָל ווערן טויב ווי די וואַנט און זיי וועלן ניט הערן אַ וואָרט פון דעם וואָס ער זאָגט! טפו, צו מײַנע שונאימס קעפּ!...

וויפל גאָלדפאַדען האָט ניט געפּרוּווט אים באַווײַזן, אַז דאָס איז אויף דער בינע שוין פון לאַנג אַן אָנגענומענע פאָרמע אַזאַ און אַז קיינער פרעגט דאָס גאָר ניט אָפּ, האָט עס ניט געהאָלפן. לינעצקי האָט זיך פעסט געהאַלטן בײַ זײַן מיינונג, אַז דאָס איז אַן אומזין. לייענען ווײַטער האָט ער שוין ניט געקענט און ער איז מיט דער פּיעסע אַוועק אַהיים.

דאָס איז געווען דער סוף פון לינעצקיס „קאַריערע אין טעאַטער“. אַ סוף, וואָס איז געקומען אין איינעם מיטן אָנהייב. מער האָט ער שוין פאַר דער בינע ניט געשריבן. אָבער דער חשק צו שרײַבן אַ טעאַטער־שטיק האָט אים, אַפּנים, דאָך געקאָרטעט, פון צײַט צו צײַט, ווי עס זעט אויס, דאָך ניט געלאָזט רוען, האָט ער, ווי פון זײַן אייגענעם פאַרגעניגן וועגן, איבערגעזעצט פון דײַטש אויף ייִדיש לעסינגס באַרימטע דראַמע נאַטהאַן דער ווײַזע. קיין אייגענע טעאַטער־שטיק אָבער האָט ער שוין מער ניט געשריבן. מען ווייסט אַפילו ניט וואָס ס׳איז געוואָרן מיט דער ערשטער קאָמעדיע זײַנער, אויף וועלכער מע האָט שוין געהאַט אַרויפגעלייגט אַ סך האָפענונגען. און „עס איז אַ פאַרדרוס“ — זאָגט דער היסטאָריקער פון ייִדישן טעאַטער ב. גאָרין — „עס איז אַ פאַרדרוס, וואָס אַ שרײַבער מיט אַזאַ געפיל פאַר וואַרהייטלעכקייט אויף דער בינע און מיט אַזאַ טאַלאַנט האָט ניט געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט דער נײַערער בינע־טעכניק, וואָס האָט אָפּגעשאַפט די „אַפּאַרטס“ און וואָס וואָלט אים געוויזן אַ וועג ווי אויסצוקומען אָן זיי.“

יאָ, עס איז אַוודאי אַ פאַרדרוס. און אין דעם פאַל מיט לינעצקין, פונקט ווי אין דעם פאַל מיט ליליענבלומען, איז זיכער אויך געווען דאָס כאַראַקטעריסטישע פון דעם, אויף וואָס מיר האָבן שוין דאָ פריִער אָנגעוויזן, און דאָס איז, אַז אין דער זעלבער צײַט וואָס ס׳איז אויף דער ייִדישער בינע געווען אַ שפע אין טאַלאַנט, איז דאָרט אויך געווען אַ מאַנגל אין אינטעליגענץ. און דאָס האָט אין אַלץ געהאַט וואָס צו זאָגן און אויף אַלץ טיפע שפּורן איבערגעלאָזט.

## פינפטער קאַפּיטל

צווישן די, וואָס זײַנען דעמאָלט אין אָדעס אַרויף אויף דער ייִדישער בינע, איז אויך געווען אַ יונגער און זייער אַ שיינער בחור, וואָס איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די גרעסטע און באַרימטסטע ייִדישע אַקטיאָרן אין דער וועלט, און דאָס איז געווען יעקב פּ. אַדלער.

ער האָט זיך נאָך פריִער געדרייט אַרום טעאַטער און איז געווען אַ גוטער־ברודער מיט אַקטיאָרן. אין אָדעסער שטאָטישן טעאַטער, וואו מע האָט געווײנלעך געשפּילט ניט נאָר דראַמעס פונעם בעסטן רוסישן רעפּערטואַר, נאָר אויך אָפּערעס פון בעסטן וועלט־רעפּערטואַר, איז

ער אַ שטיק צײַט געווען דער פירער פון דער חברה קלאַקיאָרן און זײַן עובדא דאָרט איז באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט אַכטונג געגעבן ווען די אַר־טיסטן מע זאָל אַפּלאָדירן מער ווען ער נעמט שטאַרק אויס בײַם עולם און ווען פון זיי מען זאָל אויספײַפן. מע האָט אים שוין אין די קינסטלער־קרײַזן געקענט ווי אַ בייזן שילינגער. ער האָט געהאַט אַ נאָמען פון אַ גרויסן לעב־יונג און וואו נאָר ערגעץ חברה האָט גע־הוליעט, האָט ער געדאַרפט זײַן דערבײַ. אין די ווײַנ־קעלערס, וואו מע האָט געקענט הערן די פאָלקסזינגער, האָט ער זיך געפילט אַזוי היימיש ווי בײַם טאַטן אין ווײַנגאָרטן. אַלץ וואָס האָט נאָר געהאַט אין זיך געזאַנג און שפּיל, האָט אים ווי מיט אַ מאַגנעט געצויגן צו זיך. און ווען ער איז שוין אַליין אויך געוואָרן אַן אַקטיאָר און ער האָט אַ צופרידענער שוין געקענט טראַכטן וועגן דעם וואָס ענדלעך האָט ער זיך דערשלאָגן צו דעם וואָס ער האָט געוואָלט, איז ער געוואָרן נאָך מער לעב־יונג ווי פריִער און ער האָט ניט דורכגעלאָזט קיין איין געלעגנהייט, וואו ער האָט געקענט לעבן אַ טאָג און הוליען אויף וואָס די וועלט שטייט מיט דער זיכערקייט, אַז איצט פּאַסט דאָס אים טאַקע, ווײַל ער איז דאָך שוין אַליין אַן אַקטיאָר. אַזאַ אַטמאָספערע איז דאָס געווען.

און וועגן דעם האָט אַדלער אַליין, שוין אין די יאָרן ווען ער איז געווען אין אַמעריקע, געשריבן שפּע־טער אין זײַנע מעמואַרן:

„...וואָס זאָל מען זיך לייקענען — האָט ער דאָרט געשריבן אין אַן אײַנגעהאַלטענעם טאָן — איך בין קיין צדיק פריִער אויך ניט געווען, נאָר פריִער איז דאָס געווען מעשׂה יונגערמאַן, דאַן און וואו. אָבער איצט האָט עס מיך שוין געצויגן יעדע נאַכט צו פאַרברענגען ביז פרימאָרגן אין לוסטיקע געזעלשאַפטן, וואו עס שפּאַצירן אַ סך מאַמזעלן פאַרן שײַן פון פילע ליכט... עס האָבן זיך פאַרבריִדערט מיט אונדז מענטשן מיט אַ שלעכטן רענאָמע און די קליינע פּאָליציי־באַאַמטע, ווי פּריסטאַוועס, נאַדזיראַטעלס, צוזאַמען מיט דעם בײַ־נאַכטיקן פּאַטרול קאָזאַקן. זיי האָבן זיך בײַ אונדז אין גאַרדעראָב אָנגעטאָן קאַפּאָטעס און מיר האָבן זיך אָנגעטאָן אין זייערע שינעלן און מיר זײַנען דאָס כּלומרשט געווען די נאַטשאַלסטוואָ און אַזוי האָבן מיר געהוליעט גאַנצע נעכט.

„אין מײַן קאַריערע — דערציילט יעקב פּ. אַדלער ווײַטער — האָב איך נאָך קיין וואונדער ניט דערוויזן, נאָר אין דער קורצער צײַט האָב איך שוין בתּכלית השלימות אויסגעלערנט די תּורה צו קומען יעדן פרי־מאָרגן אַהיים מיט ניט־זיכערע טריט, מיט אַ באַרוישטן מוח און צו שלאָפן אַ גאַנצן טאָג ווי אַן אומפאַרשעמ־טער פוילענצער. אין מײַן טיר האָבן אָנגעהויבן צו קלאַפּן אומגעבעטענע געסט; איך האָב אָנגעהויבן צו באַקומען ליבעס־בריוו... קורץ, מײַן אויפפירונג איז שוין געווען מעשׂה אַקטיאָר.“

דאָס לעבן אין טעאַטער און די פרייד, וואָס טעאַ־טער האָט אַרײַנגעטראָגן אין לעבן, האָט אין זיך געהאַט גאָר אַ באַזונדער מין רייץ און דאָס אַליין האָט צוגע־צויגן אַ סך פון יענע יונגע ייִדישע מענטשן, וואָס האָבן דעמאָלט אין דער שטיקעניש זיך געריסן צו אַ פרײַ לעבן. עס איז אין דעם, אפשר גאָר פּונקט אַזוי ווי אין חסידות, אָבער דאָך אויף אַן אַנדער שטייגער, שוין אויך געווען די פעסטע ייִדישע עקשנות צו לעבן אין פרייד און באמת טאַקע שטאַרק הנאה האָבן פון שׂמחה, די שׂונאים אויף צו להכעיס און די צוררי־היהודים אויף צעפּיקעניש...

ווי פון זיך איז דאָס אַזוי אַרויסגעקומען.

בלא יודעים האָט זיך דאָס אַזוי צונויפגעלייגט.

די אַקטיאָרן אַליין האָבן גאָר אפשר קיין מאָל ניט געטראַכט דערפון. עס איז זיי אַזוינס אַוודאי גאָר קיין מאָל ניט אײַנגעפאַלן. עס איז אין דעם אָבער דאָך געווען יענע פעסטע ייִדישע עקשנות, וואָס דריקט זיך אַמאָל אויס גראָד אין דער פרייד פון זײַנע שענסטע לידער, וואו עס רעדט זיך וועגן „אַ פריילעכס“ אויף אַ שׂמחה בײַ ייִדן:

„העכער, העכער הייבט דעם בעכער,
חי — געלעבט! און חי — געקוועלט!
אויף צעפּיקעניש די שׂונאים,
אויף צו־להכעיס גאָר דער וועלט!“

ווער עס האָט נאָר אַרײַנגעטראָגן פרייד אין ייִדישן לעבן אין די צײַטן ווען דער יאוש האָט זיך שווער געלייגט אויפן געמיט, האָט דערמיט געהאָלפן פאַרזי־כערן דעם ווײַטערדיקן קיום פון ייִדישן פאָלק, און אין דעם האָט ייִדיש טעאַטער געהאַט גאָר אַ גרויסן חלק אין אַ משך פון דורות. עס איז אין דעם געווען דער כּוח פון גערעדטן וואָרט און דער צויבער פון געזונגענעם ליד. מע האָט דאָרט געקענט איבערנעמען אַ ניגון און עס איז דאָרט געווען פון וואָס און פון וועמען זיך אַראָפּצונעמען אַ מוסר. מע האָט דאָרטן געקענט אויפ־כאַפּן אַ שיין ייִדיש ווערטל און זיך דערנאָך שוין די גאַנצע צײַט אַרומטראָגן דערמיט און ווען מע האָט אויף אַ שׂמחה געוואָלט זינגען אַזוינס, וואָס אַלע וואָלטן קענען נאָכזינגען, עפּעס אַ געשמאַקן ייִדישן ניגון אַזאַ, וואָס „צעגייט זיך איבער אַלע גלידער“, האָט זיך שוין גלײַך געפונען איינער, וואָס האָט זיך מיט אַ צעשמייכלט פּנים געגעבן אַ שטעל אַוועק אין מיטן און אויפגעהויבן אַ פינגער אין דער הייך.

— וואַרט... ווי גייט עס דאָרטן?...

און נאָך איידער מע האָט אים געזאָגט ווי „ס'גייט דאָרטן“, האָט ער אַליין אָנגעהויבן זינגען און באַלד האָבן שוין אַלע געזונגען אין איינעם מיט אים:

„פלאַקער, פײַערל, פלאַקער,
קנאַק אונדז פריילעך צו,
לײַכט אונדז צו ביז אין דער פרי;

דער פויער בײַ זײַן אַקער,
דער פּאַסטעך בײַ זײַנע פּי,
יעדן איז ליב זײַן מי.״

און דאַן האָט זיך צווישן עולם אַלע מאָל געפונען איינער, וואָס האָט געוואָלט ווײַזן, אַז ער געדענקט אויף אויסנווייניק דאָס וואָס גייט ווײַטער און ער האָט זיך דעריבער גלײַך אַרויפגעכאַפּט אויף די אייבערשטע טענער און אַלע — נאָך אים:

„איײַ, לייגט זשע צו האָלץ,
מיר מעגן זײַן שטאָלץ,
פריילעך טאַנצן אין קאָן.
ווײַל פּאַסטעכער אַליין,
זײַנען דאָך געווען
אונדזערע אָבות פון אייביק אָן!

עס איז געווען אַ קוואַל פון וועלכן דאָס פּאָלק האָט אַ לאַנגע צײַט געשעפּט ווי מיט עמערס און דאָך קיין מאָל אין גאַנצן ניט אויסגעשעפּט.

און פּונקט אַזוי ווי מע האָט זיך אין ייִדישן טעאַטער געקענט גוט אָנלאַכן און עס זאָל דערפון צוקומען אַ שטיק געזונט, אַזוי האָט מען זיך דאָרט אויך געקענט גוט אויסוויינען און עס זאָל דערנאָך פון דעם ווערן גרינגער אויפן האַרצן...

* * *

צונויפגעקליבן די אַקטיאָרן, וועלכע האָבן זיך דערנאָך מער ווי אַלע אַנדערע אַרויסגערוקט צום פאָדערגרונט און זײַנען געוואָרן די זײַלן פון ייִדישן טעאַטער, האָט מען דעמאָלט אויף די רײַזעס, וואָס די טרופּעס, וועלכע מע האָט אויף שנעל צונויפגעשטעלט אין אָדעס, האָבן געמאַכט איבער די קלענערע און גרעסערע שטעט פון אוקראַיִנע.

עס איז אויסגעקומען, ווי מע וואָלט זיי געטראָפן ערגעץ „אונטערוועגנס״, זיי אַרויפגעכאַפּט אויפן וואָגן און — געפאָרן ווײַטער.

אין אָדעס איז דאָס אַזוי געווען מיט אַדלערן; מע האָט אים דאָרט, דעם יונגן שיינעם בחור, אַרײַנגענומען אין דער טרופּע און שפּעטער איז ער געוואָרן דער „נשר הגדול״ אויף דער ייִדישער בינע און עס האָט מיט אים געקלונגען אַ וועלט. און כּמעט אין איין צײַט איז דאָס זעלבע געשען אין קעשענעוו מיט אַן אַנדער אַקטיאָר; אויך דאָרט האָט מען אין איינער פון די וואַנדערנדיקע טרופּעס דעמאָלט אַרײַנגענומען אַ יונגן שיינעם בחור, וואָס איז שפּעטער געוואָרן איינער פון די גרעסטע ייִדישע אַקטיאָרן אין דער וועלט, און דאָס איז געווען דוד קעסלער.

ער איז נאָך קיין פולע צוואַנציק יאָר ניט אַלט געווען, ווען מע האָט אים אין דער טרופּע אַרײַנגענומען. אָבער ער האָט זיך שוין געהאַט גענוג אָנגעפּלאָגט אין זײַן לעבן. עס האָט אים כּמעט קיינמאָל אין קיין זאַך ניט אָפּגעגליקט און עס איז אים אַלע מאָל געווען שווער זיך אײַנצולעבן מיט מענטשן, וואָס זײַנען אים ניט אינגאַנצן צום האַרצן. צו וואָס ער האָט זיך ניט גענומען, איז דאָס אים ניט געגאַנגען און עס האָט זיך אַלץ אויסגעדרייט אַזוי, אַז פאַר אים איז דאָס נישט קיין תּכלית. און אָנגעקומען אין טעאַטער צו ווערן אַן אַקטיאָר איז ער אַ בייזער, אַן אומצופרידענער; אַ בייזער — דערפאַר וואָס אַלצדינג אין לעבן איז אים אָנגעקומען שווער און ער האָט אַלע יאָרן געביִדעוועט און זיך אַלץ צו קיין זאַך ניט געקענט דערשלאָגן; און אַן אומצופרידענער — פון דעם וואָס קיינער פון די נאָענטע מענטשן האָט אים קיין מאָל ניט אונטערגעגעבן קיין מוט און זיי האָבן גאָר חוזק געמאַכט פון דעם וואָס ער האָט זיך אַרײַנגענומען אַ מאַנקאָליע אין קאָפּ אַרײַן צו ווערן אַן אַקטיאָר.

נאָך אין די קינדער־יאָרן איז אים אין קיין זאַך ניט געגאַנגען און דאָס האָט בײַ אים איבערגעלאָזט שפּורן אויפן גאַנצן לעבן; עס האָט זיך אים אַלץ געדוכט, אַז זאַכן טוען זיך עפּעס טאַקע נאָר אים אויף צו להכעיס, און ווען אַן אַקטיאָר, וואָס האָט מיט אים אין איינעם געשפּילט אויף דער בינע, איז געווען שלעכט אין דער ראָלע און האָט גענומען אַ פאַלשן טאָן, האָט דאָס אים געקענט מאַכן ווילד און ער האָט, אַ בייזער, געקענט אָנהייבן קריצן מיט די ציין:

— אַז איך קען דאָס ניט הערן!... עס שנײַדט מיר דעם אויער!... אַ פײַער זאָל קומען אויף דעם!...

בײַ זײַנע עלטערן אין דער היים האָט קעסלער קיין האָניק ניט געלעקט. זײַן פאָטער, ישׂראל־יצחק דער שענקער, איז געווען זייער אַ פרומער, אָבער זייער אַ בייזער ייִד. די אָרעמקייט אין שטוב איז געווען גרויס און מע האָט זיך שטענדיק געדאַרפט דרייען דעם קאָפּ איבער אַ גראָשן. עס איז געווען אַ פולע שטוב מיט קינדער, איינס קלענער פונעם אַנדערן, און ווען אַ קינד האָט זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט, האָט דער בייזער טאַטע עס ניט געשאַנעוועט. דער קליינער דודל, וואָס איז קיינמאָל ניט געווען פון די וואָס גיבן זיך אונטער און מאַכן אַ שווײַג, האָט גאַנץ אָפט פונעם בייזן טאַטן די ריכטיקע פּאַרציעס אַרײַנגעכאַפּט און זיך אַוודאי אַליין געביסן די ליפּן פון פאַרדרוס פאַרוואָס ער דאַרף זיך לאָזן שלאָגן און שווײַגן, ווײַל ער קען זיך דאָך אַ טאַטן ניט שטעלן אַנטקעגן. עס איז נאָך געווען אַ גליק וואָס זײַן מוטער, שׂרה די לאַנגע, אַ ייִדענע מיט אַ גוט האַרץ, האָט איר זון דודל זייער ליב געהאַט און זי האָט זיך אָפט אײַנגעשטעלט פאַר אים און אים אַרויסגעראַטעוועט פון טאַטנס הענט.

אויך אין די יאָרן ווען ער האָט געלערנט אין חדר איז אים געווען שלעכט. קיין חשק צו לערנען האָט ער ניט געהאַט און ער האָט זיך דאָרטן טאַקע קיין סך ניט אויסגעלערנט. ווען ער איז שוין געווען אין דער גרעסערער כּיתּה איז זײַן רבי געווען איינער אַן „אהרון

אומגליק", אַ בייזער און זייער אַ שטרענגער ייִד, וועל־כער פֿלעגט שלאָגן און קאַטעווען פֿאַר יעדער קליי־ניקייט און באַלד עפּעס האָט ער געשטעלט אין קונע.

פֿון אים, פֿון דעם „אַהרון אומגליק", האָט קעסלער דעמאָלט געהאַט אַ סך אויסצושטיין, ווײַל אַלע מאָל איז אַלץ אויסגעקומען אַזוי, אַז מיט עפּעס האָט ער זיך בײַ אים פֿאַרזינדיקט. און איין מאָל, ווען דער בייזער מלמד, וועמען די תּלמידים האָבן צווישן זיך גערופֿן „אַהרון אומגליק", האָט אים געהאַלטן אין שטעלן אין קונע, איז ער מיט אַ מאָל געוואָרן אַזוי ווילד, אַז עס איז שוין גאָר אוממעגלעך געווען אים אײַנצוהאַלטן. מיט אַ קוויטש, וואָס האָט אויף אַלע ייִנגלעך אין חדר אַ פּחד אַרויפֿגעוואָרפֿן, האָט ער זיך מיט אַלע כּוחות אַרויסגעריסן פֿונעם רבינס הענט און איז אַנטלאָפֿן און מער איז ער שוין אין חדר ניט געקומען.

אַ לענגערע צײַט האָט ער זיך נאָכדעם מיט אַ קעסטל צעלניק איבער די גאַסן פֿון קעשענעוו אַרומגע־שלעפּט און האָט פֿאַרקויפֿט אַלערליי קליינינקייטן און גלאַט צאַצקעס, וואָס מען קריגט פֿאַר גראָשנס און דערנאָך פֿאַרלירט מען זיי געוויינלעך און מען פֿאַרגעסט אָן זיי. פֿון דעם האָט ער דאָס דעמאָלט געצויגן זײַן חיונה און ער וואָלט אַוודאי געווען צופֿרידן פֿון דעם וואָס בײַם טאַטן אין דער היים עסט ער מער ניט זײַן שטיקל ברויט אומזיסט, אָבער די מאָלדאַוואַנישע בויאַ־נעס אין גאַס האָבן אים קיין רו ניט געגעבן און ער האָט פֿון זיי אַלע מאָל געהאַט אַ סך אויסצושטיין. זיי האָבן קיין מאָל ניט דורכגעלאָזט קיין איין געלעגנהייט זיך צו טשעפּן צו אים, צו וואַרפֿן שטיינער אויף אים און ער האָט שטענדיק געדאַרפֿט זײַן גרייט זיך מיט זיי צו שלאָגן.

ער איז אַ געוויסע צײַט געווען אויך אַ משרת, אָדער אַ „קומי", ווי מע האָט עס דעמאָלט גערופֿן, אין אַ גרויסער קראָם פֿון פֿרויען־קליידער און צו דעם האָט ער זיך גראָד אויסגעטויגט און עס איז אים געפֿעלן וואָס יונגע שיינע פֿרויען קומען אָפֿט אַריין אין דער גרויסער קראָם קויפֿן קליידער. ער האָט ליב געהאַט צו קוקן אויף יונגע שיינע פֿרויען און אין געדאַנק האָט ער זיך אַמאָל שוין אַפֿילו פֿאַרליבט אין דער אָדער אין יענער; אָבער ער האָט דאָך אָפֿט געהאַט עגמת־נפֿש דערפֿון וואָס ער דאַרף אַמאָל באַדינען מענטשן, וואָס גייען אים אין גאַנצן ניט אָן און וועלכע קוקן זיך אויף אים אַפֿילו ניט אום. עס האָט אים אויך פֿאַרדראָסן פֿאַר וואָס ער דאַרף אַ מאָל אין קראָם ריידן זיסע רייד צו מענטשן, וועלכע קוקן אויף אים פֿון אויבן אַראָפּ און זיי זײַנען אים נמאס און ער קען זייערע פֿאַרריסענע פּנימער ניט אַריבערטראָגן. דאָס האָט בײַ אים אַרויס־גערופֿן אַ כּעס, וואָס איז אים געווען שווער אײַנצוצוימען. ער איז איבער דעם ניט איין מאָל געווען בייז אויף אַלעמען און אויף זיך אַליין. און אין אַזעלכע מאָמענטן

האָט ער פֿון צווישן די ציין געקענט אַרויסברענגען צע־ביסענע ווערטער אַזעלכע, וואָס מע האָט קוים געהערט:

— אַ פֿײַער זאָל קומען אויף!...

אָדער:

— אַז געהרגעט זאָל עס ווערן!...

ער איז געווען אַ מײַסטער אַרויסצוברענגען פֿון די ליפּן אַ קללה אַזוי אַז דאָס ניט דערזאָגטע זאָל זיך אין דעם הערן ניט ווייניקער ווי דאָס דערזאָגטע.

אַפֿילו אין די יאָרן ווען ער האָט שוין געהאַט דעם גרויסן נאָמען און איז שוין געווען באַרימט אומעטום, וואו מע אינטערעסירט זיך נאָר מיט ייִדיש טעאַטער, האָט ער זיך נאָך אַלץ געהאַלטן בײַ די קללות פֿון דעם מין, וואָס האָבן קורץ און שאַרף אויסגעדריקט זײַן צאָרן ווען ער איז געווען בייז און איז פֿון עפּעס ניט געווען צופֿרידן.

און ווען אַנדערע אַקטיאָרן, די וואָס האָבן וועגן אים אַלערליי געשיכטעס דערציילט, האָבן אַמאָל גע־פּרוּווט אים דאָס נאָכצומאַכן, ווײַל עס איז דאָך ווירק־לעך געווען מיט וואָס זיך איבערצונעמען, ווען מען האָט קעסלערן נאָכגעמאַכט, איז דאָס בײַ זיי אַרויסגע־קומען נישט דאָס און עס האָט ניט געהאַט דעם זעלבן טעם.

עס איז געווען איין דוד קעסלער.

* * *

דער ערשטער אַקטיאָר וואָס האָט אויף קעסלערן געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק מיט זײַן שפּילן און אים אַפֿילו אַרויפֿגעפֿירט אויפֿן געדאַנק, אַז ער וואָלט אויך געדאַרפֿט פּרוּוון ווערן אַן אַקטיאָר, איז געווען אַבאַ שיינגאָלד. וועגן דעם האָט ער, קעסלער אַליין, מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, שוין אין אַמעריקע, גערעדט מיט אַב. קאַהאַנען, דעם רעדאַקטאָר פֿון פֿאָרווערטס, און דאָס האָט קאַהאַן נאָכדעם דערמאָנט אין זײַנע מעמואַרן. אין צווייטן באַנד פֿון זײַנע בלעטער פֿון מײַן לעבן האָט ער געשריבן:

„בשעת אין רוסלאַנד איז נאָך געווען דערלויבט צו שפּילן טעאַטער אויף ייִדיש, איז אַבאַ שיינגאָלד דאָרט געווען דער וויכטיקסטער „סטאַר" אין ערנסטע דראַמאַטישע ראָלן. דוד קעסלער האָט אַמאָל (מיט יאָרן שפּעטער) מיר דערציילט ווי שיין און אײַנדרוקספֿול דיזער שיינגאָלד איז געווען ווען ער, קעסלער, האָט אים געזען אין קעשענעוו, ווי וואַזשנע ער פֿלעגט אויסזען — אין אַ פּעלערינע מיט אַ הויכן קאַפּעלוש — און ווי דער רוסיש־ייִדישער טעאַטער־עולם האָט אים געליבט. קעס־לער איז באַצויבערט געוואָרן פֿון שיינגאָלדס שפּילן און פֿון זײַן פּעלערינע."

און דאָס, דענקט קאַהאַן, איז געווען די סיבה וואָס „קעסלער האָט זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ, אַז ער מוז ווערן אַן אַקטיאָר".

אָבער אויב אַפילו מע זאָל אָננעמען, אַז שיינגאָלדס פעלערינע מיטן הויכן צילינדער האָבן געהאַט אַ חלק אין דעם וואָס קעסלער האָט דעמאָלט באַקומען דעם חשק צו ווערן אַן אַקטיאָר, מוז מען דאָך צוגעבן, אַז ער זײַנען דערבײַ געווען נאָך אַנדערע מער וויכטיקע סיבות אויך און איינע פון זיי, און טאַקע די וויכטיקסטע פון אַלע, איז געווען די שטרעבונג צו דער בינע, וואָס האָט אים נאָך פריִער קיינמאָל ניט געלאָזט רוען. ער האָט זיך נאָך פריִער די גאַנצע צײַט געריסן צו דער בינע און נאָך איידער ער איז געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר, האָט ער אין קעשענעוו זיך באַטייליקט אין די אַמאַטאָרישע פאָרשטעלונגען, וואָס מע האָט דאָרט געשפּילט פון צײַט צו צײַט, און אויף די רעפּעטיציעס, וואָס מע האָט געמאַכט, האָט ער שוין אַפילו געלערנט אַנדערע ווי צו שפּילן.

ווען קעסלער איז אין קעשענעוו דאָס ערשטע מאָל געקומען אין טעאַטער בעטן דעם דירעקטאָר פון אַ וואַנדערנדיקער ייִדישער טרופּע, ער זאָל אים אויך אַרײַננעמען און אים געבן אַ ראָלע צו שפּילן, האָט ער זיך דאָרט גלײַך אויפן אָרט אָנגעשטויסן אין אַ פאַל, וואָס האָט בײַ אים אַרויסגערופן אַ כּעס און ער איז געוואָרן בייז. דער דירעקטאָר האָט אים געהייסן ווײַזן וואָס ער קען, און קעסלער האָט זיך שוין געהאַט אַוועקגעשטעלט אין אַ פּאָזע און איז שוין געווען גרייט אָפּצושפּילן אַ סצענע מיט אַ שדכן פון אַ פּיעסע, אין וועלכער ער האָט פריִער געשפּילט אין איינער פון די אַמאַטאָרישע פאָרשטעלונגען, און פּונקט דעמאָלט האָט איינער פון דער טרופּע געוואָלט האָבן אַ ביסל שפּאַס, און מיט דער זיכערקייט, אַז מע האָט דאָ צו טאָן מיט עפּעס אַ „יאָלד", אויף וועמענס חשבון עס שאַט ניט זיך צו לאָזן אַ ביסל וואוילגיין, האָט ער קעסלערן דערלאַנגט אַ זעץ איבערן קאָפּ און זיך צעלאַכט אויפן קול.

דאָס האָט קעסלערן צעטומלט און ער איז אַוועק אַהיים אַ פאַרשעמטער און אַ בייזער. אָבער אויף מאָרגן איז ער ווידער געקומען און ווען דער זעלבער חברה־מאַן פון דער טרופּע איז ווידער צוגעגאַנגען צו אים מיט אַ קלוגיטשקן שמייכעלע אויפן פּנים, האָט ער אים אָנגעכאַפּט פאַרן קאַרק.

— הער זיך אײַן, דו בורגעלעץ איינער — האָט ער צו אים געזאָגט מיט אײַנגעהאַלטענעם כּעס — אויב דו וועסט זיך דערוועגן אויפצוהייבן אַ האַנט אויף מיר, זעץ איך דיר אויס די ציין מיט די אויגן!...

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די טעאַטער־קאַריערע פון דעם מענטשן, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער גרעסטער דראַמאַטישער שוישפּילער אויף דער ייִדישער בינע. ער איז דעמאָלט אין רוסלאַנד אין אַ קורצער צײַט אויסגעוואַקסן גרויס; און נאָך גרעסער איז ער שפּעטער אויסגעוואַקסן אין אַמעריקע, ווען יעקב גאָרדין האָט שוין געשריבן פאַר דער ייִדישער בינע און דערמיט אָנגעהויבן אַ נײַ קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער; מער פון אַלע אַנדערע אַקטיאָרן, אַפילו מער פון אַדלערן, האָט קעסלער דעמאָלט געשאַפן נוסח פאַר די געשטאַלטן, וואָס גאָרדין האָט אַרויפגעפירט אויף דער בינע; און דער נוסח, וואָס איז ווי פון זיך אָנגעקומען געוואָרן ווי גוט־אָפּגעשפּאַרטע טעאַטער־טראַדיציע, איז אין איינעם מיט די פּיעסן אַרײַן אין רעפּערטואַר און מע האָט זיי שוין ניט געקענט אָפּטיילן איינע פון די אַנדערע; און פּונקט אַזוי האָט מען קעסלערן אַליין שוין ניט געקענט אָפּטיילן פון זיי און מע האָט אַלץ ווידער אַ מאָל און אָבער אַ מאָל דערציילט וואָס ער טוט אין דער סצענע און אין יענער סצענע, אין דער ראָלע און אין יענער ראָלע. און כאָטש ער אַליין איז ניט געווען קיין גאָר גרויסער בקי אין דער טעאָריע פון טעאַטער־קונסט און ער איז געווען קלוג גענוג צו פאַרשטיין, אַז ער האָט ניט גענוג וויסן צו לערנען אַנדערע און מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ רבין, האָט ער אין די שפּעטערישע יאָרן פון זײַן לעבן דאָך אַרויסגעגעבן תּלמידים. אַ סך אַקטיאָרן האָבן געפּרוּווט גיין אין זײַנע וועגן און זיי האָבן געקוקט אויף אים ווי תּלמידים אויף אַ רבין. און זײַן בעסטער און גרעסטער תּלמיד איז געווען מאָריס שוואַרץ, דער גרינדער פון ייִדישן קונסט־טעאַטער אין אַמעריקע.

* * *

אויך קעניע ליפּצין האָט מען אין יענער צײַט אַרויפגעכאַפּט אויף דער בינע אונטערוועגנס און עס האָט זיך דעמאָלט זיכער קיינעם אַפילו ניט געחלומט, אַז שפּעטער וועט זי זײַן צווישן די גאָר באַרימטע און מען וועט זי האַלטן פאַר דער גרעסטער טראַגעדיסטין אויף דער ייִדישער בינע. איינע פון די טרופּעס, וואָס מע האָט דעמאָלט אין אײַלעניש צונויפגעשטעלט אין אָדעס, האָט זיך אַרויסגעלאָזט אויף אַ רײַזע איבער אוקראַיִנע דאָרט צו שפּילן טעאַטער אין די קלענערע און גרעסערע שטעט. און ווען מע איז אָנגעקומען קיין סמילע, אַ שטעטל אין קיִעווער גובערניע, האָט מען זיך געכאַפּט, אַז עס פעלט זיי אַן אַקטריסע. און ניט נאָר גלאַט אַזוי זיך אַן אַקטריסע, נאָר — אַ פּרימאַדאָנע!

אין יענער טרופּע איז אויך געווען יעקב פּ. אַדלער, וועלכער האָט שוין געהאַט אָנגעהויבן ווערן אַ „פּאָלנער אַקטיאָר", און אין איינעם מיט אים איז דאָרט אויך געווען זײַן פרײַנד ישׂראל ראָזענבערג, אַן אָדעסיט מיט אַלע קליפּערלעך, אויף וועמען מע האָט אין דער טרופּע געקוקט ווי אויף אַ גרויסן קענער און ווייסער און אים געהאַלטן פאַר אַ גאַנצן אויפטוער. ער האָט דאָס אין סמילע גענומען אויף זיך די אַרבעט צו געפינען אַ פּרימאַדאָנע און ער האָט זיך צוליב דעם געלאָזט גיין איבערן שטעטל אויסצוגעפינען ווער עס ווייסט דאָ פון אַ מיידל וואָס קען זינגען. און וועגן דעם האָט אַדלער

מיט אַ סך יאָר שפּעטער, שוין אין אַמעריקע, דערציילט אין זײַנע זכרונות. ער שרײַבט דאָרט, אַז:

„ווי ראָזענבערג גייט אַזוי פאַרבײַ אַ נייטאָרינס הויז, שיסט פון אָפענעם פענצטער אַרויס אַ מיידלס געזאַנג, געמישט אויף ייִדיש מיט רוסיש, די שטימע קלינגט שטאַרק, פריש און פייערדיק. בלײַבט ער שטיין, עפנט אויף מויל און אויערן און האָרכט פאַרגאַפט, און אַז דאָס פריש אָנגענעמע געזאַנג ענדיקט זיך, גייט ער אַרײַן אינווייניק — און וואָס זאָל איך אײַך לאַנג ברײַען? באַלד קומט ער צו אונדז צו לויפן מיט דער גליקלעכער בשורה, אַז עס איז דאָ! עס איז דאָ אַ פּרימאַדאָנע! און אויף מאָרגן קומט טאַקע צו אונדז די אָרעמע נייטאָרין אַליין, וואָס איצט איז זי באַרימט אַלס קעניע ליפּצין, קוקן מיר זי אָן און נעמען זי אויפן פאַרהער און איבערצײַגן זיך באַלד, אַז ראָזענבערג האָט קיין טעות ניט געהאַט. קעניע סאָפער, ווי מען האָט זי דעמאָלט גערופן, איז געווען אַ מיידל אַ ברען, יונג, מיט טעמפּעראַמענט, מיט אַ שטאַרקער קלאָרער שפּראַך, מיט אַ פאַרטיקן אומצווייפלהאַפטן טאַלאַנט, כאָטש נעם באַלד און טרעט אויף אויף דער בינע.”

אַזוי האָט זיך אין דעם קליינעם אוקראַיִניש־ייִדישן שטעטל סמילע אָנגעהויבן די טעאַטער־קאַריערע פון דער אַקטריסע קעניע ליפּצין, וועלכע איז מיט יאָרן שפּעטער שוין אַמעריקע געוואָרן איינע פון די גרעסטע טראַגעדיסטינס אויף דער ייִדישער בינע. זי איז אַלט געווען אַ פיר און צוואַנציק יאָר ווען די וואַנדערנדיקע טרופּע פון אָדעס האָט זי ווי אונטערוועגנס אַרויפגעכאַפּט. און דאָס איז געווען אין 1880, אַ יאָר אײדער עס איז געמאַכט געוואָרן דער אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטן און ייִדיש טעאַטער איז נאָך ניט געווען פאַרבאָטן. זי אַליין האָט דעמאָלט אָנגעגעבן, אַז געבוירן געוואָרן איז זי אין 1854 אין זשיטאָמיר.

עס איז איר אויסגעקומען אַ סך צו לײַדן און זיך גענוג אָנצובידעווען נאָך אײדער מע האָט זי אין דער וואַנדערנדיקער טרופּע אַרײַנגענומען. זי איז נאָך קיין פולע צען יאָר ניט אַלט געווען ווען זי איז געבליבן אַ יתומה אָן אַ מאַמע, און ווען איר טאַטע האָט חתונה געהאַט דאָס צווייטע מאָל, האָט זי געהאַט אַ סך אויסצושטיין פון אַ שטיף־מאַמע, וואָס האָט געהאַט אַ נאָמען פון אַ גרויסער מרשעת. די שטיף־מאַמע האָט איר גענוג פאַרביטערט דאָס לעבן, און דעמאָלט האָט מען זי אַוועקגעגעבן צו אַ ביעלאָשוועיקע, צו אַ נייטאָרין פון וועש, און דאָרט האָט זי אויך קיין האָניק ניט געלעקט.

זי אַליין האָט אַ מאָל געזאָגט צו איינעם, וואָס האָט בײַ איר געוואָלט אַרויסקריגן איינצלהייטן וועגן איר לעבן: „איר האָט דאָך געזען גאָרדינס „כאַסיע די יתומה” — האָט זי געזאָגט — איז דאָרט האָט איר מײַן ביאָגראַפיע. כאַסיע בין איך טאַקע. איך אַליין. דאָס האָב איך דערציילט גאָרדינען דעם סוזשעט פאַר דער „יתומה”. דאָס איז מײַן אייגן לעבן, כאָטש מײַן טאַטע איז נישט געווען קיין „מאָטיע שטרײַכל”. אָבער מײַן שטיף־מאַמע, אוי איז דאָס געווען אַ שטיף־מאַמע.”

וועגן אַזאַ זאַך ווי געבן איר כאָטש עפּעס אַ שטיקל בילדונג און זען, אַז זי זאָל ניט בלײַבן אין גאַנצן אומוויסנדיק, האָט דעמאָלט גאָר קיין רייד ניט געקענט זײַן. אַפילו לייענען און שרײַבן האָט מען זי ניט אויסגעלערנט. אַזוי האָט מען געזאָגט. און אויך אין די יאָרן ווען זי האָט שוין געהאַט דעם נאָמען פון דער גרויסער אַקטריסע האָט מען שטילערהייט נאָך אַלץ גערעדט וועגן דעם וואָס זי קען ניט לייענען און אויך ניט שרײַבן, און מע האָט דערציילט, אַז ווען זי דאַרף אײַנשטודירן אַ ראָלע, לייענט מען פאָר פאַר איר און זי הערט זיך גוט צו צו יעדער וואָרט און זי חזרט דאָס גוט אויס.

און גראָד אויף איר גורל איז שפּעטער, שוין אין אַמעריקע, אויסגעפאַלן, אַז יעדער נײַער אויפטריט אירער אויף דער בינע זאָל באַטראַכט ווערן ווי אַ יום־טוב אין די קרײַזן פון דער ייִדישער אינטעליגענץ.

און עס איז אינטערעסאַנט ווי מען האָט וועגן איר געשריבן.

„ווען זי וואָלט געווען בײַ די אומות־העולם און מער געשולט — שרײַבט וועגן איר לעאָן קאָברין אין זײַנע עראינערונגען פון אַ דראַמאַטורג — וואָלט זי זיכער דאָרט פאַרנומען איינעם פון די ערשטע פּלעצער צווישן די באַרימטע אַרטיסטקעס פון דער קלאַסישער טראַגעדיע. ווער ווייסט, אפשר וואָלט זי גאָר געווען אַ צווייטע ראַשעל”.

דאָס האָט קאָברין געשריבן נאָכדעם ווי די מאַדאַם ליפּצין איז שוין געווען טויט און די אַלע ראָלעס, אין וועלכע זי האָט זיך אַזוי שטאַרק אויסגעצייכנט אויף דער בינע, זײַנען נאָך בײַ אַלעמען געווען פריש אין זכרון, און דער עיקר — די ראָלע פון „מירעלע אפרת” אין דער פּיעסע, וואָס גאָרדין האָט ספּעציעל פאַר איר אָנגעשריבן. און ווײַטער, אויף דעם זעלבן פּלאַץ פון זײַנע מעמואַרן, זאָגט קאָברין: „זי איז ניט געווען שיין אין פאַרגלײַך מיט אונדזערע אַנדערע באַרימטע אַקטריסעס, ווי די אַמאָליקע סעראַ אַדלער, מאַדאַם בעסי טאָמאַשעווסקי. אָבער אין איר אויסזען האָט זי געהאַט עפּעס, וואָס איז אַ מאָל מער פון שיינקייט — כאַראַקטער, אייגנאַרטיקייט. און וואו נאָר זי האָט זיך נישט געפונען, צווישן וועמען זי איז נישט געזעסן, האָט מען געמוזט באַמערקן די קליינע טונקעלע פרוי מיט דעם כאַראַקטעריסטישן ציגײַנער־פּנים און מיט די גרויסע כאַראַקטעריסטיש־טראַגישע אויגן”...

און יואל ענטין האָט וועגן איר געשריבן:

„זי איז דורכויס ראָמאַנטיק געווען, אָן אַ שיעור פאַנטאַזיע און אייביק שטרעבן נאָך יוגנט, שיינקייט, קראַפט און הערלעכקייט. אובאַוואוסטערהייט האָט איר נשמה אימער אַרויף געשטרעבט, אימער דאָס נידעריקע צו דערהויבן, דאָס אָרעמע צו באַרײַכערן. דאָס מיאוסע צו באַשיינען זיך געריסן. אַ שיין פּנים, וואונדער־שיינע

אויגן, אַ שיינע פיגור, אַ ווייך־צאַרטע קלינגענדיקע שטימע, אַ נישט־אויסלעשלעכער גלאַנץ, ווייכקייט און ווײַבלעכקייט ביז די לעצטע טעג... זי איז נישט געווען און זי האָט נישט געוואָלט זײַן רעאַליסטיש... נישט גערעדט האָט זי, נאָר געזונגען, אימער געזונגען, אימער מיט אַן אייגנטימלעכן איר אַליין געהעריקן, ליידנשאַפטלעך־פאַנטאַסטישן. עפּעס ווי פון שבתי־צבי־צײַטן, דערהאַלטענעם קאַדאַנס... די פאַרשטאָרבענע האָט אַ סך פרײַנד, אַן אוצר מיט ליידנשאַפט פאַרמאָגט און זי האָט עס געמוזט אין גאַנצן אַרויסגעבן. זי האָט זיך נאָך ווי ס'איז געקענט באַהערשן אין די רואיקע סצענעס, אָבער ווען עס איז געקומען צו סצענעס אַרום דעם קלימאַקס, דאָ האָט שוין איר שפּילן פון קיין שום צוים נישט געוואוסט... די מאַדאַם ליפּצין האָט אונדזער בינע ייִדישע שיינקייט, אַ גלוטיק־טיפע ליידנשאַפט, אַ מעכטיקן און פאַרביק לירישן ראָמאַנטיזם געגעבן. איר שפּילן איז אַ זעלטענער סינטעז פון קראַפט און שיינקייט, פון דראַמע און פּאָעזיע געווען”.

אַפילו אַב. קאַהאַן, וואָס האָט פאַר איר שפּילן ניט געקענט זײַן אַזוי באַגײַסטערט, ווײַל אין זײַן צוגאַנג צו טעאַטער־קונסט, פּונקט ווי אין זײַן צוגאַנג צו ליטעראַטור, איז ער פריִער פון אַלץ געווען אַ רעאַליסט, האָט דאָך ניט געקענט פאַרזען די אַנדערע גרויסע מעלות אירע, און ער האָט וועגן איר געשריבן: „זי האָט געהאַט כאַראַקטער, אַ פײַערדיקן טעמפּעראַמענט און אַ שטאַרקן דראַמאַטישן געפיל. אין איר שפּילן האָט זיך אויך געפילט מער מעלאָדראַמע ווי דראַמע. אָבער אימער שוואונג און קראַפט... אײַנבילדונגס־קראַפט האָט זי געהאַט ווייניקער ווי טעמפּעראַמענט... מאַדאַם ליפּצין האָט אימער דעקלאַמירט. אויסאַרבעטן אַ כאַראַקטער־ראָלע מיט די פאַרשיידענע שטריכן און שטריכעלעך פון דערווירקלעכקייט — דאָס איז נישט געווען אין אירע קרעפטן. זי האָט אָבער דעקלאַמירט שיין און איר טעמפּעראַמענט האָט זיך אַרויסגעצײַגט אויף דער בינע חנעוודיק און זייער אײַנדרוקספול.”

אויך בײַם פאַרגלײַכן דאָס שפּילן פון דער מאַדאַם ליפּצין אין דער ראָלע פון מירעלע אפרת מיט דעם שפּילן פון אסתּר־רחל קאַמינסקי אין דער זעלבער ראָלע, שטעלט אַב. קאַהאַן די מאַדאַם ליפּצין העכער און ער זאָגט, אַז „מירעלע” איז געווען „איינע פון די בולטסטע געשטאַלטן, וואָס זײַנען ווען עס איז געשאַפן געוואָרן אויף דער ייִדישער בינע”.

אַפילו די שטרענגסטע קריטיקערס האָבן אירע גרויסע מעלות ניט געקענט פאַרזען און זיי האָבן וועגן איר אָפט געשריבן מיט באַגײַסטערונג. אַלע האָבן אײַנגעשטימט, אַז מיט איר שפּילן, מיט דעם שטייגער ווי זי טײַטשט אויס אַ ראָלע, טראָגט זי אַרײַן אַ יום־טובדיק געהויבענעם טאָן אין דער ייִדישער טעאַטער־קונסט. דאָס האָבן אַלע הויך געשעצט. מיט דעם האָט זי זיך געמאַכט באַליבט בײַ די ליבהאָבער פון בעסערן ייִדישן טעאַטער און אויך בײַם ברייטן עולם. מיט דעם האָט זי זיך ווי אַ קינסטלערין דערהויבן צו דער העכסטער מדרגה אין איר קאַריערע און מע האָט זי אָנגעהויבן האַלטן פאַר דער גרעסטער ייִדישער טראַגעדיסטין אין דער וועלט.

און פּונקט ווי די אַנדערע באַרימטע קינסטלער אויף דער ייִדישער בינע, איז זי אויך אויסגעוואַקסן גרויס אויפן באָדן פון דעם גאָרדין־טעאַטער, וואָס איז געווען דער אָנהייב פון אַ נײַער עפּאָכע אין דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער.

* * *

אויך דער קאָמיקער אַברהם פישקינד איז געווען צווישן די, וואָס מע האָט אין יענער צײַט אַרויפגעכאַפּט אונטערוועגנס. איינע פון די וואַנדערנדיקע טרופּעס, וואָס מע האָט דעמאָלט אין אײַלעניש צונויפגעשטעלט אין אָדעס נאָכדעם ווי גאָלדפאַדען און זײַנע אַקטיאָרן האָבן זיך אַהין אומגעקערט צוריק פון רומעניע, איז געקומען קיין כערסאָן שפּילן טעאַטער און דאָרט האָט מען זיך מיט אַ מאָל געכאַפּט, אַז עס פעלט אַ קאָמיקער, וואָס זאָל קענען שפּילן די ראָלע פון האָצמאַך אין דער „כישוף־מאַכערין”. האָט מען אָנגעהויבן זוכן אַ האָצמאַך אין כערסאָן און מען האָט אַזוי לאַנג געזוכט ביז מע האָט געפונען איינעם אַ זשוואַוון יונגנמאַנטשיק, וואָס האָט געקענט נאָכמאַכן אַלעמען אַזוי, אַז עס זאָל זײַן פון וואָס צו לאַכן. און דערצו האָט ער נאָך געקענט אויף אויסנווייניק דעם גאַנצן רעפּערטואַר פון די פאָלקס־זינגער, וואָס זײַנען דעמאָלט געווען זייער פּאָפּולער בײַ ייִדן. מע האָט אים פאַרהערט און ער האָט בײַ די דירעקטאָרן און דעה־זאָגער פון דער טרופּע שטאַרק אויסגענומען. דעמאָלט האָט מען אים אין אַ פּאָר טעג גוט אײַנגעשטודירט די ראָלע פון האָצמאַכן אין גאָלדפאַדענס „כישוף־מאַכערין”. ער האָט זיך געלאָזט לערנען און ווען עס איז געקומען צו דער פאָרשטעלונג און ער האָט געדאַרפט ווײַזן וואָס ער קען, האָט ער אויף דער בינע שוין געקערט אַ וועלט און אַלץ אין דער ראָלע פון האָצמאַך איז שוין בײַ אים געגאַנגען ווי אַ מזמור:

קויפט זשע, קויפט, דײַטשעלעך,
שטעקעלעך, בײַטשעלעך,
קלײַבט אײַך אויס, וואָס אײַך געפעלט;
פעדערן שטאָלענע,
הענטלעך געמאָלענע,
טריוואַקס — נאָר איינס אין דער וועלט.
ביכלעך, נאָטיצן, ציגאַרן־שפּיצן,
אײַך צוליב — נעמט פאַר האַלב געלט!

און דאָ — ווי ס'איז שוין געווען אָנגענומען נאָך פון פריִער — איז צוגעפאַלן דער כאָר און דאָס געזאַנג האָט אַלעמען אַ הייב געטאָן העכער און קיינער האָט שוין מער רואיק אויף זײַן פּלאַץ ניט געקענט בלײַבן זיצן:

דײַן ריידן איז פוסט!
דײַן טענהן אומזיסט!
אומזיסט איז דײַן טאַנצן, דײַן לויפן.
דול קיין קאָפּ, דול ניט!
מען דאַרף ניט, מען וויל ניט!
מען האָט בײַ די דיר ניט וואָס צו קויפן!

אַזוי האָט זיך אין כערסאָן אָנגעהויבן די קאַריערע פון דעם קאָמיקער אַברהם פישקינד. ער האָט דעמאָלט מיט זײַן זינגען און שפּילן אין דער ראָלע פון האָצמאַך שטאַרק אויסגענומען, און נאָכדעם איז ער שוין פאַרבליבן אין דער טרופּע און איז מיט איר שוין ווײַטער געפאָרן. אַפילו אין פּעטערבורג איז אים דערנאָך אויסגעקומען צו שפּילן. דאָס איז געווען אין דעם זומער פון 1881. גאָלדפאַדען איז מיט זיין טרופּע געקומען אין דער רוסישער הויפּט־שטאָט, און די פּרעסע דאָרט, די רוסישע פּרעסע, האָט וועגן די ייִדישע פאָרשטעלונגען געשריבן אין אַ גאַנץ סימפּאַטישן טאָן. די „כּישוף־מאַכערין" איז די רוסישע טעאַטער־רעצענזענטן שטאַרק געפעלן. און א. מ. סאָוואָרין, דער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון „נאָוואָיע ווערעמיאַ", האָט געהאַלטן פאַר נייטיק דאָך אָנצושרײַבן פישקינדן אַ פּערזענלעכן בריוו און אים לויבן פאַר זײַן שפּילן. דער בריוו איז אַ היסטאָרישער דאָקומענט, וואָס דער אַקטיאָר פישקינד, וועלכער איז אין אַ טיפער עלטער געשטאָרבן אין אַמעריקע, האָט אָפּגעהיט דאָס גאַנצע לעבן. ער איז דאַטירט דעם 24סטן אויגוסט 1881, און ער לייענט זיך אַזוי:

„הער פישקינד, אַלס רעדאַקטאָר פון דער נאָוואָיע ווערעמיאַ מוז איך אײַך אויסדריקן מײַן דאַנק, איר מעגט זיך אָנרופן קינסטלער, און דערפאַר זעענדיק אײַך אין דער ראָלע פון דער „כּישוף־מאַכערין", מוז איך זאָגן, אַז אין אונדזערע טעאַטערס זײַנען פאַראַן ווייניק אַזעלכע קינסטלערס. איך דאַנק אײַך טויזנט מאָל פאַר דער אויסטײַטשונג פון אײַער ראָלע." (אונטערגעשריבן) רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער פון „נאָוואָיע ווערעמיאַ", סואָוואָרין.

נאָך דעמאָלט, ווען דאָס ייִדישע טעאַטער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין אוקראַיִנע, האָט נאָך געהאַלטן אין שטעלן די ערשטע טריט, האָט מען זיך דערמיט שוין אינטערעסירט, און ניט נאָר אייגענע, נאָר אויך פרעמדע האָבן אין דעם געזען אַזוינס, וואָס האָט אַ נאַציאָנאַלע באַדײַטונג. און אין יעדער שטאָט און אין יעדן שטעטל, וואוהין אַ וואַנדערנדיקע טרופּע איז געקומען שפּילן ייִדיש טעאַטער און עס האָט גראָד אויסגעפעלט אַן אַקטיאָר, אָדער אַן אַקטריסע, האָט מען געקענט געפינען אַזעלכע, וואָס זײַנען געווען גרייט מען זאָל זיי אַרויפנעמען אויף דער בינע און זיי זאָלן דאָרט ווײַזן, וואָס זיי קענען. זיי האָבן גאָר אַרויסגעקוקט דערויף. עס האָט זיי געצויגן צו דער ייִדישער בינע, ווײַל בחוש האָבן זיי געפילט, אַז זיי האָבן דעם טאַלאַנט דערצו. זיי האָבן זיך אויף דער ייִדישער בינע געפילט היימיש, און עס איז זיי געווען אָנגענעם דער טעם פון ייִדישן וואָרט און עס איז זיי געווען ליב דער ניגון פון ייִדישן ליד.

# זעקסטער קאַפּיטל

דער אָנגעזעענסטער און באַליבסטער פון די אַלע אַקטיאָרן, וואָס האָבן זיך נאָך אין די ערשטע יאָרן, גלײַך פון אָנהייב אָן, אַרויסגערוקט צום פאָדערגרונט און זײַנען דערנאָך שוין אויף שטענדיק פאַרבליבן צווישן די פעסט־אײַנגעפונדעוועטע זײַלן אין דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער, איז געווען מאָגולעסקאָ.

אים האָט מען קיין מאָל ניט פאַרגעסן ווען מע האָט אים אין אַ ראָלע געזען, און ווען מע האָט גערעדט וועגן דעם ווי ער האָט די ראָלע געשפּילט, האָט מען זיך אַלע מאָל דערמאָנט אָן אַן אַנדער גענגעלע זײַנס דאָרט, אָן אַ פּינטל מיטן אויג, וואָס האָט אין זיך געהאַט אַ וועלט מיט חן; אָן אַ כאַראַקטעריסטישן מאַך מיט דער האַנט אין אַזאַ אָדער אין אַן אַנדער סצענע און מע האָט באַנײַס אָנגעקוואָלן דערפון.

אים האָבן ייִדן אומעטום נאָכגעזונגען יעדער ליד און יעדן ניגון, וואָס זיי האָבן פון אים אויף דער בינע געהערט.

און אים האָבן ייִדן אומעטום אַקעגנגעטראָגן די ליבשאַפט, וואָס ער האָט בײַ זיי מיט זײַן שפּילן און זינגען אַרויסגערופן.

„בראַוואָ, מאָגולעסקאָ!"

דאָס איז דעמאָלט בײַ ייִדן געוואָרן אַ ווערטל, מיט וועלכן מע האָט זיך באַנוצט אַלע מאָל ווען מע האָט וועגן עפּעס אָדער וועגן עמעצן געוואָלט זאָגן אַ גוט וואָרט. אַפילו ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן זאַכן, וואָס האָבן מיט טעאַטער גאָר אין גאַנצן קיין שייכות ניט, איז דאָס ווערטל ווי פון זיך אַליין פון מויל אַרויסגעקומען ווען מע האָט געוואָלט אויסדריקן באַגײַסטערונג — „בראַוואָ, מאָגולעסקאָ!"

און דאָס איז זיכער געווען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אויפריכטיקער ליבשאַפט, וואָס דאָס פאָלק האָט צו דעם גרויסן שוישפּילער געפילט, נאָך איידער עס איז בײַ אונדז געווען אַ טעאַטער־קריטיק, וואָס זאָל מיט דער זיכערקייט פון אַן אויטאָריטעט קענען אָנ־

ווײַזן ווער עס איז ווירקלעך אַ גרויסער קינסטלער אויף דער בינע און ווער ניט.

אַפֿילו צווישן אַקטיאָרן, וואו מע וואַרפֿט זיך געווינלעך ניט מיט קיין שבחים און ליב־געזאַנגען ווען מע רעדט וועגן אַן אַנדער אַקטיאָר, האָט מען וועגן מאָגולעסקאָן אַלע מאָל גערעדט מיט גרויס דרך־ארץ און מיט ליבשאַפֿט.

יעקב אַדלער פֿלעגט זאָגן, אַז פֿאַר מאָגולעסקאָן דאַרפֿן אַלע אַקטיאָרן אַראָפּנעמען די היטלען און זיך פֿאַר אים אויפֿשטעלן; ער פֿאַרדינט דאָס, ווײַל עס איז פֿאַראַן נאָר איין מאָגולעסקאָ, קיין צווייטער צו אים איז נישטאָ און דאָס וואָס ער קען, קען ניט קיינער; ער קען אויף דער בינע אָננעמען אַ פּולע זשמעניע מיט בלאָטע און עס ווי פֿון זיך געבן אַ וואַרף צו דער וואַנט און — עס זאָל דאָרט דערפֿון אַרויסקומען אַ מײַסטערווערק, וואָס אַלע דאַרפֿן באַוואונדערן...

וואָס קען דען מאָגולעסקאָ ניט?!

אויך דער שוישפּילער לעאָן בלאַנק פֿלעגט ריידן וועגן מאָגולעסקאָן מיט דער גרעסטער באַגײַסטערונג און ער האָט געהאַט אָן אַ שיעור געשיכטעס צו דערציילן וועגן די אַקטיאָרן, אויף וועמען די הויט פֿלעגט אָנהייבן ציטערן ווען עס איז אַ מאָל עמעצן פֿון זיי אויסגעקומען צו שפּילן מאָגולעסקאָס אַ ראָלע אויף דער בינע. און אין זײַנע זכרונות, וואָס ער האָט געשריבן אויף דער עלטער, האָט ער דערציילט: „איך געדענק נאָך ווי מײַנע טאַטע־מאַמע, וועלכע זײַנען קיין מאָל אין זייער לעבן אין קיין טעאַטער ניט געווען, פֿלעגן דערציילן חידושים וועגן דעם „אַקטיאָר" מאָגולעסקאָ, כאָטש זיי האָבן אים גאָר קיין מאָל ניט געזען. איך געדענק אויך ווי יעדן שבת, ווען מײַן טאַטע פֿלעגט נעמען אַ משורר אַלס אַן אורח צום טיש, פֿלעגט ער אים בעטן, אַז ער זאָל נאָכן עסן נאָכמאַכן מאָגולעסקאָן ווי אַזוי ער זינגט דאָס לידעלע „פּתח שין שאַ" אין דער „באָבע יאַכנע". גראָד האָט איינער פֿון די משוררים — וועלוול האָט ער געהייסן — גאַנץ נישקשהדיק נאָכגעמאַכט ווי אַזוי מאָגולעסקאָ זינגט דאָס לידל „פּתח שין שאַ", האָבן מײַנע טאַטע־מאַמע גאָר אָנגעקוואָלן פֿון דעם און וועלוול איז בײַ זיי געוואָרן אַ גאַנצער יחסן."

און ווײַטער אויף דעם זעלבן אָרט:

„דער נאָמען מאָגולעסקאָ איז אין יענער צײַט געווען אײַנגעהילט אין לעגענדעס בײַ טויזנטער און טויזנטער ייִדן, וועלכע האָבן אים גאָר קיין מאָל ניט געזען; מע האָט וועגן אים דערציילט טויזנט און איין מעשׂיות, און עס איז אַ פֿאַקט, אַז ווען איינער פֿלעגט אַמאָל ערגעץ דערציילן אַ גוטן וויץ, וואָס האָט אַלעמען געמאַכט צום לאַכן, האָט מען באַלד געזאָגט: „עך, מאָגולעסקאָ, מאָגולעסקאָ, אַ לעבן אויף אים!" מע האָט זיך גאָרניט געקענט פֿאָרשטעלן, אַז אַ גוטער וויץ זאָל ניט שטאַמען פֿון מאָגולעסקאָן... האָט מען זיך אַמאָל צעהוליעט אויף אַ חתונה און געפּראַוועט טאַנצן אַ „חסידל", אָדער גאָר אַ „קאַזאַטשאָק", איז דאָס געווען „פּונקט אַזוי ווי מאָגולעסקאָ". איז מען אַ מאָל געוואָרן פֿריילעך אויף אַ ברית און עמעצער האָט אויסגענומען מיט עפּעס גאָר אַ וואַזשנע זמרל, האָט עס געהייסן, אַז עס איז „פּונקט אַזוי ווי מאָגולעסקאָ". זײַן נאָמען האָט מען געהאַלטן אין מויל אויף אַלע שׂמחות. עס האָט מיט אים געקלונגען די גאַנצע ייִדישע וועלט".

און ציליע אַדלער (דערמאָנענדיק אין אירע מעמוארן די צײַט ווען זי, די געבוירענע אין אַמעריקע, איז אין גאַנצן אַלט געווען ניט מער ווי אַ פֿינף און אַ האַלב יאָר) גיט איבער ווי זי האָט דעמאָלט שוין געשפּילט אַ קינדער־ראָלע אין פֿיינמאַנס מעלאָדראַמע, חנהלע די פֿינישערין, און דערבײַ דערציילט זי וואָס זי געדענקט וועגן מאָגולעסקאָן אין יענער צײַט:

„מיט אונדז אין דער פּיעסע — דערציילט זי דאָרט אין די זכרונות, וואָס זי האָט געשריבן שוין אויף דער עלטער — האָט דאַן געשפּילט דער געניאַלער קאָמיקער זיגמונד מאָגולעסקאָ. ער האָט דעם עולם פֿאַר אַלע טרערן פֿאַרגיטיקט מיט הונדערטער האַרציקע געלעכטערס. געדענק איך, אַז שוין דעמאָלט — כאָטש איך צווייפֿל אַז אַלס קינד פֿון פֿינף און אַ האַלב יאָר האָב איך שוין פֿאַרשטאַנען זײַן געניאַלן טאַלאַנט — פֿלעג איך אים כּסדר נאָכקוקן פֿון די קוליסן ווען ער איז געווען אויף דער בינע, זיך פּשוט אײַנגראָבן אין אים מיט די אויגן און נאָכגעפֿאָלגט זײַן יעדן ריר און קער, זײַן יעדער מינע און יעדער באַוועגונג... מע האָט מיך ניט געקענט אָפּרײַסן... נאָך ביז הײַנטיקן טאָג, ווען נאָר איך טראַכט און דערמאָן זיך אָן דעם געטלעכן חן פֿון דעם אומפֿאַרגעסלעכן זיגמונד מאָגולעסקאָ, נעמט מיך אַרום אַזאַ וואַרעמקייט, איך פֿיל אַ גוואַלדיקע דאַנקבאַרקייט וואָס מיר איז באַשערט געווען צו זײַן אין נאָענטער באַרירונג מיט אָט דעם גאָט געבענטשטן קינסטלער, וואָס איך האָב זיך געקענט וואַרעמען אין די שײַנענדיקע שטראַלן פֿון זײַן ריזיקן טאַלאַנט."

אַ סך אַקטיאָרן האָבן זיך אין די שטראַלן פֿון זײַן טאַלאַנט געוואַרעמט. און זײַן נאָמען איז בײַ זיי געבליבן ווי אַ טײַערע ירושה, וואָס דאַרף איבערגיין פֿון דור צו דור מע זאָל אים ליבן און רימען.

אַפֿילו אין די צײַטן ווען די ייִדישע בינע האָט אין איר רעפּערטואַר נאָך ניט געהאַט אַזעלכע פּיעסן, אין וועלכע אַ קינסטלער פֿוןברייטן פֿאַרנעם זאָל זיך קענען ווײַזן אין זײַן פֿולער גרויס, האָט מאָגולעסקאָ מיט זײַן שפּילן שוין אַזוי אויסגענומען בײַם עולם, אַז עס איז גאָר קיין מאָל ניט געווען קיין גרענעץ צו דער באַגײַסטערונג, וואָס מע האָט צו אים אַרויסגעוויזן און צו די שבחים, וואָס מע האָט אים געגעבן מיט אַ צעוואַרעמט האַרץ און מיט אַ פֿול מויל.

און ווען ער איז נאָך דער רוסיש־טערקישער מלחמה געקומען קיין אָדעס, אין דער שטאָט וואָס האָט דעמאָלט ווי אַ מאַגנעט צוגעצויגן צו זיך אַלע פּיאָנערן און טרוימערס פֿון יִדישן טעאַטער, און עס איז דאָרט אַ געוויסע צײַט אויסגעקומען צו האָבן פֿאַרבינדונגען מיט דעם זייער פּאָפּולערן יִדישן ראָמאַנען־שרײַבער שמ״ר, וועלכער האָט דעמאָלט אויף דער יִדישער בינע שוין געהאַט אָנגעהויבן פֿאַרנעמען אַ גאַנץ אָנגעזעען פּלאַץ ווי אַ פֿאַרפֿאַסער פֿון פּיעסעס און אַפֿילו ווי דער דירעקטאָר פֿון אַ טעאַטער, האָט ער, דער יונגער קאָמיקער מאָגולעסקאָ, וואָס איז דעמאָלט אין גאַנצן אַלט געווען ניט מער ווי צוויי און צוואַנציק יאָר, געהאַט ניט קיין קליינעם חלק אין דעם וואָס די פּיעסעס האָבן בײַם פּובליקום אַזוי שטאַרק אויסגענומען; ער האָט מיט זײַן שפּילן אַרײַנגעבראַכט גאָר אַ נײַ לעבן אין זיי, און ווען מע האָט אים אין אַ ראָלע געזען איין מאָל, האָט מען אים דערנאָך אין דער זעלבער ראָלע געוואָלט זען נאָך אַ מאָל. ער האָט אויף דער בינע גענומען דעם עולם מיט שטורעם און אין פֿאַרלויף פֿון אַ קורצער צײַט איז ער אין אָדעס געוואָרן דער גרעסטער ליבלינג אויף דער יִדישער בינע און קיין אַנדערער פֿון די אַקטיאָרן האָט זיך צו אים אין דעם ניט געקענט גלײַכן.

עס האָט דעמאָלט אין אָדעס אַזוי געקלונגען מיט אים, אַז אויך אין דער רוסישער פּרעסע האָט מען אָנגעהויבן שרײַבן וועגן אים, און איינער אַ רוסישער טעאַטער־קריטיקער מיטן נאָמען אַזמידאָוו, גראַד אַזאַ, וועלכער האָט געהאַט אַ נאָמען פֿון איינעם וואָס האָט ניט זייער ליב קיין יִדן, האָט אים אַפֿילו פֿאַרגליכן צו דעם באַרימטן גרויסן פֿראַנצייזישן קאָמיקער קאָקלען, און איין מאָל, ווען ער האָט נאָך אַ פֿאָרשטעלונג גענומען אַ דראָזשקע צוצופֿאָרן ערגעץ, האָבן באַגײַסטערטע יונגע סטודענטן אויסגעשפּאַנט דאָס פֿערד און מיט אַ גדולה זיך אַליין אין דער דראָזשקע אײַנגעשפּאַנט און אים, דעם באַליבטן קינסטלער זייערן, מיט פֿרייד געפֿירט איבער די גאַסן. דאָס איז געווען אַ כּבוד וואָס מע האָט געווײנלעך אָפּגעגעבן נאָר גאָר גרויסע אַקטיאָרן, אַזעלכע וואָס מע האָט טאַקע ממש פֿאַרגעטערט. און עס איז זיי דעמאָלט אַלע געווען אַזוי גוט אויפֿן האַרצן, די באַגײַסטערטע יונגע יִדישע סטודענטן, וואָס האָבן זיך אין אָדעס מיט דעם יונגן קינסטלער מאָגולעסקאָ אַזוי שטאַרק געפֿרייט. און די גאַנצע פֿרייד, וואָס איז פֿון דער טיפֿעניש פֿון האַרצן געקומען, האָט זיך אין ניט מער ווי צוויי ווערטער אויסגעדריקט:

— „בּראַוואָ, מאָגולעסקאָ!“

אין אַלגעמיין האָט שמ״ר אין יענער צײַט געהאַט אַ סך צו פֿאַרדאַנקען מאָגולעסקאָן פֿאַר דעם גרויסן דערפֿאָלג, וואָס זײַנע פּיעסן האָבן דעמאָלט געהאַט אין אָדעס און אין אַנדערע שטעט פֿון אוקראַיִנע. אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן, שוין אין אַמעריקע, האָט ער אים ניט איין מאָל, און ניט ווייניק, געהאַט צו פֿאַרדאַנקען דערפֿאַר. און אין דעם פּרט איז ער צווישן די פּיעסן־שרײַבער פֿון דעם זעלבן קאַליבער ניט געווען דער איינציקער. און אַ דערקלערונג דערויף דאַרף מען ווײַט ניט זוכן; אַב. קאַהאַן רירט אָן אָט די פֿראַגע אין צווייטן באַנד פֿון זײַנע מעמואַרן בלעטער פֿון מײַן לעבן. ער רעדט דאָרטן וועגן די צײַטן ווען מאָגולעסקאָ איז אין 1886 אָנגעקומען מיט זײַן טרופּע קיין אַמעריקע, און ער שרײַבט וועגן דעם ווי איינער, וואָס האָט זיך דערמיט שטאַרק אינטערעסירט און איז מיט דעם ענין געווען גוט באַקאַנט. ער דערציילט:

„ווען מאָגולעסקאָ האָט אָנגעהויבן צו שפּילן אין גאָלדפֿאַדענס טרופּע האָט גלײַך מיט אים גענומען קלינגען; און ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע, איז זײַן טאַלאַנט שוין געווען אַנטוויקלט. צוליב אים איז דאַן פּלוצלינג פֿאַרגרעסערט געוואָרן דער אינטערעס פֿון דער יִדישער באַפֿעלקערונג אין דעם יִדישן טעאַטער און צוליב אים האָב איך דעמאָלט אויך אָנגעהויבן אָפֿטער צו קומען צו יִדישע פֿאָרשטעלונגען.“

אַזוי שרײַבט אַב. קאַהאַן און ער שטעלט זיך דערויף אָפּ און ער פּרוּווט מאַכן קלאָר פֿאַרוואָס ס'איז געווען אַזוי און דאָס וואָס ער זאָגט ווײַטער, העלפֿט טאַקע צו האָבן אַ באַגריף וועגן דעם וואָס פֿאַר אַ שוישפּילער מאָגולעסקאָ איז געווען:

„מאָגולעסקאָס קאָמפּאַניע — שרײַבט דאָרט קאַהאַן — האָט דאַן אָנגעהויבן איר סעזאָן מיט אָפּערעטקעס, וועלכע מע פֿלעגט דאַן שפּילן אויף אַלע שפּראַכן: „פּעריקאָלאָ“ און „בלויער־באָרד“. זיי האָבן אָבער אויך געשפּילט אַ פּאָר זאַכן פֿון יִדישע פֿאַרפֿאַסער און פֿון זיי האָט דעם גרעסטן ערפֿאָלג געהאַט שײַקעוויטשעס (שמ״רס) קאָקעטע דאַמע. דאָס איז געווען אַ גאַנץ בילי־קע שונד־מעשׂה פֿון דעם פֿאַרצײַטיקן שניט: אַ מעשׂה וועגן דעם פֿרוי פֿון אַ פֿײַנעם בעל־הבית, וועלכע פֿירט אַ ראָמאַן מיט אַ יונגן שאַרלאַטאַן. די פֿאַרהייראַטע קאָקעטקע איז ניט נאָר צעלאָזן, נאָר אויך אַ שלעכטע שטיף־מאַמע. זי פֿאַרטרײַבט פֿון שטוב איר מאַנס טאָכטער פֿון אַן ערשטער פֿרוי. דעם שאַרלאַטאַן גיט מען אָפּ פֿאַר אַ סאָלדאַט און ער ווערט פֿאַרשוואונדן. פֿילע יאָרן שפּעטער באַווײַזט ער זיך ווידער — אַלס אַן אַלטער, אויסגעדינטער סאָלדאַט, אַ שיכּור. זײַן אַמאָליקע געליבטע האָט אַ דערוואַקסענע טאָכטער און די מאַמע מיט דער טאָכטער קאָקעטעווען צוזאַמען (אַזוי ווי די מוטער און די טאָכטער אין גאָגאָלס רעוויזאָר). דער שיכּור פֿאָדערט געלט, און ווען די דאַמע וויל אים ניט געבן, באַווײַזט ער מיט אַ צעטעלע, אַז איר טאָכטער איז זײַן קינד. דער פֿײַנער בעל־הבית טרײַבט אַרויס אי זײַן ווײַב, אי איר טאָכטער.“

דאָס איז וועגן דעם אינהאַלט פֿון דער פּיעסע. אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ. ווײַטער דערציילט אַב. קאַהאַן: „אין דער פּיעסע איז פֿאַראַן אַ „שפּרינצע די מעקלערקע“. שפּרינצע קומט צו אַ דאָקטער, און דער־

בײַ זינגט זי קופּלעטן. די מעקלערקע דאַרף מען אין דער פּיעסע האָבן, ווײַל די פאַרשריבענע יתומה מוז נעבעך ווערן אַ דינסטמיידל און שפּרינצע פאַרזאָרגט דינסטמיידלעך מיט שטעלעס."

דאָס, הייסט עס, איז די וויסטע פּרנסה אירע, דער שפּרינצעס. און „די ראָלע פון שפּרינצע — שרײַבט דאָרט ווײַטער קאַהאַן — האָט געשפּילט מאָגולעסקאָ, און כּל זמן שפּרינצע איז' געווען אויף דער בינע, פלעגט דער טעאַטער ניט אויפהערן צו שטורעמען און צו דונערן. די ראָלע פון דעם יונגן שאַרלאַטאַן אין ערשטן אַקט און די ראָלע פון אַלטן שיכּור אין דעם לעצטן אַקט פלעגט אויך שפּילן מאָגולעסקאָ. האָט מען אין ייִדישן קוואַרטאַל ניט אויפגעהערט צו ריידן וועגן די וואונדער, וואָס ער באַווײַזט, שפּילנדיק דרײַ ראָלן אין איין פּיעסע."

און בײַם מאַכן דעם אויספּיר, זאָגט דאָרט אַב. קאַהאַן וועגן מאָגולעסקאָן אַזוי:

„אַ געבוירענער הויך־באַגאַבטער קינסטלער איז ער געווען, אָבער זײַן פערזענלעכער חן האָט געהאַט פּונקט אַזוי פיל צו טאָן מיט זײַן ערפאָלג ווי זײַן קראַפט אַלס אַרטיסט. ער האָט די טעאַטער־באַזוכער פאַרכּישופט מיט זײַן זינגען אַזוי גוט ווי מיט זײַן שפּילן. זײַן שטימע גופא פלעגט עלעקטריזירן זײַנע צוהערער, אי בשעת ער האָט געזונגען, אי בשעת ער האָט גערעדט. חן איז אויך געלעגן אין זײַנע מינעס און באַוועגונגען. זײַן יעדער קער איז דעם עולם ליב געווען... די ערשטע פּיעסע, אין וועלכער איך האָב אים געזען, איז געווען די קאָקעטע דאַמע. זײַן טאַלאַנט און זײַן חן האָבן די נאַרישע מעשׂה באַלויכטן מיט שטראַלן פון אַ געטלעכן פײַער. פון יענעם אָוונט אָן ביז מאָגולעסקאָס טויט, בין איך געווען איינער פון זײַנע פאַרערער."

צו דעם דאַרף מען נאָך צוגעבן וואָס דער שוישפּילער לעאָן בלאַנק האָט געשריבן כאַראַקטעריזירנדיק מאָגולעסקאָן, און דאָ מוז איך זאָגן, ווער מיר, ווילנדיק ניט ווילנדיק, אויסקומען צו ציטירן זיך אַליין, ווײַל די אַרטיקלען, וואָס בלאַנק האָט געדרוקט אין פאָרווערטס פופצן יאָר נאָכדעם ווי מאָגולעסקאָ איז שוין געווען טויט, האָב איך פאַר אים געשריבן. ער האָט דערציילט, אָדער גלאַט פאַרצייכנט אויף פּאַפּיר וואָס ער האָט געוואָלט דערציילן, און דערנאָך האָב איך זיך מיט דעם באַנוצט בײַם שרײַבן. דאָס איז דעמאָלט געווען אַ טייל פון מײַן אַרבעט אין דער רעדאַקציע; און אין שייכות דערמיט האָב איך דעמאָלט אַליין אויך געקליבן מאַטעריאַלן און געפירט געשפּרעכן מיט די מענטשן פון דער מאָגולעסקאָ־פאַמיליע און מיט אַנדערע, וואָס האָבן דעם גרויסן קינסטלער גוט געקענט און געוואוסט ווי אים צו שעצן.

לייענען מיר דאָרט וואָס בלאַנק דערציילט:

„מענטשן וועלכע האָבן מאָגולעסקאָן ניט געקענט זײַנען געווען אונטערן אײַנדרוק, אַז ניט נאָר אויף דער בינע, נאָר אויך אין לעבן מוז ער אַוודאי זײַן אַ ווערטלזאָגער, אַ שפּאַס־מאַכער און גלאַט אַ פריילעכער לונג און לעבער... אַ דאַנק דעם זײַנען אַלע געווען נײַגעריק זיך צו באַקענען מיט אים. אַ סך האָבן זיך טאַקע באַקענט מיט אים צוליב דעם, ער זאָל זיי אַמוזירן, אָבער זיי זײַנען דערנאָך געווען אַנטוישט, וואָרעם מאָגולעסקאָ, דער געניאַלער קאָמיקער אויף דער בינע, איז אין לעבן געווען אינגאַנצן אַן אַנדערער. ער האָט זיך אין פּריוואַטע געשפּרעכן ניט געוואָרפן מיט קיין ווערטלעך, ניט געשפּרודלט מיט קיין וויצן און ניט געמאַכט קיין שפּאַס. ער איז אין לעבן געווען אַ שטילער און זייער אַן ערנסטער מענטש — גאָר ניט דער זעלבער מאָגולעסקאָ וואָס אויף דער בינע... ער האָט אויף דער בינע אַלע מאָל איבערראַשט; ער האָט אויף דער בינע געשאַפן וואונדער; ער איז אויף דער בינע אַלע מאָל געווען דער אמת גאָט־געבענטשטער קינסטלער, וואָס קען אַפילו פון דער קלענסטער ראָלע מאַכן עפּעס אַזוינס, וואָס איזווירקלעך גרויס... קיינער פון זיי, פון די דעמאָלדיקע סטאַרס, איז בײַם ברייטן עולם ניט געווען אַזוי באַליבט ווי מאָגולעסקאָ, אים האָבן אַלע ייִדישע טעאַטער־גייער אויף דער גאַנצער וועלט אמת ליב געהאַט, און דאָס איז געווען דערפאַר וואָס קיינער האָט זיי אויף דער בינע ניט פאַרשאַפט אַזוי פיל פרייד ווי ער, זעליג מאָגולעסקאָ. עפּעס האָט ער געהאַט אין זיך אַזאַ כּישוף, וואָס האָט זיך גלײַך איבערגעוואָרפן צו די צושויער, און אַלע האָבן גלײַך דערפילט ווי די הערצער ווערן בײַ זיי אָנגעפילט מיט פרייד פון יעדער תּנועהלע וואָס ער מאַכט און פון יעדן וואָרט וואָס ער רעדט אַרויס. ניט נאָר דער עולם האָט מאָגולעסקאָן באַוואונדערט און ליב געהאַט, נאָר אויך זײַנע קאָלעגן, שוישפּילער. מע האָט אים ליב געהאַט ניט נאָר דערפאַר וואָס ער איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך גרויסער קינסטלער..."

און ווײַטער וועגן מאָגולעסקאָן און זײַן צוגאַנג צו די ראָלן, וואָס ער האָט געשפּילט:

„...מאָגולעסקאָ — לייענען מיר דאָרט — האָט זיך קיין מאָל ניט אָנגעשטרענגט אין זײַן אַרבעט. עס איז גאָרניט געווען נייטיק ער זאָל זיך אין דעם צו פיל אָנשטרענגען. בײַ אים האָט אַ ראָלע זיך געשאַפן עפּעס ווי פון זיך. אַזוי שנעל ווי ער איז נאָר אַרײַן אין דער ראָלע, איז ער שוין ניט געווען מער דער בעל־הבית איבער זיך אַליין; די ראָלע האָט דאַן שוין איבער אים געהערשט. די ראָלע האָט אים דאַן שוין אינגאַנצן אין זיך אַרײַנגענומען. פון אים אַליין איז דאַן שוין גאָרניט געבליבן; ער איז אינגאַנצן שוין געווען די ראָלע, און עס האָט בײַ אים ניט אויסגעמאַכט וואָס פאַר אַ ראָלע דאָס איז, אַ קליינע אָדער אַ גרויסע, אַ גוטע אָדער אַ שלעכטע, אַ נאַרישע אָדער אַ קלוגע. ער האָט זיך אין אַלגעמיין ווייניק וואָס פונאַנדערגעקליבן אין אַזעלכע ענינים ווי שונד אָדער ליטעראַטור. ער איז אין דעם געווען אַ קליינער בקי. דער עיקר איז בײַ אים געווען

ער זאָל האָבן אין וואָס זיך אָנצושטעפּן און דאַן האָט ער שוין פֿון דער ראָלע אויסגעקנאָטן עפּעס אַזוינס, וואָס איז געווען אַ מײַסטער־ווערק פֿאַר זיך אַליין. אַפֿילו ווען עס איז ניט געווען פֿאַרבונדן מיט דער האַנדלונג פֿון דער פּיעסע... ער האָט אויף דער ייִדישער בינע געשאַפֿן געשטאַלטן, וואָס זײַנען געבליבן ווי מאָנומענטאַל אויסגעהאַקטע פֿיגורן אין אַ קונסט־גאַלעריע. וועגן אים האָט מען ווירקלעך געקענט זאָגן, אַז אַפֿילו ווען מען פֿאַרגעסט די פּיעסע, אין וועלכער ער האָט געשפּילט, געדענקט מען אָבער די ראָלע וואָס ער האָט אין דער פּיעסע געשאַפֿן... אַפֿילו אין די ראָלן, וואו ער האָט ניט געהאַט קיין לידלעך צו זינגען און ער האָט דאָרט ניט געדאַרפֿט טאַנצן, האָט ער זיך אויסגעצייכנט אַזוי שטאַרק, אַז מע איז אָפּטמאָל צוליב אים געקומען זען די פּיעסע צוויי מאָל און דרײַ מאָל און פֿיר מאָל. אַ סך פֿון די פּיעסן, אין וועלכע ער האָט געשפּילט, האָט דער עולם אײנפֿאַך געקענט אויף אויסנווייניק, ווײַל עס איז זיי גאָר קיין מאָל ניט נמאס געוואָרן אים צו זען ווידער אַ מאָל און אָבער אַ מאָל אין דער זעלבער ראָלע. אים האָט מען געהאַט צו פֿאַרדאַנקען דערפֿאַר וואָס אַ פּיעסע האָט אויף דער בינע געהאַט גרויס דערפֿאָלג, ווײַל אין יעדער ראָלע, וואָס ער האָט געשפּילט, האָט ער געשאַפֿן עפּעס אַן עיקר, וואָס דער עולם האָט בשום אופֿן ניט געקענט פֿאַרגעסן און ווען נאָר מע האָט אַ טראַכט געטאָן דערפֿון, האָט מען געבענקט נאָך דעם און עס געוואָלט זען נאָך אַ מאָל..."

אַזוי פֿון אָנהייב אָן, נאָך אין די צײַטן ווען ער איז אין אוקראַיִנע געווען איינער פֿון די פּיאָנערן, וואָס האָבן אָוועקגעלייגט דעם באָדן פֿאַר אַ ייִדיש טעאַטער אויף דער וועלט, און אַזוי אויך נאָך דעם, אין די אַלע יאָרן וואָס ער איז געווען פֿאַרבונדן מיט דער ייִדישער בינע און האָט איר געגעבן דאָס בעסטע פֿון דעם, מיט וואָס גאָט אַליין האָט אים געבענטשט.

# זיבעטער קאַפּיטל

געבוירן געוואָרן איז זעליג מאָגולעסקאָ אין 1858, אין דעם אוקראַיִניש־ייִדישן שטעטל זלאַטאָפּאָליע, אין קיִעווער גובערניע. זײַן אמתער פֿאַמיליען־נאָמען איז ניט געווען מאָגולעסקאָ, נאָר שאַרגאָראָדסקי. אָבער זײַן פֿאָטער, אַ פֿרומער ייִד מיט נאָמען יואל, און אַ בעל־מלאכה וואָס האָט געקענט אַ ביסל לערנען, האָט געביטן דעם נאָמען אויף מאָגילעווסקי. און שפּעטער איז שוין פֿון מאָגילעווסקי געוואָרן מאָגולעסקאָ און אַזוי איז דאָס שוין געבליבן.

אין אַלגעמיין איז בײַ די רוסישע ייִדן פֿון יענער צײַט שוין קיין נײַס ניט געווען אַזאַ זאַך ווי בײַטן דעם פֿאַמיליען־נאָמען. קיינער האָט זיך שוין נישט געוואונדערט ווען צוויי ברידער האָבן זיך מיט צוויי באַזונדערע פֿאַמיליען־נעמען גערופֿן, און ווען מאָגולעסקאָס אַ ברודער, דער וואָס האָט זיך שפּעטער געמאַכט דעם נאָמען פֿון אַ גוטן חזן, האָט געקראָגן אַ שטעלע אין אונגאַרן, האָט ער דאָרט אויך געביטן זײַן פֿאַמיליען־נאָמען און בײַ אים איז פֿון שאַרגאָראָדסקי און מאָגילעווסקי גאָר געוואָרן שוואַרצפֿעלד...

אין דער עלטער פֿון נײַן יאָר איז זעליגל מאָגולעסקאָ געבליבן אַ יתום אָן אַ טאַטן, און אַזוי ווי זײַן מאַמע איז געווען אַ גאַנצע מלומדת און אין זלאַטאָפּאָליע פֿלעגט מען זאָגן, אַז ווען זי וואָלט געווען אַ מאַנסביל, וואָלט זי אַוודאי געווען אַ רב און זי וואָלט געפּסקנט שאלות, האָט קהל באַשטימט אַ געוויסע סומע געלט זי אויסצוהאַלטן, אָבער דאָס איז ניט געווען גענוג, און דאָס גאַנצע הויזגעזינד האָט געבידעוועט און עס איז זיי געווען שלעכט. דעמאָלט האָט די מוטער אים אַוועקגעגעבן פֿאַר אַ משורר צום זלאַטאָפּאָליער חזן, יוסף העלער, און דאָרט האָט ער זיך בײַ די עלטערע משוררים אויסגעלערנט ווי צו לייענען נאָטן. ער האָט אין דעם אַרויסגעוויזן אַזאַ פֿלייסיקייט און דער גאַנצער ענין פֿון לייענען נאָטן איז אים אַזוי געפֿעלן, אַז ער איז שטענדיק געווען פֿאַרטאָן אין דעם און מע האָט אים אָנגעהויבן רופֿן „זעליגל דער נאָטן־פּרעסער".

גאָר שלעכט איז געוואָרן שפּעטער, ווען די מוטער איז אויך געשטאָרבן און דאָס ייִנגל זעליגל מאָגולעסקאָ, וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן שנײַדן צו ווערן עפּעס, איז געבליבן אַ קינדערווײַזיקער יתום אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען. מענטשן, וואָס האָבן אים ניט איין מאָל געהערט זינגען אַ סאָלאָ בײַם חזן יוסף העלער אין כאָר האָבן אים געזאָגט, אַז אין זלאַטאָפּאָליע וועט פֿון אים גאָרניט ווערן און אַז ער וואָלט דעריבער געדאַרפֿט אַוועקפֿאָרן ערגעץ אין אַ גרויסער שטאָט, וואו מע וועט וויסן ווי אים צו שעצן. אָבער ער האָט זיך געפֿילט אַזוי עלנט אין דער וועלט, אַז ער האָט גאָר מורא געהאַט ערגעץ צו פֿאָרן. דער געדאַנק, אַז ער וועט דאַרפֿן זײַן אין דער פֿרעמד, האָט אים געשראָקן. ערשט ווען די לאַגע איז געוואָרן אַזאַ, אַז ער האָט שוין קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, האָט ער זיך אָנגענומען מיט מוט און איז פֿון זלאַטאָפּאָליע אַוועקגעפֿאָרן קיין קעשענעוו, און דאָרט איז ער געוואָרן אַ משורר בײַ דעם באַרימטן חזן ניסי בעלזער און בײַ אים האָט ער שוין געקראָגן זעכציק קערבלעך אַ יאָר און דערצו נאָך צוועלף „מאַר־קעס" פֿון דעם וואָס די משוררים אין כאָר מאַכן „אין אַ זײַט".

עס איז פאַר ניסי בעלזער געווען געגוג, אַז ער זאָל דעם קליינעם „באָסן־פּרעסער" פון זלאָטאָפּאָליע אויסהערן ניט מער ווי איין מאָל און ער האָט שוין פאַר זיך געזען אַ כּלי שלימה. ער, דער גרויסער חזן, וועמענס נוסח התפילה ייִדן האָבן אָנגענומען אומעטום, אויף דער גאַנצער וועלט און וועגן וועמענס שטייגער פון דיריגירן מיט אַ כאָר מע האָט דעמאָלט שוין גאַנצע חידושים דערציילט, איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנערקענט מאָגולעסקאָן, און טאַקע בײַ אים, בײַ דעם גרויסן חזן, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך געזאַנג און קדושה אין די אַלע שטעט און שטעטלעך, וואוהין ער איז געקומען מיט זײַן כאָר דאַוונען אַ שבת, האָט ער, זעליג מאָגולעסקאָ, דאָס ערשטע מאָל אין זײַן לעבן דערזען ווי מע רײַסט זיך שוין איבער אים...

עס האָבן זיך געריסן איבער אים חזנים פון נאָענט און פון ווײַט, ווײַל אין די צײַטן ווען ער האָט געזונגען בײַ דעם באַרימטן ניסי בעלזער, האָט ער געקראָגן אַ נאָמען פון אַ משורר, וואָס איז „עפּעס גאָר אַן אַנטיק אין דער וועלט" און עס האָט מיט אים געקלונגען אומעטום, וואו חזנים זײַנען געווען פאַראינטערעסירט צו וויסן וואָס ס'הערט זיך בײַ די חזנים אין די אַנדער שטעט און וואָס פאַר אַ כאָר יעדער איינער פון זיי האָט. ניט איין חזן איז דעמאָלט געווען אַ בעלן אויסצוכאַפּן מאָגולעסקאָן בײַ ניסין און אים אַרײַננעמען צו זיך אין כאָר, אָבער אײַנגעגעבן האָט זיך דאָס נאָר דעם באַוואוסטן חזן ישׂראל קופּער פון דער גרויסער שול אין בוקאַרעשט; ער איז ספּעציעל צוליב דעם, שטילערהייט, געקומען קיין קעשענעוו און, ווי מע האָט דערנאָך איבערגעגעבן, האָט דעמאָלט מאָגולעסקאָן בײַ ניסין פּשוט „אַרויסגעגנבעט" און אים שטילערהייט אַוועקגעפירט קיין בוקאַרעשט און אים דאָרט אַרײַנגענומען צו זיך אין כאָר. דער אָפּמאַך איז געווען, אַז זינגען אין כאָר דאַרף ער נאָר סאָלאָס און דערפאַר וועט ער קריגן צוואַנציק פראַנק אַ חודש.

אין בוקאַרעשט איז דאָס לעבן בײַ מאָגולעסקאָן אַוועק אויף אַזאַ וועג, פּונקט ווי ער וואָלט זיך ערשט איצט מיט אַ מאָל געכאַפּט, אַז ס'איז שוין צײַט עפּעס אָנהויבן צו טאָן וועגן אַ תּכלית פאַר זיך. אַפילו אויב ער אַליין האָט נאָך קיין באַשטימטע פּלענער וועגן דעם ניט געהאַט און עס איז פאַר אים נאָך ניט געווען אין גאַנצן קלאָר וואוהין ער רייסט זיך און צו וואָס עס ציט אים, איז דאָך אויסגעקומען אַזוי, אַז אַלצדינג וואָס ער האָט אין יענער צײַט נאָר געטאָן זיך צו עפּעס צו דערשלאָגן, האָט איבערגעלאָזט טיפע שפּורן אויף דעם ווײַטערדיקן גאַנג פון זיין לעבן און געפירט דערצו, אַז ער זאָל ווערן דאָס וואָס ער האָט געדאַרפט זײַן און זאָל אין דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער פאַרנעמען דאָס פּלאַץ וואָס ער האָט געדאַרפט פאַרנעמען.

אַזוי שנעל ווי מאָגולעסקאָ האָט זיך אין בוקאַרעשט נאָר אײַנגעאָרדנט בײַ דעם חזן ישׂראל קופּער אין כאָר, איז אַרײַן אין דער קאָנסערוואַטאָריע, און אין אַ קורצער צײַט איז ער דאָרט שוין געווען איינער פון די בעסטע שילערס און נאָכן ערשטן יאָר האָט ער שוין געקראָגן אַ פּרייז. ער איז דעמאָלט נאָך געווען אַ יונג בחורל און שפּעטער, ווען אַ פראַנצייזישע אָפּערעטן־טרופּע איז געקומען קיין בוקאַרעשט גאַסטראָלירן און זיי האָבן געדאַרפט האָבן עטלעכע נײַע יונגע זינגער פאַרן כאָר, האָט אימעצער פון דער קאָנסערוואַטאָריע זיי רעקאָמענדירט מאָגולעסקאָן, און זיי האָבן אים גערן אַרײַנגענומען, ווײַל ער האָט מיט זײַן זינגען שטאַרק אויסגענומען בײַ זיי, און דערנאָך האָט ער בײַ זיי אין כאָר שוין געזונגען די גאַנצע צײַט וואָס זי האָבן אין בוקאַרעשט גאַסטראָלירט.

אַגב, אין יענעם כאָר פון דער וואַנדערנדיקער פראַנצייזישער אָפּערעטן־טרופּע, האָט מאָגולעסקאָ זיך באַקענט מיט נאָך אַ יונגן בחורל, אַ ייִדישן, וואָס האָט דאָרט דעמאָלט געזונגען, און אויך ער האָט שפּעטער אויף דער ייִדישער בינע געמאַכט פאַר זיך אַ נאָמען און מע פלעגט אַלץ דערציילן ווי גוט ער איז געווען אַ מאָל, און ער אַליין האָט דאָס, שוין אויף דער עלטער, אַלע מאָל אויסגעהערט מיט אַ באַשיידענעם שמייכל אויפן פּנים, אָבער ער האָט וועגן דעם קיין מאָל גאָרניט געזאָגט. און דאָס איז געווען דער אַקטיאָר לייזער צוקערמאַן, דער שטענדיקער שוויגער, ווי מע האָט אים מיט אַ סך יאָרן שפּעטער גוטמוטיק גערופן אין די אַמעריקאַנער ייִדישע טעאַטער־קרײַזן. ער איז שוין געווען זייער אַלט ווען מע האָט אים אַזוי גערופן. אין די אויגן פון דעם נײַעם דור איז ער געווען אַ שטיק פון דעם וואָס ס'איז אַ מאָל געווען און איז שוין הײַנט נישטאָ; און מע האָט שוין געוואוסט, אַז געוויינלעך רעדט ער גאָרניט, ווײַל וועגן וועמען איז דאָ צו ריידן און וועגן וואָס קען מען דאָ דען עפּעס זאָגן?... אָבער ווען ער רעדט שוין יאָ אַ מאָל וועגן אימעצן, איז דאָס ניט וועגן קיין אַנדערן ווי נאָר וועגן מאָגולעסקאָן, און אַלע מאָל הייבט ער דאָס אָן אַזוי:

— עך, וואָס ווייסט איר, וואָס ווייסט איר!... עס איז דאָך גאָר מיט קיין ווערטער ניט איבערצוגעבן און מיט קיין מויל ניט אַרויסצוריידן!... עס איז בײַ אונדז אַזוינס קיין מאָל ניט געווען פאַר אים און עס איז בײַ אונדז נאָך אַזוינס ניט געווען נאָך אים...

און עס איז ניט געווען נייטיק איבערצופרעגן וועמען ער מיינט דאָס; מע האָט שוין געוואוסט, אַז דאָס מיינט ער מאָגולעסקאָן...

דאָס אַרײַנטרעטן אין דער פראַנצייזישער אָפּערעטן־טרופּע צו זינגען אין כאָר האָט מאָגולעסקאָן אין בוקאַרעשט געבראַכט נענטער צו טעאַטער בכלל; ער האָט דעמאָלט אָנגעהויבן גיין גאַנץ אָפט אין רומענישן טעאַטער און ער האָט דאָרט אויף דער בינע שוין אַפילו געהאַט זײַנע ליבלינגען, וועלכע ער האָט געקענט זען עטלעכע מאָל אין איין און דער זעלבער ראָלע און אַלץ

אָנקוועלן פֿון דעם ווי אַזוי זיי שפּילן. עס האָט אים געצויגן צו טעאַטער, און שבת־צו־נאַכטס, ווען אָנגעזעענע בעלי־בתּים, וועלכע האָבן געדאַוונט אין דער גרויסער שול, זײַנען נאָך הבדלה געקומען צו חזן ישׂראל קופּער אַהיים אַ ביסל פֿאַרברענגען, טרינקענדיק אַ גלעזל טיי, און אַ מאָל טאַקע אַ גלעזל ווײַן, פֿלעגט מאָגולעסקאָ פֿאַר זיי נאָכמאַכן די רומענישע אַקטיאָרן, וואָס ער האָט שוין אַזויפֿל מאָל געזען אויף דער בינע, און אַלע האָבן געלעקט די פֿינגער דערפֿון און מע האָט אים שטאַרק געלויבט דערפֿאַר. און גראָד דעמאָלט האָט זיך בײַ אים געביטן דאָס קול און ער האָט איבער דעם אין כאָר שוין ניט געקענט זינגען, ניט בײַם חזן און ניט אין דער אָפּערעטן־טרופּע. אַבי ניט אָנצוקומען צו קיינעם, האָט ער זיך דעמאָלט אויסגעלערנט צו אַרבעטן בײַ פֿראַנדזן און פֿון דעם האָט ער פֿאַרדינט אויף צו לעבן. דאָס האָט געדויערט גאַנצע צוויי יאָר און עס האָט זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט. ערשט ווען ער האָט צוריקגעקראָגן דאָס קול און אָנגעהויבן זינגען מיט אַ טענאָר־שטימע, איז ער געקומען צוריק צו חזן ישׂראל קופּער, און דאָס מאָל איז אָפּגעמאַכט געוואָרן, אַז ער זאָל שוין ניט נאָר זינגען, נאָר ער זאָל אויך זײַן דער דיריגענט פֿון כאָר.

אָבער כאָטש מאָגולעסקאָ האָט דאָס אָנגענומען און עס האָט געדאַרפֿט הייסן, אַז ער איז צופֿרידן דערפֿון וואָס ער וועט ווידער אָנהייבן פֿאַרדינען אויף צו לעבן פֿון זינגען, האָט ער אין דער אמתן שוין געהאַט פֿאַרלוירן דעם חשק צו זײַן אַ משורר בײַ אַ חזן...

דער געדאַנק, אַז מיט דער צײַט וועט ער אַוודאי אַליין ווערן אַ חזן, האָט אים מער ניט גערייצט...

עס האָט אים שוין געצויגן צו דער בינע...

און ער האָט ניט אויפֿגעהערט טראַכטן וועגן דעם, וואָס ער וואָלט בעסער געוואָלט, אַז ער אַליין זאָל ווערן אַן אַקטיאָר...

# אַכטער קאַפּיטל

וועגן דעם ווי דאָס זינגען בײַם חזן ישׂראל קופּער אין כאָר האָט געפֿירט דערצו, אַז מאָגולעסקאָ זאָל ווערן אַן אַקטיאָר און זאָל פֿאַרנעמען דאָס פּלאַץ, וואָס ער האָט שפּעטער פֿאַרנומען אויף דער ייִדישער בינע, דערציילט דער היסטאָריקער פֿון ייִדישן טעאַטער דאָרט וואו ער רעדט וועגן די שוועריקייטן וואָס אַברהם גאָלדפֿאַדען האָט געהאַט ווען ער האָט אין רומעניע גענומען אויף זיך אַוועקצושטעלן דעם ווינקלשטיין פֿאַר אַ ייִדיש טעאַטער אויף דער וועלט. ער דערציילט:

„ווען גאָלדפֿאַדען איז אָנגעקומען קיין בוקאַרעשט, איז דאָרטן דער חזן געווען דער באַוואוסטער קופּער. צווישן זײַנע משוררים זײַנען געווען: זעליג מאָגולעסקאָ, לייזער צוקערמאַן, משה זילבערמאַן און מ. דינמאַן... זיי האָבן שוין געהאַט געלעגנהייטן צו זינגען אַלס כאָריסטן אין אָפּערעס, און דאָס שפּילן, וואָס זיי האָבן געזען בײַ די דאָזיקע געלעגנהייטן, האָט געמאַכט אויף מאָגולעסקאָן אַזאַ אײַנדרוק, אַז ווען מע פֿלעגט צו אַ שׂמחה פֿאַררופֿן די משוררים, פֿלעגט מאָגולעסקאָ אונטערהאַלטן דעם עולם ניט נאָר מיט זינגען, נאָר אויך מיט נאָכמאַכן געוויסע רומענישע אַקטיאָרן. אויך פֿלעגט ער אַזעלכע שטיקלעך ווײַזן בײַם חזן אין הויז, ווען די משוררים און פֿײַנע בעלי־בתּים פֿלעגן זיך צוזאַמענקלײַבן בײַ אים אַ שבת־צו־נאַכטס, און דער עולם האָט פֿון זיי געלעקט די פֿינגער."

און דאָ קומט דאָס וויכטיקסטע, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט מאָגולעסקאָס לעבן און שאַפֿן:

„דאָס — שרײַבט דער היסטאָריקער פֿון ייִדישן טעאַטער — האָט דערגרייכט צו גאָלדפֿאַדענען, און ער האָט תּיכּף נאָך זײַן קומען קיין בוקאַרעשט געשיקט רופֿן צו זיך די אויבן דערמאָנטע פֿיר משוררים: מאָגולעסקאָ, צוקערמאַן, דינמאַן און זילבערמאַן. בײַם פֿאַרהערן האָט מאָגולעסקאָ פֿאָרגעשטעלט אַ סצענע פֿון דעם רומענישן שטיק „וולאַדוצו מאַמו" און דאָס איז געווען דער אָריגינאַל פֿון דער צוקונפֿטיקער פּיעסע שמענדריק... גאָלדפֿאַדענען איז געווען אַזוי געפֿעלן די פֿאָרשטעלונג, אַז ניט נאָר האָט ער צוגענומען מאָגולעסקאָן אין זײַן טרופּע, נאָר ער האָט אים אויך צוגעזאָגט, אַז ער וועט לאָזן דאָס שטיק איבערזעצן און דערפֿון וועט ער מאַכן אַ ייִדישע פּיעסע פֿאַר אים."

אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן.

אַזוי איז מאָגולעסקאָ געקומען צו דער בינע און איז געוואָרן אַ ייִדישער אַקטיאָר.

ער איז געקומען אַהין פֿון עמוד, און מע קען זאָגן, אַז בײַם איבערגיין האָט ער דעם גײַסט פֿון עמוד, אין אַ געוויסן זין, מיטגענומען מיט זיך. דאָס האָט מען אָפֿט געקענט זען אין זײַן שפּילן און אין דעם אופֿן ווי ער איז צוגעגאַנגען צו אַ ראָלע; ווען אַ ראָלע איז אים ווירקלעך געווען צום האַרצן און ער האָט אין דעם, ווי אַ שוישפּילער מיט וויזיע און מיט טאַלאַנט, דערזען די מעגלעכקייט צו שאַפֿן אַ לעבעדיק געשטאַלט, האָט ער די ראָלע ניט סתּם אָפּגעשפּילט, נאָר ער האָט זי, קען מען זאָגן, קינסטלעריש אָפּגעדאַוונט, און טאַקע מיט גרויס כּוונה...

אין שייכות דערמיט וואָס מאָגולעסקאָ איז פֿונעם עמוד אַריבער צו דער בינע און איז געוואָרן אַן אַקטיאָר, איז דעמאָלט אין בוקאַרעשט פֿאָרגעקומען אַ געשיכטע, וואָס

האָט שטאַרק אויפגערודערט די חזנישע וועלט און מע האָט עס, ווי עס שײַנט, געהאַלטן פאַר אַזאַ וויכטיקער געשעעניש, אַז מע האָט עס אין פּנקס פון דער גרויסער שול פאַרשריבן לדורות און עס האָט זיך דאָרט אויפגעהיט אין די אַלע יאָרן, וואָס זײַנען דערנאָך אַוועק. עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז אין דער זעלבער צײַט וואָס מאָגולעסקאָ האָט געבראַכט דעם גײַסט פון עמוד צום טעאַטער, האָט ער אויך געהאַט אַ חלק אין דעם וואָס אין יענער צײַט האָט מען דעם גײַסט פון טעאַטער אָנגעהויבן אַריבערטראָגן צום עמוד. מאָגולעסקאָ פלעגט דעמאָלט בײַם חזן ישׂראל קופּער אין הויז ריידן מיט אַזאַ באַגײַסטערונג וועגן דעם וואָס מע זעט און וואָס מע הערט אין דעם רומענישן טעאַטער, אַז אַלע זײַנען געוואָרן פאַראינטערעסירט אין דעם. און מער פון אַלעמען איז אין דעם געוואָרן פאַראינטערעסירט דער חזן אַליין; ער האָט אָנגעהויבן גיין אין טעאַטער, פּונקט ווי אָן דעם וואָלט ער גאָר ניט געקענט אויסקומען. ער איז געוואָרן אַ גרויסער ליבהאָבער פון טעאַטער. און שפּעטער, ווען גאָלדפאַדען האָט אין רומעניע געלייגט דעם ווינקלשטיין פאַר אַ יידיש טעאַטער אין דער וועלט, איז ער, דער חזן פון דער גרויסער שול אין בוקאַרעשט, געוואָרן נאָך מער פאַרטאָן אין דעם און ער האָט זיך דאָרט געפילט ווי אַן אייגענער מענטש. עס איז אים שטאַרק געפעלן וואָס מע שפּילט טעאַטער אויף יידיש. ער האָט געלעקט די פינגער פון די ניגונים, וואָס מע האָט געזונגען אויף יידיש, און ער האָט דעריבער זעלטן דורכגעלאָזט אַ פאָרשטעלונג אין יידישן טעאַטער. כּמעט קיין איין אָוונט ניט פאַרפעלט צו קומען אין יידישן טעאַטער, וואו די אַקטיאָרן האָבן זיך מיט אים שוין געפילט גאַנץ היימיש. און איבער דעם זײַנען די באַציאונגען צווישן אים און די פײַנע בעלי־בתּים פון דער קהילה געוואָרן זייער אָנגעצויגן און געענדיקט האָט זיך עס דערמיט, וואָס מע האָט אים אָפּגעזאָגט פון דער שטעלע.

די גאַנצע געשיכטע פון דעם, וואָס ס׳האָט זיך דעמאָלט געטאָן דערמיט, ווערט געטרײַ איבערגעגעבן אין דער באַשרײַבונג וואָס איז אין פּנקס דאַטירט, „עש״ק פּרשה פּנחס תרל״ז״ (1877). און ווײַל דאָס איז פאַרבונדן מיט דער צײַט ווען מאָגולעסקאָ איז אַרויף אויף דער בינע און איז געוואָרן אַ יידישער אַקטיאָר און עס איז אין דער זעלבער צײַט אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם ווי מע האָט זיך דעמאָלט באַצויגן צו טעאַטער אין די יידישע בעלי־בתּישע קרײַזן, וועלן מיר עס דאָ ברענגען לויטן טעקסט, וואָס ד״ר מאיר בן אברהם הלוי האָט אָפּגעדרוקט אין דעם אַרכיוו פאַר דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער און דראַמע, וואָס איז אין 1930 אַרויס אין ווילנע אונטער דער רעדאַקציע פון ד״ר יעקב שאַצקי. דער טעקסט ווערט דאָרט איבערגעגעבן אויף העברעאיש, אין דער שפּראַך אויף וועלכער עס איז פאַרשריבן געוואָרן אין פּנקס. אין איינעם מיט דעם איז אין דעם „אַרכיוו״ אויך אָפּגעדרוקט אַן איבערזעצונג אויף יידיש, און מיר וועלן זיך דאָ מיט איר אויך באַנוצן. דער טעקסט אין דער אָריגינעלער שפּראַך לייענט זיך אַזוי:

„...ובשנת תרל״ב ראשי הקהל שבעה האנשים המבוארים לעיל התאזרו כגבר חלציהם לעמוד על פקודת משמרת הקודש ולחזק את בדק הבית לתקן את בית הכנסת על צד היותר טוב. וה׳ היה בעזרם לעשות המלאכה כפי ראות עיני כל ישראל. ובהסכמת כל ב״ב מבית הכנסת קבלו את ר׳ ישראל קופּפער להיות אצלם חזן עם משוררים על צד היותר טוב והתחייבו ליתן לר׳ ישראל קופּפער בשביל טרף ביתו עם המשוררים ביחד לכל שנה 450 פר׳ וישב בטח על פקודת משמרתו חמש שנים רצופים (!) עד שנת תרל״ז ראש חודש סיון ובתוך משך חמש שנים הללו קבל ר׳ ישראל קופּפער את שכרו בכל חודש בלי שום גרעון בעין יפה ע״י הגבאי ר׳ ישראל פרענקיל. ועתה אחר ימים נוראים משנת תרל״ז בר״ח מרחשון היתה מחלוקת בבית הכנסת כנהוג בכל תפוצות ישראל. והיה רוב דעות ב״ב שהחזן ר׳ ישראל קופּפער יעזוב משמרת הקודש ולשוב אל בית מולדתו כי לעול ולמשא הוא עליהם בעת צר ודוחק. וכן הסכימו רה״ק ורוב ב״ב. רק ר׳ ישראל פרענקיל ראה כי יצא הקצף מכל העם להשמיד ולקפח את החזן הנ״ל מפרנסתו — אז עמד ואמר תנו אותו על ידי, ובעזרת הש״י אני אשלם להחזן הנ״ל שכרו המגיע לו ולא יצמח שום היזק ח״ו לבית הכנסת ועבד הלוי את עבודתו ואתם תהיו נקיים מה׳ ומישראל. ונשאר החזן על מקומו והגבאי ר׳ ישראל פרענקיל שלם להחזן הנ״ל שכרו בכל חודש כל החורף עד ר״ח סיון. גם החזן הנ״ל נתן מכתב ליד הגבאים ורה״ק אצל הרב דפה באלה ובשבועה, ר״ח חשון, שלא יעזוב אותם עד אחר ימים נוראים משנת תרל״ח. אך בחורף זה בא לכאן איש אחד מעירו ושמו גאָלדפאַדען ושכר בית גדול אחד לעשות בכל לילה יודיש טעאַטער. וכל חכם לב הוא צריך להבין במקום המשחקות (!) כזה אשר ישחקו בחורים ובתולות אַנשים ונשים יחדו ועושים לצנות חרוף וגדוף מרבנים, חזנים, שוחטים ומכלל ישראל המאמינים בה׳ ובתורת משה עבדו — הטוב ויפה ונאה לש״ץ המתפלל לפני אלוקים חיים ולפני עדת בני ישראל בבית הכנסת הגדולה פה בוקאַרעשט שילך אל בית שחוק ולצנות כזה לשמוע על הרינה ואל התיפלות ולצנות היוצאים מפי הנקבות האלה? וחוץ לזה שעבר על מאמר דוד המלך ע״ה ובמושב לצים לא ישב, הוסיף חטא על פשע ויבא בכל לילה אל בית שחוק הנ״ל לעוזרם ולתמכם והשכיר את המשוררים שלו אשר הם עומדים לבקש תפלה ותחנונים לפני אל עליון, ובלילה בשביל מעות הם עושים שחוק ולצנות, וגם החזן בעצמו הלך לבית הטעאַטער בכל לילה כל החורף בשעה 7 עד חצות לילה. ומחמת זה לא בא בבוקר לעת התפלה כי שכב על משכבו עד עת צאת השמש בגבורתו וגם לעת ערב לא עשה פּראָבע אם המשוררים כמנהג מקודם ונשכחו כל השירים

מהכאַר ובשבת קודש באו כלם כזר על אדמת קודש ולא ידעו מה להתחיל ומה לסיים. וכשאמרו לו הגבאים ורה״ק היתכן לש״ץ לעשות חלול השם כזה לעזוב משמרת הקודש אשר שכרו בכל חודש עם הכנסה לערך חמישים אדומים וילך אל בית לצנות כנ״ל ? ולא ענה אותם שום דבר והלך בדרכו הרע עד חג הפסח. וכשראו הגבאים כי גם בחג הפסח לא שר בשירים כמאז ומקודם, התחילו לדבר אתו קשות היתכן לקבל שכירות בבית הכנסת מעות הקודש בחנם בשביל להחזיק בית הטעאַ־טער ? אז התחיל החזן הנ״ל לבזות ולקלל בקללות נמרצות את כל בעלי בתים מקטן ועד גדול וכך אמר: עתה תראו מה אעשה לכל, כי יש לי קאָנטראַקט טוב מכם, איש איש בחתימת ידו ממש ושלא ברצונכם תשלמו לי כל השכירות ואני אעשה כרצוני הטוב. וכשבא זמן פרעון, החודש אייר, בקש מהגבאי ר׳ ישראל פרענקיל המעות בעד החודש. אמר לו ר׳ ישראל פרענ־קיל: הלא תראו שהמחלוקת היא בשבילכם וכל אחד מב״ב דבית הכנסת לא רצה לשלם מעות כפי תיקון הפנקס, ועתה תנו בכתב שלא תלכו אל הטעאַטער ולהתפלל כמאז ומקודם, היינו לעשות פראָבע עם המשוררים בכל פעם ושלא לבזות מהיום והלאה לבעלי בתים. ענה החזן קופפער: אני אעשה כהנה וכהנה לנגדכם כרצוני הן בהתנהגות בכל השבוע והן לדבר עם המשוררים באמצע התפילה ומוכרחים אתם ליתן לי שכרי בכל חודש כפי תוקף הקאָנטראַקט עם חתימת ידכם. ובאם לאו אלך בדיני עכו״ם, אז תראו מה אעשה לכם. והדברים האלה דבר עם ר׳ ישראל פרענקיל באמצע השבוע מפרשה נשא שהיה זמן פרעון הגיהאַלט מהחודש. ובשבת פרשה נשא, כשעמד החזן קופפער לפני התבה עם המשוררים, התחיל לדבר עמהם באמצע התפילה בשחוק כפעם בפעם. אז אמר הגבאי ר׳ ישראל פרענקיל: הטוב ויפה לש״ץ לדבר דברים בטלים קודם ש״ע ? הלא הוא נגד ד״ת הקדושה. ענה החזן קופפער בעזות ובקול גדול: מי אתה שאלך אחר פקודתך ומי שמך לשר לשופט עלי לשמוע בקולך ? אתה, ישראל פרענקיל, הלא יום אתמול היה זמן פרעון שכר חדשי, אם נתת לי מעות ? וכמו שעמד על הבילעמיר בשבת פ׳ נשא, קלל את רבי ישראל פרענקיל עד אבות אבותיו מצד אביו ומצד אמו וביזה אותו בזיונות גדולים ורעים אשר חרפה היא לנו לכתוב זאת בהפנקס ואמרו כל ב״ב בבית הכנסת השומעים צעקת הרשע קופפער הנ״ל להביא את החזן הבליעל הנ״ל לפני שופטי העיר. ור׳ ישראל פרענקיל לא רצה לעשות חלול השם בדין עכו״ם כי חרפה ובזיון לפני כל לישראל הוא. לכן קרא ר׳ ישראל פרענקיל את החזן הנ״ל לפני הרב דפה ואמר לו: זה חסדך אשר באת לגמול לי בעד הטרחות והיגיעות מכל חמש שנים שעשיתי עמך מיום בואך כאן עד היום הזה ? וזה שכרי לקלל את אבי ז״ל שהיה רב פה בבוקארעשט ח״י שנים והוא נכד הרב חכם צבי ואבות אמי הרבנית שהיא נכדת הרב מבאַרדיטשוב ? ישלם ה׳ רעתך ע״י איש בליעל כמותך ולא תהי ידי בך. וגם אמר להחזן הנ״ל: שמע נא קולי. הלא ידעת בעצמך כי בחודש זה מר״ח חשון עד היום ר״ח סיון לקחת שכרך דמי הקודש בחנם, מחמת שלא עשית עבודתך לבורא עולם כראוי וכנכון כמקודם ומכל מקום קבלת משכרתך בחורף זה דמי הקודש הנאסף ביגיעה רבה סך 1600,25 פראַנק כמבואר בהבילאַנץ על כותל בית הכנסת גם וועקסיל אחד מסך 600 פראַנק שקבלת הלואה ממעות בית הכנסת שנת תרל״ד ולא החזרת ושלמת שום פרוטה עדיין. ועתה שמע נא — ישפוט ה׳ אותך על שקבלת מעות הקודש בחנם ואני אשלם לך עד פ״ח. כה אמר ר׳ ישראל פרענקיל לפני הרב וכן עשה ונתן להחזן הנ״ל עוד 672 פ״ר כפי החשבון המגיע לו והרב עשה מכתבים לאשר ולקיים כי הבליעל קופפער קבל כל חמש שנים מיום בואו עד צאתו כל שכרו עד פרוטה חדא וחתם הבליעל קופפער מרצונו הטוב על המכתב שעשה הרב על קבלת המעות ושלא יבא כל ימי חייו לבית הכנסת, ונסע מכאן ביום א׳ פרשת שלח, וסופו על ראשו מוכיח: ביום נסיעתו מכאן נהג את עצמו בקדושה רבה ולקח את אשת חברו הדירעקטאָר גאָלדפאַדן בעגלה אחת וילך עמה עד חצות לילה זיך געזעגינין עם אַנשי הטעאַטער שלו ועם כל ב״ב מבית הכנסת והגבאים ורה״ק ועם כל העובדים בחצר בית ה׳ לא היה כבודו זיך צו געזעגינין...״

דאָס איז דער העבּרעאישער טעקסט פון דעם וואָס מע האָט אין 1877 פאַרשריבן אין פּנקס פון דער גרויִ־סער שול אין בוקאַרעשט. און מע מוז זאָגן, אַז כאָטש די גראַמאַטיק איז דאָ ניט זייער קיין געהויבענע און דער סטיל איז אַזאַ, אַז די רואיקייט שרייַט פון אים אַרויס בקולי־קולות, איז דאָס פונדעסטוועגן דאָך אַ היסטאָרישער דאָקומענט און עס וואַרפט אַ ליכט אויף אַ פּאַסירונג, וואָס האָט מיט זיך אין יענע יאָרן פאָרגע־שטעלט אַן איבערבּרוך אין ייִדישן לעבן, און צו דעם האָט עס נאָך אין זיך דאָס וואָס ס׳איז געווען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַרן נוסח פון יענער צייַט. אַזוי האָט מען דעמאָלט געשריבן ווען מע האָט אין פּנקס איבּערגעגעבן אַ פּאַסירונג, וואָס מע האָט געהאַלטן פאַר וויכטיק און מע האָט געוואָלט, אַז די דורות, וואָס וועלן קומען שפּעטער, זאָלן אויך וויסן דערפון.

דאָס איז וועגן דעם העבּרעאישן טעקסט פון דעם דאָקומענט, און איצט קומען מיר צו צו דעם ייִדישן טעקסט, ווי ער ווערט איבּערגעגעבן אין דעם „אַרכיוו פאַר דער געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער און דראַמע״. ער לייענט זיך אַזוי:

„און אין יאָר תרל״ה האָבן די ראשי־הקהל, די זיבּן אונטן אויסגערעכנטע מענטשן, אָנגעגורט ווי העלדן זייערע לענדן צו שטיין אויפן פּאָסטן פון דער הייליקער וואַך און פעסט צו פאַרציִען די שפּאַלטן פונעם הויז, צו פאַרריכטן די שול על צד היותר טוב, און גאָט איז זיי געווען צו הילף צו טאָן די אַרבּעט לויטן וואונטש פון

כּל ישׂראל. און מיט דער הסכּמה פון אַלע בעלי־בּתּים פון דער שול האָט מען אויפגענומען ר׳ ישׂראל קופּערן צו זײַן בײַ זיי חזן מיט משוררים על צד היותר טוב, און זיי האָבן זיך מתחייב געווען צו געבן ר׳ ישׂראל קופּערן אויף לעבנס־מיטלען פאַר זײַן הויזגעזינד צוזאַמען מיט די משוררים 450 פר׳ אַ יאָר, און ער איז אָפּגעזעסן רואיק אויף זײַן שטעלע פינף יאָר ביז ר״ח סיון, תרל״ז. און אין משך פון די דאָזיקע פינף יאָר האָט ר׳ ישׂראל קופּער באַקומען די שׂכירות אַלע חודש אָן פאַרמינערונג בעין יפה דורך דעם גבאי ר׳ ישׂראל פרענקל. און איצט נאָך די ימים־נוראים פון יאָר תרל״ז אום ראש חודש חשון איז געוואָרן אַ מחלוקה אין שול, ווי עס איז דער מנהג בכל תפוצות ישׂראל. און דער רוב דעות פון די בעלי־בּתּים איז געווען, אַז דער חזן ר׳ ישׂראל קופּער זאָל פאַרלאָזן די הייליקע שטעלע און זיך צוריקקערן אין זײַן געבורטס־שטאָט, ווײַל ער איז זיי צו לאַסט אין דער געדריקטער צײַט. און אַזוי האָבן מסכּים געווען דער רוב פון דער קהלה און דער רוב פון די בעלי־בּתּים.

„בלויז ר׳ ישׂראל פרענקל האָט אײַנגעזען, אַז דער צאָרן פון גאַנצן פאָלק איז אַרויס נאָר צו פאַרטיליקן; אונטערצושנײַדן דעם חזן פון זײַן פּרנסה, דענסטמאָל איז ער אויפגעשטאַנען און האָט געזאָגט: — גיט אים איבער אין מײַנע הענט און איך וועל בעזרת השם באַצאָלן דעם חזן הנ״ל זײַן שׂכירות, וואָס אים קומט, און עס וועט ניט אַרויסקומען קיין שום היזק חס־ושלום פאַר דער שול. דער לוי וועט שוין זײַן עבודה טאָן און איר וועט זײַן ריין פאַר גאָט און פאַר ישׂראל.

און דער חזן איז פאַרבליבן אויף זײַן שטעל, און דער גבאי ר׳ ישׂראל פרענקל האָט געצאָלט דעם חזן הנ״ל זײַן שׂכירות אַלע חודש אין משך פונעם גאַנצן ווינטער ביז ראש חודש סיון. אויך דער חזן הנ״ל האָט ראש חודש חשון בײַ הרב דפּה באָלה ובשבועה געגעבן אַ כּתב די גבאים און דעם רוב פון דער קהילה, אַז ער וועט זיי ניט פאַרלאָזן ביז נאָך ימים־נוראים פון יאָר תרל״ח.

נײַערט דעם דאָזיקן ווינטער איז געקומען אַהער אַ מענטש פון זײַן שטאָט, און זײַן נאָמען איז גאָלדפאַדען, און האָט אָפּגעדונגען אַ גרויס הויז צו מאַכן אַלע נאַכט ייִדיש טעאַטער. נו, דאַרף דאָך איטלעכער קלוגער מענטש פאַרשטייך, צי אין אַזאַ שפּיל־פּלאַץ, וואו עס שפּילן בחורים און מיידלעך, מענער און פרויען צוזאַ־ מען און מאַכן דאָרט לצנות, חוזק און לעסטערונג פון רבּנים, חזנים, שוחטים און פון כּלל־ישׂראל, וואָס גלייבן אין גאָט און אין דער תּורה פון משה זײַן קנעכט — צי עס איז גוט, שיין און פּאַסיק פאַר אַ שליח־ציבור, וואָס איז מתפּלל צום לעבעדיקן גאָט פאַר דער עדה פון די בּני ישׂראל אין דער גרויסער שול דאָ הי, אין בוקאַ־ רעשט, ער זאָל גיין אין אַזאַ הויז פון געלעכטער און לצנות צו הערן דעם געזאַנג, דעם טאַדל און לצנות פון די דאָזיקע נקבות? און חוץ דעם וואָס ער האָט עובר געווען אויפן מאַמר פון דוד המלך עליו השלום — „ובמושב לצים לא ישב״ (און אין דעם זיץ־אָרט פון לצנים איז ער ניט געזעסן) — האָט ער נאָך צוגעגעבן אַ זינד צו אַ פאַרברעך און איז אַלע נאַכט געקומען אין דעם געלעכטער־הויז הנ״ל זיי צו העלפן און צו שטיצן, האָט צו זיי פאַרדונגען די משוררים זײַנע, וואָס שטייען צו בעטן תּחנונים פאַרן איבערשטן, און פאַר געלט מאַכן זיי בײַנאַכט געלעכטער און לצנות, און הגם דער חזן אַליין איז געגאַנגען אין טעאַטער אַלע נאַכט אַ גאַנץ ווינטער פון זיבן אַזייגער ביז האַלבער נאַכט און מחמת דעם פלעגט ער ניט קומען אין דער פרי אין שול צום דאַוונען, ווײַל ער פלעגט שלאָפן ביז אין גרויסן טאָג אַרײַן, און אויך צו אָונט צײַט פלעגט ער ניט האָבן קיין פאַראַבעס מיט די משוררים לויטן אַלטן מנהג, און דער כאָר פלעגט פאַרגעסן אַלע ניגונים, דעריבער פלעגן זיי אַלע קומען שבת קודש ווי פרעמדע אויף דער הייליקער ערד און פלעגן ניט וויסן פון וואָס אָנצוהייבן און מיט וואָס צו ענדיקן.

און אַז די גבאים און דער רב הקהילה פלעגן אים זאָגן: „היתּכן, אַ שליח־ציבור זאָל מאַכן אַזאַ חילול־ השם צו פאַרלאָזן די הייליקע שטעלע, וואו אין חודש־ דיקע שׂכירות צוזאַמען מיט די פאַרשיידע הכנסות באַ־ טרעפט אַן ערך פופציק רענדלעך און זאָל גיין אין דעם הויז פון לצנות הנ״ל, פלעגט ער זיי ניט ענטפערן קיין וואָרט און איז ווײַטער געגאַנגען אין זײַן שלעכטן וועג ביז פּסח. און אַז די גבאים האָבן דערזען, אַז אויך אין דעם יום־טוב פּסח האָט ער ניט געזונגען ווי פריִער און ווי אַלע מאָל, האָבן זיי אָנגעהויבן ריידן מיט אים האַרבע רייד:

— היתּכן, צו נעמען שׂכירות פון שול — הייליק געלט — אומזיסט, בכדי צו האַלטן דעם טעאַטער?

דאַן האָט דער חזן הנ״ל אָנגעהויבן מבזה זײַן און צו שילטן מיט קללות נמרצות אַלע בעלי־בּתּים פון קליין ביז גרויס און ער האָט צו זיי געזאָגט:

— איצט וועט איר זען וואָס איך וועל אײַך טאָן, דען איך האָב אַ בעסערן קאָנטראַקט פון אײַך — מיט דער אייגנהענטיקער אונטערשריפט פון איטלעכן פון אײַך באַזונדער, און קעגן אײַער ווילן וועט איר מיר צאָלן די גאַנצע שׂכירות, און איך וועל טאָן וואָס איך וועל וועלן.

און אַז עס איז געקומען די צײַט פון באַצאָלן אין חודש אייר, האָט ער געבעטן בײַם גבאי ר׳ ישׂראל פרענקל דאָס געלט פאַרן חודש, האָט ר׳ ישׂראל פרענקל צו אים געזאָגט:

— איר זעט דאָך, אַז די מחלוקת איז איבער אײַך און קיינער פון די בעלי־בּתּים פון שול האָט ניט געוואָלט צאָלן לויט די תּקנות פון פּנקס. און איצט גיט אַ כּתב, אַז איר וועט ניט גיין אין טעאַטער און אַז איר וועט דאַוונען ווי פריִער און ווי אַלע מאָל, היינו — אַז איר

וועט האָבן פּראָבע מיט די משוררים איטלעכעס מאָל און אַז איר וועט מהיום והלאה מער ניט מבזה זײַן די בעלי־בתּים.

האָט דער חזן קופּער אַזוי געענטפערט: „איך וועל טאָן כּהנה וכהנה קעגן אײַך ווי איך וועל וועלן, הן אין מײַן אויפפירונג אַ גאַנצע וואָך, הן בנוגע ריידן מיט די משוררים אינמיטן דאַוונען. און איר וועט זײַן געצוואונגען מיר צו געבן מײַן שׂכירות יעדן חודש לויט דער קראַפט פונעם קאָנטראַקט מיט אײַערע אונטערשריפטן, און באַים איך וועל ניט איבערגעבן אין געריכט פון דער מלוכה, וועט איר זען וואָס איך וועל אײַך טאָן".

און די דאָזיקע רייד האָט ער גערעדט מיט ר' ישׂראל פרענקל אין מיטן וואָך פּרשה נשא ווען עס איז געווען די צײַט צו באַצאָלן דאָס געהאַלט פאַרן חודש, און שבת פּ' נשׂא, ווען דער חזן קופּער איז געשטאַנען פאַרן עמוד מיט די משוררים און האָט אָנגעהויבן ריידן מיט זיי אין מיטן דאַוונען מיט געלעכטער ווי יעדעס מאָל — האָט געזאָגט דער גבאי ר' ישׂראל פרענקל: „צי איז גוט און שיין פאַר אַ שליח־ציבור צו ריידן דברים־בטלים פאַר שמונה עשׂרה? דאָס איז דאָך קעגן די דינים פון אונדזער הייליקער תּורה!"

דאָ האָט דער חזן קופּער געענטפערט מיט עזות און מיט אַ הויכער שטים: „ווער ביסטו עס וואָס איך זאָל פאָלגן דײַן באַפעל? און ווער האָט עס דיך באַשטימט פאַר אַ האַר און פאַר אַ ריכטער איבער מיר, וואָס איך זאָל דיך הערן? דו, ישׂראל פרענקל — נעכטן איז דאָך געווען דער טערמין פון באַצאָלן מיר דאָס געהאַלט פאַרן חודש — נו, האָסטו מיר געגעבן געלט?"

און ווי ער איז אַזוי געשטאַנען שבת פּ' נשׂא אויפן בעלעמער האָט ער געשאָלטן ר' ישׂראל פרענקלען און אַבות אַבותיו פון זײַן פאָטערס און פון זײַן מוטערס צד און האָט אים מבזה געווען מיט די גרעסטע און שרעקלעכסטע בזיונות, וואָס איז אַ חרפּה פאַר אונדז דאָס צו פאַרשרײַבן אין פּנקס. דאַן האָבן אַלע בעלי־בתּים פון שול, וואָס האָבן געהערט דאָס געשריי פון דעם רשע קופּער הנ"ל, באַשלאָסן אָנצוקלאָגן דעם פאַרדאָרבענעם הנ"ל אין שטאָטישן געריכט, אָבער ר' ישׂראל פרענקל האָט ניט געוואָלט ברענגען צו קיין חילול־השם דורך איבערגעבן דעם ענין אין געריכט פון די אומות־העולם, דען דאָס איז אַ חרפּה און אַ בזיון פאַרן כּלל ישׂראל. דעריבער האָט ר' ישׂראל פרענקל גערופן דעם חזן הנ"ל צו הרב דפּה און האָט צו אים געזאָגט: „דאָס איז עס אײַער גוטס, וואָס איר צאָלט מיר פאַר די טירחות און מאַטערנישן אין משך פון די פינף יאָר, וואָס איך האָב געטאָן מיט אײַך זינט איר זענט געקומען אַהער ביז צום הײַנטיקן טאָג? און דאָס איז מײַן שׂכר צו שילטן מײַן פאָטער ז"ל, וואָס איז דאָ אין בוקאַרעשט געווען אַ רב אַכצן יאָר, און ער איז אַן אייניקל פון „חכם צבי", און די עלטערן פון מײַן מוטער דער רביצין, וואָס איז אַן אייניקל פון באַרדיטשעווער רב? זאָל גאָט אײַך באַ־צאָלן פאַר אײַער שלעכטס דורך אַזאַ פאַרדאָרבענעם מענטשן ווי איר זענט, און מײַן האַנט זאָל ניט זײַן אויף אײַך".

אויך האָט ער געזאָגט צום חזן הנ"ל: „הערט מיך אויס, איר ווייסט דאָך אַליין, אַז אין דעם דאָזיקן חודש חשוון ביז הײַנט ראש חודש סיון האָט איר גענומען שׂכירות, דאָס הייליקע געלט, אומזיסט, מחמת איר האָט ניט געטאָן אײַער עבודה צום בורא־עולם ווי עס איז רעכט און ווי עס באַדאַרף צו זײַן, אַזוי ווי פריִער. בכל אופן האָט איר באַקומען אײַער לוין דעם דאָזיקן ווינטער, דאָס הייליקע געלט, וואָס איז אײַנגעזאַמלט געוואָרן מיט גרויס מי, סך־הכּל 1600,25 פראַנק, ווי עס איז אויסגערעכנט אין בילאַנס אויף דער וואַנט פון דער שול. אויך דעם וועקסל אויף אַ אַ סומע פון 600 פראַנק, וואָס איר האָט באַקומען בתּור־הלוואָה פון די געלטער פון דער שול אין יאָר תּרל"ד, האָט איר ניט אָפּגעצאָלט, אַפילו קיין איין פּרוטה, און איצט הערט: גאָט וועט אײַך משפּטן פאַר נעמען הייליק געלט אומזיסט, און איך וועל אײַך באַצאָלן ביז איין פּרוטה".

אַזוי האָט ר' ישׂראל פרענקל געזאָגט פאַרן רב און אַזוי האָט ער געטאָן און געגעבן דעם חזן הנ"ל נאָך 672 פראַנק לויטן חשבון, וואָס קומט אים.

און דער רב האָט אָנגעשריבן בריוו צו באַשטעטיקן און צו באַפעסטיקן, אַז דער פאַרדאָרבענער קופּער האָט די גאַנצע פינף יאָר זינט זײַן קומען ביז זײַן אַוועקגיין באַקומען זײַן גאַנצע שׂכירות ביז איין פּרוטה.

און דער פאַרדאָרבענער קופּער האָט מיט זײַן גוטן ווילן זיך אונטערגעשריבן אויפן בריוו, וואָס דער רב האָט אָנגעשריבן אויף דער קבלה פון די געלטער און אַז ער וועט זײַן גאַנץ לעבן ניט קומען אין דער שול. און ער איז אַוועקגעפאָרן פון דאַנען זונטאָג פּרשה שלח, און זײַן סוף ווײַזט אויף זײַן אָנהייב: אינעם טאָג פון זײַן אָפּפאָרן פון דאַנען האָט ער זיך אויפגעפירט מיט גרויס קדושה און האָט גענומען די פרוי פון זײַן חבר, דעם דירעקטאָר גאָלדפאַדען, אין איין וואָגן און איז ביז האַלבער נאַכט אַוועקגעגאַנגען מיט איר זיך געזעגענען מיט די טעאַטער־לײַט; אָבער מיט אַלע בעלי־בתּים פון שול און מיט די גבאים און מיטן רב פון דער קהילה און מיט אַלע וואָס דינען אינעם הויף פון גאָטס הויז, איז אים ניט אָנגעשטאַנען זיך צו געזעגענען..."

אַזוי האָט זיך געענדיקט די געשיכטע מיט דעם חזן ישׂראל קופּער פון דער גרויסער שול אין בוקאַ־רעשט; ער איז געווען דער ערשטער, וואָס איז גלײַך בײַם אָנפאַנג געפאַלן אַ קרבן, און אפשר אויך דער ערשטער וואָס האָט דעמאָלט גראָד אין יענע קרײַזן, נאָך בײַם אָנהייב פון דער באַגעגעניש צווישן עמוד און טעאַטער, גלײַך דערפילט בחוש, אַז דאָס וואָס ס'האַלט איצט אין ווערן, דאָס טעאַטער וואָס גאָלדפאַדען האַלט אין גרינדן, ברענגט מיט זיך פאַרן יידישן לעבן אַזוינס, וואָס ס'איז נאָר אַ ברכה צו מאַכן דערויף און אַז מע

דאַרף דעריבער טאָן אַלץ, וואָס ס'איז נאָר מעגלעך, אַז עס זאָל זיך אַלץ גרעסער און גרעסער צעוואַקסן. און עס איז באמת אַ שאָד וואָס פאַר דעם פאָרשער פון יענער עפּאָכע איז ניט געבליבן קיין איין דאָקומענט, וואָס זאָל געבן אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען ניט נאָר מיט דעם וואָס איין צד — ווי גערעכט ער זאָל ניט זײַן — האָט וועגן דעם צו זאָגן, נאָר אויך דערמיט וואָס דער צווייטער צד האָט צו זאָגן וועגן דעם.

# נײַנטער קאַפּיטל

מאָגולעסקאָ האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט שרײַבן לידער; ער האָט געשריבן קופּלעטן צום זינגען פאַר אַ סך פון די פּיעסן, אין וועלכע עס איז אים אויסגעקומען צו שפּילן, און נאָך אין 1881, אין דעם יאָר ווען עס איז געמאַכט געוואָרן דער אַטענטאַט אויף אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, איז אין אָדעס אַרויס אַ ביכל, וואָס איז באַשטאַנען פון קופּלעטן און הומאָריסטישע לידער, „פּערפּאַסט פון דעם אַללבעקאַנטין קאָמיקער און זענגער מאָגולעסקאָ". און אין די שפּעטערדיקע יאָרן, שוין אין אַמעריקע, ווען עס האָט מיט אים געקלונגען אַ וועלט, האָט ער געשריבן נאָך אַ סך קופּלעטן, וואָס האָבן בײַם ברייטן עולם שטאַרק אויסגענומען און מען האָט זיי לאַנג געזונגען אומעטום, ווי עס איז געווען דער פאַל מיט זײַן „פּעקעלע", מיט זײַן „און דער קוטער איז דאָ" און מיט נאָך אַנדערע קופּלעטן זײַנע, פון וועלכע דער ברייטער עולם האָט אַלע מאָל גרויס הנאה געהאַט.

קיין ליטעראַרישן ווערט אָבער האָבן זיי דאָך ניט געהאַט, די אַלע קופּלעטן זײַנע. בלויז דאַן ווען ער אַליין האָט זיי געזונגען האָבן זיי געהאַט אַ טעם און מע האָט זיי גערן איבערגענומען. אָן זײַן געזאַנג אָבער זײַנען די פערזן געבליבן אַזוי, פּונקט ווי מע וואָלט זיי, ניט קיין פאַרענדיקטע און ניט קיין דערזונגענע, געלאָזט הענגען אין דער לופט; די ווערטער זײַנען אין זיי ווי שווערע שטיינער איינס אויפן אַנדערן געלעגן און עס האָט געפעלט דער ריטם.

ער האָט אַלע מאָל געהאַט אַ גרויסן רעפּערטואַר, ווײַל מיט יעדער ראָלע, וואָס ער האָט געשפּילט און מיט יעדן לידל, וואָס ער האָט געזונגען, האָט ער בײַ אַלעמען, סײַ בײַם פּשוטן עולם און סײַ בײַ די געשוואוירענע פײַנשמעקער, אַזוי אויסגענומען, אַז עס האָבן קיין מאָל ניט אויסגעפעלט קיין בעלנים דאָס צו זען און הערן נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל.

און אין דעם גרויסן רעפּערטואַר פון די לידער און קופּלעטן וואָס יידן האָבן דאַן שנעל אויפגעכאַפּט און גערן נאָכגעזונגען, האָט מאָגולעסקאָ אויך געהאַט אַזעלכע, וואָס זײַנען געווען ניט אינגאַנצן זײַנע; ער האָט בלויז די מוזיק צו זיי געשריבן און פון צײַט צו צײַט זיי אויך אויף דער בינע געזונגען. און דאָס אַליין איז שוין געווען גענוג, אַז זיי זאָלן ווערן באַליבט בײַם פאָלק און מע זאָל זיי זינגען אומעטום.

און דאָ, מיין איך, דאַרף אָנגעוויזן ווערן דערויף, וואָס צווישן די דאָזיקע לידער און קופּלעטן, וואָס זײַנען מיט מאָגולעסקאָס מוזיק געוואָרן דעם פאָלק אַזוי נאָענט צום האַרצן, זײַנען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן סײַ אין אינהאַלט און סײַ אין ניגון געטראָגן אַ רעליגיעזן כאַראַקטער און זיי האָבן זיך פאַר אַ תפילה בײַם עמוד אפשר בעסער געפּאַסט ווי פאַר אַ קופּלעטל אויף דער בינע. זיי האָבן זיך מיט דעם מאָגולעסקאָן פונעם עמוד אָנגעקערט מער ווי מיט מאָגולעסקאָן דעם אַקטיאָר פון דער בינע. און ווי אַ מוסטער דערויף קען מען נעמען די ליד „מן המצר", וואָס איז ניט נאָר אין אינהאַלט און אין ניגון „פּונקט ווי אַ תפילה", נאָר אויך אין נאָמען. די ליד איז אַ סך יאָרן געווען צווישן די פּאָפּולערסטע בײַ יידן און עס האָט זיך בײַ אַ סך מענטשן געשאַפן דער אײַנדרוק, אַז דאָס איז גאָר אַ פאָלקס־ליד. אין דעם זאַמל־בוך „אידישע ביהנע", וואָס איז אַרויס אין אַמעריקע אונטער דער רעדאַקציע פון חנן י. מיניקעס (איש ווילנע) „הערויסגעגעבן צום צוואַנציק יעהריגן יובילעאום פון אידישען טעאַטער", איז אָפּגעדורקט דער פולער טעקסט פון דעם „מן המצר" און עס ווערט דאָרט געזאָגט, אַז עס איז „אָריגינאַל קאָמפּונירט פון אַרטיסט און קאָמפּאָניסט זיגמונד מאָגולעסקאָ". און ווײַל דאָ ווערט אַזוי אָפּגעהיט דער פאָלקסטימלעך איגנאַרטיקער טאָן פון איבערגעבן קאַפּיטלען יידישע געשיכטע אין געזאַנג, און אין דער זעלבער צײַט ווערט אין דעם אויך אויסגעדריקט דער גרויסער יידישער בטחון, אַז פּונקט ווי אַלע מאָל, וועלן יידן איצטער אויך איבערלעבן די אַלע בייזע שונאים זייערע, וואָס זײַנען אין פאַרשידענע לענדער אויפגעשטאַנען זיי צו פאַרטיליקן און פאַרלענדן און זיי וועלן אַלץ נישט אונטערגיין און זיי וועלן ווײַטער בלײַבן אַ פאָלק צווישן פעלקער — וועלן מיר דאָ איצט ברענגען די גאַנצע ליד, וואָס איז בײַ יידן אַזוי פיל יאָרן געווען באַליבט. זי וועט דאָ געוויס זײַן אויפן ריכטיקן פלאַץ און זי וועט אַוודאי אָפּפרישן אין זכרון אַ סך פון די זאַכן, וואָס מען האָט זיך ניט איין מאָל געוואָלט דערמאָנען, אָבער עס איז שוין געווען שווער:

מן המצר קראתי יה,
ענני במרחב יה,
ענני במרחב יה.
וואָס קענסטו, מענטשעלע, מיר גאָר טאָן,
אַז גאָט איז מיט יידעלען פון אייביק אָן.
איך לאַך פון דיר,
ווען גאָט איז מיט מיר.

**דאָס איז דער אַרײַנפיר, און דערנאָך קומט דאָס ווײַטערדיקע, וואָס ווערט אויסגעזונגען מיט דער זיכער־קייט, אַז אַזוי איז דאָס, ווײַל אַנדערש וואָלט עס גאָר ניט געקענט זײַן:**

דאָס ייִדעלע, אים קענען אַלע,
קליין און שוואַך, וואָס איז ער גאָר?
דאָך שפּילט ער די גרעסטע ראָלע
שוין זײַט פילע טויזנט יאָר.

שונאים האָבן שוין אָן אַ צאָל
צו דערשטיקן אים פּראָבירט,
דאָך באַגראָבט זיי הײַנט ישׂראל
און ער לעבט און עקסיסטירט.
וואָס אים פּאַרשאַפט
האָט אַזאַ קראַפט?
ווײַל שטענדיק אין ליד
זינגט דער ייִד:
מן המצר קראתי יה
ענני במרחב יה, אאז״וו.

פּרעה האָט פיר הונדערט יאָר
געבאָדן זיך אין ייִדיש בלוט;
אײַנגעשפּאַנט האָט ער זיך גאָר
אונדז פרײַ לאָזן וויל ער ניט.

נו, וואָס האָט ער געהאַט? מכּת־בכורות,
און איז געבליבן צו געשפּעט.
ישׂראל דערציילט דאָס הײַנט לדור־דורות,
פּסח, אויף דער היסב־בעט.
וואָס אים פּאַרשאַפט
האָט אַזאַ קראַפט?
ווײַל שטענדיק אין ליד
זינגט דער ייִד:
מן המצר קראתי יה, אאז״וו.

אונדז אַ מאָל האָט געוואָלט דערשטיקן
דער בייזער המן, אוי אַ פּלאָג.
ייִדישע גערגעלעך גאָר אויסכיקן
אַלע, נעבעך, אין איין טאָג.

אַ סוף האָט ער געהאַט, דער עמלק,
געהאָנגען האָט מען אים אָן רעש;
אַ יאָרצײַט האָט נאָך אים יעצט ישׂראליק
און פּאַרבײַסט אַ המן־טאַש.
וואָס אים פּאַרשאַפט
האָט אַזאַ קראַפט?
ווײַל שטענדיק אין ליד
זינגט דער ייִד:
מן המצר קראתי יה,
ענני במרחב יה,
ענני במרחב יה.

וואָס קענסטו, מענטשעלע, מיר גאָר טאָן,
אַז גאָט איז מיט ייִדעלען פון אייביק אָן.
איך לאַך פון דיר,
ווײַל גאָט איז מיט מיר.

**אַזוי איז דאָן דער גײַסט פון עמוד אַריבער צו דער בינע.**

**גלײַך פון אָנהייב אָן געפונען אַ וועג ווי אַזוי זיך אַרײַנצוכאַפּן אַהין פון צײַט צו צײַט און דערנאָך איבער־לאָזן שפּורן דערפון.**

**און ניט קיין קליינעם חלק אין דעם האָבן געהאַט די משוררים, וואָס זײַנען געקומען צום ייִדישן טעאַטער פון דער שול...**

**אין דעם איז מאָגולעסקאָ דעמאָלט ניט געווען דער איינציקער. טאַקע דער אָנגעזעענסטער און אויך דער מוזיקאַלישסטער פון אַלע אַנדערע, אָבער דאָך ניט דער איינציקער.**

**אין איינעם מיט אים האָבן דענצמאָלט בײַם חזן ישׂראל קופּער אין כאָר געזונגען נאָך דרײַ משוררים אַזעלכע, וואָס זײַנען פון עמוד אַריבער צו דער בינע. דאָס זײַנען געווען:** לייזער צוקערמאַן, משה זילבערמאַן און שׂמחה דינמאַן, **וועלכער איז שפּעטער, שוין נאָכדעם ווי ער האָט שוין געהאַט פאַרזוכט דעם טעם פון דער בינע און זיך ניט אויסגעטויגט דערצו, גאָר אַליין גע־וואָרן אַ חזן און ייִדן האָבן דערציילט וואונדער וועגן דעם וואָס פאַר אַ קול ער האָט.**

**סײַ צווישן די, וואָס זײַנען אַרויף אויף דער ייִדי־שער בינע אין איין צײַט מיט מאָגולעסקאָן און סײַ צווישן די, וואָס זײַנען צוגעקומען שפּעטער, זײַנען גע־ווען אַזעלכע, וואָס האָבן אָנגעהויבן זייער קאַריערע ווי משוררים בײַ אַ חזן:**

**מאַקס אַבראַמאָוויטש, דער ערשטער מאַן פון דער אַקטריסע בינא אַבראַמאָוויטש, וועלכע איז געווען די בעסטע מאַמע אויף דער ייִדישער בינע, איז געווען אַ משורר און ער איז געקומען צו דער בינע פונעם עמוד.**

**אויך ישׂראל ווײַנבלאַט, באָריס טאָמאַשעפסקי, לעאָן בלאַנק, בערל בערנשטיין, שמואל טאַבאַטשניקאָוו (טאָ־ביאַס), פּיטער גראַף און נאָך אַנדערע זײַנען געווען משוררים און זיי זײַנען געקומען צו דער בינע פון עמוד.**

**און ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן שפּעטער, האָט די בינע פון דעם ניט ווייניק געוואונען; עס איז איצט שוין אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט, וואָס קיינער פרעגט ניט אָפּ, אַז דער מאַרש „אָנגעלאָדן מיט אַלדאָס גוטס" אין דער ערשטער ייִדישער היסטאָרישער אָפּערעטע** שולמית, **וואָס איז געווען און איז נאָך ביז הײַנטיקן טאָג געבליבן דאָס בעסטע ווערק, וואָס גאָלדפאַדען האָט פאַר דער ייִדישער בינע געשאַפן, איז גענומען פון אַ ניגון אין אַ ייִדישער תּפילה. דאָס האָט מאָגולעסקאָ דערצו די מוזיק געשריבן און ער האָט עס געבויט אויף דעם חזן ר' וועלוועלע שעסטאָפּאָלערס ניגון פאַר דער תּפילה**

„לך ה׳ הגדולה והגבורה״. און עס איז דערפון אַרויס־געקומען איינער פון די שענסטע מאַרשן, וואָס זײַנען געבליבן בײַ אונדז אויף דער בינע נאָך ביז הײַנטיקן טאָג.

אויך אין דעם דערפאָלג פון בר־כוכבא, וואָס איז אין דער ריי געווען די צווייטע פון די בעסטע היסטאָרי־שע אָפּערעטעס, וואָס גאָלדפאַדען האָט פאַר דער יידי־שער בינע געשאַפן, האָט מאַגולעסקאָ געהאַט אַ חלק, און עס איז אָנגענומען, אַז צו דער ליד „דאָס פּאַסטעך־כל״ דאָרט, וואָס איז דעם פאָלק אַזוי שטאַרק געפעלן, האָט ער געשריבן ניט נאָר די מוזיק, נאָר אויך די ווערטער. יידן האָבן דאַן דאָס „פּאַסטעכל״ פון בר־כוכבא שנעל אויפגעכאַפּט און עס גערן נאָכגעזונגען:

אַ פּאַסטעכל איז געווען אַ מאָל
אין דעם לאַנד פון כנען ! —
מיט שאָף און רינדער גאָר אָן אַ צאָל
פלעגט זײַן האַנדל זײַן ! —
און אַז ער איז רײַך געוואָרן,
האָט ער געהאַנדלט מיט קאָרן
און האָט זײַן געלט פאַרלאָרן,
ס׳איז אים געגאַנגען שלעכט !
אָבי ניט ברויט צו בעטן,
פלעגט ער ציגל קנעטן,
געמויערט הײַזער און קלייטן,
געאַרבעט פאַר אַ קנעכט ! —

דאָס דערציילט ער אין געזאַנג. און דערויף ענטפערט אים דער כאָר, וואָס הערט זיך אײַן.

כאָר :

יאָ, אוי, ס׳איז שיין,
עס איז מלא חן,
דערצייל און הער ניט אויף,
אוי, ס׳איז זיס,
ס׳איז גאָר ניט מיאוס,
דערצייל אונדז ביזן סוף.

און דאָ גייט די ליד ווײַטער און הערט זיך ווידער אײַן:

. . . ר׳ משה גייט דורך אומגערעכט
און האָט אים באַלד דערקענט !
יאַנקעלע, דאָס ביסטו ? אַ קנעכט !
ברעכט ער מיט די הענט !
האָבן אַזאַ טאַטן !
דער רײַכסטער פון מאַגנאַטן
און זײַן אַזוי פון ווײַטן ! —
זאָלסט גאָר קנעטן ליים ! —
דײַן טאַטנס לענדער פליסן
פון מילך — האָניק זיסן,
און דו זאָלסט ניט געניסן ?

כאָר (פאַלט ווידער צו):

אָ, קום צו אים אַהיים ! —
יאָ, עס איז שיין,
עס איז מלא חן,
דערצייל און הער ניט אויף.
אוי, עס איז זיס,
עס איז גאָרניט מיאוס,
דערצייל עס ביזן סוף.

אויסגעפאַלן איז דאָס גראָד אין אַ צײַט ווען דאָס נײַ־געשאַפענע יידישע טעאַטער האָט אין רוסלאַנד שוין געהאַט אָנגעהויבן מאַכן מער זיכערע טריט און עס האָט זיך געדוכט, אַז עס גייט שוין אויף אַ דרך און מ׳קען האָפן אויף בעסערע צײַטן. שולמית — די בעסטע יידישע היסטאָרישע אָפּערעטע, איז שוין געווען אַ גוט־אײַנגעשפּילטע פּיעסע אין יידישן רעפּערטואַר, און אין וואָס פאַר אַ שטאָט מע איז ניט געקומען און מע האָט געוואָלט זײַן זיכער מיט גוטער הכנסה, האָט מען אָנגעהויבן מיט שולמית און נאָך דעם איז אַלץ אַ לענגערע צײַט שוין געגאַנגען אַזוי גוט, אַז אויף בעסערס איז שוין גאָר ניט געווען נייטיק צו בעטן. די ערשטע פאָרשטעלונג פון שולמית, וואָס איז אין 1880 פאָרגעקומען אין דער שטאָט ניקאָלאַיעוו, האָט אַזוי שטאַרק אויסגענומען בײַם עולם און געמאַכט אַזאַ פּוראָר, אַז מע האָט נאָך דעם שוין געמוזט שפּילן יעדן אויפדערנאַכט און אַפילו אין די פרײַטיק־צו־נאַכטן, און דאָס אַליין איז שוין געווען אַזוינס, וואָס קיינער האָט פריִער ניט געוואַגט צו טאָן. עס איז געווען גענוג צו לאָזן וויסן, אַז פרײַטיק־צו־נאַכטס נאָך ליכט בענטשן וועט מען שפּילן שולמית, און יידן זײַנען געקומען אין טעאַטער זען די פאָרשטעלונג. אויך שפּעטער, ווען אַברהם גאָלדפאַדען איז אין 1883 אַרויסגעקומען מיט דער צווייטער היסטאָרישער אָפּערעטע זײַנער, מיט בר־כוכבא, האָט ער דערמיט בײַם ברייטן עולם שטאַרק אויסגענומען. דאָס שטיק האָט געמאַכט אַ פּוראָר, און דאָס האָט ווידער געשטאַרקט דעם מוט און געהויבן די האָפענונגען פון די, וואָס האָבן זיך לאַנג די אויגן אויס־געקוקט און אַלץ געוואַרט אויף די בעסערע צײַטן, וואָס וועלן ברענגען אַ ביסל גליק פאַר די וואָס גיבן זיך די גאַנצע צײַט אָפּ מיט יידיש טעאַטער און האָבן עס אַזוי ליב.

אָבער פּונקט דעמאָלט ווען עס האָבן זיך גענומען באַווײַזן קענטיקע סימנים אויף בעסערע צײַטן און די האָפענונגען האָבן דאָך אָנגעהויבן ווערן גרעסער, איז די רעגירונג פון אַלעקסאַנדער דעם דריטן אַרויס מיט דער גזירה, אַז פון הײַנט אָן און ווײַטער טאָר מען אין רוסלאַנד מער קיין טעאַטער אויף יידיש ניט שפּילן.

עס איז שטרענג פאַרבאָטן !

און געשען איז דאָס דעם 14טן סעפּטעמבער, 1883.

עס איז אַ דאַטע, וואָס מע דאַרף גוט געדענקען,

ווען מע שטודירט דעם אָנהייב פֿון ייִדיש טעאַטער אין אוקראַיִנע.

און עס קומט אַמאָל אויס מאָדנע וואָס אין דער זעלבער צײַט ווען פֿון איין זײַט שטויסט מען זיך אָן אָן די אַלע צרות און אין דער גאַנצער רשעות, וואָס די רוסישע באַקנעפּלטע און באַבענדלטע טשינאָווניקעס פֿון כּל המינים, די אַלע אוריאַדניקעס און פּריסטאַוועס, האָבן אָנגעטאָן די ייִדן אין שייכות מיט דעם פֿאַרבאָט צו שפּילן ייִדיש טעאַטער, שטויסט מען זיך אויך אָן אויף דעם גרויסן אײַנפֿלוס וואָס די אוקראַיִנער אָפּערעטע האָט געהאַט אויף דער ייִדישער. זיי האָבן אָפּט געלעבט צווישן זיך ווי אין שכנות און עס איז ניט איין מאָל געווען שווער צו וויסן ווער בײַ וועמען עס האָט אַ מאָל עפּעס גענומען אויף באָרג און ווער וועמען עס האָט אַ מאָל עפּעס געגעבן אַ מתּנה. אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן איז דאָס אַזוי געווען. אַזוי אַלע מאָל, ווען עס האָט זיך נאָר געהאַנדלט וועגן טעאַטער.

פֿאַר די ייִדישע אַקטיאָרן איז די גזירה פֿון פּעטערבורג געווען דער גרעסטער קלאַפּ. פֿון די אַלע שטעט, וואוהין זיי זײַנען געקומען מיט וואַנדערנדיקע טרופּעס שפּילן טעאַטער זײַנען זיי, פֿאַרלוירענע און צעטומלטע, געקומען צו לויפֿן צוריק קיין אָדעס. אפֿשר וועט מען דאָרט אין איינעם דאָך קענען געפֿינען אַ וועג ווי אָפּצושרײַען די גזירה? אָבער עס איז אַזאַ וועג ניט געווען. אומעטום זײַנען טיר און טויער געווען פֿאַרהאַקט. די גאַנצע מי איז געווען אַרויסגעוואָרפֿן און דעמאָלט האָט זיך געשאַפֿן אַ לאַגע, וואָס האָט געפֿירט דערצו, אַז מע זאָל ייִדיש טעאַטער, פּונקט ווי פֿאַרבאָטענע סחורה, אָנהייבן פֿאַרקויפֿן שטילערהייט אויף די יאַרידן, וואוהין מע קומט קויפֿן און פֿאַרקויפֿן אַלץ וואָס אַ מויל קען נאָר אַרויסריידן...

אויף אַ יאַריד אין אַזעלכע שטעט ווי באַלטע און נעמיראָוו, טולטשין און בראַצלאַוו, טאַלנע און אומאַן און נאָך אַזעלכע שטעט, האָט אַ ייִד געקענט קויפֿן אַ קליאַמקע צו אַ טיר, אַן אויסגעקײַלכיקט אײַזענדל צום פּידאַשעק אויף אָפּצורייניקן די בלאָטע פֿון די שטיוול אײדער מע קומט אַרײַן אין שטוב, און אַ פֿאַררוקל צו פֿאַרמאַכן דעם לאָדן בײַנאַכט פֿון אינעווייניק אײדער מע לייגט זיך שלאָפֿן.

עס זײַנען אויך געווען אַזעלכע, וואָס זײַנען געקומען אויפֿן יאַריד קויפֿן און פֿאַרקויפֿן פֿאַרשיידענערליי אַנדערע זאַכן, אַזעלכע ווי: אַ קאָרעץ ווייץ, אַ זעקל קאַרטאָפֿליעס, אַ שאָק אייער, אַ היטל צוקער, אַ פּאַסמע ביינוועלעך, אַ בײַטשל קרעלן, אַ קאָטשערע מיט אַ לאָפּעטע, אַ גוטע אָקע ווײַן אויף קידוש, אַן עמער ווײַנשל צו פֿרעגלען אײַנגעמאַכטס, אַ פּאָר מאַראַנצן אויף „הלוואי זאָל מען זיי נאָר ניט באַדאַרפֿן״, אַ לייטערל וואָס קען צו נוץ קומען ווען מע דאַרף אַרויפֿקריכן אויפֿן בוידעם, אָדער גלאַט עפּעס אַזוינס וואָס שאַדט ניט צו האָבן אין דער בעל־הבתּישקייט. און פּונקט דעמאָלט ווען אַ ייִד האָט אויפֿן יאַריד געהאַלטן אין קויפֿן די אַלע זאַכן, וואָס מע האָט געקויפֿט און פֿאַרקויפֿט גייענדיק און שטייענדיק און זיצנדיק, האָט מען אים פֿאַר איין וועגס שוין אָנגעבאָטן ער זאָל קויפֿן אַ שטיקל שולמית אויך...

און עס האָבן אויפֿן יאַריד קיין מאָל ניט אויסגעפֿעלט קיין בעלנים דערויף. ובפֿרט נאָך ווען גאָט האָט געהאָלפֿן און עס איז געווען אַ גוטער יאַריד, האָבן שוין אַוודאי ניט אויסגעפֿעלט קיין בעלנים זיך צו קוויקן מיט אַ שטיקל שולמית און לעקן די פֿינגער פֿון אַ שטיקל בר־כּוכבא. אין הינטער־שטיבלעך איז מען זיך צונויפֿגעקומען צוליב דעם און די אַקטיאָרן, איטלעכער באַזונדער פֿאַר זיך אַליין און אַלע אין איינעם פֿאַרן גאַנצן כּלל, האָבן זיך געפֿילט שרעקלעך באַליידיקט דערפֿון וואָס זיי דאַרפֿן זיך מיט זייערע ראָלן, פּונקט ווי מיט פֿאַרבאָטענער סחורה, באַהאַלטן אונטער אַ פּאָלע און זײַן גרייט כּלערליי ליגנס צו זאָגן, אויב די פּאָליציי וועט קומען פּונקט דעמאָלט ווען מע האָט זיך אין גאַנצן ניט געריכט אויף איר.

און נאָכן יאַריד, ווען מע איז אויף די צעטאַסקעטע פֿורלעך מיט בידנער ייִדישער פּרנסה שוין געפֿאָרן צוריק אויף די וועגן און שטעגן פֿון אוקראַיִנע, אויף די בערג און טאָלן, וואָס זײַנען געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ, און בײַ די ברעגן פֿון די טײַכן, וואו עס האָט זיך אַ מאָל פֿון דער ווײַטנס געדוכט, אַז דאָס רוישן פֿון דער וואַסער האָט מי־יודע וואָס צו דערציילן, אָבער עס קען דאָרט אַלץ דעם אָנהייב דערפֿון ניט געפֿינען, איז ערגעץ אין איינעם פֿון די צעטאַסקעטע פֿורלעך געזעסן אַ ייִד, בײַ וועמען אַלע קולות און געשרייען, אַלע ליאַרעמס און געפּילדערס, אַלע לידער און געזאַנגען פֿונעם יאַריד, האָבן זיך אין אַ ווינקל פֿון זײַן זכּרון אַלע אין איינעם אויסגעמישט, און פֿון זיי האָט זיך אַ מאָל, ווי אין דער שטילקייט פֿון פּוסטע וועלדער, אָנגעהויבן איין ניגון, וואָס ער האָט מער ווי די אַלע אַנדערע ניגונים געדענקט און וואָס איז אים געווען אַזוי נאָענט צום האַרצן, אַז אַלע מאָל ווען ער האָט עס נאָר אָנגעהויבן זינגען, האָט זיך עס שוין געזונגען ווײַטער ווי פֿון זיך אַליין:

אײַ, פּלאַקער, פּײַערל, פּלאַקער!
קנאַק אונדז פֿריילעך צי,
לײַכט אונדז צו ביז אין דער פֿרי;
דער פּויער בײַ זײַן אַקער,
דער פּאַסטעך בײַ זײַנע פֿי —
יעדן איז ליב זײַן מי.

און געזונגען האָט מען דאָס ניט ווי גלאַט אַ ליד, וואָס געפֿעלט שטאַרק, נאָר ווי אַ געזאַנג, וואָס קער זיך אָן מיט דער רעליגיע פֿון פֿאָלק און מיט דעם ווײַטערדיקן קיום האומה, אין וואָס מען גלייבט ווירקלעך באמונה שלימה; און עס איז אויסגעקומען ווי דאָס פֿאָלק, וואָס האָט שוין אַזוי פֿיל מאָל געוויזן ווי עס ווייסט דעם

וועג צו אַלע אייביקייטן, דערשרעקט זיך ניט פאַר אַ גזירה, וואָס קומט פון פעטערבורג, און אַז ווען עס רײַסט זיך אַרויס פון האַרצן דאָס געזאַנג, וואָס איז מיט דעם פאַרבונדן, גייט עס שוין ווי פון זיך ווײַטער און אַלץ אין דער שטילקייט פון פוסטע וועלדער, אָדער אין אַ צעטאַסקעטן וועגעלע מיט בידנער יידישער פרנסה. ווי פון זיך זינגט זיך עס ווײַטער און מע שטעלט זיך ניט אָפּ:

לייגט זשע צו האָלץ,
מיר מעגן זײַן שטאָלץ,
פריילעך טאַנצן אין קאָן,
ווײַל פאַסטעכער אַליין,
זײַנען דאָך געווען
אונדזערע אָבות פון אייביק אָן.

און טאַקע נאָך אַ מאָל:

אײַ, פלאַקער, פײַערל, פלאַקער,
קנאַק אונדז פריילעך צו,
לײַכט אונדז צו,
ביז אין דער פרי.
אאַז"וו.

עס איז די יידישע אַקטיאָרן נאָך דער גזירה פון פעטערבורג געווען שווער צו בלײַבן אין רוסלאַנד. זיי האָבן דאָרט ניט געהאַט וואוהין זיך צו קערן און צו ווענדן זיך צו ווענדן. און אַ קורצע צײַט נאָכן פאַרבאָט איז מאָגולעסקאָ מיט אַ טרופּע איין מאָל אין אַ פינצטערער נאַכט שטילערהייט אַריבער די רוסישע גרענעץ און איז אַרײַן קיין רומעניע דאָרט באַנײַס צו פּרואוון דאָס מזל.

אין איינעם מיט מאָגולעסקאָן זײַנען דעמאָלט אין יענער טרופּע געווען עמאַ און מאָריס פינקל, דוד קעסלער, ישׂראל ווײַנבלאַט, זיגמונד פיינמאַן, מאַרגאַרעטאַ שוואַרץ, אסתּר פינקלשטיין און פּאַלינע עדעלשטיין; און זיי זײַנען אַלע געווען זיכער, אַז דאָרטן, אין רומעניע, וועלן זיי זיך אַוודאי אײַנאָרדענען און זיי וועלן ניט האָבן אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן, ווײַל די מערסטע פון זיי האָבן דאָך דאָרט זייערע קאַריערעס אָנגעהויבן און מע האָט זיי דאָרט שוין געקענט. אין זכּרון זײַנען נאָך געלעגן די גוטע צײַטן, וואָס מע האָט געהאַט נאָך איידער מע האָט זיך צוריק קיין רוסלאַנד אומגעקערט. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אָן די רוסישע יידן, אָן די פּאָדריאַטשיקעס אין די צײַטן פון דער רוסיש־טערקישער מלחמה, איז די אַטמאָספערע גאָר אין גאַנצן אַן אַנדערע. מע קומט ווייניק אין טעאַטער און די זאָרג וועגן פרנסה הענגט שטענדיק ווי אַ שווערער באַרג איבערן קאָפּ.

אַ לענגערע צײַט האָט מען זיך אַזוי אָפּגעמוטשעט, אַרומשלעפּנדיק זיך אַזוי מיט דער טרופּע פון איין שטאָט אין דער אַנדערער. און אין 1886 זײַנען צוויי פון דער טרופּע, מאָגולעסקאָ און פינקל, אַוועקגעפאָרן קיין לאָנדאָן צו זען וואָס מע קען דאָרט אויפטאָן און דער טרוים איז געווען צו שאַפן אַ מעגלעכקייט, אַז מע זאָל מיט דער גאַנצער טרופּע קענען קומען קיין אַמעריקע.

אין לאָנדאָן האָט מען נאָך פון פריִער שוין געטראָפן די מאַדאַם קעני ליפּצין און אויך יעקב פּ. אַדלער, וועלכער האָט זיך דעמאָלט שוין גערופן דער נשר הגדול. און טאַקע אין זעלבן יאָר, אין 1886, ווען מאָגולעסקאָ איז מיט אַ טרופּע געקומען קיין אַמעריקע, האָט ער דאָרט נאָך פון פריִער שוין געטראָפן דעם יונגן שוישפּילער באָריס טאָמאַשעפסקי, וועלכער האָט זיך דעמאָלט שוין אַנאָנסירט ווי דער „וועלט־באַרימטער זינגער־מײַסטער", און ער האָט דאָרט אויך נאָך פון פריִער געטראָפן דעם שוישפּילער מאָריס היינע־חיימאָוויטש און זײַן ווײַב סאַראַ לעוויצקי, וועלכע איז דערנאָך געוואָרן די ווײַב פון יעקב פּ. אַדלער און איז ווי אַ קינסטלערין, אונטערן נאָמען מאַדאַם סאַראַ אַדלער, בײַ אונדז אויף דער בינע גרויס אויסגעוואַקסן און האָט אַ סך גוטע ראָלן געשאַפן.

און אַזוי זײַנען זיך די יאָרן געגאַנגען ווײַטער. און נאָכדעם ווי יידיש לעבן אין אַמעריקע האָט זיך שוין ניט נאָר אין פריידן, נאָר אויך אין ליידן, אָנגעהויבן פילן היימיש, און שיפן האָבן צו די אַמעריקאַנער ברעגן נאָך אַלץ געבראַכט יידן פון אַלע עקן וועלט, האָט מען זיך מיטן יידישן טעאַטער אין דעם נײַעם לאַנד שוין אויך אָנגעהויבן פילן אַ סך זיכערער ווי פריִער און מע האָט עס שוין מער ניט באַטראַכט ווי אַן איבערגעפלאַנצטן גאָרטן, וואָס מע האָט אַריבערגעבראַכט פון ווײַט, נאָר ווי אַן אייגענעם גאָרטן, וואָס צעוואַקסט זיך און צעבליט זיך אויף היימישן באָדן.

און עס האָבן אָנגעהויבן צוקומען נאָך און נאָך אַקטיאָרן, וואָס האָבן דער יידישער בינע אַ סך געגעבן און אַלץ העכער געהויבן איר שטאַנד סײַ אויפן געביט פון ערנסטער דראַמע און סײַ אויפן געביט פון לייכטן שפּיל.

און צווישן די, וואָס זײַנען צוגעקומען אין פאַרלויף פון יאָרן, זײַנען געווען אַזעלכע ווי בעסי טאָמאַשעפסקי, בערטאַ קאַליש, יעקב בן־עמי, אַהרן לעבעדיעוו, סעמועל גאָלדינבורג, מאַלי פּיקאָן, מנשה סקולניק, ציליע אַדלער, לודוויג זאַץ און מאָריס שוואַרץ, דער גרינדער און באַשאַפער פונעם קונסט־טעאַטער, וואָס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל פאַר זיך אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער אין אַמעריקע.

און עס איז אויך געהאַט צוגעקומען מוני ווײַזענפרײַנד, אָדער פּאָל מוני, ווי ער האָט זיך אָנגעהויבן רופן ווען ער איז פון דער יידישער בינע אַוועק אויף בראָדוועי און דערנאָך קיין האָליוואוד.

אויך דער אַלטער רודאָלף שילדקרויט, איינער פון די באַרימטסטע אַקטיאָרן אין יענער צײַט, איז געווען

צווישן די וואָס זײַנען געקומען צו דער ייִדישער בינע. ער איז צו איר אַריבערגעגאַנגען פון דער דײַטשער בינע, וואו ער האָט זיך אַ גרויסן נאָמען געמאַכט, און די גאַנצע צײַט האָט ער אָפּגעהיט די ריינקייט פון דער שפּראַך און אַכטונג געגעבן אַרויסצורײדן אויף דער בינע ריכטיק יעדער ייִדיש וואָרט.

אומעטום, אין די אַלע לענדער, וואוהין עס האָט נאָר פאַרוואָרפן ייִדן נאָך מיט יאָרן צוריק און זיי האָבן דאָרט זייער לעבן שוין געהאַט אײַנגעאָרדנט אַזוי, אַז זיי האָבן שוין זייער אַן אייגענעם טעאַטער אויך געהאַט, זײַנען אַלץ צוגעקומען נײַע מענטשן אַזעלכע, וואָס האָבן דער ייִדישער בינע אַ סך געגעבן און מיט דעם פאַר זיך אַליין אויך גרויסע נעמען געמאַכט. דאָס ייִדישע טעאַטער, וואָס האָט זיך נאָך דער גזירה פון פּעטערבורג איבער פאַרשיידענערליי ווײַטע און נאָענטע מדינות פאַרשפּרייט און זיך דאָרט איבער פאַרשיידענערליי שטעט צעוואָרפן, האָט ביסלעכווײַז אַלץ מער און מער אָנגעהויבן ווערן אַ וועלט־טעאַטער. אָבער, געצויגן די יניקה האָט עס אַלץ פון יענע פּיאָנערן, וואָס זײַנען געקומען פון אוקראַיִנע און פון די, וואָס זײַנען נאָך דעם שויך די גאַנצע צײַט אומעטום אין זייערע וועגן געגאַנגען; און מיט די אַלע טענות ומענות, וואָס מע האָט בײַ אונדז ניט איין מאָל געהאַט צום ייִדישן טעאַטער, מוז מען דאָך צוגעבן, אַז זיי, די ראשונים און די וואָס זײַנען געקומען נאָך זיי, האָבן אין פאַרלויף פון די אַלע יאָרן אַ סך בײַגעטראָגן צו דער נאַציאָנאַלער און קולטורעלער אויפלעבונג פון פאָלק; געהאַט אַן אײַנפלוס אויף דעם קיום־האומה וואָס מע האָט אָפּט געדאַרפט אָפּהיטן ווי דאָס שוואַרצאַפּל פונעם אויג; אַרויסגעגעבן אַ סך פון די, וואָס האָבן אין די הערצער פון מיליאָנען און מיליאָנען ייִדן אויף דער וועלט אַרײַנגעטראָגן פרייד אין די צײַטן ווען דאָס איז געווען זייער נייטיק, און זיי זײַנען אויך געווען די, וואָס האָבן געהאַט דעם גרעסטן חלק אין דעם וואָס ס'איז אײַנגעפּירט געוואָרן, אַז ייִדיש זאָל מען בײַ אונדז אויף דער בינע ריידן אַזוי ווי מע האָט די שפּראַך אַלע מאָל גערעדט אין אוקראַיִנע — די שפּראַך פון שלום־עליכמען, פון מענדעלע מוכר־ספרים און פון די אַנדער גרויסע מײַסטערס, וואָס זײַנען אויסגעוואַקסן אויף דער אוקראַיִנישער ערד.

פעב׳ 1963, ניו־יאָרק.

## ביבליאָגראַפיע

זאָל דאָ געזאָגט ווערן גלײַך אין אָנהייב, אַז קיין פולע ביבליאָגראַפיע איז דאָס ניט און פּרעטענדירט ניט צו זײַן. אַ פולע ביבליאָגראַפיע וואָלט פאַרנומען צו פיל פּלאַץ, ווײַל אין דער אויספאָרשונג, וואָס איך האָב געמאַכט וועגן דעם אָנהייב פון ייִדישן טעאַטער אין אוקראַיִנע, האָב איך זיך באַנוצט ניט נאָר מיט ביכער נאָר אויך מיט אַרטיקלען, וואָס מען האָט געשריבן וועגן אַקטיאָרן און אויך מיט זכרונות, וואָס אַקטיאָרן אַליין האָבן געשריבן, און דאָס אַלץ איז צעוואָרפן על שבעה ימים, אין אַלטע צײַטונגען, וואָס איז איצט שווער צו געפינען. עס וואָלט אויך נייטיק געווען אָנצוגעבן אַן איבעריק מאָל די נעמען פון ווערק, וואָס מען גיט געוויינלעך אָן אין אַזאַ פאַל, און דאָס, מיין איך, איז הײַנטיקע צײַטן מער ניט נייטיק און מען פאַרנעמט דערמיט צו פיל פּלאַץ. דאָרטן וואו עס איזווירקלעך געווען נייטיק איז דאָס ווערק דערמאָנט געוואָרן אין טעקסט.

אָבער פּטור בלא כלום אי אפשר; אַ ביסל ביבליאָגראַפיע דאַרף מען דאָ דאָך אָנגעבן:


ב. גאָרין, די געשיכטע פון ייִדיש טעאַטער, ערשטער באַנד, מאַקס מייזל, ייִדישער פאַרלאַג פאַר ליטעראַטור און וויסנשאַפט, ניו־יאָרק, 1923.

אַב. קאַהאַן, בלעטער פון מײַן לעבן, צווייטער באַנד, אַרויסגעגעבן פון „פאָרווערטס אַסס׳ן״, ניו־יאָרק, 1920, צוועלפטער קאַפּיטל.

מ. אָשעראָוויטש, דוד קעסלער און מוני ווײַזענפרײַנד — צוויי דורות ייִדיש טעאַטער אין אַמעריקע, ניו־יאָרק, 1930.

לעאָן קאָברין, עראינערונגען פון אַ ייִדישן דראַמאַטורג, צוויי בענד, 1925.

אידישע ביהנע, רעדאַקטירט פון י. מיניקעס, זאַמלונג פון ייִדישע טעאַטער־קופּלעטן, היברו פּאָבלישינג קאָמפּ.

זלמן זילבערצווייג, לעקסיקאָן פון ייִדישן טעאַטער, ערשטער, צווייטער, דריטער און פערטער באַנד.

זלמן זילבערצווייג, טעאַטער מאַזאַיִק, ניו־יאָרק, 1941.

זלמן רייזען, לעקסיקאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור און פּרעסע.

דער פנקס, רעדאַקטירט פון ש. ניגער, ווילנער פאַרלאַג ב. א. קלעצקין, תרע״ג.

שלום פּערלמוטער, ייִדישע דראַמאַטורגן און קאָמפּאָזיטאָרס.

ציליע אַדלער, ציליע אַדלער דערציילט, זכרונות, 1959, ניו־יאָרק.

באָריס טאָמאַשעווסקי, מײַן לעבנס־געשיכטע, ניו־יאָרק.

ח. ב. ברניק, אברהם גולדפדן, ילקוט וההלין, זכרונות ותעודות, תל־אביב, תש״ה.

מ. ווינער, צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער ליטעראַטור אין XIX י״ה.

ב. ווײַנשטיין, „די ערשטע יאָרן פון ייִדישן טעאַטער אין אָדעס און אין ניו־יאָרק״, אַרכיוו פאַר געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער און דראַמע, רעד׳ פון ד״ר יעקב שאַצקי, ערשטער באַנד, ווילנע, 1930.

מ. אָשעראָוויטש, „דוד קעסלער״, דאָרטן.

ד״ר אַ. מוקדוני, „זכרונות פון אַ ייִדישן טעאַטער־קריטיקער״, דאָרטן.

משה שטאַרקמאַן, „מאַטעריאַלן פאַר אַברהם גאָלדפאַדענס ביאָגראַפיע״, דאָרטן.

ד״ר מאיר בן אַברהם הלוי, „די גרויסע שול אין בוקאַרעשט אין דער געשיכטע פונעם ייִדישן טעאַטער״, דאָרטן.

ראָזע שאָמער־באַטשעליס, אונזער פאָטער שמ״ר, ערשטער טייל פון מרים שאָמער־צונזער, איקוף־פאַרלאַג, 1950, ניו־יאָרק.

זלמן זילבערצווײַג, די וועלט פון יעקב גאָרדין, פאַרלאַג „אַלישבע״, תל־אָביב, 1964.

גרשון סוועט

# חזנות אין אוקראַיִנע

אין זײַן ספרל חיבור ליקוטים האָט דער באַוואוסטער קאַלישער מגיד ר׳ אַבאַ־זעליג מאַרגאָליס אַמאָל געזאָגט, אַז די חזנים אין מזרח־אייראָפּע קענען זייערע צוהערער מאַכן וויינען אַ סך גרינגער ווי די מגידים. די חזנים, זאָגט ער דאָרט, האָבן מיט זייער זינגען געקענט אַרויסרופן אַ סך מער התפּעלות, ווי די רבנים מיט זייערע דרשות. מענטשן, וואָס ווערן גאָר בכלל ניט נתפּעל פון תפילה און וואָס זײַנען ניט מסוגל זיך צוצעוויינען, אַפילו ווען זיי פאַרלירן טאַטע־מאַמע, פלעגן גיסן טרערן און וויינען אויפן קול ווען זיי האָבן געהערט דעם חזן ר׳ ברוך קאַלישער. אַזאַ כּוח פאַרמאָגן די חזנים אין אונדזערע מקומות. און זיי האָבן גאָר אין ערגעץ קיין גלײַכן ניט צו זיך.

אין מערב־אייראָפּע איז אָנגענומען צו באַצייכנען דאָס חזנות פון מזרח־אייראָפּע מיטן אַלגעמיינעם נאָמען „פּוילישע חזנות״. חזנישע צענטרען זײַנען געווען אין אוקראַיִנע באַרדיטשעוו, אָדעס, קעשענעוו, אין גאַליציע, אין ליטע וכד׳. יעדער פון די דאָזיקע חזנישע צווײַגן האָט פאַרמאָגט אייגענע ניואַנסן, קנייטשן, גענג, אייגנשאַפטן, וואָס זײַנען אויפגעקומען צוליב אַ ריי היסטאָרישע און געאָגראַפישע סיבות.

דאָ גיבן מיר זיך אָבער אָפּ בלויז מיט איינעם פון די דאָזיקע צווײַגן: מיט חזנות פון דער מזרח־אייראָפּעאישער, רוסישער אוקראַיִנע און ניט מיט דער חזנות פון דער מערב־אייראָפּעאישער, גאַליצישער, אויך מערב־אוקראַיִנע.

נאָך איינס דאַרף גענומען ווערן אין אַכט: ווען די רייד איז וועגן אַן „אוקראַיִנישן״ חזן — מיינט עס אַ חזן, וואָס איז געבוירן געוואָרן און איז גרויס געוואָרן אין דער ייִדישער אוקראַיִנע, און דאָרט, אין אוקראַיִנע, האָט ער געפּראַוועט זײַן חזנות, האָט געדאַוונט בײַם עמוד, האָט געשאַפן תפילות וכד׳. וואו דער אוקראַיִנישער חזן איז געבוירן געוואָרן — איז ניט דאָס אַנטשיידנע. אָט איז רבי לוי־יצחק דער באַרדיטשעווער געבוירן געוואָרן אין גאַליציע, אָבער אין דער ייִדישער געשיכטע הייסט ער לוי יצחק באַרדיטשעווער, אָדער גאָר דער באַרדיטשעווער. מענדעלע מוכר־ספרים איז געבוירן געוואָרן אין ווײַסרוסלאַנד, אָבער ער האָט כל ימיו געלעבט אין אָדעס און איז אײַנגעגלידערט אין אוקראַיִנישן ייִדנטום.

מען דאַרף ניט זײַן קיין איבערטריבענער פּאַטריאָט פונעם אוקראַיִנישן ייִדנטום, כּדי צו באַהויפּטן, אַז אינעם מזרח־ייִדישן חזנות איז דאָס חזנות פון דער רוסישער אוקראַיִנע געווען דער עיקר. די חזנישע צענטרען פון ליטע און פּוילן, ווי ווילנע אָדער וואַרשע, וואָס אַ גרויסער טייל פון זייערע באַרימטע חזנים זײַנען, אגב, געווען אוקראַיִנער ייִדן, האָבן זיך אין באַדײַטונג ניט געקאָנט פאַרגלײַכן מיט אַ באַרדיטשעוו, אָדעס און קעשענעוו.

אין די טויזנטער ייִדישע שטעטלעך אין אוקראַיִנע, וואו עס האָט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה געלעבט דער רוב בנין און דער רוב מנין פונעם רוסישן ייִדנטום, איז חזנות געווען דאָס, וואָס מוזיק, טעאַטער און קאָנצערטן זײַנען הײַנט פאַר יעדן קונסט־ליבנדיקן מענטשן אין דער וועלט פון דער מערבדיקער ציוויליזאַציע. אין די שטעטלעך אין אוקראַיִנע זײַנען די ייִדן ניט געגאַנגען צו קיין קאָנצערטן, בפרט די פרומע, די ייִדן מיט בערד און פּיאות. דער בעסטער קאָנצערט פאַר זיי איז געווען, ווען עס איז אַראָפּגעקומען אַ „חזנדל אויף שבת״, אַליין אָדער מיט אַ קאַפּעליע משוררים. אין אַזאַ שבת איז די שטאָט געגאַנגען כאָדאָראָם. די שול איז געווען געפּאַקט, דאָס דאַוונען שבת פאַרמיטאָג פלעגט זיך אָפּט פאַרציִען ביז איינס־צוויי אַזייגער בײַטאָג. ווען אַ חזן אַ גאַסט האָט געדאַוונט אין איינער פון די שולן אין שטעטל, האָט מען געוויינטלעך אין די אַנדערע שולן און בתי־מדרשים צוגעזען פאַרטיק צו ווערן מיטן דאַוונען וואָס פריִער, כּדי נאָך באַווײַזן אַרײַנצוכאַפּן אין דער שול, וואו עס האָט געדאַוונט דער חזן דער „גאַסטראָליאָר״, עפּעס פונעם מוסף: אַ קדושה, צי עפּעס אַנדערש.

אין די גרויסע חזנישע צענטרען, אַזעלכע ווי אָדעס, באַרדיטשעוו און קעשענעוו, פלעגן אָפּט זײַן שבתים, ווען עס האָבן אין דרײַ־פיר שולן פון שטאָט געדאַוונט גרויסע חזנים מיט כאָרן. און איך געדענק נאָך איצט אַ שבת פון ווינטער 1919 אין אָדעס ווען אין דער גרויסער שול האָט געדאַוונט בײַם עמוד דוד־משה שטיינבערג, אין דער „שאַלאַשנער״ האָט געדאַוונט דוד רויטמאַן, אין דער בראָדער שול — פּנחס מינקאָווסקי מיטן כאָר, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון דוד נאָוואַקאָווסקי און מיט ראַבינקאָוון בײַם אָרגל, און אין די אַנדערע

שולן האָבן אויך געדאַוונט חזנים מיט נעמען. זײַנען ייִדן געלאָפֿן הערן שטיינבערגן ראש־חודש בענטשן און זיי פֿלעגן נאָך באַווײַזן אַרײַנצוכאַפּן בײַ מינקאָווסקין די מוסף־קדושה און, אויב מ'האָט געהאַט מזל — אויך אַ „תּכנת־שבת" בײַ רויטמאַנען.

האָט מען בײַ דוד־משה שטיינבערגן אין דער גרויסער שול אײַנגעשטודירט אַ נײַעם „השכיבנו" — האָט מען וועגן דעם שוין פֿריִער גערעדט אין שטאָט, און מען איז געגאַנגען צו „קבלת־שבת" אַזוי ווי מע גייט אין אַ גרויסער שטאָט צו אַ טעאַטער־אָדער אָפּערן־פּרעמיערע. און נאָכן דאַווענען האָט מען זיך לאַנג געחקירהט וועגן דעם נײַעם „השכיבנו". חזנות איז געווען אַ וויכטיקער ענין בײַ ייִדן. און ניט נאָר אין די גרויסע שטעט, נאָר אויך אין די קליינע שטעטלעך.

• . •

איך אַליין קום פֿון שפּאָלע, אַ שטעטל אין קיעווער גובערניע, אַרום אומאַן, וואָס איז באַרימט געוואָרן דורכן „שפּאָלער זיידן", אַ חסידישער רבי, וואָס איז באַקאַנט אין דער חסידישער וועלט פֿאַר מחלוקת מיט רבי נחמן בראַצלאַווער. אין שפּאָלע זײַנען געווען אַ צען שולן און בתּי־מדרשים און אויך עטלעכע חסידישע „שטיבלעך". אין איינער פֿון די שולן איז חזן געווען פּיצי זיידע, אַן אור־אור־אייניקל פֿונעם „שפּאָלער זיידן". מען דאַרף וויסן, אַז די קינדער און קינדס־קינדער פֿונעם „שפּאָלער זיידן" האָבן אָנגענומען דעם פֿאַמיליענאָמען — „זיידע".

אין דער טשערנאָבילער קלויז אין שפּאָלע איז שטענדיק געווען אַ גוטער חזן. ימים־נוראים פֿלעגט ער דאַווענען מיט אַ כאָר, וואָס מע פֿלעגט צוזאַמענשטעלן און אײַנשטודירן אין די זומער־חדשים. כּמעט יעדן שבת, לכל־הפּחות צוויי־דרײַ מאָל אין חודש, פֿלעגן קיין שפּאָלע אַראָפּקומען חזנים־„גאַסטראָליאָרן" און דאַווענען שבתים אין איינער פֿון די שולן. צווישן די דאָזיקע חזנים „גאַסטראָליאָרן" פֿלעגן זײַן אויך גאַנץ באַרימטע — ווי קוואַרטין, למשל. געווען אַ חזן משה קריוואָזערער, אַ ייִד מיט אַן הדרת פּנים פֿון אַ רבנישער געשטאַלט בײַ רעמבראַנדטן, אַ פּרעכטיקער חזן מיט אַ קולטיווירטער באַריטאָן־שטימע און מיט אַ וואונדערלעכן פֿאַלצעט. ער איז ניט געווען קיין „זאָגער", קיין אימפּראָוויזאַטאָר. זײַן דאַווענען איז געווען „געשטעלט", פֿון אַ לכתּחילה פֿעסטגעזעצטער פֿאָרעם. ביז הײַנט קלינגט מיר אין די אויערן זײַן „זמרו לה' בכינור וקול זמרה", באַאײַנפֿלוסט פֿון אַ ראָסיני־אָדער בעליני־אָפּערע.

קען מען דאָך פֿרעגן ווי קומט אַזאַ ייִד מיט באָרד און פּיאות צו די זיסלעכע מעלאָדיעס און צו די וואַריאַציעס־פֿאָרמען, וואָס די גרויסע איטאַליענישע קאָמפּאָזיטאָרן פֿון דער ערשטער העלפֿט פֿון 19טן יאָרהונדערט פֿלעגן באַנוצן אין זייערע אָפּערעס? אַזאַ פֿרומער ייִד ווי משה קריוואָזערער איז געוויס אין זײַן לעבן ניט געווען אין אַן אָפּערע־טעאַטער, פּונקט ווי ניסי בעלדזער, בצלאל אָדעסער, ירוחם הקטן, זײַנען קיינמאָל אין זייער לעבן ניט געווען אין אַ גויאישן טעאַטער. אין די צײַטן פֿון בצלאל ש"ץ און ירוחם הקטן, זײַנען נאָך קיין גראַמאָפֿאָנען ניט געווען, על־כּל־פּנים ניט אין די ייִדישע שטעטלעך. דער ענטפֿער דערויף איז, אַז די ניגונים פֿון ראָסיניס, בעליניס, דאָניצעטיס און אַנדערע אָפּערעס פֿלעגן זיי הערן פֿון די מיליטערישע קאַפּעלעס וואָס פֿלעגן זומער, געוויינטלעך שפּילן אין די שטעט און שטעטלעך אויף עפֿנטלעכע פּלעצער. און דערעיקר פֿלעגן די חזנים אין יענע צײַטן הערן זומער אויף די קוראָרטן אין מאַריענבאַד, פֿראַנצענסבאַד, קאַרלסבאַד די דאָרטיקע קור־קאַפּעליעס. די רביים פֿון אוקראַינע, פּוילן און גאַליציע, פֿלעגן זומער געוויינטלעך, פֿאַרברענגען אויף די דאָזיקע קוראָרטן, און זייערע חזנים פֿלעגן מיטפֿאָרן מיט זיי, איז מען אין די זומער־אָוונטן געזעסן אין שטאָטישן גאָרטן, הנאה געהאַט פֿון דער פֿרישער לופֿט און געהערט די קור־קאַפּעליע שפּילן „פּאַפּוריס" פֿון כּל־מיני אָפּערעס — פֿון „ליבעסטראַנק" און „פֿאַוואָריטין" פֿון דאָניצעטי, פֿון ווערדיס „אַאידאַ", „טראַוויאַטאַ" און „טרובאַדור", פֿון ביזעס „קאַרמען", פֿון ראָסיניס „שערער פֿון סעווילִיע", פֿון מאָצאַרטס אָפּערעס און נאָך. פֿלעגט דער אָדער יענער ניגון, וואָס דער חזן פֿונעם טשאָרטקאָווער אָדער דעם זלאַטאָפּאָלער, האָט געהערט פֿון דער מאַריענבאַדער קור־קאַפּעליע, שפּעטער אין שול מגולגל ווערן אין אַן „אתּה יצרת" פֿון ניסין, אָדער אין אַ „ומפּני חטאינו" פֿון אַ ירוחמען און אַזוי ווײַטער.

טאַלאַנטן זײַנען די באַרימטע חזנים פֿון יענעם דור, פֿון מיט איבער הונדערט יאָר צוריק, געווען גאָר גרויסע. ווער ווייסט וואָסערע גרויסע קאָמפּאָזיטאָרן עס האָבן פּאָטענציעל אין זיי געשטעקט! כּמעט אַלע זײַנען זיי געווען אויטאָדידאַקטן, קוים געקאָנט לייענען נאָטן, אַמאָל אויך דאָס ניט. זיי האָבן געשאַפֿן זייערע תּפֿילות לויטן אינסטינקט, האָבן ניט תּמיד תּופֿס געווען וואָס עס איז גרויסע מוזיק, און וואָס עס איז סענטימענטאַלער פּסולת. איינער פֿון זיי, פֿון די גרויסע און באַרימטע, וואָס האָט געלעבט אין אונדזער יאָרהונדערט, האָט פֿאַרפֿאַסט אַן „אתּה ניגלית", וואָס הויבט זיך אָן מיט אַ פּאַנפּאַרן־פּראָזע נוסח וואַגנער, און שפּרינגט גלײַך אַריבער צו אַ וואַלס אין דרײַ פֿערטל טאַקט, וואָס איז ממש אַ חילול־הקודש כּלפּי די ווערטער אתּה ניגלית בענן כּבודך פֿון דעם ראש־השנהדיקן דאַווענען. אָבער סײַ דער חזן גופֿא, וואָס האָט צום „אתּה ניגלית" צוגעפּאַסט דווקא אַ ניגון פֿון אַ וואַלס אין דרײַ פֿערטל טאַקט, און סײַ די מתפּללים, זײַנען געווען זייער צופֿרידן, און עמך האָט ממש געלעקט די פֿינגער פֿון אָט דעם משונהדיקן „אתּה ניגלית".

געווען אין שפּאָלע אַמאָל אויף אַ שבת אַ חזן שמואל בעלאָצערקווער, אַ ייִד מיט אַ הייזעריקער שטי־

מע, אָבער אַ װאונדערלעכער מנגן און „זאָגער". זײַן „זאָגעכץ" איז געװען מײסטנס געבױט אױף ניגונים, װאָס האָבן געקלונגען װי אוקראַיִנישע פֿאָלקס־לידער, װעלכע ער, אַ ייִד מיט אַ זילבערן־װײַסער באָרד און קלײנע פּאהלעך, פֿלעגט קונציק פֿאַרייִדישן, זײ צוגעבן אַ ייִדישן קרעכץ און טעם.

צװישן די דאָזיקע װאַנדערדיקע חזנים זײַנען געװען גרױסע טאַלאַנטן, מיט װאונדערלעכע שטימעס. זײ האָבן פֿאַרמאָגט אַ װירטואָזע װאָקאַלע טעכניק, דערצו זײַנען די מערסטע פֿון זײ נאָך געװען געבענטשט מיט אַ פֿעאיקײט צו אימפּראָװיזירן — אַ פֿעאיקײט, װאָס עס האָבן אין אַ גרױסער מאָס פֿאַרמאָגט די גאונישע קאָמפּאָזיטאָרס פֿונעם 19טן יאָרהונדערט, און װאָס איז אין אונדזער צײַט געװאָרן אַלץ זעלטענער און זעלטענער און איז פֿאַרבליבן, דוכט מיר, בלױז בײַ אונדזערע חזנים.

ייִדישע מוזיק־פֿאָרשערס זײַנען דעמאָלט אַזױ גוט װי בכלל ניט געװען בנמצא. אַ סך פֿון דעם, װאָס זײ האָבן געשאַפֿן איז דעריבער פֿאַרלױרן געגאַנגען. מ׳האָט עס ניט פֿאַרשריבן אױף נאָטן, ניט אָפּגעהיט. מ׳האָט אױך זײ גופֿא פֿאַרגעסן. די גרױסע חזנים פֿון דער ערשטער העלפֿט פֿונעם 20סטן יאָרהונדערט, װען עס זײַנען שױן געװען גראַמאָפֿאָנען, האָבן שױן געהאַט אַ בעסער מזל. די פּרעכטיקע, צום טײל פֿענאָמענאַלע שטימעס און דער מײַסטערדיקער געזאַנג פֿון אַ גרשון סיראָטע, מרדכי הערשמאַן, יאָסעלע ראָזענבלאַט, דוד רויטמאַן, זײַנװל קװאַרטין, דאָס געזאַנג פֿון פּינטשוק, גלאַנץ און פֿון נאָך אַנדערע, איז פֿיקסירט אױף פּלאַטעס, און איז אונדז צוגעגלעך, און װעט צוגענגלעך בלײַבן אױך פֿאַר די קומענדיקע דורות. אָבער עס האָבן געזונגען אַ פּיצי אבראַס, אַ יעקב באַכמאַן, אַ שלמה ראַזומני — װעלן מיר שױן קײנמאָל ניט װיסן, װײַל אַפֿילו אין דער ליטעראַטור און פּרעסע איז װײניק װעגן זײ דערצײלט געװאָרן.

• . •

און דאָ איז כדאַי איבערצוגעבן אַן עפּיזאָד, װאָס איז זײער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דעם, װי די ייִדישע מאַסן אין אוקראַיִנע, האָבן ממש פֿאַרגעטערט אַ באַרימטן חזן.

שלמה־זלמן ראַזומני איז געשטאָרבן אין 1904, אין עלטער פֿון קוים 39 יאָר און די מעשה, װאָס װערט דאָ דערצײלט האָט זיך געטראָפֿן אין 1903 אָדער אפֿשר אין 1902. ראַזומני איז געװען אױף אַ „טורנע" איבער די שטעט און שטעטלעך פֿון אוקראַיִנע. ער האָט געדאַװנט אַ שבת אין אומאַן און האָט געהאַט, װי תמיד, אַ געװאַלדיקן דערפֿאָלג.

אױפֿן װעג פֿון אומאַן אַהײם קײן אָדעס, האָט ער זיך אין װאַגאָן דערפֿילט שלעכט, איז ער אַראָפּ אױף דער סטאַנציע שפּאָלע און איז דאָרט פֿאַרפֿאָרן אין אַ האָטעל, װאָס האָט געהײסן „קאַנאַדאַ", װײַל דער בעל־הבית פֿונעם האָטעל האָט אַ שטיק צײַט געלעבט אין קאַנאַדע. פֿון שפּאָלע האָט ראַזומני געשיקט אַ טעלעגראַמע קײן אָדעס צו זײַן פֿרױ, אַז ער איז קראַנק און ער געפֿינט זיך אין שפּאָלע, אין האָטעל „קאַנאַדאַ". אין האָטעל האָט מען ניט געװאוסט װער דער אורח איז. געקומען אַ ייִד מיטן צוג, געבעטן אַ צימער — האָט מען אים קײן קשיות ניט געפֿרעגט און מ׳האָט אים געגעבן אַ צימער. װען עס איז אָבער אױפֿן אַנדערן טאָג פֿון אָדעס אָנגעקומען אַן ענטפֿער אױף דער טעלעגראַמע, אַדרעסירט צו „סאָלאָמאָן ראַזומני" — האָט דער בעל־הבית פֿונעם האָטעל מיטאַמאָל דערשמעקט, אַז ער איז איצט דער מכניס אורח פֿון גאָר אַ גרױסן גאַסט. און אַזױ װי ער אַלײן איז געװען אַ גרױסער ליבהאָבער פֿון חזנות, און ראַזומניס נאָמען איז אים געװען גוט באַקאַנט, האָט ער זיך גלײַך געכאַפּט, אַז אױב די טעלעגראַמע איז פֿון אָדעס און איז אַדרעסירט צו סאָלאָמאָן ראַזומני, איז קלאָר װי דער טאָג, אַז דער אורח װאָס ליגט דאָ איצט קראַנק, איז טאַקע ער, דער באַרימטער חזן שלמה־זלמן ראַזומני אַלײן!

װי אין יעדן ייִדישן שטעטל אין אוקראַיִנע, זײַנען אין שפּאָלע אױך געװען אַ סך גרױסע ליבהאָבער פֿון חזנות. צװישן זײ זײַנען געװען סוחרים, װאָס פֿלעגן צוליב געשעפֿט אָפֿט פֿאָרן קײן אָדעס, באַרדיטשעװ, קיעװ און דאָרט הערן די גרױסע חזנים. אײנער פֿון זײ, אַ ייִד מיטן נאָמען איצי ראָװינסקי, װאָס האָט זיך געהאַלטן פֿאַר אַ משכיל, האָט געהאַט אַ ברודער אַ חזן און איז אַלײן אױך געװען אַ שטיקל חזן, כאָטש ער איז בפֿירוש געװען אַ ביסל הײזעריק. זײַן פֿלימעניק ראובן ראָװינסקי איז יאָרן־לאַנג געװען הױפּט-חזן אין בוקאַרעשט. איצי ראָװינסקי האָט געהאַט אַ שניט־קראָם. ער פֿלעגט אָפֿט פֿאָרן קײן אָדעס און באַרדיטשעװ און האָט, פֿאַרשטײט זיך, אַ סך מאָל געהערט ראַזומנין און אים טאַקע געזען אױך מיט די אײגענע אױגן. איז דער בעל־הבית פֿונעם האָטעל „קאַנאַדאַ" קודם־כּל אַװעק צו איצי ראָװינסקי און האָט אים דערצײלט די מעשה מיטן גאַסט, װאָס איז געקומען פֿון אומאַן און ליגט קראַנק בײַ אים אין האָטעל. ראָװינסקי האָט זיך נאָכגעפֿרעגט װי דער גאַסט זעט אױס און אױסגעהערט די באַשרײַבונג, האָט ער אױסגעשריגן:

אױ, ייִדן, ראַזומני איז דאָ, בײַ אונדז אין שפּאָלע!

כּדי אָבער צו זײַן זיכער, האָט איצי ראָװינסקי אָנגעטאָן אַ פֿאַרטעך און איז אַרײַנגעגאַנגען אין צימער צו ראַזומנין, כּלומרשט אַ משרת. עס האָט געהײסן, אַז דאָס טראָגט ער אים אַרײַן אַ ביסל פֿריש װאַסער, און באַלד איז ער אַרױס פֿון דאָרט מיט אַ גדולה און האָט טאַקע גלײַך אױפֿן אָרט צונױפֿגעשטעלט אַ קאָמיטעט, װאָס האָט געשיקט אַ דעלעגאַציע, טאַקע מיט ראָװינסקין בראש, בעטן ראַזומנין ער זאָל בלײַבן אין שפּאָלע אױף שבת און דאַװנען אין שול. ראַזומני האָט זײ אױפֿגענומען גאַנץ העפֿלעך און זײ געענטפֿערט

קורץ: „דאָס וועט אײַך קאָסטן הונדערט און פופציק קערבלעך!" ער האָט זיך נאָכגעפרעגט צי אין דער שול וואו ער וועט דאַוונען, איז פאַראַן עלעקטרישע באַלויכטונג. ווען מ׳האָט אים געזאָגט, אַז ניין, האָט ער געענטפערט, אַז ער וועט ניט דאַוונען צו קבלת־שבת, ווײַל עס וועט דאָך זײַן אַ שטופעניש און עס קאָן קומען צו אַ שׂריפה. אָבער פון דעם פרײַז 150 רובל האָט ער נישט אַראָפּגעלאָזן...

אין 1903 אָדער 1904 זײַנען 150 רובל פאַר שפּאָלער ייִדן געווען ווי — לאָמיר זאָגן — 1000 דאָלער הײַנט. קורץ און גוט, מ׳האָט דאָס געלט באַלד געשאַפן און עס פרײַטיק אין דער פרי געבראַכט צו ראַזומנין. אָבער באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַע צרה: ראַזומני איז, ווי באַקאַנט, געווען אַ מײַסטער אויף זאָגן „אָב הרחמים", אַ תפילה, אין וועלכער ער האָט מיט זײַן שטייגער געקאָנט רירן אַפילו אַ שטיין. איז אָבער יענער שבת געווען אַ שבת שמברכים, און אין שבת שמברכים זאָגט מען ניט קיין „אָב הרחמים". איז מען גלײַך אַוועק צום רב בעטן בײַ אים, ער זאָל געפינען אַ היתר צו זאָגן „אָב הרחמים", ווײַל ווען וועט מען נאָכאַמאָל האָבן די געלעגנהייט צו הערן ראַזומניס באַרימטן „אָב הרחמים" טאַקע פון ראַזומנין אַליין?

דער רב איז געווען אַ ייִד אַ למדן און אַ ירא־שמים, אָבער אויך ער האָט ליב געהאַט חזנות און אויך אים האָט זיך שטאַרק געגלוסט הערן ראַזומניס „אָב הרחמים" פון ראַזומנין אַליין. בקיצור, ער האָט געפּסקנט, אַז בעצם איז עס ניט מער ווי אַ מנהג, לגמרי ניט קיין דין, און עס איז ניט קיין חטא ווען מ׳זאָגט „אָב הרחמים" אין אַ שבת שמברכים את החודש.

געווען איז עס אַ ווינטער־טאָג. די גאַסן זײַנען געווען באַדעקט מיט שניי. מען האָט אויף דער גיך אָפּגעדאַוונט „פון פאָרנט", און בײַ „שוכן עד" איז מען געבליבן שטיין, וואַרטנדיק, אַז צום עמוד זאָל צוגיין ראַזומני, אָבער ראַזומני איז נאָך ניט געקומען. האָט מען געשיקט שליחים אים צו ברענגען. ער האָט די שליחים אויפגענומען אָבער ניט אויסגערעדט צו זיי קיין וואָרט, כדי צו שאַנעווען די שטימע.

גראָד איז אויף מײַן גורל אויסגעקומען צו זײַן דערבײַ, ווײַל שפּאָלע איז מײַן געבורטסשטעטל, און ווי הײַנט זע איך פאַר מיר די פּראָצעסיע ווי מע האָט ראַזומנין געפירט אין שול אַרײַן אין אַ פּראָסטיקן אוקראַיִנישן ווינטער־טאָג דורך די הויפּט־גאַסן פון שפּאָלע. ער איז געווען קליין און וואוקס, האָט געטראָגן אַן עלעגאַנטן פוטער־מאַנטל, מיט אַ קאָטיקאָווען קאָלנער און אַ קאָטיקאָווע קוטשמעלע אויפן קאָפּ. ער האָט געשפּאַנט פּאַמעלעך, בראש פון דער פּראָצעסיע און אים איז נאָכגעגאַנגען אַן עולם פון הונדערטער ייִדן, וגם אני בתוכם.

וועגן זײַן דאַוונען יענעם שבת קאָן איך גאָרניט זאָגן, איך בין דאָך נאָך געווען צו יונג. איך געדענק אָבער ווי איצי ראָווינסקי און אויך די אַנדערע מבינים אויף חזנות האָבן געזאָגט, אַז אין אָדעס איז ער געווען „אַ סך בעסער". עס קאָן זײַן, אַז זיי זײַנען געווען גערעכט, וואָרעם סוף־כּל־סוף איז ער דאָך געווען אַ פּאָר טעג נאָך אַ קראַנקהייט און איז נאָך קענטיק ניט געווען אינגאַנצן בײַ די כּוחות.

און נאָך אַ פאַל, וואָס איז כדאַי צו דערמאָנען:

אין 1920 בין איך געווען אין אָדעס, אויף אַ סימפאָנישן קאָנצערט אין שטאָטישן גאָרטן, האָב איך געטראָפן דעם באַרימטן טשעכישן דיריגענט פּריביק פון דער שטאָטישער אָפּערע. האָב איך אים געפרעגט, צי ער ווייסט, אַז אין אָדעס זײַנען פאַראַן גרויסע חזנים מיט פּרעכטיקע כאָרן. האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער ווייסט און האָט דערבײַ דערמאָנט דעם נאָמען ראַזומני.

— איך בין אַמאָל — האָט ער צו מיר געזאָגט — פאַרמיטאָג געגאַנגען אין טעאַטער צו אַ פּראָבע. פּלוצעם האָב איך אויף דער גאַס דערהערט אַ געזאַנג, וואָס איז געווען ממש געטלעך. איך האָב אין מײַן לעבן ניט געהערט אַזאַ שטימע און אַזאַ געזאַנג. דאָס געזאַנג איז געקומען פון עפּעס אַ זײַטיקער גאַס. איך האָב לכתחילה געמיינט, אַז עס איז אפשר גאָר אַ חלום. ווי אַ פאַרצויבערטער בין איך נאָכגעגאַנגען דעם קלאַנג פון דער שטימע און האָב באַלד דערזען, אַז דאָס איז אַ ייִדישע לוויה. אַ קליינגעוואוקסיקער מאָגערער מענטש איז געשטאַנען בײַ דעם אָרון און האָט געזונגען. דאָס איז געווען דער קאַנטאָר ראַזומני. פון דעמאָלט אָן בין איך אַ פּאָר מאָל געגאַנגען שבת אין שול אים הערן. ער האָט פאַרמאָגט אַ טענאָר־שטימע פון באַצויבערנדיקן טעמבער און אַ ווירטואָזע קאָלאָראַטור. שיינע שטימעס פאַרמאָגן אַ סך זינגער. ראַזומני אָבער איז געווען פענאָמענאַל. עס איז אין זײַן זינגען געווען צאַרטע ליריק און הויכע דראַמאַטיק. ווען ער פלעגט זינגען אין מינאָר פלעגן מענטשן אויסברעכן אין טרערן!...

דאָס האָט געזאָגט ניט אַבי ווער, ניט אַ לײַדע ליבהאָבער פון נגינה, נאָר איינער פון די גרויסע טשעכישע מוזיקער, וואָס האָבן מיט אַזעלכע ווי נאַפּראַווניק, סוק און אַנדערע, מיטגעבויט די רוסישע מוזיק־קולטור.

• . •

מאָדעסט מוסאָרגסקי, דער מחבר פון די וואונדערלעכע רוסישע אָפּערעס „באָריס גאָדונאָוו", „כאַוואַנשטשינאַ", „סאָראָטשינסקאַיאַ יאַרמאַרקאַ", איז געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון ייִדישע ניגונים. ער האָט די ייִדישע נגינה אַלע מאָל באַוואונדערט און זיך מיט איר שטאַרק אינטערעסירט. אָנדערטהאַלבן יאָר פאַר זײַן טויט, אין דעם זומער פון 1879, איז ער אַרויסגעפאָרן אויף אַ טורנע מיט דער באַרימטער זינגערין דאַריאַ לעאָנאָוואַ. זיי האָבן געגעבן קאָנצערטן אויך אין אָדעס. און אין אַ בריוו צום מוזיק־קריטיקער וואַסילי סטאַסאָוו פון 10טן סעפּטעמבער 1879, שרײַבט מוסאָרגסקי:

„אין אָדעס בין איך געווען אין צוויי סינאַגאָגעס בײַם דאַווגען און בין געווען באַגײַסטערט פון צוויי ניגונים, איינעם פונעם חזן, און אַ צווייטן פונעם כאָר, דער לעצטער אין אוניסאָן, האָבן זיך אײַנגעקריצט אין מײַן זכרון. איך וועל זיי קיינמאָל ניט פאַרגעסן!...״

אויך דאָ האָבן מיר אַן אויסדרוק פון באַגײַסטערונג וועגן דעם געזאַנג פון צוויי חזנים, ניט פון אַבי וועמען, נאָר פון אַ געניאַלן מוזיקער, וועלכער איז, אגב, אַליין אויך געווען אַ פּרעכטיקער זינגער, און בכלל אַ גרויסער מבין אויף מוזיק און געזאַנג. בײַ אים האָט דאָס געזאַנג פון דעם חזן און פון די משוררים אין אָדעס אַזוי אויסגענומען, אַז ער איז דערפון געווען באַגײַסטערט און ער האָט געקענט זאָגן, אַז ער וועט דאָס קיינמאָל איז זײַן לעבן ניט פאַרגעסן!

• . •

ווער זײַנען דעמאָלט די דאָזיקע חזנים געווען? אין אָדעס זײַנען, ווי תמיד, געווען לכל־הפחות אַ מנין גוטע חזנים, אָבער צוויי פון זיי זײַנען געווען גאָר־גאָר באַרימט, און עס קען זײַן, אַז טאַקע זיי בײדע האָט עס מוסאָרגסקי געהערט דאַווענען. געווען זײַנען עס פּיטשע אַבראַס (1820—1896) און יעקב באַכמאַן (1846—1905). יהושע אַבראַס, וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „פּיטשע״, אַ נאָמען, וואָס מ׳האָט אים געגעבן, ווען ער איז שוין אַ קינד נאָך געוואָרן באַרימט פאַר אַ חזן, איז געבוירן געוואָרן אין גאַליציע, אָבער די גלאַנץ־עפּאָכע פון זײַן חזנישער קאַריערע האָט זיך אָפּגעשפּילט אין אָדעס, וואו ער איז געווען חזן אין דער גרויסער שול פון 1860 ביז 1883. די מערסטע באַרימטע חזנים זײַנען טענאָרן. „פּיטשע״ אָבער האָט פאַרמאָגט אַ פּרעכטיקע באַריטאָן־שטימע מיט אַ ווירטואָזער קאָלאָראַטור, און דער עיקר — ער איז געווען אַ פענאָמענאַלער זינגער. פּנחס מינקאָווסקי, דער גרויסער אָדעסער חזן און תלמיד־חכם, איז געווען נוטה צום קלאַסישן חזנישן סטיל פון זולצער, אין וועלכן ער פלעגט פון זײַן זײַט אַרײַנברענגען יידישן ברען. ער האָט פײַנט געהאַט, און האָט תמיד אויסגעלאַכט, די חזנים, וואָס פלעגן גלאַנצן מיט אַן איבערשטן „דאָ״ און מיט פערלדיקע „אַקראָבאַטישע״ קאָלאָראַטורן. גרשון סיראָטאַ, מכל המובנים, אַ חזן מיט פענאָמענאַלע זינגערישע אייגנשאַפטן, פלעגט מינקאָווסקי רופן — „גרוינם דער שרײַער״. דעריבער איז כדאַי צו וויסן וואָס דוקא מינקאָווסקי האָט געזאָגט וועגן יהושע־„פּיטשע״ אַבראַס.

„ניט איין מאָל, — האָט מינקאָווסקי געשריבן אינעם מליצהדיקן נוסח פון יענער צײַט, — פלעג איך נשתומם ווערן פון אַבראַסעס געזאַנג. לויטן טעמפּעראַמענט איז ער געווען אַ גאַנץ געמעסיקטער מענטש. אָבער שטייענדיק בײַם עמוד פלעגן די טענער פון זײַן האַלדז דערגרייכן ביז צום הימל. זײַן געזאַנג איז געפלויגן ווי אויף אָדלער־פליגלען. פון פּיטשעס האַלדז פלעגן זיך קײַקלען טענער ווי פון זילבער און גאָלד. זײַן קאָלאָראַטור איז געווען ווי פון אַן אַדעלינאַ פּאַטי אָדער פון אַ ביאַנקאַ־ביאַנטשי. איך האָב קיינמאָל ניט געהערט אַזאַ קאָלאָראַטור, ניט אין שול און ניט, להבדיל, אין טעאַטער. עס איז ניט געווען זײַן גלײַכן אין זינגען תפילות פון ווײַנטראַאוב מיט זייערע ווירטואָזע קאָלאָראַטור־פּאַסאַזשן און קאָמפּליצירטע מאָדוליאַציעס. זײַנע טענער פלעגן, ווי געזאָגט, פליִען ביז צום הימל און דערנאָך אַראָפּנידערן צו דער ערד. די מתפללים פלעגן זיצן ווי פאַרגאַפט און שטוינען פון וואַנען עס נעמט זיך אָט דער כוח און שוואונג, דער צויבער און די שיינקייט״.

אין איין צײַט מיט פּיטשען, איז אין אָדעס אין דער גרויסער שול אויך יעקב באַכמאַן געווען חזן. באַכמאַן האָט פאַרמאָגט אַ פענאָמענאַלע שטימע, וואָס האָט געהאַט טעמבּרען פון אַ באַס, אַ באַריטאָן און אַ דראַמאַטישן טענאָר. דערצו האָט ער געהאַט אַ פאַלצעט, וואָס איז געווען אויסערגעוויינטלעך, מען פלעגט זאָגן, אַז באַכמאַנס שטימע פאַרמאָגט פולע דרײַ אָקטאַוועס. באַכמאַן איז געבוירן געוואָרן אין וואָלין, זײַן פאָטער איז געווען אַ פאַרמעגלעכער סוחר. חוץ זײַן פענאָמענאַלער שטימע, איז באַכמאַן געווען אַן אויסערגעוויינטלעכער „זאָגער״, אַן אימפּראָוויזאַטאָר. באַרימט איז ער געוואָרן אין באַרדיטשעוו, וואו מ׳האָט אים אגב, פאַרגעשלאָגן צו ווערן אַ קאָנצערט־און אָפּערע־זינגער. ער איז געווען חזן אין וואַרשע, אין ראָסטאָוו, אָבער בעיקר אין אָדעס. מוסאָרגסקי איז פון אים און פון „פּיטשען״ אַזוי באַגײַסטערט געוואָרן ווען ער איז אויף זײַן באַזוך אין אָדעס געקומען אין שול אַרײַן אים הערן. געשטאָרבן איז באַכמאַן אין בודאַפּעשט, אינעם יאָר 1903.

פּיטשע אַבראַס, יעקב באַכמאַן און שלמה ראַזומני זײַנען אַלע דרײַ געווען אויסערגעוויינטלעכע טאַלאַנטן, גרויסע זינגערס, געבענטשט פון גאָט אַליין מיט פּרעכטיקע שטימען. זיי האָבן פאַרמאָגט אַ ווירטואָזע וואָקאַלע טעכניק, פערלדיקע קאָלאָראַטורן. דאָס זײַנען געווען זינגער פון גאָר אַ הויכן ראַנג, ווי אַ מאַדזיני, טאַמבעררליק און אַנדערע פון דעם זעלבן שניט. זיי זײַנען געוואָרן חזנים ניט ווײַל די נאַטור־מיטלען זייערע האָבן ניט געקלעקט פאַר אַנדערע געביטן אין דער זינגער־פּראָפעסיע, ווי מיר זעען עס איצט, בפרט בײַ חזנים אין די רעפאָרם־טעמפּלען, זיי וואָלטן ווי קאָנצערט־זינגער אויך געמאַכט גלענצנדיקע קאַריערעס. זיי זײַנען אָבער געבליבן בײַ חזנות, ווײַל דער עמוד האָט זיי געצויגן מער ווי די קאָנצערט־אָדער אָפּערע־בינע.

• . •

אַבראַס, באַכמאַן און ראַזומני זײַנען געווען כראָנאָלאָגיש די לעצטע גרויסע חזנים פון אוקראַיִנישן יידנטום אינעם 19טן יאָרהונדערט. די לעצטע אָבער ווײַט ניט די ערשטע. זיי אַליין זײַנען שוין געווען יורשים פון אַ דור, אָדער כמעט פון צוויי דורות גרויסע חזנים

אין אוקראַיִנע, וואָס זײַנען געווען סײַ גרויסע זינגערס בײַם עמוד, סײַ גרויסע ליטורגישע קאָמפּאָניסטן, סײַ גרויסע כאָר־דיריגענטן, דערצו זײַנען זיי אַלע געווען גרויסע יראי־שמים, פֿרומע, גאָטספֿאַרכטיקע ייִדן און פֿאַרברענטע חסידים. בצלאל שץ, ירוחם הקטן, ניסי בעלזער, שלמה און הירש ווײַנטראַאוב, וועלוועלע שעסטאָפּאָל — יעדער פֿון זיי איז געווען אַן עולם בפני עצמו, אַ חזן אַן אוניקום.

בצלאל שץ (1861—1790) האָט מען גערופֿן אויך בצלאל אָדעסער. זײַן משפּחה־נאָמען איז געווען שול־זינגער. וואו ער איז געבוירן געוואָרן — איז ניט פֿעסט־געשטעלט. יש אומרים, אַז ער האָט געשטאַמט פֿון פּאָדאָליע, אָבער עס איז אויך פֿאַראַן אַ סברה, אַז ער איז אויף דער וועלט געקומען אין גאַליציע. עס איז אָנגענומען, אַז ער איז געבוירן געוואָרן אין 1790 און איז געשטאָרבן אין ירושלים אין 1861, מיט איבער הונדערט יאָר צוריק. זײַנע ביינער ליגן אויפֿן הר הזיתים. מען האָט זײַן קבר דאָרט אַנטדעקט ערשט מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק. בצלאל שץ האָט מייניסטנס געדאַוונט מיט אַ כאָר. אַ סך באַרימטע חזנים זײַנען געווען בײַ אים משוררים. קיין מוזיקאַלישע בילדונג האָט ער ניט פֿאַרמאָגט. ער האָט אָבער די מוזיקאַלישע געזעצן תּופֿס געווען מיטן אינסטינקט. זײַנע תּפֿילות פֿאַרמאָגן אַ שטאַרקן צויבער אַדאַנק זייער האַרציקער מעלאָדישקייט און שטאַרקן רעליגיעזן געפֿיל. זײַנע תּלמידים, וואָס האָבן שוין יאָ פֿאַרמאָגט מוזיקאַלישע בילדונג, האָבן פֿאַרשריבן איניקע פֿון זײַנע קאָמפּאָזי־ציעס, וועלכע זײַנען געווען זייער באַליבט בײַ ייִדן, ווי למשל, דער „אתּה נותן יד" פֿון נעילה, די יום־כּיפּור־דיקע „עבֿודה" און אויך אַנדערע. בצלאל שץ האָט בעצם אַוועקגעלייגט דעם גרונטשטיין פֿאַר נוסח פֿונעם מזרח־ייִדישן חזנות פֿון אונדזער צײַט. ירוחם הקטן, ניסי בעלזער און די וואָס זײַנען געקומען נאָך זיי, זײַנען געגאַנגען אין בצלאלס וועגן. זיי האָבן געבויט אויף די יסודות, וועלכע ער האָט אַוועקגעלייגט.

ירוחם הקטנס משפּחה־נאָמען איז געווען בלינדמאַן. ער איז געבוירן געוואָרן אין 1798 און איז געשטאָרבן אין 1885. (לויט אַן אַנדער מקור — איז ער געשטאָרבן אין 1891). אויך זײַן געאָגראַפֿישער אָפּשטאַם איז ניט־קלאָר. לויט איין מקור איז ער געבוירן געוואָרן אין באַסאַראַביע, און לויט אַן אַנדערן — אין גאַליציע. ירוחם הקטן איז געווען מיט אַכט יאָר ייִנגער פֿון בצלאלן און איז געווען בײַ אים אַ משורר. קיין מוזי־קאַלישע בילדונג און מוזיקאַלישן וויסן האָט אויך ער ניט פֿאַרמאָגט. אויך ער האָט זײַנע תּפֿילות געשאַפֿן מער לויטן אינסטינקט ווי לויטן קענען די כּללים פֿון קאָמפּאָזיציע. ירוחם הקטן האָט זײַנע תּפֿילה־געזאַנגען אָנגעטאָן אין האַרמאָנישע בגדים פֿון באַזונדערן מין. ניט באַהערשנדיק די כּללים פֿון מוזיק, טעאָריע און האַרמאָניע, און שוין גאָר ניט זײַענדיק קיין בקי אין הלכות קאָנטראַפּונקט, אין פֿלעכטן צוזאַמען מערער שטימען — פֿלעגט ירוחם לויטן אינסטינקט זיך אַן עצה געבן מיט די דאָזיקע טעכנישע פּראָבלעמען און ער האָט תּמיד געטראָפֿן ריכטיק. ירוחם הקטן איז געווען זייער באַליבט בײַ די ייִדן פֿון אוקראַיִנע, פּוילן און גאַליציע. ער פֿלעגט מייניסטנס אַרומפֿאָרן מיט זײַנע משוררים, דאַוונען שבּתים, און דערנאָך געבן תּפֿילה־קאָנצערטן זונטאָג צו מנחה־מעריבֿ.

ניסי בעלזער (1906—1824) האָט געהייסן ניסן ספּיוואַק. ער איז בעצם געבוירן געוואָרן אין דער ליטע, אָבער ער האָט כּל־ימיו געלעבט אין אוקראַיִנע און אין באַסאַראַביע, אין קעשענעוו און אין באַרדיטשעוו. ער האָט נאָך אין די גאַנץ יונגע יאָרן זײַנע פֿאַרלוירן די שטימע און האָט זײַן חזנישע קאַריערע געמאַכט פֿון דאַוונען מיט אַ כאָר און מיט זײַנע תּפֿילה־קאָמפּאָזיציעס. אַ סך פֿון די שפּעטער באַרימט געוואָרענע חזנים זײַנען געווען משוררים בײַ אים. פֿון חזנים, וועלכע האָבן בײַ אים געזונגען, פֿון פּנחס מינקאָווסקין און אַנדערע, האָב איך געהערט אַ סך מעשׂיות וועגן ניסין. זעט אויס, אַז ער איז געווען אַ גרויסער כאָר־דיריגענט, וואָס האָט געהאַט אַ חוש פֿאַר קלאַנג־פֿאַרבן און איז געווען אימ־שטאַנד אַרויסצובאַקומען פֿון זײַן קאַפּעליע די צאַרטסטע טענער. ער האָט באַהערשט מײַסטערהאַפֿט די מלאָכה פֿון ניואַנסירן. אויך זײַן קאָמפּאָזיטאָרישע טעכניק איז געווען ניט־איבעריקס, אָבער וואָס עס האָט אים גע־פֿעלט אין טעכניק האָט ער, ווי ירוחם און בצלאל, ממלא געווען מיט דעם אינסטינקט. אין אַ ריי תּפֿילות באַנוצט ער אַ פּאָליפֿאָנישע, מער־שטימיקע טעכניק, ניט לויט די אָנגענומענע קאָנטראַפּונקטישע כּללים, נאָר לויט זײַן אייגענעם, „ניסי בעלזערישן" שטייגער. דער יסוד פֿון אַלע זײַנע תּפֿילות איז טראַדיציאָנעל ייִדיש.

ניסי איז געווען אַ פֿאַרברענטער סאַדיגורער חסיד און אַ גרויסער ירא שמים. טאַקע אין סאַדיגורע, בעת אַ „טורנע" איז ער געשטאָרבן אין עלטער פֿון 82 יאָר. אַבֿרהם־צבֿי אידעלסאָן, דער באַדײַטנדיקער ייִדישער מוזיק־פֿאָרשער זאָגט וועגן ניסין: „אין מזרח־אייראָפּע, וואו מען האָט געלייגט גרויסן ווערט אויף שיינע שטי־מעס, זײַנען צווישן חזנים געווען אַזעלכע, וואָס האָבן קיין שטימעס בכלל ניט געהאַט. אין מערבֿ־אייראָפּע וואָלטן אַזעלכע חזנים, פֿאַרלירנדיק די שטימע, גע־וואָרן כאָר־דיריגענטן, אָדער קאָמפּאָניסטן. אָבער אין מזרח־אייראָפּע האָט מען, מיט הונדערט יאָר צוריק, בכלל ניט געוואוסט פֿון אַזאַ מין זאַך, ווי ספּעציעל האַלטן אין שול אַ כאָר־דיריגענט אָדער אַ קאָמפּאָניסט. האָבן חזנים, נאָכן פֿאַרלירן די שטימע, אַלץ געמוזט בלײַבן חזנים און אַליין דאַוונען בײַם עמוד. עס איז מערקווירדיק וואָס דער עולם האָט עס אָנגענומען און האָט די קאָמפּענסאַציע געפֿונען אינעם געזאַנג פֿונעם כאָר, אין די פּרעכטיקע מעלאָדיעס פֿון זייערע קאָמפּאָ-

זיציעס. בלית־ברירה האבן די הייזעריקע חזנים געשריבן זייערע תפילות אזוי, אז זיי גופא זאלן האבן וואס ווייניגער צו זינגען. דערפאר האבן זיי זיך באמיט, אז די כארן זייערע זאלן באשטיין פון וואס מער שיינע שטימעס. בעת א חזן, וואס האט אליין פארמאגט א שיינע שטימע, האט דעם כאר באנוצט בלויז ווי א מין באגלייטער, פאר אזוי גערופענע „רעספאנסן" און בלויז אמאל זיי געגעבן צו זינגען א גרעסערן טייל אין דער תפילה, האבן די „הייזעריקע חזנים" זייערע רעליגיעז־מוזיקאלישע געפילן אין די תפילות אויסגעדריקט בעיקר דורך דעם כאר. די משוררים פלעגן האבן צו זינגען סאלא. זיי פלעגן אויך זינגען דועטן, טערצעטן און קווארטעטן, און בעצם פלעגן זיי, די משוררים, אויספילן דעם גאנצן דאוונען. עס איז דעריבער צו פארשטיין פארוואס א סך פון ניסיס משוררים זיינען אליין שפעטער געווארן בארימטע חזנים. זיי האבן דאך שוין ווי משוררים ביי ניסין אין כאר דורכגעפירט פונקציעס, וואס עס פירט געווינטלעך דורך דער חזן. צוליב די דאזיקע תנאים, — שרייבט אידעלסאן, — האט ניסי געשאפן א נייעם זשאנער אין תפילה־געזאנג, א סטיל, וואס איז געבויט אויף כאר־געזאנג, אבער גיט א סך ארט דעם משורר פאר סאלאס, — א סטיל, אין וועלכן די פונקציע פונעם חזן ווערט פארטיילט צווישן עטלעכע משוררים־סאליסטן.

ניסיס חוש פאר הארמאניע איז געווען שטארקער אנטוויקלט ווי ביי זיין פארגענגער ירוחם הקטן. פון צייט צו צייט באנוצט ניסי די פארעם פון א קאנאן, אמאל פון א פוגעטא, פון א ראנדא. ניסי האט געהערט צו די דאזיקע חזנים, וועלכע פלעגן דעם גרעסטן טייל פון יאר ארומפארן מעיר לעיר, דאוונען שבתים און דערנאך געבן מנחה־קאנצערטן. ווי א קאמפאזיטאר האט ניסי פארמאגט א רייכע מוזיקאלישע פאנטאזיע. ער האט באזונדערס ליב געהאט די וואריאציעס־פארעם, דאס מיינט צו וואריאירן א באשטימטע מעלאדיע, און ער האט דערביי ארויסגעוויזן א סך קונציקייט. ער פלעגט אפט זיך באנוצן מיט מעלאדיעס, וועלכע ער פלעגט אויפכאפן פון די מיליטערישע קאפעליעס אין רוסלאנד גופא, אדער פון די קור־ארקעסטרעס אין מאריענבאד, קארלסבאד, פראנצענסבאנד, א ניגון פון א בעליני־אדער דאניצעטי־אפערע, אמאל אויך א מאל־דאוויש וואלעכל, אדער אן אוקראינישע „דומקע". אבער די דאזיקע „געליענע" פרעמדע מעלאדיעס פלעגן ביי ניסין, דורך צוגעבן א קנייטש, א ניואנס, דורך ענדערן אמאל דעם ריטעם, פארוואנדלט ווערן אין יידישע ניגונים.

ניסי בעלזערס שאפונגען ווארטן נאך אויף א יידישן פארשער פון הויכן ראנג, וועלכער זאל זיי אנאליזירן, ניט לויט זייער אביעקטיוון מוזיקאלישן ווערט און סובסטאנץ, נאר לויט די באדינגונגען פון זיין צייט, לויט די גייסטיקע און עסטעטישע השגות, וואס האבן באהערשט אין יענער תקופה די יידישע גאס.

• . •

צוויי באדייטנדיקע חזנים זיינען געווען די ביידע ווייַנטראַאובס דער פאטער שלמה ווייַנטראַאוב וועמען מ'האט צוליב דער פארב פון זיינע האר גערופן „קאשטאן", און דער זון הירש. דער פאטער ווייַנטראַאוב (1828—1780) איז געבוירן געווארן אין אלט־קאנסטאנטין. ער האט פארמאגט א פרעכטיקע שטימע און א קאלאראטור, וואס האט אים מעגלעך געמאכט צו זינגען פאסאזשן, וועלכע מע שפילט געווינטלעך בלויז אויף אינסטרומענטן. יארן לאנג איז ער געווען חזן אין דובנע, אבער ער איז מייסטנס ארומגעפארן ווי א „גאסטראליאר". — אין דובנע — דערציילט אידעלסאן — פלעגט קאשטאן דאוונען בלויז די ימים־נוראים. קאשטאן איז אימשטאנד געווען אין א געוויינלעכן שבת צו שאפן מיט זיין זינגען אין שול א יום־כיפור־שטימונג, און גלייך אויפן ארט אריבערגיין מיגון לשמחה. זיינע תפילה־קאמפאזיציעס זאגן עדות אויף א פיינעם, איידעלן, קינסטלערישן געשמאק. ער האט געהאט א תלמיד — זיין אייגענעם ברודער נחום־לייב, וואס איז געווען א פיינער חזן אין בארדיטשעוו. אבער זיין הויפט־יורש אין חזנות איז געווען זיין זון הירש ווייַנטראַאוב (1882—1811), וועלכער איז נאכן פאטערס טויט געווארן זיין נאכפאלגער אין דובנע, און איז שפעטער געווארן זייער בארימט סיי ווי א חזן און סיי ווי א תפילה־קאמפאניסט.

הירש ווייַנטראַאוב האט ניט פארמאגט אזא וואונדערלעכע שטימע ווי עס האט פארמאגט זיין פאטער קאשטאן, אבער אויך ער איז געווען א פרעכטיקער חזן און זייער באדייטנדיקער תפילה־קאמפאזיטאר. ווייַנטראַאוב האט גאנץ גוט געשפילט פידל. ער איז שוין יא געווען מוזיקאליש געבילדעט, האט שוין א סך געוואוסט פון דער אייראפעאישער מוזיק־קולטור, איז געווען ווי מע וואלט היינט געזאגט — מערבדיק אריענטירט. ער איז געווען באאיינפלוסט פון זולצערן און האט זיינע תפילות פארפאסט אין זולצערישן סטיל, וואס מיינט, ער האט דעם טראפ געלייגט מער אויף דער קלאסישער פארעם איידער אויפן „פינטעלע ייד". ער איז געווארן חזן אין דייטשישן קעניגסבערג און האט געשטערבט צו זיין „מאדערן". — זיינע ווערק — שרייבט אידעלסאן — פעלט ווארעמקייט, נשמה.

אידעלסאן איז ניט גערעכט. צוגלייך מיטן כלומרשט „מאדערנעם" סטיל אין זיינע תפילות, האט הירט ווייַנטראַאוב געשאפן א ריי תפילות אין א הארציקן, טראדיציאנעלן, יידישן נוסח. ער האט אויך באארבעט די ווערק פון זיין פאטער. ביידנס ווערק, שלמהס און הירשס ווייַנטראַאובס, האבן א סך חסידים אין דער חזנישער וועלט, די ווערק ווערן הויך געשעצט און זיינען באליבט ביי אלע חזנים אין מזרח־אייראפע.

ווײַנטראַאוב האָט איבערגעלאָזט בערך 40 השכּיבינוס, צענדליקער אב הרחמימס, אַ סך ושמרוס, אַ גרויסע צאָל ומפּני חטאנו, און אַ סך ווערק זײַנע זײַנען געבליבן אין כּתב־יד, ניט־פֿאַרעפֿענטלעכט. זיי געפֿינען זיך אין „היברו יוניאָן קאַלעדזש" אין סינסינעטי. ד"ר חיים העריס פֿון פֿילאַדעלפֿיע דערציילט אין זײַן „תּולדות הנגינה והחזנות בישׂראל", אַז אויף דער עלטער האָט ווײַנטראַאוב פֿאַרלאָזט דעם רעפֿאָרמירטן טעמפּל אין קעניגסבערג און האָט געדאַוונט אין אַ ליטווישן בית־המדרש. אַ תּלמיד פֿון הירש ווײַנטראַאוב איז געווען דער וואונדערלעכער חזן ברוך־לייב ראָזאָווסקי פֿון ריגע, וואָס געהערט געאָגראַפֿיש צו אַן אַנדער רעגיאָן פֿון רוסלאַנד, און ניט צום אוקראַיִנישן חזנות.

• . •

אַ פּאָר ווערטער וועגן וועלוועלע שעסטאָפּאָל (1872—1823) אָדער וועלוועלע כערסאָנער, ווי מע האָט אים גערופֿן. זײַן כערסאָנער קהילה האָט אים געשיקט צו זולצערן, ער זאָל בײַ אים לערנען די תּורה פֿון דעם רעפֿאָרמירטן ייִדישן גאָטעסדינסט. שעסטאָפּאָל איז געווען אַ משׂכּיל, ער האָט געהאַט שטאַרקע נייגונגען צו „אייראָפּעאיזם", אָבער אין זײַנע תּפֿילה־שאַפֿונגען איז ער פֿאַרבליבן אין די ראַמען פֿון ייִדישער חזנישער טראַדיציע פֿון מזרח־אייראָפּע. אָנשטעקנדיק זיך מיט אייראָפּעאישער מוזיק, האָט ער דאָ און דאָרט אַרײַנגעפֿלאָכטן אין זײַנע תּפֿילות אַ מעלאָדיע פֿון ווערדיס „טראַוויאַטאַ" (אין ה' זכורנו...) און אַברהם גאָלדפֿאַדען האָט „אַנטליען" בײַ אים ניגונים צו זײַן „שולמית".

• . •

אַ קאַפּיטל פֿאַר זיך אַליין איז געווען די בראָדער שול אין אָדעס מיט אירע בײדע חזנים ניסן בלומענטאַל און פּנחס מינקאָווסקי און דעם דיריגענט דוד נאָוואַקאָווסקי. די בראָדער שול (הײַנט געפֿינט זיך דאָרט דער אַרכיוו פֿון דער אָדעסער טשע־קאַ...) האָט אין משך פֿון פֿולע 80 יאָר געהאַט בלויז צוויי חזנים: ניסן בלומענטאַל און פּנחס מינקאָווסקי און איין־אײנציקן דיריגענט — דוד נאָוואַקאָווסקי. די בראָדער שול אין אָדעס איז געווען די אײנציקע שול אין גאַנץ רוסלאַנד, אין וועלכער עס האָט געשפּילט אַן אָרגל. די בראָדער שול איז געווען די ערשטע אמתע כאָר־שול אין רוסלאַנד.

ניסן בלומענטאַל איז געבוירן געוואָרן אין 1805 אין באַרדיטשעוו און האָט געלעבט ביז 1903, גאַנצע 98 יאָר. ער איז אויפגעוואַקסן אין יאַסי, רומעניע, און אין אָדעס האָט מען אים גערופֿן — „דער יאַסער". בלומענטאַל איז געווען אַ משׂכּיל, געווען באַהאַוונט אין דער אייראָפּעאישער מוזיק פֿון זײַן צײַט. ער האָט פֿאַרמאָגט אַ שיינע לירישע טענאָר־שטימע און איז געווען אַקטיוו ווי אַ חזן איבער 50 יאָר. אין דער בראָדער שול איז אַ צײַט לאַנג געווען אַ פּרעדיקער ד"ר שוואַבאַכער, וואָס פֿלעגט האַלטן זײַנע דרשות אין דײַטש. בלומענטאַל האָט אײַנגעפֿירט אין דער בראָדער שול אַ שיינעם כאָר־געזאַנג און אַ שטרענגע דיסציפּלין. ער איז געווען אַ גרויסער חסיד פֿון די קאָמפּאָזיטאָרן הײַדן, מאָצאַרט, בעטהאָווען, שובערט און מענדעלסאָן און פֿלעגט אין זײַנע קאָמפּאָזיציעס אַרײַנפֿלעכטן מעלאָדיעס פֿון די קלאַסישע אָראַטאָריעס אָדער פֿון איטאַליענישע אָפּערעס. זײַנע קאָמפּאָזיציעס זײַנען ווייניק אָריגינעל, הגם די ספֿירה, לכה דודים זײַנען אין רוסלאַנד זייער באַליבט. מע האָט זיי געזונגען אין אַלע כאָר־שולן אין גאַנץ רוסלאַנד. אַ חזן איז בלומענטאַל געווען זייער אַ גוטער. מינקאָווסקי האָט וועגן אים אָפּט גערעדט און ער האָט אים אַלע מאָל שטאַרק געלויבט.

פּנחס מינקאָווסקי, וועמען דאָס פֿאָלק האָט גערופֿן „פּיני", איז אין אַ געוויסן זינען געווען אַ חד בדרא. געבוירן אין בעלע־צערקאָוו, די ייִדן האָבן זי גערופֿן „שוואַרץ־טומאה", בײַ אַ טאַטן, אַ בעל־תּפֿילה, איז פּנחס מינקאָווסקי שוין אין די יונגע יאָרן געוואָרן באַקאַנט ווי אַ פֿײַנער חזן און פֿילזײַטיקער משׂכּיל. ער האָט פֿאַרבראַכט אַ צײַט אין ווין, האָט דאָרט שטודירט געזאַנג בײַם פּראָפֿעסאָר ראַקיטאַנסקי, האָט זיך אָנגעשמעקט מיט אייראָפּעאישער מוזיק. ער האָט באַהערשט פֿולקום די דײַטשישע שפּראַך, איר ליטעראַרישן „הומאַניסטישן" סטיל. ער האָט שוין פֿון די יונגע יאָרן אָן אַרויסגעוויזן אַ נטיה צו וויסנשאַפֿטלעכער פֿאָרשונג. זײַן סעריע „כּלי־זמר בישׂראל" אין השילוח האָט אים געמאַכט אַ נאָמען פֿון אַן ערנסטן פֿאָרשער פֿון ייִדישער מוזיק, פֿון אַ געלערנטן, וועלכער נוצט בײַ זײַנע פֿאָרשונגען ניט קיין גריכישע און לאַטײַנישע מקורות, נאָר וועלכער באַזירט זײַנע פֿאָרשונגען אויף שטעלן פֿון מדרשים און משנה. ער איז אַ צײַט געווען חזן אין ניו־יאָרק, האָט באַהערשט חוץ דײַטש אויך ענגליש. זײַענדיק אַ למדן אין ש"ס און פּוסקים, דערצו, ווי געזאָגט, זײַענדיק בקי אין דער אייראָפּעאישער מוזיק — וויסנשאַפֿטלעכער ליטעראַטור, האָט מינקאָווסקי פֿאַרנומען אַ באַזונדער אָרט אין דער חזנישער וועלט אין רוסלאַנד.

מינקאָווסקי האָט פֿאַרמאָגט אַ פֿײַנעם לירישן טענאָר. זײַן קאָלאָראַטור איז געווען ניט פֿולקום. ער גופֿא פֿלעגט מאַכן וויצן אויפֿן חשבון פֿון זײַן ניט־פּערפֿעקטער קאָלאָראַטור. מיט אַזעלכע שטים־פֿענאָמענען ווי אַבראַס, באַכמאַן און ראַזומני איז פּיני מינקאָווסקי ניט־אימשטאַנד געווען צו קאָנקורירן. דאָס איז בעצם געווען דער גרונד פֿאַרוואָס מע האָט אין דער בראָדער שול אַוועקגעשטעלט אַן אָרגל. מע האָט דאָרט הויך אַנטוויקלט דעם כאָר־געזאַנג. אין דער בראָדער שול האָט געהערשט אַן אַטמאָספֿער ווי אין אַ „ליבעראַלן" טעמפּל אין בערלין, אָדער אין אַ זולצערישן טעמפּל אין ווין. עס האָט געפֿעלט וואַרעמקייט פֿון אַ בית־הכּנסת. הײַנט די שטרענגע דיסציפּלין, דאָס ניט טאָרן אויסרעדן אַ וואָרט בעתן דאַוונען! ייִדן זײַנען צו דעם ניט געוואוינט געווען. דאָך איז די שול תּמיד געווען

געפּאַקט, אָבער נאָכן אָפּדאַוונען אין דער בראָדער שול זײַנען ייִדן געלאָפן נאָך „אַרײַנצוכאַפּן" עפּעס בײַ ראַזומנין, שפּעטער בײַ רויטמאַנען און שטיינבערגן. די בראָדער שול האָט נאָך פונקציאָנירט עטלעכע יאָר אונטער די באָלשעוויקעס. איך האָב דאָרט איינמאָל געדאַוונט ימים־נוראים אין 1920. צווישן די דאַוונערס זײַנען דעמאָלט געווען ביאַליק, טשערניכאָווסקי, פּיכמאַן און אַנדערע. ביאַליק האָט ראש־השנה געהאַלטן אַ מוטיקע דרשה. דער דראַנג אַרײַנצוקומען אין שול איז געווען אַזוי גרויס, אַז מע האָט געמוזט ברענגען די פּאָליציי צו האַלטן אָרדענונג. ווען די פּאָליציסטן האָבן ניט געקאָנט אָפּהאַלטן דעם עולם, וואָס האָט זיך געריסן אין שול אַרײַן — האָבן זיי געשאָסן אין דער לופט. די שיסערײַען בײַ דער שול האָבן צוגעגעבן אַ טראַגישן כאַראַקטער דער תפילה אין יענע טעג, וועלכע זײַנען געווען גענוג טראַגיש אָן דעם אויך.

נאָוואַקאָווסקיס פּאַרטנער אין דער בראָדער שול איז געווען דוד נאָוואַקאָווסקי (1849—1921), איינער פון די באַדײַטנדיקסטע ליטורגישע קאָמפּאָניסטן, וואָס דאָס רוסישע ייִדנטום האָט אַרויסגעגעבן. נאָוואַקאָווסקי איז געווען שטאַרק באַאײַנפלוסט פונעם מוזיק־סטיל פון די דײַטשישע אָראַטאָריעס, אויך פון דער איטאַליענישער אָפּערן־ליטעראַטור. ער האָט אין אַ גרויסער מאָס באַהערשט די קאָמפּאָזיציע־טעכניק פון דער דײַטשישער שולע. ער האָט אויך ליב געהאַט צו רעדן דײַטש — און דאָך איז ער בכל רמ"ח אבריו געווען אַ ייִדישער מוזיק־שעפער, מלא וגדוש מיט טראַדיציאָנעלן ייִדישן נוסח־התפילה.

אין דער בראָדער שול איז, ווי געזאָגט, געווען אַן אָרגל. נאָוואַקאָווסקי האָט זײַנע תפילות צוגעפּאַסט צום כאַראַקטער פון דעם אָרגל. ער האָט פאַרפאַסט אַ סך „פּרעלודיעס" אין וועלכע עס פלעגן אַרײַנקומען די מעלאָדיעס פונעם „לכה דודי", פון די „ושמרו", „מגן אבות", „השכיבנו" וואָס מע האָט געזונגען יענעם ערב־שבת. הערנדיק די „פּרעלודיע", האָבן די מתפללים שוין געוואוסט וואָסערע געזאַנגען זיי וועלן צו יענעם קבלת־שבת הערן. נאָוואַקאָווסקי איז געווען זייער אַ פּראָדוקטיווער קאָמפּאָניסט. ער האָט געשאַפן אַ פּאָר טויזנט קאָמפּאָזיציעס. אַ גרויסער טייל פון זיי געפינט זיך אין ניו־יאָרק, וואוהין עס האָט זיי מיטגעבראַכט זײַן זון. די כתבי־יד פון נאָוואַקאָווסקי האָט אָפּגעקויפט דער חזנישער סעמינאַר פונעם „דזשואיש אינסטיטוט אָוו רעלידזשן" פון סטיפן ווײַז. געדרוקט זײַנען פון נאָוואַקאָווסקיס שאַפונגען בלויז געציילטע — אַן ערב־שבת, נעילה, און נאָך עפּעס.

צו יום־כפור־קטן, ערב־ראש־חודש, פלעגן מינקאָווסקי און נאָוואַקאָווסקי געבן תפילה־קאָנצערטן אין שול מיט כאָר, אַמאָל אויך מיט אָרקעסטער. זומער 1920, שוין בעתן באָלשעוויסטישן רעזשים אין אָדעס, האָב איך אַ פּאָר מאָל געהערט די דאָזיקע תפילות־קאָנצערטן, וועלכע זײַנען געווען ווי אַן אָאַזיס אינעם ים פון צרות, וואָס מע האָט געהאַט אויסצושטיין פון די באָלשעוויקעס אין יענע טעג, חדשים און יאָרן.

• . •

אַן אינטערעסאַנטע פיגור אין אוקראַיִנישן חזנות איז געווען זיידל מאַרגאָווסקי, באַקאַנט אונטערן נאָמען זיידל ראָוונער (1856—1942). ער איז געווען אַ יונגער חסיד און לויטן באַפעל פונעם מאַקאַראָווער רבין איז ער געוואָרן אַ חזן און איז שוין פאַרבליבן חזן זײַן גאַנץ לעבן. ער איז געקומען צו חזנות פון חסידות, און דער חסידישער ברען האָט אין אים געפלאַקערט כל־ימיו. אין זיידל ראָוונערס תפילה־שאַפונגען שפּיגלט זיך אָפּ די אַטמאָספער פון אַ רביאישן הויף. ניגונים פון זמירות זײַנען פאַרפלאָכטן מיט נוסח־התפילה, מיט חסידישע ריקודימלעך און פאַר איינוועגס — אויך מיט מיליטערישע מאַרשן און האָפּקעס, וועלכע זײַנען אַזוי באַליבט אין חסידישע הויפן. פון די מיליטערישע קאַפּעליעס אין רוסלאַנד און פון די קור־קאַפּעליעס אין אויסלאַנד, פון זייערע פּאַפּוריס פון כל־מיני אָפּערעס זײַנען בײַ זיידל ראָוונער מגולגל געוואָרן אין זײַנע תפילות מעלאָדיעס פון בעליני, ראָסיני, דאַניצעטי, פון רוסישע מאַרשן און וואַלסן, אַמאָל אויך אַ מעלאָדיע פון סימפאָניע אָדער אַ ראָמאַנס פון טשײַקאָווסקי. די דאָזיקע מעלאָדיעס און ניגונים האָט ער ניט בלויז פאַרשטאַנען צו פאַרייִדישן, נאָר ער האָט זיי אויך פאַרחסידישט, און עס איז אַרויסגעקומען עפּעס, וואָס איז אייגנאַרטיק. יעדער מנגן, וואָס איז אַ ביסל בקי אין חזנות, וועט תיכף דערקענען אַ קאָמפּאָזיציע פון זיידל ראָוונער. ער האָט געהאַט אַ נייגונג זיך צו צעלייגן אין דער לענג און איבער דער ברייט. אין אַזאַ תפילה ווי „אמת ואמונה" איז בײַ אים פאַראַן וואָס איר ווילט: אַ סאָלאָ פאַרן באַס, אַ סאָלאָ פאַרן חזן, און עס פאַרשטייט זיך אַ סאָלאָ אויך פאַר אַ „ייִנגעלע" אַן אַלט אָדער אַ דיסקאַנט, און אויך אַ מאַרש־מאָטיוו פעלט דאָרט ניט. הכלל עס איז אַ מין פּאָפּורי פון פּאָפּולערע ניגונים, וואָס דער עולם כאַפּט זיי גרינג אויף, און האָט גוואַלדיק הנאה פון זיי. עלעמענטן פון ירוחם הקטן און ניסי בעלזער זײַנען בײַ אים געמישט מיט „שטיקלעך" פון בעליניס אַן אָפּערע־מאָטיוו, מיט טענץ פון אַן עסטרײַכישן קור־אָרקעסטער, און מיט אַ מאַרש פון רוסישע מיליטער־קאַפּעליעס.

די צווייטע העלפט פונם 19טן יאָרהונדערט און די ערשטע 15 יאָר אינעם 20סטן יאָרהונדערט ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה, זײַנען געווען אַ „גאָלדענע עפּאָכע" פון חזנות אין אוקראַיִנע. עס איז אַנטשטאַנען אַ ייִדישע ליטורגישע ליטעראַטור, וואָס איז באַדײַטנדיק אין כמות און אין איכות. די דאָזיקע תקופה האָט אַרויסגעגעבן אַ לאַנגע קייט פון חזנים־מײַסטער, זינגער־קינסטלער און תפילה־קאָמפּאָזיטאָרן פון הויכן

ראַנג. זיי אַלע אויסצוצײלן איז גאָר אוממעגלעך. מע וואָלט דערויף געדאַרפט האָבן אַ גאַנצן בוך.

שוין אין כמות איז די דאָזיקע ליטורגישע ליטעראַטור אונדזערע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין 19טן יאָרהונדערט — אַ ים ממש. געוויס ווײַט ניט אַלץ, וואָס די חזנים אין אוקראַיִנע האָבן געשאַפן איז ריינער גינגאָלד. עס איז פאַראַן אויך גענוג פסולת. אָבער אין פאַרגלײַך, לאָמיר זאָגן, מיט אַנדערע צווײַגן פון ייִדישן שאַפן, געהערן די ליטורגישע ווערק, וואָס די חזנים אין אוקראַיִנע האָבן געשאַפן, צו די טײַערסטע קולטור־אוצרות אונדזערע. לײַדער, זײַנען די ייִדישע מוזיקשאַפערס פון אונדזער צײַט ניט קיין שול־ייִדן, זײַנען ווײַט פון אונדזער נוסח־התפילה, און זײַנען ניט־באַקאַנט מיט די דאָזיקע אוצרות.

• . •

איינער פון די גאָר באַדײַטנדיקע ליטורגיקער אין יענער תקופה איז געווען אליעזר גערשאָוויטש, וואָס איז יאָרן־לאַנג געווען חזן אין ראָסטאָוו בײַם דאָן. גראָוויטש איז געווען איינער פון די ערשטע חזנים אין רוסלאַנד, וואָס האָט שוין טועם געווען אַ ערנסטע מוזיקאַלישע בילדונג. ווי אַ יונגער משורר אין דער גרויסער שול אין באַרדיטשעוו, איז ער אַוועק קיין פעטערבורג, איז אויפגענומען געוואָרן אין דער פעטערבורגער קאָנסערוואַטאָריע, וועלכע איז מיט הונדערט יאָר צוריק געגרינדעט געוואָרן פון דעם ייִדישן מוזיק־גאון אַנטאָן רובינשטיין. גראָוויטש האָט דאָרט שטודירט געזאַנג און תורת־קאָמפּאָזיציע. נאָכן פאַרענדיקן זײַן אויסבילדונג, האָט ער באַקומען אַ שטעלע פון אַ חזן אין ראָסטאָוו בײַם דאָן, און איז דאָרט פאַרבליבן זײַן גאַנץ לעבן. גראָוויטשעס חזנישע רעציטאַטיוון און ליטורגישע ווערק פאַר כאָר און חזן געהערן צו די בעסטע, וואָס דאָס אוקראַיִנישע חזנות האָט אַרויסגעגעבן. ער האָט אויסגעצייכנט באַהערשט די ליטורגישע מוזיקפאָרעם, זײַנע האַרמאָניעס זײַנען פילפאַרביק, זײַן פּאָליפאָניע (פילשטימיקייט) איז מײַסטערדיק, און דער עיקר — אַלע זײַנע ווערק זײַנען דורכאויס ייִדיש, דורכגעדרונגען מיט אמתן, ניט־געפעלשטן, טראַדיציאָנעלן גײַסט, געבויט אויף ריינעם נוסח־התפילה. גראָוויטשעס ווערק זײַנען ביז צו דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד געווען זייער באַליבט אין אַלע שולן אין וואָלין, פּאָדאָליע און אויך אין גאַליציע. אויך אין אַמעריקע זינגט מען זײַנען שאַפונגען ווי אויך אין אַנדערע לענדער, אין דער פרײַער דעמאָקראַטישער וועלט.

אין ראָסטאָוו בײַם דאָן איז געבוירן געוואָרן, און דאָרט אַ צײַט געלעבט, דער גרויסער ייִדישער קאָמפּאָניסט, וועלכער איז שוין לײַדער אויך אויפן עולם־האמת, מיכאל גנעסין (1883—1955). גנעסין, אַ תלמיד פון רימסקי־קאָרסאַקאָוו, און שפּעטער דער לערער פון דמיטרי שאָסטאַקאָוויטש, אַ גרויסער קאָמפּאָזיטאָר און מוזיקער פון הויכער גײַסטיקייט, האָט געהאַלטן פון גראָוויטשן אַן עולם־ומלואו. גנעסין האָט אין די צוואַנציקער יאָרן געוואוינט אין בערלין, ווען אויך איך האָב דאָרט געוואוינט. מיר פלעגן זיך אָפט טרעפן, און פון אים האָב איך געהערט אַ מעשה וועגן גראָוויטשן, וואָס איז כדאַי דאָ צו דערציילן.

אין ראָסטאָוו בײַם דאָן, איז, ווי אין יעדער גרויסער רוסישער שטאָט, געווען אַ קאַטעדראַלע וועלכע האָט פאַרמאָגט אַ פּרעכטיקן כאָר און האָט געהאַט אַ געבילדעטן דיריגענט, אַ טאַלאַנטירטן מוזיקער. דער דאָזיקער דיריגענט איז געווען אַ גרויסער חסיד פון גראָוויטשן, און פלעגט אָפט קומען צו אים אין שול אַרײַן אים הערן דאַוונען מיט זײַן כאָר. איינמאָל האָט דער רוסישער כאָר־דיריגענט פון דער ראָסטאָווער קאַטעדראַלע פאָרגעשלאָגן גראָוויטשן, ער זאָל פאַרפאַסן אַ תפילה אויף אַ אַ רוסישן טעקסט, אַז ער, דער רעגענט זאָל מיט זײַן כאָר זינגען אין דער קאַטעדראַלע. גראָוויטש, אַ טיף רעליגיעזער ייִד, האָט ניט געזען קיין שום סתירה אין דעם, וואָס קריסטן וועלן זינגען אין זייער קאַטעדראַלע אַ תפילה, וואָס ער האָט, מוזיקאַליש, געשאַפן. ער האָט בלויז ניט געוואָלט אַז זײַן נאָמען זאָל אָנגעגעבן ווערן ווי דער פאַרפאַסער פון דער דאָזיקער תפילה, ווײַל ער האָט געהאַט אַ יסוד אָנצונעמען, אַז דאָס קאָן אַרויסרופן אַ קעגנערשאַפט סײַ מצד זײַנע שול־באַלעבאַטים און סײַ מצד די פּראַוואָסלאַווע דאַוונער אין דער קאַטעדראַלע. האָט דער רעגענט זײַן נאָמען פאַרגויאישט: אַנשטאָט גראָוויטש, האָט ער פאַרן מחבר פון דער נײַער תפילה אָנגעגעבן דעם נאָמען „יעגאָריטשעוו", און אונטער דעם דאָזיקן נאָמען איז די תפילה געזונגען געוואָרן אין דער ראָסטאָווער קאַטעדראַלע, און איז די פּראַוואָסלאַווע גאָטבעטער זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן.

גראָוויטשעס „שירי תפילה" און „שירי זמרה" זײַנען, אגב, דאָ מיט עטלעכע יאָר צוריק אַרויסגעגעבן געוואָרן פונעם „דזשואיש אינסטיטוט אָוו רעלידזשן", און זיי ווערן אָפט געזונגען אויך אין אַמעריקע. זײַנע תפילות צו ימים־נוראים זײַנען אמתע פּערל פון אונדזער ליטורגישער ליטעראַטור.

• . •

א. דונײַעווסקי איז יאָרן־לאַנג געווען כאָר־דיריגענט אין דער גרויסער שול אין אָדעס. ער איז געווען אַ זייער פּרוכטבאַרער ליטורגישער קאָמפּאָניסט. זײַנע תפילות זײַנען זייער מעלאָדיש. ער באַהערשט גוט די מלאכה פון שרײַבן פאַר כאָר־שטימען, זײַנע האַרמאָניעס זײַנען קלאַנגפול און דאָס האָט זײַנע ווערק געמאַכט זייער באַליבט איבער גאַנץ רוסלאַנד. דונײַעווסקיס „קדושה" פלעגט מיטן כאָר זינגען ראַזומני אין זײַן שול, און עס האָבן די דאָזיקע „קדושה" ליב געהאַט סײַ די מתפללים און סײַ די חזנים אין אוקראַיִנע, ליטע, פּוילן, גאַליציע. דונײַעווסקי (1843—1911), האָט אָפט אַרײַנגעפלאָכטן אוקראַיִנישע מעלאָדיעס אין זײַנע תפי־

לות (אין „ושמרו״, „ויכולו״ א״אַ.) ווי אַן אָדעסער תושב און מנגן, פֿלעגט ער אָפֿט גיין הערן איטאַליענישע און רוסישע אָפּערעס אין דעם פּרעכטיקן אָדעסער שטאָטישן טעאַטער, און אויך דאָס פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט זיך אָפּשפּיגלען אין זײַנע תפילה־קאָמפּאָזיציעס. דונײַעווסקי האָט אין זײַנע תפילות געשטעלט דעם טראָפּ מער אויף אַ שיינעם ניגון, אויף אַ זיסע מעלאָדיע און קלאַנגפֿולע האַרמאָניע, ווי אויף נוסח־התפילה. אָבער דעם עולם מתפללים האָט עס ווייניק וואָס געשטערט. מע האָט זײַנע תפילות געזונגען איבער גאַנץ אוקראַיִנע, און אויך אין די אַנדערע געביטן פֿון רוסלאַנד און פּוילן, און עמך האָט זיי זייער ליב געהאַט.

די באַרימטסטע איטאַליענישע זינגערס פֿון יענער צײַט פֿלעגן דאַמאָלט אָפֿט קומען קיין רוסלאַנד און אויפֿטרעטן אויך אין אָדעס, וואו מע האָט שטאַרק ליב געהאַט איטאַליעניש געזאַנג. אַ מײַסטערדיקן „בעל קאַנטאָ״ פֿון אַ באַטיסטיני אָדער די טרעלן און סטאַקאַטאָס פֿון אַ פֿינצי מאַגריני, האָבן די אָדעסער חזנים אַ סך „געגנאַשט״ פֿון די וואָקאַלע קונצן פֿון די גרויסע איטאַליענישע זינגערס און זינגערינס. די חזנים אין אָדעס, וואָס איניקע פֿון זיי זײַנען געווען פּונקט אַזעלכע שטים־פֿענאָמענען און וואָקאַלע ווירטואָזן ווי די באַרימטע איטאַליענישע „שטערן״, פֿלעגן אין זייערע תפילות, שטייענדיק בײַם עמוד, אימיטירן זייערע איטאַליענישע „קאָלעגעס״. ראַזומני פֿלעגט דעם „השיבנו ה׳״ פֿאַר סגירת־הארון זינגען לויטן ניגון פֿון דער נאַדיר־אַריע אין ביזעס „פּערלענפֿישער״. אין דער גרויסער קעשענעווער כאָר־שול האָב איך דאָס זעלבע געהערט אין 1921 פֿון חזן ציפּריס, וואָס איז געווען ראַזומניס אַ משורר און אַ תלמיד. דער שיינער לירישער ניגון פֿון דער אַריע גראַמט זיך קוים מיטן טעקסט. אָבער עס איז נאָך אַלץ בעסער ווי דאָס זינגען צו קבלת־שבת אַ תפילה מיטן ניגון פֿונם רוסישן „קאָל סאַווען״, וואָס איך האָב אין טעמפּל עמנואל אין ניו־יאָרק געהערט אַ סך מאָל...

מיר זײַנען אין דעם פּרט ניט קיין אויסנאַם. די רוסן פֿלעגן זיך שוין מיט 150 יאָר צוריק באַקלאָגן אויף די „איטאַליענישע עלעמענטן״ אין די ליטורגישע ווערק פֿון אַ באָרטניאַנסקי, זייער באַדײַטנדיקסטן ליטורגישן קאָמפּאָניסט. אויך די קאַטאָליקן פֿלעגן זיך אָפֿט באַקלאָגן אויף די „אָפּערע־עלעמענטן״ אין די ווערק פֿון זייערע ליטורגיקער. און דאָ אין ניו־יאָרק האָבן איך מיט עטלעכע יאָר צוריק געהערט פֿון דעם באַרימטן רוסישן קאָמפּאָניסט אַלעקסאַנדער גרעטשאַנינאָוו, וואָס איז הי געשטאָרבן אין עלטער פֿון עטלעכע און נײַנציק יאָר, אַז אין דער רוסישער ליטורגישער מוזיק זײַנען נאָך אַלץ שטאַרק „דער דײַטשישער און איטאַליענישער אײַנפֿלוס״.

דונײַעווסקיס ליטורגישע ווערק זײַנען אין דעם פּרט כאַראַקטעריסטיש פֿאַרן גײַסט פֿון יענער צײַט. ער איז אָן ספֿק געווען אַ טאַלאַנטירטער מעלאָדיקער, אַן אײַגנשאַפֿט, וועלכע מע טרעפֿט אַלץ זעלטענער און זעלטענער בײַ די הײַנטיקע מוזיק־שעפֿער. ער האָט פֿאַרמאָגט אַן אײַנגעבוירענעם חוש פֿאַר די אײַגנשאַפֿטן פֿון דער מענטשלעכער שטימע, האָט גוט געוואוסט ווי צו מאַניפּולירן מיט וואָקאַלע עפֿעקטן, סײַ פֿאַרן חזן און סײַ פֿאַרן כאָר. און האָבנדיק צו שרײַבן אַ קאַנטאָר־סאָלאָ פֿאַר אַזעלכע גרויסע זינגערס, וועלכע זײַנען דעמאָלט געווען צווישן די חזנים, פֿלעגט ער די סאָלאָס אַזוי צושנײַדן, אַז דער חזן זאָל קאָנען מיט זיי מרעיש־עולם זײַן. זײַנע קאַנטאָר־סאָלאָס זײַנען באַצירט מיט כל־מיני קאָלאָראַטור־־פּאַסאַזשן און רולאַדן, און זײַנען פֿול מיט געזאַנגלעכע עפֿעקטן און קאַדענצן אינעם נוסח פֿון די פּאָפּולערע אָפּערע־אַריעס. ער באַנוצט אַמאָל אַ רעטשיטאַטיוו־פֿאָרעם און באַגלייט דעם רעטשיטאַטיוו פֿונעם חזן מיט אַ פֿירשטימיקן כאָראַל פֿאַר מענער און קינדער־שטימעס. היות ווי אויך אין זײַן כאָר פֿלעגן זיך געפֿינען פּרעכטיקע זינגערס מיט וואונדערלעכע שטימעס, פֿלעגט דונײַעווסקי שרײַבן אויך סאָלאָס פֿאַר אַ באַריטאָן אָדער אַ באַס (אין „מן המצר״, „נעריצך״, „ממקומך״ וכד׳) ווי אַ קאָנטראַסט צו די טענאָראַלע קאַנטאָר־סאָלאָס פֿון חזן. אַמאָל פֿלעגט ער אויך שרײַבן אַ סאָלאָ פֿאַר אַ „יִנגעלע״ — אַן אַלט (לא אמות און אַנדערע).

דונײַעווסקי איז האַרמאָניש ניט אַזוי פֿאַנטאַזיערײַך און ניט אַזוי דערפֿינדעריש ווי נאָוואַקאָווסקי. ער איז אויך ניט אַזאַ פּאָליפֿאָניסט ווי נאָוואַקאָווסקי. זײַנע מאָדולאַציעס זײַנען לרוב קאָנסערוואַטיוו. ניט זעלטן איז ער פּשוט טריוויאַל. אָבער ער איז תמיד מעלאָדיש און „השכיבנו״, „ושמרו״, „מן המצר״, „נעריצך״ און אַנדערע ווערק דונײַעווסקיס זײַנען געוואָרן „רעפּערטואַר״־ווערק אין אונדזער ליטורגישער ליטעראַטור. ווען אַזאַ חזן ווי ראַזומני האָט געזונגען דעם „כבודו מלא עולם״ — האָט דער עולם דונײַעווסקין מוחל געווען די טריוויאַליטעט פֿון דער מעלאָדיע.

• . •

אין דער ריי פֿון באַדײַטנדיקע תפילה־קאָמפּאָזיטאָרן, וואָס דאָס אוקראַיִנישע ייִדנטום האָט אַרויסגעגעבן, געהערט אויך שמואל אַלמאַן (1879—1947), וועלכער האָט איבער 40 יאָר פֿון זײַן לעבן פֿאַרבראַכט אין לאָנדאָן, וואו ער איז געווען כאָר־דיריגענט אין אַ שול און האָט געשאַפֿן אַ גרויסע צאָל תפילות פֿאַר חזן און כאָר. אויך ער האָט שוין, ווי גערשאָוויטש, באַקומען אַ סיסטעמאַטישע מוזיק־בילדונג אין לאָנדאָנער „ראָיאַל קאַלעדזש אָוו מיוזיק״, און דאָס פֿילט מען דײַטלעך אין זײַנע ווערק. ער שרײַבט שוין ניט ווי אַן אויטאָדידאַקט, נאָר ווי אַ מוזיקער, אַ פֿאַכמאַן. ער האָט, אגב, אָנגעשריבן אויך אַן אָפּערע „מלך אחז״, און אויך אַ ריי קאַמער־מוזיקאַלישע ווערק. געבוירן אין קעשענעוו, האָט אַלמאַן צוערשט שטודירט מוזיק אין דער

אַדעסער מוזיק־שול, איז געווען אין רוסישן מיליטער, האָט דאָרט געשפּילט אין דער מיליטערישער קאַפּעליע. נאָכן קעשענעווער פּאָגראָם, האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין לאָנדאָן און דאָרט האָט ער, אין משך פון 40 יאָר, געשאַפן אַ ריי תּפילה־קאָמפּאָזיציעס „אין גייַסט פון ניסי בעלזער און בצלאל אָדעסער”, ווי ער אַליין שרייַבט אין דער הקדמה צו זייַן „סדר תּפילות לשבת וחול”. ניט אין אַלע ווערק גיט זיך אייַן אָפּצוהיטן טהרת־הנוסח, אָבער אַ סך פון זייַנע תּפילות געהערן צום בעסטן, וואָס אוקראַיִנישע ייִדישע מוזיקערס האָבן געשאַפן אויפן ליטורגישן געביט.

עס איז נאָך כּדאַי צו דערמאָנען בצלאל בּרון, דעם כאָר־דיריגענט פון ניקאָלאַיעוו, דעם ברודער פון דער באַרימטער אָפּערע־זינגערין קלאַראַ בּרון־קאַמיאַנסקי, וועמעס קאָמפּאָזיציעס זייַנען אין רוסלאַנד געווען זייער באַליבט.

• • •

אַ ריי חזנים אין אוקראַיִנע זייַנען געווען באַרימט ניט נאָר מיט זייערע שטימעס און געזאַנג־מייַסטערשאַפט נאָר אויך מיט זייער „זאָגן”. זיי זייַנען געווען געבענטשט מיט אַ טאַלאַנט פון אימפּראָוויזאַציע, אַ זאַך וואָס איז אין אונדזער צייַט, ווי שוין אויבן באַטאָנט, כּמעט נישט בנמצא מער, ניט נאָר צווישן זינגערס, נאָר אויך צווישן די אינסטרומענטאַליסטן און אַפילו קאָמפּאָזיטאָרן. האָט אויף אַזאַ חזן „גערוט די שכינה”, איז ער געווען אין שטימונג — האָט ער געזונגען בייַם עמוד ווי אין אַ טראַנס און האָט אָפּט געמאַכט ציטערן די הערצער פון די מתפּללים. ניט ער האָט אין אַזאַ צושטאַנד געזונגען אַ תּפילה צו גאָט, נאָר די תּפילה האָט ווי פון אים אַרויסגעזונגען, און איז געפלויגן צום איבערשטן. די מתפּללים פלעגן אין אַזעלכע מאָמענטן זייַן עדות פון אַ שעפערישן פּראָצעס, אַן אומבאַוואוסטן, אַן אינסטינקטיוון. איך האָב אַמאָל בייַ דוד רויטמאַן געהערט אַזאַ מין „זאָגעכץ” צו נעילה, ווען דער כאָר האָט אים נאָר געהאַלטן אַ טאָן און ער איז מיט זייַנע מוזיקאַלישע געדאַנקען געפלויגן אין די עולמות־העליונים. דאָס איז געווען אַזוינס, וואָס מע קען אין לעבן ניט פאַרגעסן. צומאָרגנס האָט ער אַליין ניט געוואוסט מער, וואָס ער האָט צו נעילה „געזאָגט”.

גרשון סיראָטאַ, דוד רויטמאַן, יאָסעלע ראָזענבלאַט, דוד־משה שטיינבערג, זייַנוול קוואַרטין און אַ ריי אַנדערע זייַנען געווען גרויסע חזנים. זיי האָבן פאַרמאָגט וואונדערלעכע שטימעס, זיי זייַנען געווען פּרעכטיקע זינגערס און דערצו אויך פון גאָט אַליין געבענטשט מיט דעם טאַלאַנט פון אימפּראָוויזירן. זיי זייַנען געווען אימשטאַנד, לויט בעטהאָווענס דעפיניציע פון דעם מהות פון מוזיק, „אויסצוהאַקן פונקען פון דער מענטשלעכער נשמה”. אויך בייַ די אומות־העולם זייַנען אַזעלכע שטימעס, ווי זיי האָבן פאַרמאָגט, ניט קיין דבר שבכל יום. קיין קאַרוזאָס, דזשיליס, שאַליאַפּינס, באַטיסטיניס זייַנען ניט פאַראַנען אין אונדזער צייַט. קען זייַן, אַז אין אַ דור אַרום וועלן זיך ווידער באַווייַזן זינגערס פון זייער פאַרנעם. אָבער לעת־עתּה זייַנען זיי ניט בנמצא.

די דאָזיקע גרויסע חזנים פון אוקראַיִנע זייַנען געווען די לעצטע רעפּרעזענטאַנטן פון דער „גאָלדענער תּקופה” אין מזרח־אייראָפּעאישן חזנות, וואָס איז הייַנט, ליידער, שוין אַן אָפּגעשלאָסן קאַפּיטל. זיי אַלע זייַנען שוין אויפן עולם־האמת. פון יענער „גאָלדענער תּקופה” לעבן נאָך אחד בעיר ושנים במדינה. און דאָ דאַרף דער ערשטער אין דער ריי דערמאָנט ווערן דער חזן פּנחס סעגאַל, באַקאַנט אונטערן נאָמען פּינטשיק, וואָס זייַן „רזא דשבת” און „מה נאמר” זייַנען אמתע דימענטן פון מזרח־אייראָפּעאישן חזנות. פּינטשיק, אַ דורכויס מאָדערנער מענטש, אַ גוטער פּיאַניסט און מוזיקער, איז ווי אַ קינסטלערישע דערשייַנונג אַ שטיקל נס. אַ זשיוואָטאָווער ייִנגל פון אַ חסידישער משפּחה, פלעגט ער שפּילן אינדערוואָכן אין אַ קיִעווער קינאָ אויף אַ פּיאַנע און צו קבלת־שבת און שבת פאַרמיטאָג פלעגט ער אויפטרייסלען די הערצער פון ייִדן פאַרן עמוד אין אַ שול אויפן פּאָדאָל. מיט זייַנע האַרציקע תּפילות, אין גייַסט און אין טראַדיציאָנעלן נוסח, ווי עס האָבן, פופציק יאָר פאַר אים, אויסגעזונגען זייערע תּחנונים צום רבונו־של־עולם אַ ירוחם הקטן און אַ בצלאל אָדעסער. פּינטשיק איז אויך אַ „זאָגער”, אַן אימפּראָוויזאַטאָר. ער איז אַ מוזיקאַלישער משׂכּיל, באַהערשט די מלאכה פון קאָמפּאָנירן ווי יעדער גוטער מוזיקער אין אונדזער צייַט, דערצו איז ער אַ וואונדערלעכער זינגער מיט אַ צאַרטער לירישער טענאָר־שטימע, אַ פּערלדיקער קאָלאָראַטור, און מיט אַ „זיס מויל” ווי די חזנישע ענטוזיאַסטן האָבן ליב זיך אויסצודריקן.

לייב גלאַנץ, איצט חזן אין מדינת־ישׂראל, געהערט אויך צו דער קאַטעגאָריע פון חזנים מיט אַן אייגענעם חזנישן פּרצוף און כּתב־יד. ער איז אַ טרעגער פון דער באַסאַראַבער חזנישער טראַדיציע, בעת פּינטשיק איז אַ יורש פונעם חזנות פון פּאָדאָליע און וואָלין. ביידנס איז אוקראַיִניש חזנות. עס זייַנען צווישן זיי פאַראַן ניואַנסן אין קנייטשן, וואָס לאָזן זיך דערקענען. אויך גלאַנצס שאַפונגען ווי „שמע ישׂראל”, „טל” און אַנדערע, זייַנען חזנישע פּערל. אויך ער איז אַ „זאָגער” און אַ חזן מיט אַ שיינער לירישער שטימע און ווירטואָזער טעכניק. אויך ער שפּילט, אַגבֿ, גאַנץ גוט פּיאַנע. ירוחם הקטן, ניסי בעלזער, זיידל ראָוונער אָדער יאָסעלע ראָזענבלאַט האָבן דאָס ניט געקאָנט. עס זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן משה גאַנטשאָף, אַן אָדעסער לויט געבורט און לויט דער חזנישער ירושה, און איציק שטיינבערג ע״ה, משה שטיינבערגס ברודער, וואָס איז געווען אַ באַרימטער אָפּערע־זינגער און איז אין אַמעריקע געוואָרן חזן.

עס איז, ווי געזאָגט, אַן אָפּגעשלאָסן קאַפּיטל, וואָס

וואָרט נאָר אויף אַ פֿאָרשער און היסטאָריקער פֿון ראַנג, וואָס זאָל עס גרינטלעך אויספֿאָרשן. מיר לעבן אין אַ צײַט פֿון דזשעטס און מיסילס און פֿון אַטאָם־און הידראָגען־באָמבעס, אין אַ צײַט פֿון ראַדיאָ און טעלעוויזיע. אין דער תקופֿה פֿון ירוחם הקטן און בצלאל שץ זײַנען נאָך אַפֿילו קיין גראַמאָפֿאָנען ניט געווען. ווען די גראַמאָפֿאָנען זײַנען אויפֿגעקומען, האָבן זיי גלײַך געוואָרפֿן אַן אויג אויף די חזנים. סיראָטאַ, קוואַרטין, הערשמאַן, רויטמאַן, ראָזענבלאַט און אַ סך אַנדערע, פֿינטשיק און גלאַנץ בתוכם, האָבן זייערע תּפֿילות אַרײַנגעזונגען אויף פּלאַטעס. קאָנען מיר הײַנט הערן זייער געזאַנג און דאָס וועלן קאָנען הערן אויך אַלע שפּעטערע דורות עד קץ העולם. פּינחס מינקאָווסקי האָט זיך אָפּגעזאָגט אַרײַנצוזינגען זײַנע תּפֿילות אין גראַמאָפֿאָן און דאָס איז אַ שאָד. אַ גרויסער שאָד. צום גליק זײַנען די אַנדערע ניט געגאַנגען אין זײַנע דרכים.

א. ר. מלאכי

# די ייִדישע־פּרעסע אין דרום־רוסלאַנד

אַ טייל צײַטונגען וואָס זײַנען אין דעם אַרטיקל באַשריבן האָב איך איצט ניט געקענט באַקומען און זיך באַנוצט מיט זײַטיקן מאַטעריאַל (זאָל דערמאָנט ווערן א. קירזשניצעס ביבליאָגראַפיע די יידישע פרעסע אין ראַטנפאַרבאַנד, מינסק, 1928). די מערסטע צײַטונגען וואָס איך האָב פאַר זיך געהאַט געפינען זיך אין דער ייִוואָ־ביבליאָטעק אין ניו־יאָרק.

## א

אוקראַיִנע איז געווען די מאַמע פון דער ייִדישער פּרעסע אין רוסלאַנד.

קול מבשׂר, דאָס ערשטע ייִדישע בלאַט, איז דערשינען אין אַדעס. אין אַדעס הייבט זיך בכלל אָן די געשיכטע פון דער ייִדישער פּרעסע אין רוסלאַנד. דאָרט זײַנען אין 1860 דערשינען די ערשטע צוויי רוסיש־ייִדישע אָרגאַנען: דער ראַזסוועט, אַרויסגעגעבן דורך יוסף ראַבינאָוויטש און חיים טאַרנאָפּאָל, און לעאָן פּינסקער־עמנואל סאָלאָוויטשיקס ציון. אין דער זעלבער צײַט נעמט אַלכסנדר צעדערבוים אַרויסגעבן אין אַדעס, צוזאַמען מיט זײַן אײדעם ד״ר י. א. גאָלדענבלום, דעם העברעאישן וואָכנשריפט המליץ, און אין צוויי יאָר שפּעטער — דעם ייִדישן קול מבשר.

דער קול מבשר האָט אָנגעהויבן דערשײַנען דעם עלפטן אָקטאָבער 1862, ווי אַ וואָכנבלאַט און בײַלאַגע צום העברעאישן המליץ. און אַזוי איז טאַקע אָנגעגעבן איבערן קאָפּ פון בלאַט פון יעדן נומער „הוספה להמליץ״ און אונטערן נאָמען פון בלאַט „בײַלאַגע צום ׳המליץ׳ אין יודיש־דויטשער שפּראַכע״ (אין ווײַטערדיקע נומערן נאָר אין דויטש און רוסיש). דער קול מבשר איז געווען פון זעלבן פאָרמאַט ווי דער המליץ און כמעט פון דער זעלבער ריכטונג און טענדענץ. אָפּגעטיילט האָט די בײדע צײַטונגען די שפּראַך און דער מאַטעריאַל, און אויך דאָס וואָס די מערסטע שרײַבער פון קול מבשר זײַנען געווען „זשאַרגאָניסטן״ און מער־ווייניקער ייִדיש געזאָנען. צעדערבוים, ווי אויך זײַן אײדעם גאָלדענבלום, זײַנען ניט געווען קיין ייִדישיסטן. פאַרקערט, זיי זײַנען געווען קעגנער פון זשאַרגאָן ווי אַ שפּראַך. און אין דער ערשטער צײַט אַפילו ניט געגלויבט אין דעם, אַז מען קען זיך מיט איר באַנוצן ווי מיט אַ מיטל צו בילדן די מאַסן. דער לעצטער, אַ דײַטש, ממש געבוירן אין דײַטשלאַנד און געענדיקט דעם אוניווערסיטעט אין ווין, האָט בכלל ניט געהאַט קיין באַציאונג צו ייִדיש. פון פאַך אַ דערציער, איז ער ווייניק זשורנאַליסט געווען, זיך אָפּגעבן מיט לעבעדיקע טאָג־פּראַגעס און פּובליציסטישע פּראָבלעמען. דער המליץ איז לכתחילה אַרויס האַלב לשון־קודש האַלב־דײַטש (מיט ייִדישע אותיות) און דער דײַטשער טייל איז פון גאָלדענבלום רעדאַקטירט געווען. צעדערבוים ווידער, אַ משׂכּיל און רוסיפיקאַטאָר, האָט זיך, ווי די מערסטע משׂכּילים פון אָנהייב די זעכציקער יאָרן, זיך באַצויגן מיט ביטול צו ייִדיש און געהאַלטן, אַז מען דאַרף זיך שעמען מיט „זשאַרגאָן״. די דערלויבעניש אויפן המליץ האָט ער באַקומען אויף אַ העברעאיש־דײַטשן בלאַט. דער זיווג צווישן די צוויי שפּראַכן איז ניט געווען קיין געראָטענער, האָט ניט צופרידן געשטעלט ניט די העברעאישע לייענער און ניט די קענער פון דײַטש. די צאָל אַבאָנענטן האָבן זיך פאַרקלענערט, און צעדערבוים האָט זיך געלאָזט איבעררעדן אַרויסצוגעבן אַ בלאַט אין ייִדיש מיט אַ העברעאישן נאָמען קול מבשר. שטרעבונגען אַרויסצוגעבן אַ בלאַט אין ייִדיש האָבן זיך געמערקט שוין עטלעכע יאָר פאַר דעם קול מבשר. דרום־רוסלאַנד מיט אירע ניט־לומדישע מאַסן, וואו דער חסידיזם איז טיף אײַנגעוואָרצלט געווען, איז אַ גוטער באָדן געווען פאַר השׂכּלה־קאַמף און אויפקלערונג אין ייִדיש. סײַ די חסידים און סײַ די משׂכּילים האָבן אין דער פאָלקס־שפּראַך געזען אַ מיטל צו דערציִען די מאַסן אין אַ פאָלקס־ליטעראַטור, געשאַפן אין ייִדיש. אין דער זעלבער צײַט וואָס ר׳ נחמן בראַצלאַווער האָט געדיכטעט און דערציילט זײַנע מעשׂיות, האָט דער אומאַנער משׂכּיל חייקל הורוויץ איבערגעזעצט קאַמפּאַס אַנטדעקונג פון אַמעריקע. אין אוקראַיִנע באַווײַזן זיך אויך די ערשטע שפּראָצונגען פון דער מאָדערנער ייִדישער ליטעראַטור. ר׳ מענדל סאַטאַנאָווער, פון די ערשטע פאָלקס־משׂכּילים און באַוואוסטזיניקער „ייִדישיסט״, זעצט איבער תהלים, משלי און קהלת אין ייִדיש. אונטער זײַן אײַנפלוס נעמט ר׳ יצחק בער לעווינזאָן שרײַבן ייִדיש. זײַן „הפקר וועלט״ איז פון די ערשטע בעלעטריסטישע ווערק אין ייִדיש. אויסגעחוזקט פון חסידישע רביים און בעלי־מופתים. זי איז יאָרן לאַנג אַרומגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט אין כתב־יד ביז שלום־עליכם האָט זי בײַם סוף פון די אַכציקער יאָרן אָפּגעדרוקט אין זײַן „יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק״. אַזוי זײַנען אויך ישראל אַקסענפעלדס ווערק היפּשע יאָ־

רן געלעגן אין מאנוסקריפט ביז זיי האבן „געזען די שיין פון דער וועלט“.

אויך א. ב. גאטלאבער, ריב״לס תלמיד האט געשריבן יידישע פאעזיע און פראזע, האט באאיינפלוסט מענדעלע מוכר־ספרים און געווירקט אויף גאלדפאדענען. אין זיין לענגערע היסטאריש־קריטישער ארבעט, „דאס דרום־יידנטום און די יידישע ליטעראטור“ (געדרוקט אין „צוקונפט“ אין 1922, דערשינען אין א באזונדער ביכל אין „כלל־פארלאג“, און איז אפגעדרוקט אין דעם דאזיקן באנד), האט בעל־מחשבות אויך באריט די זשיטאמירער ראבינער שול און איר שייכות צו דער יידישער ליטעראטור. עס איז אבער דאך אינטערעסאנט, אז אין די פופציקער יארן פון 19טן יארהונדערט האט מען אין די לערער־קרייזן פון דער ראבינער שול געפלאנט ארויסצוגעבן א זשורנאל אין יידיש. א. יודיצקי האט דאס ארויסגעבראכט פון ארכיוו־מאטעריאלן אין זיין ארטיקל „וועגן א פראיעקט פון א יידישן זשורנאל אין רוסלאנד אין די 50ער יארן“ (ביבליאגראפישער זאמלבוך, אינסטיטוט פאר יידישער קולטור ביי דער אוקראינישער וויסנשאפטלעכער אקאדעמיע, ביבליאגראפישע קאמיסיע, 1930, זז׳ 78־92) אין מעמאראנדומס און רעפארטן צו דער רעגירונג פון 1858, פון וולאדימיר פיאדאראוו, ריב״לס א תלמיד, א געשמדטער משכיל, וואס האט אין יענער צייט פארנומען דעם אמט פון צענזאר אויף יידישע ספרים, און דער געלערנטער ייד, ל. מ. רובינשטיין, וואס זיי ביידע האבן באדארפט ווי עקספערטן ארויסטראגן א מיינונג וועגן דער אויסגאבע פון א פעריאדישער שריפט לויט דער איניציאטיוו פון ראבינער שול. אין פיאדאראוו ערשטן מעמאראנדום פון יאר 1857 ווערט געבראכט: „מ׳דארף נאך דערצו פאדערן פונעם ארויסגעבער, אז ארטיקלען, וואס זיינען באשטימט פארן רוב עולם, זאלן געדרוקט זיין אין דער פשוטער פאלקס־שפראך. אנדערש וועט ניט געלייזט ווערן די הויפט־אויפגאבע צו פארשפרייטן זיי צווישן די אומאנטוויקלטע און פארגרעבטע אין אומוויסנהייט מאסן“. אין צווייטן רעפארט פון פיאדאראוו צום קוראטאר פון קיעווער לערן־ראיאן, פון 1858, דריקט ער זיך אויס: „אין דער באטראכטער שריפט, ווערט אלס איינער פון די אומבאדינגטע תנאים פארן דערפאלג פונעם זשורנאל פארגעלייגט, צו דרוקן אים אויף זשארגאן, וואס די היגע יידן געברויכן אין זייערע טאג־טעגלעכע באציאונגען. דער אויסוואל פון דער דאזיקער דיסהארמאנישער, ניט באארבעטער און זייער ארעמער אין אויסדרוק שפראך, אלס אויסשליסלעך מיטל צו פארשפרייטן צווישן רוב יידן אלגעמיין נוצלעכע ידיעות און באגריפן, וועלכע זיינען קעגן זייערע פארעלטערטע פאראורטיילן, שיינען מיר צו זיין זייער ניט פאסיק צוליב פאלגענדע טעמים“.

פיאדאראוו גיט אן א ריי סיבות קעגן ארויסגעבן דעם זשורנאל דורכויס אין יידיש. ער שלאגט אבער פאר, אז ער זאל זיך דרוקן אין העברעאיש און יידיש — א צוויי־שפראכיקער זשורנאל, וואס דער מאטעריאל זאל זיין אומאפהענגיק אין יעדער שפראך. וויסנשאפטלעכע ענינים, ארטיקלען אויף רעליגיעזע און מאראלישע טעמעס, ארכעאלאגישע פארשונגען און פירושים אויף שווערע שטעלן אין תנ״ך זאלן געדרוקט ווערן אין העברעאיש, אבער צו שילדערן בילדער פון געווינלעכן ווירקלעכן לעבן פון היינטיקער יידישער געזעלשאפט קען מען אויך געברויכן דעם יידישן זשארגאן, אויב דער ארויסגעבער וועט דאס, צוליב זיינע טעמים, געפינען פאר פאסיק. ווי א רעדאקטאר, שלאגט ער פאר דעם ד״ר ראובן קולישער, און שלאגט אויך פאר, אז דער זשורנאל זאל ארויס אויפן חשבון פון דער רעגירונג. פיאדאראוו באטאנט, אז די „אויפגאבע פון דעם זשורנאל איז ניט צו פארפעסטיקן זיי אינעם זשארגאן“, און די שפראך דארף דינען ווי אן איבערגאנג צו בילדונג און פארשריט. ל. מ. רובינשטיין איז אין זיין מעמאראנדום קעגן דעם, אז א טייל פון זשורנאל זאל ווערן געדרוקט אין דער „יידיש געברויכלעכער שפראך“ — זשארגאן וואס וועט קיינעם פון די לייענער ניט צופרידן שטעלן און האלט, אז נוצלעכער אין אלץ וואלט געווען צו דרוקן אים אין העברעאיש, בלויז מיטן תנאי זיך צו סטארען צו פארלייכטערן דעם סטיל, ד״ה צו געברויכן דעם סטיל פון די קאמענטארן פון תנ״ך, וואס מ׳לערנט זיי מער פון אלץ, ווען מ׳איז צו זיי מער פון אלץ געוואוינט.

עס האבן זיך דענצמאל אויך געפונען „זשארגאניסטן“, אזעלכע וואס האבן אין דער פאלקס־שפראך געזען שעפערישע כחות, און געגלויבט, אז א פרעסע אין יידיש וועט דער מאסע מער נוצן ברענגען ווי א בלאט אויף רוסיש אדער העברעאיש. אייניקע פון זיי, דערונטער יהושע מרדכי ליפשיץ, א באַרדיטשעווער משכיל, וואס האט פארמאגט אייראפעאישע בילדונג, געקענט עטלעכע שפראכן, איז אבער געווען א פאנאטישער יידישיסט פונקט ווי מיט יארן שפעטער דער העברעאיסט־פאנאטיקער בן יהודה. אנהייב זעכציקער יארן טראגט זיך ליפשיץ ארום מיט דעם געדאנק ארויסצוגעבן א צייטונג אין יידיש. ער פרואווט צו פאראינטערעסירן ראובן קולישערן אין דעם און בעט אים ער זאל דורך פיראגאוון זען צו באקומען א דערלויבעניש אויף ארויסצוגעבן דאס בלאט און פינאנסירן די אויסגאבע. אין ליפשיצעס בריוו צו קולישערן, פון 20סטן נאוועמבער 1861 (איך האב פארעפנטלעכט אין „טעאליט“ יארגאנג 1, נומ׳ 3, יאנואר 1924), טענהט ער זיך אויס מיט קולישערן וועגן דער חשיבות פון יידיש ווי א לעבעדיקע שפראך. אליין א פילאלאג און מחבר פון צוויי ווערטערביכער (יידיש־רוסישער און רוסיש־יידישער) פרעגט ער: „וואהער נעמלעך האט מאן זיך דאס רעכט בענאממען צו גלאויבען דאס עס איבערהויפט לעבעדיקע שפראכען געבען“. בנוגע יידיש שרייבט ער „זאללטע

עס אָבער דענאָך אירגענד איינען טראָצקאָפף געבען, וועלכער אויף איינער זאָלכען אויטאָריזירטען בעהארמען וויל, זאָ ווערדע איך ערשט פאַר אים איינען באַווייז פאָדערען, דאָס די ייִדישע שפראַכע איינע זאָלכע איזט אונ אים פראַגען וואָס ער אונטער ייִדישע שפראַכע פערשטעהט", (דער בריוו איז געשריבן אויף דײַטש מיט ייִדישע אותיות).

אין דעם זעלבן בריוו דערמאָנט ער אַבראַמאָוויטשן, וואָס איז געווען אַ באַרדיטשעווער תושב און שוין געשמט ווי אַ העברעאישער שרײַבער, איז אָבער אויך געווען אַ פאָלקס־משכיל מיט אַ באַציאונג צו ייִדיש און ערנסט געטראַכט וועגן אַן אויסגאַבע פון אַ שריפט אין ייִדיש. אַחוץ אַבראַמאָוויטשן און ליפשיצן האָבן זיך צווישן דער באַרדיטשעווער אינטעליגענץ געפונען נאָך „ייִדישיסטן". זיי אַלע האָבן געפועלט בײַ צעדערבוימען, ער זאָל אַרויסגעבן אַ בלאַט אין דער פאָלקס־שפראַך, און אַזוי איז דער קול מבשׂר געבוירן געוואָרן.

דער קול מבשר איז דערשינען „אין יודיש דײַטשער שפראַכע" ווי אַ „הוספה להמליץ", ווי עס איז אָנגעגעבן אויפן יערלעכן שער פון בלאַט. די ערשטע צײַט האָט זיך דער ייִדישער קול מבשר ניט קיין סך אונטערגעשיידט בנוגע מאַטעריאַל און אינהאַלט פון דעם העברעאישן המליץ. צעדערבוים איז אויך ניט אַרויס מיט קיין פראָגראַם־אַרטיקל אָנצואווײַזן די צילן פון זײַן נײַעם אָרגאַן. דער לייט־אַרטיקל פון דעם ערשטן נומער איז געווען וועגן דעם בירגער־קריג אין אַמעריקע, אין וועלכן עס ווערט דערקלערט דאָס פאָליטישע לעבן און פאָרעם רעגירונג פון נײַעם לאַנד, וואָס ביז דעם בירגער־קריג איז עס געווען אַ גליקלעך לאַנד און אַ גן־עדן פאַר יעדן איינעם. די לייט־אַרטיקלען פון די איבעריקע נומערן זײַנען אָדער רעגירונג־מאַניפעסטן און אוקאַזן, אָדער „נײַאיקייטן". די „נײַאיקייטן" האָבן אַנטהאַלטן אַלגעמיינע ידיעות און אין די ערשטע נומערן זײַנען זיי געשריבן בקיצור. אָבער פון נומער צו נומער ווערן זיי אויסגעברייטערט, אייניקע מאָל אויף צוויי־דרײַ זײַטן, און באַקומען אַ פאַרב פון פאָליטישע איבערזיכטן. און צעדערבוים פלעגט אין זיי אויך אַרומריידן באַריכות היסטאָרישע ענינים און פאַרענדיקן מיט לויפיקע נײַסן. צום אָנהייב פלעגט אין די „נײַאיקייטן" אויך ווערן געבראַכט ידיעות פון ייִדישן לעבן אין פאַרשיידענע לענדער אַרויסגענומען פון ייִדיש־דײַטשע צײַטונגען. אייניקע מאָל איז די „נײַאיקייטן" אינגאַנצן געווידמעט ייִדישע אינטערעסן, ווי דער לייט־אַרטיקל אין דעם 42סטן נומער, אין וועלכן צעדערבוים מוסרט די „פוילישע לומדים", „וואָס ריידן זיך אײַן, אַז לערנען קאָנען נאָר זיי און אמת פרום זײַנען נאָר פוילישע ייִדן. דײַטשע און פראַנצייזישע ייִדן זײַנען ניט קיין לומדים און פון פרומקייט וויסן זיי גאָרניט", און דערציילט וועגן אַ צופעליקן צונויפקום פון דײַטשע, פראַנצייזישע און האָלענדישע ראַבינער און בעלי־בתים לומדים אויף אַ זומער־וואַקאַציע אין באַמבערג, און זיי האָבן געפינקלט מיט זייער לומדות און פרומקייט, און קומט צו אַ מוסר־השכל, אַז די פוילישע ייִדן זאָלן זיך לערנען פון די דײַטשע ייִדן און זיך נעמען אַ מוסטער פון לומדות, פרומקייט און לערנען אַ מלאכה און ווערן מענטשן וועלטלעך און מענטשן גלײַך.

צעדערבוים, וואָס האָט די ערשטע צײַט אויסגעפילט די נומערן מיט זײַנע אַרטיקלען, מערסטנס איבערגעזעצטע, האָט נאָך ניט געפונען דעם ריכטיקן וועג ווי צו פירן דאָס ייִדישע בלאַט. אין המליץ, וואָס האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַרײַנגעטראָטן אין דריטן יאָר פון זײַן עקסיסטענץ, האָט זיך שוין מער־ווייניקער געמערקט צעדערבוימס פובליציסטישער טאַלאַנט און געפילט זײַן פובליציסטישער טעמפעראַמענט, אָבער אין קול מבשר האָט ער נאָך געבלאָנדזשעט און האָט די ריכטיקע ליניע ניט געפונען. אָבער זײַן פראָגראַם פון המליץ — השׂכלה, פאַרשפרייטן בילדונג, קאַמף קעגן די „פינסטערלינגע", מאָדערנע דערציאונג און אַגיטאַציע פאַר רוסיפיקאַציע איז אין די ערשטע צײַטן גאָר ניט געקומען צו אויסדרוק. דער קול מבשר איז מער אַ פאַרווײַלונגס־בלאַט ווי אַ קאַמפס־אָרגאַן געווען. אַזוי קומען אין די ערשטע נומערן צוויי דערציילונגען פון היסטאָרישן אינהאַלט: „קידוש השם" און „דער גואל". די ערשטע אַ קורצע באַשרײַבונג פון די צײַטן פון מסע־הצלב, און די צווייטע אַ לענגערע דערציילונג פון פראָגער געטאָ אין 17טן יאָרהונדערט, אָריגינעל געשריבן אין דײַטש פון שלמה כהן און געדרוקט אין „המשכים" אין אַ צאָל נומערן.

דערציילונגען פון דעם סאָרט קומען אָפט אין די שפעטערדיקע נומערן, ווי „דער קדיש פאַר כל־נדרי" און „דער רב און דער מיניסטער". עס וואַרפן זיך אָפט דורך אַרטיקלען פון ייִדישער היסטאָריע, אָדער פאַסירונגען, ווי די מעשה פון דער הייליקער סולייקאַ, די ייִדישע מאַרטירערין אין מאַראָקאָ, וואָס מען האָט אין 1831, אין סולטאַנס האַרעם צום טויט פאַרפײַניקט, זי זאָל אָננעמען דעם מוסולמענישן גלויבן. זי האָט אָבער אויסגעהאַלטן אַלע יסורים, געבליבן געטרײַ דער ייִדישער אמונה און געשטאָרבן ווי אַ ייִדישע טאָכטער. אַזעלכע און ענלעכע אַרטיקלען, ווי וועגן ייִדן אין יענע און אַנדערע ווײַטע לענדער און מעשיות, לעגענדעס וועגן עשרת השבטים, מעשיות וועגן רש"י און דעם רמב"ם, ר' יהונתן אייבשיץ און אַנדערע גרויסע ייִדן האָבן דעם לייענער אינטריגירט. אין קול מבשר האָבן זיך געדרוקט בשפע ביאָגראַפיעס פון ייִדישע און גויאישע גרויסע מענטשן, צווישן זיי אויך די ביאָגראַפיעס פון דער באַרימטער ייִדישער בינע־קינסטלערין ראַשעל, געשריבן פון איינער אַ שרה פראַנק פון קאַמעניעץ־פאָדאָלסק. די ביאָגראַפיע פאַרציט זיך אין עטלעכע נומערן קול מבשר און די שרײַבערין ווײַזט אַרויס באַהאַוונטקייט אין דער „דראַמאַטישער קונסט", ווי זי

באַטאָנט אין דעם אַרײַנפֿיר פֿון דעם אַרטיקל, דערקלערנדיק פֿאַר דעם קלײנשטעטלדיקן לײענער דעם מהות און צוועק פֿון טעאַטער צו בילדן דעם עולם. אָט די שרה פֿראַנק איז ניט געווען די אײנציקע פֿרוי שרײַבערין אין קול מבשר. אין ערשטן יאָר באַגעגענען מיר עטלעכע פֿרויען־נעמען, ווי יוכבד לערנער און רחל הורוויץ. די ערשטע — אַ פּאָעטעסע, און די צווייטע — איבערזעצערין פֿון אַ דערציילונג „ר' אפרים". אין צווייטן יאָר באַווײַזט זיך אויף די זײַטן פֿון קול מבשר העני העלפּמאַן — די ערשטע ייִדישע פּובליציסטן און ייִדיש־באַוואוסטזיניקע. אירע ערשטע אַרטיקלען זײַנען געווען קאָרעספּאָנדענציעס פֿון בערדיטשעוו וועגן דער חברה „משכיל אל דל", וואָס מענדעלע מוכר־ספֿרים האָט דעמאָלט געגרינדעט, צו שטיצן געפֿאַלענע סוחרים און אָרעמע־לײַט בכלל. שפּעטער האָט זי אין קול מבשר פֿאַרעפֿנטלעכט גרעסערע אַרטיקלען ווי „קנאת סופֿרים תרבה חכמה", וועגן גרינדן ייִדישע פֿאָלקסשולן און זי מוסרט די פֿרומע עלטערן פֿאַר ניט־וועלן געבן זײערע קינדער קײן ייִדישע און וועלטלעכע בילדונג. אַ צווייטע פֿרוי ראָזאַליאַ ברוק, די טאָכטער פֿון א. י. ברוק, אַן אָפּטער מיטאַרבעטער פֿון המליץ און קול מבשר, שרײַבט וועגן דער נויטווענדיקייט צו קענען רוסיש. אַ קרעמענעצער מיידל א. ג. קאָרענפֿעלד שרײַבט וועגן פֿרויען־בילדונג. איר אַרטיקל האָט אַרויסגערופֿן אַ פּאָלעמיק וועגן „ווײַבערישע בילדונג" בכלל, אין וועלכער עס האָט זיך אויך באַטייליקט אַ פֿרוי סימע רחל בת ר' א. ל. ב. מיט אַ צווי המשכדיקן אַרטיקל „פֿון דער צײַט גײַסט".

דער קול מבשר האָט אַזוי אַרום אַרויסגערופֿן אינטערעס בײַם לײענער און האָט דערגרייכט דעם פּשוטן פּובליקום, איבערהויפּט פֿרויען, וועלכע פֿלעגן דאָס בלאַט באַוואָרפֿן מיט קאָמפּלימענטן און אַ מאָל אויך טאַדלען. אויך דער אינטעליגענטער לײענער האָט ניט אויסגעמיטן אַרײַנצוקוקן אין קול מבשר. פֿון מאָל צו מאָל באַווײַזן זיך אין קול מבשר נעמען פֿון שרײַבער און אַנאָנימע קאָרעספּאָנדענטן, וואָס האָבן באַשריבן דעם צושטאַנד אין זײערע קהילות, קריטיקירט „שיינע ייִדן", כּלל־טוער, קהלשע מענטשן און גבאים פֿון שטאָטישע אַנשטאַלטן, ווי תלמוד־תורות, שפּיטאָלן, גמילות־חסדים־חברות און אַנדערע געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקייטן. צעדערבוים פֿלעגט מערסטנס צו די אַרטיקלען צוגעבן לאַנגע הערות. ער האָט וואָס ווײַטער געשטעלט דעם טאָן אין פּובליציסטישע אַרטיקלען, געשריבן פֿון אים און אויך אַנדערע שרײַבער.

אויך די שפּראַך־פֿראַגע האָט מען אין קול מבשר גענומען באַהאַנדלען. צעדערבוים, וואָס האָט אין אָנהייב ניט געהאַט קײן פּאָזיטיווע שטעלונג צו ייִדיש ווי אַ שפּראַך און זיך געהאַט אויסגעדריקט: „מיר וועלן ניט וואַרטן ביז לצים וועלן אונדז פֿרעגן, בעסער זאָגן מיר שוין, אַז אונדזער פּראָסט ייִדיש איז אַוודאי ניט גערעכנט פֿאַר אַ לשון, וואָרעם עס איז אַ פֿאַרדאָרבן דײַטש", האָט אָבער געגעבן פּלאַץ צו י. מ. ליפּשיץ צו באַהאַנדלען די שפּראַך פֿון אַ פּאָזיטיוון שטאַנדפּונקט. ער האָט אין ערשטן יאָר קול מבשר פֿאַרעפֿנטלעכט אַ דיאַלאָג אין גראַמען צווישן יודל און זײַן ווײַב יהודית. דער ערשטער — געמיינט דאָס ייִדישע פֿאָלק, און די צווייטע — די ייִדישע שפּראַך. אין די פֿערזן האָט ליפּשיץ געזוכט אויפֿצוקלערן די וויכטיקייט פֿון ייִדיש אַלס פֿאָלקסשפּראַך. ער פּרוּווט אַפֿילו ניט צעשטערן דעם שלום־בית, און אָנערקענט אויך העברעאיש ווי דאָס לשון פֿון פֿאָלק — אַ מין פּשרה צווישן ביידע שפּראַכן, כאָטש יהודית — ייִדיש האָט די איבערהאַנט, ווי דער שרײַבער וויל האָבן אין זײַן אויספֿיר:

„איך קען מיך מיט אײַך וועטן —
יודל וועט יהודיתן ניט גטן
ווי לאַנג עס איז איר נאָך באַשערט צו לעבן —
וועט ער איר תמיד כבוד אָפּגעבן".

דער זעלבער ליפּשיץ האָט אין קול מבשר אַ לענגערן פּובליציסטיש־וויסנשאַפֿטלעכן אַרטיקל „די פֿיר קלאַסן", אין וועלכן ער באַהאַנדלט ייִדיש ווי אַ פֿאָלקס־שפּראַך און טרעט שאַרף אַרויס קעגן די קעגנערס פֿון ייִדיש, וואָס האַלטן עס פֿאַר אַ „פֿאַרנעם לשון". ליפּשיץ טענהט זיך אויס מיט די רוסיפֿיקאַטאָרן און טרעט אויך אַרויס קעגן די העברעאיסטן, קעגנער פֿון ייִדיש. ווי אַ ראיה ברענגט ער אויך יעקב שמואל ביק (וואָס איז געווען געדרוקט אין כרם חמד), וועלכער נעמט זיך אָן ר' מענדל סאַטאַנאָווערס קריוודע, פֿאַרטיידיקט זײַן איבערזעצונג פֿון משלי אויף ייִדיש, און שטעלט זיך אַרויס ווי אַן אָנהענגער פֿון ייִדיש. דעם בריוו האָט ליפּשיץ געגעבן אין זײַן העברעאישן אָריגינאַל, ווי אַ באַווײַז, אַז ער איז ניט דער אײנציקער „משוגענער" וואָס האַלט, אַז ייִדיש קען ווערן אַ „געבילדעטע שפּראַך". צעדערבוים האָט צו דעם אַרטיקל צוגעגעבן אַ היפּשע הערה אין צווי המשכים, נעמענדיק אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו ייִדיש. אין יאָרגאַנג פֿינף קערט זיך ליפּשיץ ווידער אום צו דעם ענין ייִדיש. אין אַ קורצן אַרטיקל „די דײַטש־ייִדישע בריק" (אין נומער 31, 22/10 אויגוסט) גיט ער אָן כּללים פֿון אַן אײנהײַטלעכער ייִדישע אָרטאָגראַפֿיע און דערציילט אויך וועגן די דײַטש־ייִדישע און ייִדיש־דײַטש ווערטערביכער, וואָס ער האָט בדעה מחבר צו זײַן. צעדערבוים האָט צו דעם דאָזיקן קורצן אַרטיקל געשריבן באַמערקונגען אין עטלעכע המשכים און ליפּשיצן געעצהט צו מאַכן זײַנע ווערטערביכער אין ייִדיש־רוסישער און רוסיש־ייִדישער אײדער אין דײַטש, אַרויסברענגענדיק אַז דאָס וועט ברענגען די ייִדן צו לערנען רוסיש, ווען זיי „וועלן אָנהייבן געשמאַקער ריידן רוסיש וועלן די אַלע דיפֿערענצן אויפֿהערן" — אַ שטויס צו רוסיפֿיקאַציע דורך ייִדיש. וועגן דער אָרטאָגראַפֿיע אין קול מבשר איז אינטערע־

סאַנט צעדערבוים אָן ענטפֿער אין „בריוו־קאַסטן", פֿון נומער 4 פֿון 1864: „ה' שי"ר בק. אײַער אַרטיקל איז גאַנץ גוט, נאָר מיר האָבן אים דעריבער ביז איצט ניט געדרוקט, ווײַל די אָרטאָגראַפֿיע איז ניט אַזוי ווי אונדזערע לעזער זײַנען געוואוינט און איבערשרײַבן האָבן מיר קיין צײַט ניט געהאַט. נאָר בקרוב וועט ער קומען געדרוקט". דער שי"ר איז געוויס שלום יצחק ראַפּאַפּאָרט פֿון קעשעניעוו, וואָס פֿלעגט זיך אָפֿט באַטייליקן אין דעם קול מבשר. וועגן ליפֿשיצעס מיטאַרבעטערשאַפֿט אין קול מבשר איז צו דערמאָנען, אַז ער האָט אויך געדרוקט פּאָפּולער־וויסנשאַפֿטלעכע אַרטיקלען, געשריבן אין פֿאָרעם פֿון דיאַלאָגן.

אין צווייטן יאָר מערקט זיך געוויסע אויסבעסערונגען אין צונויפֿשטעל פֿון דעם בלאַט. צעדערבוים האָט אײַנגעפֿירט אַ פּאָליטישן איבערבליק מיטן נאָמען „אַלגעמיינע בעגעבנהייטן". ייִדישע נײַעס ווערן אָנגערופֿן „יודישע נאַכריכטן". עס וואַרפֿן זיך אויך דורך „נײַעסטע נאַכריכטן", און „חידושים", דער לעצטער אָפּטייל — קוריאָזע געשעענישן. די ערשטע צוויי רובריקן קומען די ערשטע צײַט ווי לייט־אַרטיקלען, אָבער עס וואַרפֿן זיך אָפֿט דורך פּובליציסטישע אַרטיקלען, וואָס אין זיי שפּיגלט זיך אָפּ די צײַט. אויך מנשה מרגליות איז עטלעכע מאָל אַרויסגעטראָטן מיט אַרטיקלען וואָס האָבן אויפֿן לייענער געמאַכט אַ רושם. עס איז צו דערמאָנען, אַז אויך אליהו אָרשאַנסקי, איז אַרויס אויף די שפּאַלטן פֿון קול מבשר מיט אַן אַרטיקל.

דער ליטעראַרישער טייל איז אויך באַרײַכערט געוואָרן מיט ליטעראַרישע כוחות. עס באַווײַזט זיך א. ב. גאָטלאָבער מיט ייִדישע שירים. אינטערעסאַנט איז, אונטער גאָטלאָבערס שיר „דער גענאַרטער מענטש" (יאָרגאַנג 3, נומ' 20), באַמערקט די רעדאַקציע: „דאָס איז אונדז צוגעשיקט אָן אַ נאָמען, נאָר לויט דעם לשון דאַכט זיך, עס מוז זײַן פֿון דעם באַרימטן ייִדישן דיכטער אב"ג". פֿאַר אים האָבן אברהם גאָלדפֿאַדען און יוסף ווײַנשטיין געדרוקט לידער אין קול מבשר. אויך יהודה לייב גאָרדאָן, דער באַרימטער העברעאישער דיכטער, האָט אין קול מבשר געדרוקט זײַן „מוטער אָפּשייד", אַ מוסטערהאַפֿטע, רירנדיקע שילדערונג פֿון אַ מוטער וואָס געזעגנט זיך מיט איר זון, ווען מען האָט אים צוגענומען פֿאַר אַ סאָלדאַט. געשריבן אין אַ ריינעם לײַכטן ייִדיש, איז דער שיר לויטן אינהאַלט און שפּראַך אַ אמתדיק פֿאָלקסליד. אַ צווייטער שיר גאָרדאָנס „דער קהלשער אינדיק" — אַ סאַטירע, וואָס האָט אויפֿגערודערט גאַנץ ליטע דורך „זײַנע רמזים", ווי ש. ל. ציטראָן שרײַבט, עס איז געשריבן ווי אַ פֿאָלקס־באַלאַדע. אין דער ייִדישער פּאָעזיע, אין מיטן די זעכציקער יאָרן, איז גאָרדאָנס ליד שוין געווען אַ געוויסע דערגרייכונג אין פּערזן־קונסט. אויך מיכל גאָרדאָן, דער ייִדישער פֿאָלקסדיכטער און י. ל. גאָרדאָנס אַ שוואָגער, האָט אין יענעם יאָר אין קול מבשר פֿאַרעפֿנטלעכט אַ ליד „יוצא זײַן פֿאַר דער וועלט". ער שרײַבט זיך אונטער מיכל גאָרדאָן מווילנע, און די ביידע גאָרדאָנס, ווי אויך י. ל. קאַנטאָר, וועמען איך וועל שפּעטער דערמאָנען, זײַנען כמעט די איינציקע „ליטוואַקעס" אין דעם דרום־רוסישן ייִדישן בלאַט.

די דערציילונגען זײַנען נאָך אַלץ געווען איבערזעצונגען, אָבער סוף צווייטן יאָר הייבט זיך אָן דרוקן אין קול מבשר אַן אָריגינעלע דערציילונג, אָריגינעל סײַ לויטן אינהאַלט און סײַ לויטן סטיל און שפּראַך, מיטן טאָפּלטן נאָמען: „דאָס קליינע מענטשעלע" אָדער „איין לעבנס־באַשרײַבונג פֿון יצחק אברהם תקיף". די דערציילונג האָט זיך גענומען דרוקן אין נומער 45, מיט דער דאַטע כ"ה חשון תרכ"ד, דעם 12/25 נאָוועמבער, 1863, און זיך געענדיקט אין 6טן נומער פֿון דריטן יאָרגאַנג (כ' שבט תרכ"ד — 4/16 פֿעברואַר, 1864). קיין נאָמען פֿון קיין מחבר איז ניט אָנגעגעבן, ניט אין אָנהייב און ניט צום סוף, נאָר אין דער הקדמה שטעלט זיך דער מחבר פֿאָר אויף אַ פֿאַרשטעלטן אופֿן: „אַליין בין איך אַ געבוירענער פֿון צביאַטשיץ, איך הייס מענדעלע מוכר־ספֿרים. יאָרן לאַנג בין איך כמעט אונטערוועגנס, דאָ אַהין דאָ אַהער. מען קען מיך אומעטום. איך פֿאָר אַרום איבער גאַנץ פּוילן מיט אַלערליי זשיטאָמירער ספֿרים. אַחוץ דעם האָב איך טליתים, טלית־קטנס, כפֿול־שמונהדיקע ציצית, שופֿרות, רצועות, הייעלעך, מזוזה־לעך, וואָלפֿציינדלעך, און אַמאָל קריגט מען בײַ מיר אויך מעש און קופּערוואַרג; יאָ, פֿראַוודע, זינט דער קול מבשר איז אַרויסגעקומען, פֿיר איך אַמאָל פֿון אים מיט מיר עטלעכע נומערן". אַזוי איז געווען דער אַרויסטריט פֿון דעם זיידן פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, און אַזוי האָט ער פֿאָרגעשטעלט זײַן צווייטן איך: ר' מענדעלע מוכר־ספֿרים, וואָס איז באַקאַנט געוואָרן בכל תפֿוצות־ישׂראל און אויסגעפֿורעמט געוואָרן ניט נאָר ווי אַ פּסעוודאָנים פֿון אַ גרויסן שרײַבער, נאָר ווי אַ פּערזענלעכקייט פֿאַר זיך.

די ערשטע קאַפּיטלעך האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן רושם און גערעגט דעם אינטערעס פֿון דעם לייענער. איייניקע לייענערס האָבן זיך אָפּגערופֿן וועגן דער דערציילונג אין קול מבשר. „דער אַרטיקל „דאָס קליינע מענטשעלע" איז אויסעראָרדענטלעך גוט געשריבן. מיר ווינטשן דער רעדאַקציע פֿיל אַזעלכע קאָרעספּאָנדענטן", שרײַבט איינער יעקב הלוי. און אַ צווייטער, יש"ר באַקלאָגט זיך אין אַן אַרטיקל „יודישע גאַזעטן אין רוסלאַנד": „יענע וואָך, אַז מיר האָבן געלעזן דעם נומער 5 פֿונעם קול מבשר דעם אַרטיקל „דער טעלעגראַף" וועמען „דאָס קליינע מענטשעלע" האָט אויף איין וואָך אָפּגעטראָטן זײַן פּלאַץ, האָבן מיר געהערט אַ סך מענשן זיך קלאָגן דערויף: סטײַטש, פֿאַרוואָס איז ניטאָ „דאָס קליינע מענטשעלע"? און ווי איז דאָס אַהינגעקומען?".

מענדעלע האָט געלייגט דעם יסוד פֿאַר אַן אָריגינעלער בעלעטריסטיק אין ייִדיש און אויך געשאַפֿן דעם

סטיל און דעם זשאַנער פֿאַר דערציילונגען אין וועלכע דאָס פֿאָלקס־לעבן זאָל ווערן געשילדערט אין ייִדיש. אויסער „דאָס קליינע מענטשעלע“, האָט מענדעלע געדרוקט אין קול מבשר, אַן אַרטיקל (אונטער זײַן אייגענעם נאָמען, שלום יעקב אַבראַמאָוויטש), וועגן זײַן חברה „משכיל אל דל“, און דעם האַלב־וויסנשאַפֿטלעכן אַרטיקל וועגן וואַלפֿיש. „דער פֿיש וואָס האָט איינגעשלונגען יונה“, וואָס ער האָט געשריבן צוזאַמען מיט בינשטאָק און אונטערן אַרטיקל געחתמעט „פֿון די מחברים פֿונעם לופֿט־באַלאָן אַ. ב.“ (אַבראַמאָוויטש — בינשטאָק).

אַ קורצע צײַט נאָך מענדעלען האָט זיך אין קול מבשר באַוויזן אַ צווייטער ליטעראַרישער כוח — יצחק יואל לינעצקי מיט זײַן פּוילישן ייִנגל. לינעצקי האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר זייער פּראָדוקטיוו, געשריבן אין קול מבשר אַרטיקלען און פֿעליעטאָנען, וויצן און אַנעקדאָטן — אַן אמתער „כל־בוניק“. אָבער באַרימט איז ער געוואָרן מיטן „פּוילישן ייִנגל“, און אַ קורצע צײַט כמעט פֿאַרטונקלט מענדעלעס פּאָפּולאַריטעט. ביידע אָבער האָבן געגעבן דעם קול מבשר די ריכטיקע ווענדונג און אים געשטעלט אויף אַ הויכן ליטעראַרישן ניוואָ. אין קול מבשר האָבן זיך פֿון דעמאָלט אָן געדרוקט סקיצן און פֿעליעטאָנען. אַ גײַסטרײַכער פֿעליעטאָניסט האָט זיך אַנטפּלעקט אין קול מבשר — י. ל. קאַנטאָר, דער שפּעטערדיקער גרינדער פֿון דער העברעאישער טאָג־פּרעסע, וואָס פֿלעגט שרײַבן אונטערן פּסעוודאָנים „שלשם בר יענטע“. די אַלע שרײַבער, וואָס אַ סך פֿון זיי זײַנען געווען טאַלאַנטירט, האָבן אין קול מבשר אַרײַנגעבראַכט לעבן. צעדערבוים האָט אין זײַן ייִדישן בלאַט בײַגעטראָגן זײַן ענערגיע, טעמפּעראַמענט און פֿונקט ווי דעם המליץ אים געמאַכט פֿאַר אַ קאַמפּס־אָרגאַן פֿאַר דער השכלה און קעגן חסידות און פֿאַנאַטיזם; אַגיטירט פֿאַר מאָדערנע דערציאונג און בילדונג, מלאכה און יגיעת־כפּים. אין זיבעטן יאָרגאַנג (1869), האָט ער אײַנגעפֿירט אַ רובריק „ביבליאָגראַפֿיע“ און געלייגט מיט דעם אַ יסוד צו קריטיק אין ייִדיש. ער אַליין האָט רעצענזירט גאָלדפֿאַדענס „די יודענע“; גאָטלאָבערס „דער סיים פֿון די חיות“; מענדעלע מוכר־ספֿרימס „די טאַקסע“ און „דער לופֿט־באַלאָן“, וואָס ער האָט איבערגעזעצט צוזאַמען מיט בינשטאָקן. דער קול מבשר האָט מיט דער צײַט באַקומען אַ סך אַבאָנענטן און פֿרײַנד. אָבער צוליב דעם וואָס צעדערבוים האָט אין 1871 זיך אַריבערגעקליבן קיין פּעטערבורג און דאָרט גענומען אַרויסגעבן דעם המליץ, האָט ער אויף דערווײַל איבערגעלאָזן דעם קול מבשר אין די הענט פֿון דעם דרוקער ביילינסאָן און אָנגעשטעלט משה לייב ליליענבלום פֿאַר רעדאַקטאָר. ביילינסאָן האָט מיט דעם בלאַט אָנגעהויבן צו פֿאַרוואַלטן ווי עס וואָלט געווען זײַן אייגנטום. ער האָט זיך ניט גערעכנט מיט צעדערבוימס פּראָטעסטן אין המליץ. אינמיטן די ראַנגלענישן צווישן זיי איז דער קול מבשר אָפּגעשטעלט געוואָרן און אינגאַנצן אויפֿגעהערט צו דערשײַנען.

## ב

דער קול מבשר האָט געשאַפֿן אַ לייענער־פּובליקום, און זײַן אָפּשטעל האָט שטאַרק אויסגעפֿעלט, אַזוי אַז עס האָט זיך געגייטיקט אַן אָרגאַן אין ייִדיש, איבערהויפּט פֿאַר דער ייִדישער פּרוּוו וואָס איז דורך דעם קול מבשר אַריבער פֿון טײַטש־חומש, „מנורת המאור“ און די איבעריקע רעליגיעזע ספֿרים צו אַ וועלטלעכן בלאַט. ניט קאָנענדיק באַקומען אין רוסלאַנד אַ דערלויבעניש אויף אַ נײַעם בלאַט אין ייִדיש, האָט מען גענומען אַרויסגעבן ייִדישע צײַטונגען אין אויסלאַנד, וואָס זייער אָפּגאַנג איז דער עיקר געווען אין רוסלאַנד. אין 1875 נעמען יצחק יואל לינעצקי און אברהם גאָלדפֿאַדען אַרויסגעבן אין לעמבערג דעם ישׂראליק, אַ ליטעראַריש וואָכנבלאַט מיט אַ משׂכּיליש און אַנטי־חסידישע טענדענץ, וואָס האָט געזאָלט פֿאַרטרעטן דעם קול מבשר און איז מיט זײַנע אַבאָנענטן געווען מערסטנס אָנגעוויזן אויף דרום־רוסלאַנד. דאָס איז צו זען פֿון די ישׂראליק־אַגענטן אין קיִעוו, באַרדיטשעוו, זשיטאָמיר, וויניצע און אַדעס. אַז דער ישׂראליק האָט באַדאַרפֿט פֿאַרנעמען דעם אָרט פֿון קול מבשר איז מרומז אין פֿעליעטאָן „אַ דאַנק דיר ישׂראליק“, אין דריטן נומער, געשריבן פֿון „אני שלשם בר יענטע, דער פֿעליעטאָניסט“ פֿון קול מבשר, וואָס ווי פֿריער געבראַכט, איז דאָס געווען י. ל. קאַנטאָר. ער שרײַבט אַפֿילו איראָניש און קריטיקירט אי די שרײַבער און אי די לייענער, אָבער ברענגט אויך אַרויס די נויטווענדיקייט פֿון אַ ייִדיש בלאַט, וואָס זאָל פֿאַרנעמען דאָס אָרט פֿון קול מבשר. די רעדאַקטאָרן־אַרויסגעבער זײַנען געווען פֿון אוקראַיִנע. אויך די שרײַבער זײַנען געווען פֿון דאָרט. אין ישׂראליק האָבן זיך באַטייליקט אַזעלכע שרײַבער ווי יהל״ל און מענדעלע מוכר־ספֿרים. דער לעצטער האָט אונטער די ראשי־תּבֿות: אי״ש, געדרוקט אַ קאַפּיטל „פֿון די כּתבֿים פֿון ישׂראל דעם משוגענעם“ מיטן נאָמען „ייִדישע קינדער“, אַן ערשטער נוסח פֿון „דער קליאַטשע“. מען באַגעגנט אין ישׂראליק שירים פֿון דרום־רוסישע פּאָעטן ווי אלחנן טאַרנאָפּאָלסקי; מזל („אַ גרוס פֿון אָדעסע“); מ. ד. בערנשטיין, משה ווײַנבערג און מאָניש דלוגאַטש. דער ישׂראליק האָט אָבער געהאַט אַ קורץ לעבן. בײַם 16טן נומער האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. „מעבֿר לגבֿול“ האָבן אָבער גענומען דערשײַנען צוויי צײַטונגען מיט אַן אויסקוק אויף אַן אָפּזאַץ

אין תחום המושב און אוקראַיִנע בפרט. ביידע צײַטונגען זײַנען דערשינען אין דײַטשלאַנד, און ביידע ווי אַ בײַלאַגע צו אַ העברעאישן שריפט. דער ערשטער היִשראלי, אָרטאָדאָקסיש־קעמפעריש, אַרויס אין מיינץ דורך יחיאל בריל, דער רעדאַקטאָר פון הלבנון, און דער צווייטער קול לעם, געדרוקט אין קעניגסבערג דורך מיכאל לוי ראַדקינסאָן, דער רעדאַקטאָר פון הקול. דער קול לעם איז פאָלקסטימלעך געווען, באַווירקט מיט סאָציאַליזם, ווײַל מאָריס ווינטשעווסקי איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון ראַדקינסאָנס בלעטער. מענדעלע מוכר־ספרים, וואָס האָט אין די זעכציקער יאָרן געפּלאַנט אַרויסצוגעבן אַ העברעאישן זשורנאַל „בן עמי", און שפּעטער געטראַכט אַרויסצוגעבן אַ בלאַט אין ייִדיש, האָט זיך געלאָזט איבעררעדן פון ראַדקינסאָנען צו ווערן זײַנער אַ שותף צום הקול און קול לעם. די שותפות האָט באַדאַרפט זיך אָנהייבן אין די ערשטע טעג פון יאָר תרל"ח (סעפּטעמבער 1877), און אין 39סטן נומער פון ערשטן יאָר קול לעם קומט אַ מודעה פון מענדעלען צו „אונדזערע ייִדן", געחתמעט מיט זײַן נאָמען שלום־יעקב אַבראַמאָוויטש, אין וועלכער ער דערקלערט די וויכטיקייט און נוצלעכקייט פון אַ ייִדיש בלאַט אין הײַנטיקער צײַט, דערציילט וועגן זײַן שותפות מיט ראַדקינסאָנען אין דער אויסגאַבע פון קול לעם און גיט צו: „איך בין גרייט מיט גאָטס כוח אַרײַנלייגן אין אים אַלע מײַנע קרעפטן, אויספּילן אים מיט גוטע אַרטיקלען איבער אַלערליי ניצלעכע זאַכן, וואָס זײַנען נוגע אין לעבן און שטאַרק נייטיק צו וויסן, און פאַרהאָף, אַז אַלע אַנדערע געבילדעטע שרײַבער וועלן אונדז ניט פאַרלאָזן און יעדער וועט וועלן אַ חלק האָבן אין אַזאַ מצוה מזכה צו זײַן דעם עולם מיט גוטע אַרטיקלען און ניצלעכע ספּורי מעשיות פונעם ייִדישן לעבן. אויך פאַרהאָף איך, אַז אונדזערע ייִדן, וואָס זײַנען מיט מײַן גאַנג שרײַבן שוין באַקאַנט, וועלן מיר דעם כבוד אָנטאָן צו האַלטן דעם קול לעם און דערמיט אויך מחזיק זײַן פון זייער זײַט, בכדי די גאַזעטע זאָל קענען אַ קיום האָבן און ניצלעך זײַן פאַר אונדזער פאָלק. דאָס געלט פאַר דער גאַזעטע אויפן יאָר תרל"ח און די אַרטיקלען קען איטלעכער פון הײַנט אָן אַרײַנשיקן גלײַך צו מיר אויף מײַן אַדרעס אין זשיטאָמיר".

פון דער שותפות האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזן. די מודעה־דערקלערונג איז דאָס איינציקע אַרטיקל פון מענדעלען אין קול לעם, און איז אַ דאָקומענט וועגן זײַנע פּרוּוון אַרויסצוגעבן אַ ייִדיש בלאַט.

• . •

קרוב צו יענער צײַט האָט מענדעלע גענומען אַרויסגעבן לוחות מיטן נאָמען דער ניצלעכער קאַלענדאַר, וואָס האָבן פאַרנומען דעם פּלאַץ פון אַ פּעריאָדישער שריפט אין ייִדיש. אין דעם האָט אים ליִנעצקי מקדם געווען מיט אַ יאָר. אין 1875 איז אַרויס דער פּראַקטישער פאָלקס־קאַלענדאַר צום יאָר תרל"ו, געדרוקט אין אַדעס. ווי עס איז אָנגעגעבן אויפן שערבלאַט, איז דער קאַלענדאַר אײַנגעטיילט אין דרײַ חלקים: „דער טשיסליענע קאַלענדאַר", דער ייִדישער און קריסטלעכער לוח, מיט דינים מנהגים און רעכענונגען; „דער סוחרישער קאַלענדאַר", אַלע ענינים וואָס זײַנען נוגע צום מסחר אין רוסלאַנד, ווי וועגן פּאַטענטן, פאָרמע פון וועקסלען, וואָג און מאָס, געלט־קורס און בירזשע־קורסן, ירידים וכדומה; „דער וויסנשאַפטלעכער קאַלענדאַר" — וועגן שטעט און טײַכן אין רוסלאַנד, אוניווערסיטעטן און שולן אין רוסלאַנד, פּאָסט־רעגולאַציעס, אײַזנבאַן־ליניעס און אַנדערע אינפאָרמאַציעס פון דעם סאָרט. אויף די מערסטע זײַטן קומען אַנעקדאָטן און וויצן אין פאָרעם פון פראַגעס און ענטפערס צווישן „יאַקיל און יעקיל", באַזאַלצט און באַפעפערט, געשריבן אין ליִניעצקיס זשאַנער און ניט איבעריק עסטעטיש, „אַלעס אין ריין ייִדישן זשאַרגאָן (עברי־טײַטש) פון יצחק יואל ליִניעצקי", ווי עס איז אָנגעגעבן אויפן שער.

דער לוח האָט געהאַט אַ היפּש ביסל באַצאָלטע מודעות פון פאַרשיידענע געשעפטן און פירמעס, מערסטנס אין אַדעס, און אַלע אין רוסיש, וואָס האָבן געדעקט די דרוק־קאָסטן און נאָך אַרײַנגעבראַכט אַ רווח דעם רעדאַקטאָר.

ליִניעצקיס לוחות, כאָטש ניט ליטעראַריש, אָבער אינפאָרמאַטיוו, זײַנען אַ נײַס געווען אין דער לוחות־פּראָדוקציע, וואָס איז פאַרשפּרייט געוואָרן דורך פּאַקנטרעגער מוכרי־ספרים און ליִניעצקי האָט זיך מיט זײַן לוח איבערגענומען. צום סוף פון די מודעות גיט ער זײַנע „ליבע קונים" אַן „עצה טובה", זיי זאָלן דעם דאָזיקן קאַלענדאַר אָפּהיטן דאָס גאַנצע יאָר, און נאָכן יאָר זאָלט איר אים באַהאַלטן צווישן אַלע אייערע נייטיקסטע ספרים, „בכדי, אַז איר וועט אים דאַרפן אין די ווײַטערע יאָרן, זיך אודאָסטוועראַיען אין וואָסער עס ניט איז אַ מין סוויעדיעניע, זאָלט איר זיך קענען באַנוצן מיט דעם קאַלענדאַר". ער איז אויך מוסר מודעה: „חוץ וואָס אַלע קונים ווילן שוין געוויס דערקענען דעם חילוק פון מײַן גוסט שרײַבן ביז אַן אַנדערנעם און וועלן זיך אַוודאי ניט לאָזן אָפּנאַרן מיט נאָכגעקרימטע קאַלענדאַרן פון אַנדערע אומאָרנטלעכע מדפּיסים. — איך פאַרהאָף, אַז פאַר מײַן 10־יאָריקן טרוד פאַר מײַן פאָלק וועט יעדער אַוודאי גיכער וועלן אויסגעבן די אייגענע עטלעכע קאָפּיקעס אויף מײַן קאַלענדאַר איידער אויף איין אַנדערס. — אײַ טאָמער לאָזט יענער וועלוועלער? דאָס דאַרפט איר שוין וויסן, אַז אַ נײַ־אַלטע שמאַטע אויפן טאָלטשאָק איז נאָך וועלוועלער, נאָר אין דער היים קוקט מען זיך ערשט צו, אַז וואָס וואָלוועל איז טײַער"... ליִניעצקי האָט דאָ מרמז געווען אויף ש. י. אַבראַמאָוויטשעס (מענדעלע מוכר־ספרים) קאַלענדאַר, וואָס איז אין יענעם יאָר דערשינען. אַזוי האָט ליִניעצקי

געוואָלט זיך באַוואָרענען קעגן קאָנקורענט. ליניעצקי גיט אויך אַרײַן אין נדן וואָס זײַן קאַלענדאַר „האַלט 7 דרוק־בויגן, עס האַלט 112 זײַטן מיט אַ קאַרטע". די דאָזיקע „קאַרטע" איז אַ מאַפּע פון רוסישע אײַזנבאַנען און שיפן אין לאַנד און אין אויסלאַנד.

דער צווייטער לוח האָט טאַקע מער זײַטן ווי דער ערשטער און אויך מער מודעות. דער אינהאַלט איז עטוואָס באַרײַכערט געוואָרן מיט לוחות־ליטעראַטור, קורצע אַרטיקלען וועגן דעם „חילוק פון רוסישן און גריכישן קאַלענדאַר ביז דעם אויסלענדישן קאַלענדאַר"; „דער חשבון פונם ייִדישן קאַלענדאַר מיט די מחזורים"; „וואָס הייסט מחזור גדול?" אד"גל.

נאָך דעם צווייטן לוח קומט אַ לענגערע הפסקה אין דער אויסגאַבע. ווי ז. רייזען ברענגט (אין לעקסיקאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור, ב' 2), האָט ליניעצקי, צווישן תרמ"ד־תרמ"ח אַרויסגעגעבן די לוחות. אין 1883, גייט אַרויס אין אַדעס „דער וועלט־לוח פונם יאָר אין כסל, אָדער די אַלגעמיינע פּאַנאָראַמע פון עלי קצין הצחקיאלי מחבר פון פוילישען אינגל". עס האַלט 88 זײַטן, און אויסגעהאַלטן צוויי אויפלאַגעס. עס איז אַ פּאַראָדיע אויף אַ לוח, געשריבן אין סאַטירישע גראַמען, קריטיקירט דעם פּרויען־לעבנס־שטייגער און חוזקט אויס די חסידים און גוטע־ייִדן. צום סוף איז ער מזהיר אין גראַמען די דרוקער ניט צו באַוועלען ייִדישע מחברים איבערצודרוקן זייערע ווערק אָן דערלויבעניש, בעט אויך רחמים דעם „הער נעחעליס", דעם לעמבערגער דרוקער, וואָס האָט צענדליקער מאָל איבערגעדרוקט זײַן „פוילישן אינגל", „ער זאָל ווערן גוט און פרום און זאָל אויפהערן דרוקן פרעמדע ביכער, אלא ניט מעג ער אַוודאי זײַן זיכער, אַז מיר אַלע, מחברים מיט דער שטיצע פון זאַקאָן וועלן אים רודפען ווי ווײַט מען קאָן". אַן אויפגאַבע פון „וועלט לוח" צום יאָר תרמ"ט איז פאַרצייכנט אין שלום־עליכמס ביבליאָגראַפיע פון ייִדישע ביכער אין צווייטן באַנד „ייִדישע פאָלקס־ביבליאָטעק".

דער ערשטער לוח מענדעלעס איז געדרוקט אין י. מ. באַקשטס דרוק, אין זשיטאָמיר. אין נאָמען דער ניצלעכער קאַלענדאַר מערקט זיך עפּעס ענלעכעס צו ליניעצקיס פּראַקטישער קאַלענדאַר, אָבער סײַ אין אויסזען און סײַ אין צוזאַמענשטעל איז ער גאַנץ אַנדערש פון ליניעצקיס לוח. ער איז מער פאָלקסטימלעך אין אינהאַלט און אין דער שפּראַך. עס פילט זיך אַבראַמאָוויטש דער תלמיד־חכם און מענדעלע דער קינסטלער. כאָטש אין דער שפּראַך וואַרפן זיך רוסיציזמען, אָבער אַ סך ווייניקער ווי בײַ ליניעצקין. אויפן שער ווערט געזאָגט: „דער ניטצלעכער קאַלענדאַר פאַר די רוסישע ייִדן... שנת תרל"ז לפ"ק. דער דאָזיקער קאַלענדאַר טיילט זיך אין צוויי חלקים: ערשטער חלק — דער יאָר־לוח, וואָס ווײַזט אונדז דעם חשבון פון דער צײַט און דערבײַ אַלע וויכטיקע זאַכן און מנהגים אין דעם ייִדישן גלויבן, ווי למשל, ראשי־חדשים, ימים־טובים, תעניתים וכדומה, וואָס זײַנען מיט דער צײַט געקניפּט און געבונדן. אויך איז דאָ דער קריסטלעכער לוח מיט די פּראַזדניקעס און טאַבעלנע טעג. צום סוף איז דאָ איבער די ברכות הבורא אין דער לופט. דער צווייטער חלק: דער וועלטלעכער לוח, וואָס ווײַזט ניצלעכע ענינים אין וועלט־זאַכן, וועלכע זײַנען נייטיק צו וויסן איטלעכן, וואָס לעבט אין דער וועלט צווישן מענטשן". — צום סוף איז דאָ פון מענדעלע מוכר־ספרים „קיצור מסעות בנימין השלישי", אַ סיפּור־המעשׂה „דאָס הייסט, די נסיעה, אָדער אַ רײַזע באַשרײַבונג פון בנימין דעם דריטן, וואָס ער איז אויף זײַנע נסיעות פאַרגאַנגען העט ווײַט אַזש אונטער די הרי חושך און האָט זיך גענוג אָנגעזען און אָנגעהערט חידושים, שיינע זאַכן, וואָס זיי זײַנען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אַלע שבעים לשונות און הײַנט אויך אין אונדזער לשון. פון ש"י אברמוביץ. יצא לאור ע"י הר"ר אליעזר אַבראַמאָוויץ". אָט דער אַבראַמאָוויץ האָט געהאַט אַ בוך־געשעפט אין באַרדיטשעוו, און צום סוף לעצטע זײַט פון דער הילע איז אָנגעגעבן: „דער דאָזיקער קאַלענדאַר מײַנער, ווי אויך די אַלע אַנדערע מײַנע ספרים, הן אין לשון קודש והן אין פּראָסט־ייִדיש זײַנען דאָ צו קויפן במקח השוה בהסקלאַד של הר"ר אליעזר אַבראַמאָוויץ אין באַרדיטשעוו". די זײַטן פון דעם „קיצור מסעות בנימין השלישי" זײַנען נומערירט באַזונדער, און די געשיכטע האַלט 18 זײַטן און ענדיקט זיך מיטן פערטן קאַפּיטל. און צום סוף געזעגנט זיך דער מחבר מיט די לייענער: „זײַט מיר געזונט רבותים! לאָמיר לאָזן דערווײַל אונדזערע פאַרשוינען גיין זייער וועג, אין קורצן וועל איך אײַך ווײַטער דערציילן די מעשה, ווי איך בין אַ ייִד! ווי מײַן נאָמען איז מענדעלע מוכר־ספרים".

„דער ניטצלעכער קאַלענדאַר" (אגב, צוגעפּאַסט צו מענדעלען, וואָס האָט אַלע זײַנע שריפטן, העבראַישע און ייִדישע אויסן געווען צו ברענגען נוצן דעם פאָלק און אין זײַן קיצור „מסעות בנימין השלישי", שרײַבט ער טאַקע: „ואני מענדעלע, און איך מענדעלע, וואָס מײַן כוונה איז תמיד נוטצן צו ברענגען אונדזערע ייִדעלעך כפי מײַן מעגלעכקייט"), האָט אויך מיטן לוח מכוון געווען צו ברענגען נוצן דעם עולם, איז אין אינהאַלט רײַכער פון ליניעצקיס לוחות. ער הייבט ניט אָן מיט אַן הקדמה וועגן דער וויכטיקייט פון לוחות און זײַן לוח בפרט, ווי ליניעצקי, נאָר מיט אַן אָפּהאַנדלונג וועגן „וואָס דער יאָר־לוח באַטײַט און דער פּירוש פון אַ סך זאַכן וואָס איז נייטיק צו וויסן". און איז מסביר דעם לייענער דעם ענין לוח, „וואָס איז דער וועלט־זייגער, וואָס ווײַזט אונדז דעם חשבון פון דער צײַט", דערקלערט די תקופות, די יאָר־רעכענונגען לפי שנת חמה (זונען־יאָר) און שנת לבנה (לבנה־יאָר) און דעם אונטערשייד צווישן דעם ייִדישן לוח און פאַרשיידענע קריסטלעכע קאַלענדאַרן — אַ פּאָפּולערער תכונה אַר־

טיקל, וואָס ער פלעגט געבן יעדן יאָר. אין דעם צווייטן חלק ברענגט ער „ענייני קראָניקע און היסטאָריע“, הן „דער וועלט קראָניק“ און הן „דער ייִדישער קראָניק“. די כראָניק איז ניט קיין טרוקענע רשימה, נאָר באַלייכט די היסטאָרישע פּאַסירונגען, גיט אויך אויסטייטשונגען. דערמאָנענדיק, למשל, דעם מהר״ל (ר׳ יעקב מולען), שרייבט ער: „ער איז דער ערשטער וואָס מיט אים הייבט זיך אָן דער טיטל מהר״ר, דאָס הייסט מורנו הרב, אַזוי ווי אַ דאָקטער טיטל. די רבנים אין אשכנז האָבן איינער דעם אַנדערן דעם טיטל געגעבן. גרויסע לייט, ווי דער אברבנאל וכדומה, האָבן דערויף שטאַרק מתרעם געווען“. אַזעלכע אויסטייטשונגען גיט ער וועגן בר־כוכבא, שבתי צבי, יעקב פראַנק, שפּינאָזע, דעם בעל־שם־טוב, ר׳ מאיר ראָטשילד, דער גרינדער פון דער ראָטשילד־דינאַסטיע, אליהו אָרשאַנסקי, די העברעאישע פּאָעטן נ. ה. ווייזל און אד״ם לעבענזאָן, און אַנדערע היסטאָרישע פיגורן און פירנדע גייסטער ביי ייִדן.

די וועלטלעכע און די ייִדישע כראָניק פירט ער צו ביז דער לעצטער צייט, פאַרצייכנט אַלע גזרות און געזעצן, ווי „דער אוקאַז מען זאָל נעמען ייִדישע רעקרוטן“; „דער אוקאַז מען זאָל מאַכן ייִדישע שקאָלעס: 2 ראַבינער־שולן (אין ווילנע און אין זשיטאָמיר), און נאָך שולן פון ערשטן און צווייטן ראַזריאַד“; „דער אוקאַז, אַז ייִדן מוזן אָנטאָן קליידער ווי אַלע איינוואוינער אין לאַנד“. אַזוי האַלט ער פאַר וויכטיק צו פאַרצייכענען די דאַטעס ווען מען האָט אַרויסגעגעבן דעם המגיד, „די ערשטע ייִדישע צייטונג אין לשון־קודש“, און „דער ראַסוועט, די ערשטע ייִדישע צייטונג אין דער רוסישער שפּראַך איז אַרויסגעגאַנגען דורך דעם געלערנטן מאַן יוסף ראַבינאָוויץ ז״ל“, און איז מוסיף „געדויערט אינגאַנצן איין יאָר“. פון יאָר צו יאָר ווערט די כראָניק אויסגעברייטערט און איניקע דאַטעס זיינען גאַנצע אָפּהאַנדלונגען (ווי וועגן משה מאָנטעפיאָרע, דער פידל־שפּילער גוזיקאָוו, די קאָמפּאָזיטאָרן הלוי און מאיר בער).

„דער ניטצלעכער קאַלענדאַר“ איז אַ פּאָפּולערער אינפאָרמאַטיווער לוח. דער רעדאַקטאָר און צונויפשטעלער האָט געזען אַרייַנצוגעבן וואָס מער אינפאָרמאַטיוון און באַלערנדיקן מאַטעריאַל וועגן געאָגראַפיע און סטאַטיסטיק, פּאָליטיק און קאָמערץ, וועגן פריזיוו, רוסישע און אויסלענדישע געלטקורסן. עס איז ניט אויסגעלאָזן דער מאַטעריאַל וואָס איז אין ליניעצקיס לוחות, אָבער אַ סך מער צוגעגעבן. רעדנדיק וועגן רוסישע און אויסלענדישע מאָסן און וואָגן, גיט ער אויך צו אַ קורצע אָפּהאַנדלונג וועגן דער פאַרצייטיקער ייִדישער מאָס און געוויכט אין ארץ־ישראל. אַן אַרטיקל „דער ספר הרפואות“ — מעדיצינישע אינפאָרמאַציע וועגן „די ערשטע הילפס־מיטלען אין אַ נויטפאַל“, און „ענייני הלימוד און בילדונג“ אין רוסלאַנד אויך בנוגע בילדונג ביי ייִדן.

אין אַ מודעה אויף דער הילע פון ערשטן יאָר שרייבט מענדעלע: „מיט דעם דאָזיקן קאַלענדאַר מיינעם אויפן יאָר תרל״ז מאַך איך די התחלה פון די ווייטערדיקע קאַלענדאַרן, וואָס איך וועל איה״ש אַלע יאָר דרוקן“. און מיט זיין מענדעלע־הומאָר גיט ער צו, אַז עס איז איבעריק „אָפּלויבן דאָ פאַר אייך, רבותי, אי זיך אַליין און מיין קאַלענדאַר“. ער האַלט דאָס פאַר אַ נאַרישקייט מצד כמה טעמים וואָס ער רעכנט אויס, און שרייבט: „מיין קאַלענדאַר ליגט איצט פאַר אייך, מסתמא וועט איר פאַרשטיין אים אָפּצושאַצן כפי זיין ווערט. איך קען אייך ניט מער דאָס נאָר זאָגן, אַז פון מיין זייט האָב איך זיך ניט געפוילט און ניט געשפּאָרט קיין מי צו מאַכן דעם קאַלענדאַר גוט און ניטצלעך פאַר אונדזערע ייִדן ווי איך האָב נאָר געקענט. איך קען אייך אויך פאַרזיכערן, איך וועל זיך ווייטער אויך ניט פוילן און אַלע יאָר זיך סטאַרען מיין קאַלענדאַר צו פאַרבעסערן מיט אַלע מעגלעכקייטן“.

דער ערשטער יאָר איז דער לוח אַרויס אָן מודעות, און מענדעלע שרייבט וועגן דעם: „די אַלע סוחרים אין פאַרשיידענע שטעט בין איך מודיע און בעט זיי, אַז זיי זאָלן אַזוי גוט זיין אַרייַנשיקן אַלערליי מודעות אויף פאַרשיידענע לשונות אין מיין קאַלענדאַר, וואָס וועט זיך דרוקן לא פּחות פון צען טויזנט עקזעמפּלאַרן. הייַנטיקס יאָר האָב איך ניט געקענט זאַמלען מודעות מחמת די צייט פון דרוקן דעם דאָזיקן קאַלענדאַר איז געווען קורץ“. אין דעם צווייטן יאָר געפינען זיך שוין אַריבער זעקס זייטן אַנאָנסן און נאָר איינע וועגן לעבנס און קאָמערציעלע פאַרזיכערונגען איז אין ייִדיש, געשריבן אין ייִדיש פון הרב קולישער (ישראל, אַ ברודער פון ד״ר ראובן קולישער), זשיטאָמירער אַגענט פון אַ פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט אין פּעטערבורג. די איבעריקע מודעות זיינען אין רוסיש. אויך די לוחות פון תר״מ און תרמ״א (פערטן און פינפטן יאָרגאַנג) זיינען די מודעות געשריבן אין רוסיש, אויסער איינע וועגן „צאָן־האַלדז־בענדער“ פאַר קינדער, איז אין ייִדיש.

דער צווייטער לוח, תרל״ח, האָט מער זייטן און איז אינהאַלטסרייַכער. עס פעלט אָבער דער המשך פון „קיצור מסעות בנימין השלישי“, וואָס האָט באַדאַרפט שטעלן דעם לוח אויף אַ ליטעראַרישער הייך. אויף דער הילע ווענדט זיך מענדעלע צום עולם מיט דעם אָנהייב: רבותי!“ וועגן די חידושים וואָס ער האָט געבראַכט אין צווייטן לוח, און שרייבט: „די מעשה „קיצור מסעות בנימין השלישי“ האָב איך מיך באַטראַכט ניט צו דרוקן מער אין קאַלענדאַר מכמה טעמים: ערשטנס, דרוקן אַזאַ לאַנגע מעשה שטיקלעכווייַז, וועט זי זיך אַוועקציען עטלעכע יאָר און אַזאַ שלעפּן זיך קען דעם עולם ניט זיין לרצון. צווייטנס, איז שוין געַנוג, חלעבן, האַלטן אונדזער עולם פאַר קינדער, וואָס בכדי זיי זאָלן עפּעס וויכטיקס לערנען מוז מען זיי דערבייַ אַליץ איינגעמען מיט צוקערלעך און מיט שפּילכענדלעך. ווי מיר דאַכט זיך, איז אונדזער עולם גאָרנישט אַזוי

משונה פאַרנאַרט, אַז ער זאָל ניט פאַרשטיין דעם ווערט פון ניטצלעכע זאַכן, וועלכע זײַנען אים נייטיק אין לעבן אַרײַן, סײַדן מען זאָל זיי אײַנוויקלען אין לײַבּילדענע ווערטלעך און גרינגע המצאות. אַנשטאָט דער מעשה האָב איך אין קאַלענדאַר בּעסער אַרײַנגעשטעלט וויכטיקע נייטיקע זאַכן און בּין מבטיח איה״ש אין קורצן אָפּצודרוקן די מעשה אין אַ באַזונדערן ספר״. אָט דער לוח איז געדרוקט אין זשיטאָמיר. די לוחות פון די יאָרן תרל״ט, תר״מ, תרמ״א זײַנען געדרוקט אין ראָמס דרוק אין ווילנע. ווי מענדעלע גיט אָן אין זײַן בּיאָגראַפיע, איז אין אַדעס אַרויס זײַנער אַ לוח צום יאָר תרמ״ג. אין 1879 איז אין ווילנע אויך אַרויס זײַן העבּרעאישער „לוח הסוחרים״, וואָס אַנטהאַלט „וויכטיקע אַרטיקלען געשריבּן אין דער משנה־שפּראַך״, ווי ער דערמאָנט אין דער זעלבּער אויטאָבּיאָגראַפיע.

צו די לוחות־פּעריאָדישע אין די אַכציקער יאָרן איז אויך צו דערמאָנען א. י. בּוכבּינדערס „יודישער פאָלקס־קאַלענדאַר״, געדרוקט אין אַדעס אין די יאָרן תרמ״ח—תרמ״ט, און דער „באַרדיטשעווער קאַלענדאַר״ צום יאָר תרמ״ט דערשינען דורך מ״ם עפּשטיין.

סוף אַכציקער יאָרן ווערן געמאַכט פּרואוון אַרויסצוגעבּן זאַמלבּיכער אין ייִדיש. אין 1887 דערשײַנט אין אַדעס דער יודישער וועקער, רעדאַקטירט פון מ. ל. ליליענבּלום און אַרויסגעגעבּן דורך י. ח. ראַווניצקי און צ. ז. פראַנקפעלד. מיט דעם זאַמלבּוך האָבּן די אַדעסער חובבי־ציון געמאַכט דעם ערשטן פּרואוו צו ריידן צו די מאַסן אויף ייִדיש דורך אַן אייגענעם אָרגאַן, דערקלערן זיי דעם מהות פון חבת־ציון און וועקן זיי ממש, זיי זאָלן נעמען טאָן פאַרן ישוב ארץ־ישראל. ליליענבּלום, וואָס איידער אחד־העם האָט זיך באַוויזן, איז געווען דער פירנדיקער גײַסט צווישן די חובבי־ציון און דער קאָפּ פון דער באַוועגונג, האָט אין זײַן אַרטיקל „צו די לעזער״ געשטעלט דעם טאָן, מסבּיר געווען דעם ענין נאַציאָנאַליזם און אַרויסגעבּראַכט די סיבּות וואָס האָבּן געבּראַכט פרומע ייִדן און אַסימילאַטאָרן צו פאַראייניקן זיך קעגן חבת־ציון און ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. אין פּשוטע ווערטער האָט ער אַנאַליזירט די פּסיכאָלאָגיע פון אָט די צוויי עלעמענטן וואָס עס פעלט זיי ייִדיש וויסן און האָבּן ניט דעם נאַציאָנאַלן שטאָלץ און געפיל צו פאַרשטיין, אַז „ייִדן אָן ארץ־ישראל וואָלטן געהאַט אַ פּנים ווי אַ גוף אָן אַ נשמה״. וועגן דער לאַגע פון ייִדן צווישן פעלקער און זייער שׂנאה צו אונדז, דעם נאַציאָנאַליזם און אַסימילאַציע און די אידעע ישוב ארץ־ישראל ווערט אויך באַהאַנדלט אין די ווײַטערדיקע פּובּליציסטישע אַרטיקלען אין זאַמלבּוך פון משה אײַזמאַן, י. ח. ראַווניצקי און א. י. בּוכבּינדער. די שירים, אַ סך מער ווי די פּובּליציסטיק, וועקן דאָס פאָלק, שילדערן דעם ייִדישן מצב אין גלות; זײַנען דורכגעהויכט מיט נאַציאָנאַליזם, און וועקן מיט סענטימענטאַלע און פּאָעטישע סטראָפן די ליבּע צום לאַנד און צו דער „מאַמע ציון״. דער אַלטער השׂכּלה־דיכטער א. בּ. גאָטלאָבּער ווײַזט אַרויס באַגײַסטערונג צו ארץ־ישראל ווי אַ היימלאַנד פאַר די פאַרפאָלגטע ייִדן, און ענדיקט זײַן ליד „די מאַמע מיט די קינדער״ מיט אַ רוף: „די קינדער — זענט איר אַלע ליבּע ייִדן, די געטרײַע מאַמע, די איז ירושלים״.

דער הויפּט־פּאָעט אין וועקער איז אברהם גאָלדפאַדען. ער איז פאַרטראָטן מיט צוויי לידער: „אַ שטיין פון האַרצן״ און „יודל סעמיט״ — ציון־לידער וואָס זײַנען באַקאַנט ווי פאָלקס־לידער. אליקום צונזער האָט געדרוקט זײַן „יודעשקע״, דער מאָטיוו עפּעס ענלעך צו גאָלדפאַדענס „אַ שטיין פון האַרצן״ — די לעכערלעכקייט פון אַסימילאַציע און דאָס לאַשטשען זיך פון ייִדישע זין צו די גויים צו געפעלן זיי , לאָזן זיך אויסניצן און די נאָכווייעניש זייערע ווען מען וואַרפט זיי אַוועק נאָך דעם אַז מען באַדאַרף זיי שוין ניט מער. אויך ראַווניצקי האָט אַ שיר, געגראַמטע פּובּליציסטיק, מיט אַ העבּרעאישן נאָמען, „יאה עניותא לישראל״. מער פּאָעטיש איז דער שיר „דער שמש״ פון יהויקים זילבּערשטיין, וואָס איז צוגעפּאַסט צום זאַמלבּוך, ווײַל דער שמש „שלאָפט ניט און רוט ניט — ער וואַכט — צו וועקן די לײַט צו עבודת הבּורא אויפשטיין״.

צונזערס ליד איז געווענדט צו דער ייִדישער טאָכטער. אויך מאַריאַ לערנער שילדערט אין אַ דערציילונג „אַ היים!״ די דערוואַכונג פון אַ ייִדישע אַסימילירטע מיידל און איר איבּערגאַנג צום ייִדישן נאַציאָנאַליזם, איר אַגיטירן פאַר דעם חבת־ציון־געדאַנק און איר שטאַרקער באַגער זיך צו באַזעצן אין דעם ייִדישן היימלאַנד און דינען דאָרט איר פאָלק און לאַנד. אַן ארץ־ישראל־זשאַנער דערציילונג, און דער ערשטער פּרואוו צו שילדערן די ייִדישע פּיאָנערן. אויך שלום־עליכם האָט זיך באַטייליקט מיט אַ קורצער דערציילונג „אין דער דאָזיקער נאַכט פּסח״, ניט מיט אַ חבת־ציון־טענדענץ, אָבּער צוגעפּאַסט צום זאַמלבּוך.

אַ באַגריף פון דעם לעבּן אין די קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל האָט דער חובב־ציון געקענט באַקומען פון די בּריוו פון יצחק עפּשטיין און חיים חישין, וואָס זײַנען אויך געווען פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַל פאַר דער נאַציאָנאַלער אידעע און דעם ישוב. דער זאַמלבּוך ענדיקט זיך מיט אַ געגראַמטן פעליעטאָן „שמע ישראל״ פון פ. זאַמאָשטשין. עס געפינט זיך אויך אַ צווייטער פעליעטאָן אין פּראָזע „דער האָן און דער בּני אדם״, פון איש־נעמי (אלימלך וועקסלער), דער העבּרעאישער שרײַבּער. בּיידע שרײַבּער זײַנען אַדעסער תושבים געווען און זייערע בּיידנס פעליעטאָנען זײַנען געווען צוגעפּאַסט פאַרן זאַמלבּוך.

פיר יאָר שפּעטער, אין 1891, דערשײַנט אין זשיטאָמיר דאָס צווייטע חבת־ציון־זאַמלבּוך „דאָס הייליקע לאַנד״, אַרויסגעגעבּן פון בּערטע פלעקסנער און ישראל נאַראָדיצקי, מיט „פאַרשיידענע אַרטיקלען, לידער, דער־

ציילונגען וועגן ישוב ארץ־ישראל״. דאָס דאָזיקע זאַמלבוך איז אַרויס אַ יאָר נאָך דער דערלויבעניש פון דער רוסישער רעגירונג צו אָרגאַניזירן די חובבי־ציון אין אַ באַוועגונג און דער גרינדונג פון דעם „קאָמיטעט צו שטיצן די קאָלאָניסטן און בעלי־מלאכה אין ארץ־ישראל״ אין אַדעס. „דאָס הייליקע לאַנד״ האָט פראָפּאַגאַנדירט פאַרן חבת־ציון־געדאַנק אין אַ ברייטערן זין — ישוב ארץ־ישראל ווי אַ הייליק לאַנד בײַ אַלע שיכטן פון פאָלק, און ייִדישע קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל בעיקר. דאָס סימבאָליזירט דער נאָמען פון זאַמלבוך און עס ווערט אויך אַרויסגעבראַכט אין דער הקדמה „צו די לעזער״, געשריבן פון די אַרויסגעבער. אין דער הקדמה הערט זיך דער רוף זיך אומצוקערן צו ערד־אַרבעט, און ווי צו פאַראייניקן אַלע פאַרטייען צו אַרבעט פאַר דעם הייליקן צוועק פון ישוב ארץ־ישראל דורך שטיצן די קאָלאָניסטן און גרינדן נײַע קאָלאָניעס אין לאַנד, און ניט זען די חובבי־ציון ווי דוחקי הקץ. עס איז אַ רוף „אַז אונדזערע ברידער זאָלן זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל און זיך פאַרנעמען דאָרט מיט ערד־אַרבעט״. אין אַ בריוו צו די אַרויסגעבער פון ש. פרוג און א. פלעקסער, דער באַקאַנטער רוסישער שרײַבער אונטערן פסעוודאָנים א. וואָלינסקי, אַ ברודער פון דער אַרויסגעבערין בערטע, ווערט אויך באַטאָנט דער „כח הרוחני״, וואָס איז נייטיק אין דער באַוועגונג, און עס ווערט געזאָגט: „מיר דאַרפן אַרבעטן מיט אַלע כחות אויפצוהייבן, ווי נאָר מעגלעך, וואָס העכער און העכער דעם כח הרוחני, די מאָראַלישע קרעפטן פון אונדזער דערשלאָגן פאָלק״ — עפעס אַ רמז אויף אחד־העמיזם.

„דאָס הייליקע לאַנד״ האָט אַ רײַכן אינהאַלט. דרײַ און צוואַנציק שרײַבער האָבן זיך באַטייליקט אין אים, און עטלעכע זײַנען אייניקע מאָל פאַרטראָטן. די מערסטע פון זיי זײַנען דרום־רוסישע שרײַבער. די לידער פון פרוג, גאָלדפאַדען, יעקב קאַפלאַן, י. ד. ריזבערג, אליקום צונזער און פ. זאַמאָשטשין זײַנען ציון־הימנען, פול מיט היים־וויי און בענקשאַפט צום לאַנד. זאַמאָשטשין האָט אויך איבערגעזעצט יהודה־לייב גאָרדאָנס פאָעמע „במצולות ים״, פון די הערלעכסטע שילדערונגען פון דער ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע, און אין אַ באַמערקונג שרײַבט דער איבערזעצער, אַז „יעדע שורה איז פול מיט פאַטריאָטיזם און יעדעס וואָרט טריפט מיט בלוט און ליבע צו אונדזערע אומגליקלעכע, פאַרפאָלגטע ברידער״. אַזוי, אַז אין דער פאָעמע, וואָס אין איר איז געשילדערט אַן עפּיזאָד פון גירוש שפאַניע, הייבט זיך אָן: „פון ציון פאַרטריבן, דאָך גליקלעך, צופרידן האָבן פאַרבראַכט אין שפאַניע פיל יאָרן די ייִדן״, און צוגעפאַסט פאַרן זאַמלבוך. אין די טענדענץ־ראַמען פון „דאָס הייליקע לאַנד״ איז אויך די איבערזעצונג פון לודוויג פילאָפסאָנס „דער אַנטלאָפענער פון ירושלים״, אַ היסטאָרישע דערציילונג פון חורבן בית־שני, איבערגעזעצט דורך א. י. בוכבינדער. אויך די צוויי אָריגינעלע דערציילונגען „ישראליק דער פראָצענטניק״ פון בת־מלכה און „דער פרומער קאָלאָניסט״ פון י. קהילי*, זײַנען מיט אַן אַנטי־גלות און ארץ־ישראל־טענדענץ. איבערהויפט די צווייטע דערציילונג, אין וועלכער עס ווערט אַרויסגעבראַכט די חשיבות פון ערד־אַרבעט. דער העלד דוד וויל ניט זײַן קיין רב, און פאָרט בעסער קיין ארץ־ישראל צו ווערן דאָרט אַ קאָלאָניסט.

די פובליציסטיק איז געשריבן פון הייסע חובבי־ציון, פון אוקראַיִניש־ייִדישע פובליציסטן. צווישן זיי געפינען מיר י. ח. ראַווניצקי, מ. דיזענהאָף (דער בויער פון תל־אביב און איר בירגערמײַסטער פאַר יאָרן לאַנג) און מ. קישינאָווסקי**: מיט פובליציסטיק באַטייליקן זיך אויך ראובן ברײַנין און ד. א. פרידמאַן. דער לעצטער האָט אַ האַלב היסטאָרישן אַרטיקל „דער נאַציאָנאַלער שטאָלץ״. און ברײַנין ווענדט זיך צו די חובבי־ציון מיט „איין ערנסט וואָרט״, פאָדערט פון זיי, אַז זיי זאָלן זיך ניט באַנוגענען מיט די עטלעכע רובל, וואָס מען שיקט צום אַדעסער קאָמיטעט פאַר די ייִדישע קאָלאָניסטן אין ארץ־ישראל, נאָר מען זאָל זיך פאַרטיפן אין דער גרונט־אידעע און געבן זייערע קינדער, איבערהויפט די טעכטער, אַ ייִדישע דערציאונג און אײַנפלאַנצן אין זיי ליבע צו ארץ־ישראל און חבת־ציון־געדאַנק.

אַקטועל אינפאָרמאַטיווער מאַטעריאַל איז געווען אַ געשיכטלעך־סטאַטיסטישער איבערבליק איבער 10 קאָלאָניעס אין ארץ־ישראל, שילדערנדיק די לאַגע און דאָס לעבן פון די קאָלאָניסטן, און א. י. בוכבינדערס אַרטיקל וועגן אַקערבוי, מסחר און אינדוסטריע אין ארץ־ישראל. עס קומט אויך אַ היסטאָרישער מאַמר „דער צוריקקער פון גלות בבל״, פון יונה טרובניק.

דאָס הייליקע לאַנד איז אין תוך געווען אַ המשך פון דעם ייִדישן וועקער. די זעלבע טענדענץ און עטלעכע וועקער־שרײַבער באַגעגענען מיר אין דאָס הייליקע לאַנד. זיי בײדע זײַנען די ערשטע אַגיטאַציע־זשורנאַלן אין ייִדיש פאַר חבת־ציון, ישוב ארץ־ישראל און קעגן אַסימילאַציע.

צווישן דער דערשײַנונג פון די צוויי חבת־ציון זאַמלביכער האָט שלום־עליכם אַרויסגעגעבן די צוויי בענד יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק. דעם ערשטן באַנד אין 1888 און דעם צווייטן אין 1889, בײדע געדרוקט אין יעקב שעפטעלס דרוקערײַ אין קיִעוו.

די יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק איז די וויכטיקסטע פעריאָדישע אויסגאַבע און וואָגיקע אויסגאַבע אין ייִדיש סוף אַכציקער יאָרן. מיט רײַכן אינהאַלט און אויסערלעכע אויסשטאַטונג האָט די דערשײַנונג פון דער יודישער פאָלקס־ביבליאָטעק אַרויסגערופן אָנזען

* נאַראָדיצקיס ?

** אפשר דיזענהאָפס אַ פסעוודאָנים ?

און געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן רושם. מען קען זאָגן, אַז מיט איר הייבט זיך אָן דער רענעסאַנס פון דער ייִדישער ליטעראַטור. עס איז שוין געווען דאָס זיבעטע יאָר, וואָס דער נאָמען שלום־עליכם האָט פיגורירט אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ער האָט זיך באַוויזן אָנהייב אַכציקער יאָרן מיט סקיצן אין יודישער פאָלקס בלאַט, וואָס צעדערבוים האָט אַרויסגעגעבן אין פעטערבורג און איז אַריבער צו אַנדערע געביטן: פּאָעזיע, פעליעטאָן און קריטיק. ווי אַ קריטיקער האָט ער זיך בעיקר קונה שם געווען מיט זײַן פּאַמפלעט „שמר׳ס משפּט", אַרונטעררײַסנדיק שמרס ראָמאַנען, וואָס האָבן סוף אַכציקער יאָרן פאַרפלייצט דעם ייִדישן ביכער־מאַרק און האָבן געהאַט אַ סך נאָכמאַכערס פון אַנדערע שונד־ראָמאַניסטן. אין יענער צײַט איז דער יודישער פאָלקס־בלאַט אַריבער צו ישראל לעווי, וואָס האָט זיך באַצויגן מיט שנאה צו ייִדיש, און פלעגט אין זײַן בלאַט באַשמוצן די ייִדישע ליטעראַטור און מיט די גרעסטע זלזולים באַפאַלן די ייִדישע שרײַבער, ניט געשוינט אַפילו מענדעלע מוכר־ספרים. שלום־עליכם האָט דעמאָלט גענומען טראַכטן וועגן אַרויסגעבן אַ בלאַט אין ייִדיש און אַזוי אַרום באַפרײַען די ייִדישע ליטעראַטור פון לעוויס אַפּוטרופּסות און שעדיקן זײַן אײַנפלוס. ניט באַקומענדיק קיין דערלויבעניש אויף אַ בלאַט, האָט ער גענומען אַרויסגעבן די יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק, אַ יאָרבוך „פאַר ליטעראַטור, קריטיק און וויסנשאַפט".

דער מין יאָרבוך־זשורנאַל איז בכלל אַ פּראָדוקט פון די אַכציקער יאָרן. אין יענע יאָרן איז געווען זייער אויפשטײַג און אויך זייער ירידה, אַזוי אַז אין דער ליטעראַטור ווערט די עפּאָכע אָנגערופן די יאָרביכער־תקופה. די התחלה האָט געמאַכט נחום סאָקאָלאָוו מיט זײַן גראָב־בײַכיקן האסיף, וואָס האָט אָנגעהויבן צו דערשײַנען אין 1884, און איז געווען אַ ליטעראַרישער כל־בו, אַזוי, אַז זײַן אינהאַלט איז געווען צוגעפּאַסט פאַר יעדן לייענער. דער רײַכער פאַרשיידנאַרטיקער מאַטעריאַל און ביליקער פּרײַז האָט געבראַכט, אַז דער האסיף זאָל האָבן אַ קאָלאָסאַלן אָפּגאַנג און אויך, אַז אַנדערע זאָלן נעמען אַרויסגעבן יאָרביכער.

אין אַרויסגעבן די יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק האָט שלום־עליכם גענומען דעם האסיף ווי אַ מוסטער, ווי עס איז צו זען פון דעם בעלעטריסטישן און פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכן אָפּטייל, און בעיקר פון די קריטישע אַרטיקלען, וואָס פונקט ווי אין האסיף געפינען זיי זיך אין דער פאָלקס־ביבליאָטעק אין אַ גרעסערע צאָל. מיט זײַן אינהאַלט און ווילן צו לערנען און ברענגען נוצן דעם פאָלק, איז די יודישע־ביבליאָטעק געווען אַן אמת פאָלקס־בוך. ד״ר יצחק קאַמינער, אין זײַן בריוו צום רעדאַקטאָר, אין ערשטן באַנד, פאָדערט אויף שלום־עליכמען צו געבן „מער אינהאַלט, אמתע ערנסטע געדאַנקען, מער ריינע, מענטשלעכע געפילן ליגט אַרײַן אין אײַערע פאָלקס־ביכער". און דער מאַטעריאַל פון ערשטן באַנד איז טאַקע לויט דער ליניע וואָס קאַמינער האָט אין זײַן בריוו אָנגעצייכנט.

דער מאַטעריאַל איז אײַנגעטיילט אין באַזונדערע רובריקן: בעלעטריסטיק, קריטיק, וויסנשאַפט און פּובליציסטיק, ביבליאָגראַפיע און בײַלאַגעס. די „בײַלאַגן" — זײַנען שלום־עליכמס באַוואוסטע ראָמאַנען „סטעמפּעניו" און „יאָסעלע סאָלאָוויי", וואָס זײַנען זעלבסטשטענדיקע ביכער פאַר זיך זעלבסט. אָבער אויך אין דער אַלגעמיינער בעלעטריסטישער אָפּטיילונג זײַנען געדרוקט גאַנצע ווערק, ווי מענדעלעס „דאָס ווינטשפינגערל", י. י. ליניעצקיס „דער וואָרעם אין כריין", מ. א. שאַצקעס „בילדער פון דער ליטע". די לעצטע צוויי, מיט אַ השכלה־טענדענץ און נישט אָן אַ פאָלקלאָריסטישן ווערט, זײַנען אָבער קינסטלעריש שוואַך. אויך די קלענערע דערציילונגען און סקיצן זײַנען נישט פון גרויס ווערט, אָבער צווישן זיי געפינען זיך י. ל. פּרצעס נאָוועלן „דער כעלמער מלמד", „יענקל פּעסימיסט" און „וועגוס און שולמית", ווי אויך דערציילונגען פון דינעזאָנען און מ. בן־עמי. די לידער זײַנען אויך געקליבענע, און די מערסטע זײַנען געשריבן פון די בעסטע ייִדישע פּאָעטן אין יענער צײַט, ווי ש. פרוג, א. גאָלדפאַדען, א. ב. גאָטלאָבער און מיכל גאָרדאָן. אויך יהודה לייב גאָרדאָן, דער גרעסטער העבּרעאישער דיכטער פון דער השכלה־עפּאָכע, האָט זיך באַטייליקט מיט אַ שיר. מיט וואָס שלום־עליכם האָט שטאַרק שטאָלצירט, הגם דאָס ליד איז פּאָעטיש שוואַך. די „הויפּט־קרוין" פון פּאָעזיע אין דער פאָלקס־ביבליאָטעק זײַנען פּרצעס „מאָניש" און פרישמאַנס „אופיר" — די צוויי פּאָעמעס, וואָס סײַ לויטן סטיל און סײַ לויטן אינהאַלט זײַנען זיי געווען אַ נײַס אין דער ייִדישער ליטעראַטור; און די קריטיקערס פון דער פאָלקס־ביבליאָטעק האָבן זיך מערסטנס אָפּגעשטעלט אויף זיי און הײַנט צו טאָג זעען מיר אין זייער פאַרעפנטלעכונג די גרעסטע פאַרדינסטן פון דער פאָלקס־ביבליאָטעק.

נאָך דער בעלעטריסטיק פאַרנעמט אַ באַדײַטנדיקן אָרט אין דער פאָלקס־ביבליאָטעק די קריטישע אָפּטיילונג. שלום־עליכם, וואָס איז געווען פון די ערשטע קריטיקער אין ייִדיש, האָט אין קריטיק געזען אַ הויפּט־פאַקטאָר צו אַנטוויקלען די ייִדישע ליטעראַטור, און געזען צו געבן וואָס מער קריטיק אין זײַן פאָלקס־ביבליאָטעק. אין ערשטן באַנד זײַנען רעצענזירט 19 ביכער, און אין צווייטן — פיר. אַחוץ דעם אַרטיקל „אַ בריוו צו אַ גוטן פרײַנט", פון שלום עליכמען וועגן זײַן ראָמאַן „סטעמפּעניו", וואָס אין אים האָט ער אַרויסגערעדט אַכט זײַנע געדאַנקען ווי אַזוי אַ ייִדישער ראָמאַן אין ייִדיש דאַרף געשריבן ווערן. די הויפּט־רעצענזענטן זײַנען רבי־קצין (י. ח. ראַווניצקי) און „ס. ביכער־פרעסער" (שלום־עליכם). זייער קריטיק, מער־

סטנס וועגן שונד־ראָמאַנען און בטלנישע גראַמען־ביכלעך, איז געשריבן שאַרף, בײַסיק, און איראָניש. ראַווניצקי האָט אָבער אויך געשריבן פּאָזיטיווע קריטיק, ווי וועגן מענדעלעס „קליאַטשע", וואָס איז דעמאָלט דערשינען אין אַ נײַער פֿאַרבעסערטער אויסגאַבע; מ. ספּעקטאָרס הויזפֿרײַנד און יונה טרובניקס ביכער. ראַווניצקיס אַנאַליטישע אַרטיקלען, וואָס אין זייער פֿאָרעם זײַנען זיי געווען אַ המשך פֿון זײַנע אָפּהאַנדלונגען „אַן עסק מיט שמאַטעס", וואָס ער האָט געדרוקט אין די ליטעראַרישע בײַלאַגעס פֿון דער יודישער פֿאָלקס־בלאַט און שלום־עליכמס שאַרפֿע באַמערקונגען וועגן קוריאָזע ביכער, וואָס האָבן דעמאָלט פֿאַרפֿלייצט דעם „ליטעראַרישן מאַרק" (זײַנע רעצענזיעס האָבן זיך טאַקע גערופֿן „אויפֿן ליטעראַרישן מאַרק"), זײַנען דער אָנהייב פֿון דער מאָדערנער קריטיק אין ייִדיש.

באַדײַטנדיק פֿאַר דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור איז די ביבליאָגראַפֿישע רשימה, וואָס שלום־עליכם האָט צוזאַמענגעשטעלט פֿון „אַלע זשאַרגאָנישע ביכער", וואָס זײַנען דערשינען אין די יאָרן תרמ"ח—תרמ"ט. די ביבליאָגראַפֿיע איז דעמאָלט אין ייִדיש פֿרעמד געווען, און שלום־עליכם איז געווען פֿון די ערשטע פּיאָנערן אויף דעם געביט. אַזוי אויך וועגן דער ייִדישער אָרטאָגראַפֿיע, וואָס שלום־עליכם האָט וועגן דעם געשריבן אַ באַזונדערן אַרטיקל מיטן נאָמען „וועגן זשאַרגאָן אויסלייגן", וואָס אין אים האָט ער אויך אויפֿמערקזאַם געמאַכט אויף דער וויכטיקייט צו „אויסאַרבעטן אַ זשאַרגאָנישע גראַמאַטיק". אַזוי האָט ער אויך אין צווייטן באַנד פֿון דער פֿאָלקס־ביבליאָטעק געדרוקט קאַפּיטלען פֿון אליעזר שולמאַנס אַרבעט „די געשיכטע פֿון דער זשאַרגאָנישער ליטעראַטור" — די ערשטע אַרבעט אויף דעם געביט פֿון דער פֿאָרשונג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור.

שלום־עליכם האָט ניט באַוויזן פֿאַרצוזעצן די אויסגאַבע פֿון בוך. תרנ"ב (1892) גיט ער אַרויס אין אַדעס אַ זאַמלהעפֿט קול מבשר צו דער יודישער פֿאָלקס־ביבליאָטעק, אָנזאָגנדיק וועגן דער אויסגאַבע פֿון דריטן באַנד, וואָס איז אָבער ניט פֿאַרווירקלעכט געוואָרן. דער קול מבשר איז אינגאַנצן אויסגעפֿילט מיט שלום עליכם־מאַטעריאַל: דערציילונגען, לידער, קריטיק, פֿעליעטאָנען, וויצן, משלים און מעשיות, סאַטירישע פּאַראָדיעס אויף צײַטונגס־קאָרעספּאָנדענציעס און נאַטורווּיסנשאַפֿט, געחתמעט מיט פֿאַרשיידענע פּסעוודאָנימען. אין קול מבשר איז אויך דאָ אַ בײַסנדיקע קריטיק אויף פּרצעס בוך פּאָעזיע, שלום־עליכמס וויג־ליד „שלאָף מײַן קינד" און דער אָנהייב פֿון מנחם־מענדלס בריוו. עס איז צו פֿאַרצייכענען, אַז אין אַדעס איז אין 1889 דערשינען אַ זאַמלבוך דער קליינער יודישע ביבליאָטעק און דער קליינער וועקער — אָנהייב נײַנציקער יאָרן.

## ג

אין 1903 הייבט זיך אָן אַ נײַע עפּאָכע פֿאַר דער ייִדישער פּרעסע אין רוסלאַנד. אין פּעטערבורג נעמט דערשײַנען דער פֿרײַנד און מיט דעם ערשטן טאָגבלאַט אין ייִדיש טרעט די ייִדישע פּרעסע אין רוסלאַנד אַרויס אויפֿן דרך־המלך. ביסלעכווײַז נעמען זיך ברעכן די יריחו־מויערן פֿון דער צאַרישער ביוראָקראַטיע און צענזור, און דער שלאָס אויפֿן ייִדישן וואָרט ווערט אַרונטערגענומען. אין אַ גאָר קורצער צײַט באַווײַזן זיך ייִדישע טאָג־און־וואָכן־בלעטער אין פּעטערבורג, וואַרשע און ווילנע. ייִדישע צײַטונגען דערשײַנען אויך אין אַנדערע שטעט אין פּוילן און ליטע. אויך דרום־רוסלאַנד שטייט ניט אָפּ פֿון דעם פּרעסע־טעמפּאָ. זי איז אַ ביסל הינטערשטעליק לגבי פּוילן און ליטע הן בנוגע צײַט און הן אין שוואונג. אָבער אַ ייִדישע פּרעסע ווערט דאָרט געשאַפֿן און ייִדישע צײַטונגען דערשײַנען אין פֿאַרשיידענע שטעט.

אַדעס, דאָס וויגעלע פֿון דער ייִדישער פּרעסע אין רוסלאַנד בכלל, איז אויך דער ווינקלשטיין פֿון דער באַנײַטער ייִדישער פּרעסע אין דרום־רוסלאַנד. דעם 30סטן יוני, 1906, דערשײַנט אין אַדעס דער ערשטער נומער פֿון אַדעסער פֿאָלקס־בלאַט, אַ פּאָליטיש־עקאָנאָמישע צײַטונג מיט אַ ציוניסטישער ריכטונג, וואָס האָט געזאָלט אַרויס צוויי מאָל אַ וואָך, דינסטיק און פֿרײַטיק. אָבער צוליב דעם קריג־צושטאַנד אין שטאָט איז נאָכן ערשטן נומער דאָס בלאַט אָפּגעשטעלט געוואָרן פֿון דער רעגירונג, איז אין אַ קורצער צײַט שפּעטער באַנײַט געוואָרן און ווידער אָפּגעשטעלט געוואָרן. בשעת די וואַלן צו דער צווייטער דומע אין רוסלאַנד, האָט דער רעדאַקטאָר פֿון אַדעסער פֿאָלקסבלאַט אַרויסגעגעבן אַ טאָגבלאַט מיטן נאָמען אַדעסער טאָגבלאַט, וואָס האָט אַגיטירט פֿאַר דעם „פּראָגרעסיוו־דעמאָקראַטישן בלאָק", אין וועלכן אויך ציוניסטן זײַנען געווען פֿאַרטראָטן און אַרויסגעשטעלט זייערע קאַנדידאַטן צו דער דומע. דער ערשטער נומער איז דערשינען דעם 25סטן יאַנואַר, 1907, און גלײַך אָפּגעשטעלט געוואָרן. בסך־הכל זײַנען פֿון ערשטן ייִדישן טאָגבלאַט אין אַדעס אַרויס דרײַ נומערן. דער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער איז געווען ד. הורעוויטש. אפֿשר קען מען אים אידענטיפֿיצירן מיט יצחק דוד הורוויץ, אַ לערער פֿון שפּאַניש אין מאָזעסוויל, אַרגענטינע, און מחבר פֿון אַ שפּאַניש

לערנביכל אין ייִדיש, וואָס אין זלמן רייזענס לעקסיקאָן (ערשטער באַנד, קאָל׳ 819), געפינט זיך די ביאָגראַפיע זײַנע אָבער אָן פּרטים.

ווי עס איז אָנגעגעבן אין ז. קאָטליאַרס ביאָגראַפיע אין רייזענס לעקסיקאָן, (ערשטע אויפלאַגע, 1914), האָט ער רעדאַקטירט די אַדעסער טעגלעכע צײַטונגען: טאָגעבלאַט און דאָס פאָלק, וואָס זײַנען „פאַרבאָטן געוואָרן תיכף ווי עס זײַנען אַרויס די ערשטע נומערן". אין זײַן ביאָגראַפיע אין דער צווייטער אויפלאַגע פון לעקסיקאָן (ב׳ 3; קאָל׳ 431) ווערט שוין ניט דערמאָנט, אַז ער איז געווען רעדאַקטאָר פון די דאָזיקע צוויי צײַטונגען, נאָר אַז ער האָט מיטגעאַרבעט אויך אין האַלבּוועכנטלעכן אָדעסער פאָלקסבלאַט „א״ר פון ה. ד. הורוויץ (1906)". דער זעלבער קאָטליאַר, אַ העברעאיש־ייִדישער זשורנאַליסט, אַדעסער קאָרעספּאָנדענט פון העברעאישע און ייִדישע צײַטונגען, וואָס אין 1908 האָט ער עמיגרירט קיין אַמעריקע, און דאָ געווען אַ מיטאַרבעטער אין טאָגעבלאַט, האָט אין 1905 געמאַכט אַ פּרואוו צו שאַפן אין אַדעס — אויב ניט קיין בלאַט — אַ בראָשור־זשורנאַל, אַרויסגעבנדיק צוויי קליינע העפטלעך שלוח מנות און נאָך דעם גרויסן אומגליק. דאָס ערשטע אונטערן פּסעוודאָנים זלמן אײַציס, איז געווען „אַ בלעטל לכבוד פּורים און פּסח" און איז אויסגעפילט געוואָרן פון אַרויסגעבער. אין בריוו און געשיכטע פון נס וואָס קומען אין ביכל, שפּיגלען זיך אָפּ די גזרות און פּאָגראָמען אין פינפטן יאָר. אין ביכל איז אויך דאָ „שלוח מנות פיר דאָס יודישע טעאַטער און די שוישפּילער" — געגראַמטע קריטיק אויפן ייִדישן טעאַטער אין אַדעס, אויפגעפירטע פּיעסעס און וועגן די אַקטיאָרן. אינטערעסאַנט איז די מיטן האַנט צוגעשריבענע באַמערקונג פון אַרויסגעבער אין דעם עקזעמפּלאַר, וואָס געפינט זיך אין דער ייִדישער אָפּטיילונג פון דער ניו־יאָרקער שטאָט־ביבליאָטעק: „דאָס ווערק מײַנס האָט אויך ניט וויניק געליטן פון דער צענזור, וואָס זי האָט דערפון געמעקט גאַנצע שטיקער". אין דער קליינער 24־זײַטיקער בראָשור פאַרנעמען פינף זײַטלעך קאָמערציעלע אַנאָנסן, אַלע געשריבן אין ייִדיש. איין מודעה איז פון אַ צײַטונג־אַגענט, וואָס איז מודיע, אַז בײַ אים קען מען זיך אַבאָנירן אויפן פרײַנד, דאָס לעבן און הזמן. אין אַ געוויסן זין דערמאָנט דער שלוח־מנות ליניעצקי־שמר־בערקמאַנס זשורנאַלן, וואָס זײַנען אין די אַכציקער יאָרן דערשינען אין אַדעס און זײַנען אינגאַנצן אויסגעפילט געוואָרן פון רעדאַקטאָר. קאָטליאַרס צווייט זאַמלביכל נאָך דעם גרויסן אומגליק, איז דערשינען דורכן פאַרלאַג „פרײַהייט" אין אַדעס. און האָט מער ליטעראַרישן אינהאַלט. אַן ענלעכע אויסגאַבע איז שלשים, אַ העפט צום אָנדענק פון די געפאַלענע אין אַדעסער פּאָגראָם, דערשינען אין 1906. צווישן דעם מאַטעריאַל איז אויך דאָ רב־צעירס הספד אויף די קדושים. דער רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער איז דוד הלוי הורוויץ, דער מחבר פון אַ ביכל בלוטיקער פּאָגראָם אין אַדעסע, פון 1905 תרס״ו. ער איז אויך דער מחבר פון אַ ייִדיש־העברעאישן ווערטערבוך (ספר המלים זשאַרגאָן־עברי, ערשטע אויסגאַבע, 1893), און פון אַן עספּעראַנטאָ־ווערטער־ביכל. ער איז אויך דער צזאַמענשטעלער פון אַדעסער יודישער פאָלקס־קאַלענדאַר, פון 1896 אָדער 1897.

דער אַדעסער פּאָגראָם האָט אויך געפונען אַן אָפּקלאַנג אין אַ זאַמל־ביכל בײַ דעם ברודער־קבר, אַרויס אַרום 1906 אין אַדעס דורך ניסן היילזייד (אָדער העלזייד). דער זעלבער האָט אין זעלבן יאָר אַרויסגעגעבן בעלעטריסטישע זאַמל־העפטן דער סוד, דער עמיגראַנט און דאָס תכשיטל, מערסטנס אויסגעפילט פון אים זעלבסט. אָנהייב 1907, האָט היילזייד געמאַכט אַ פּרואוו אַרויסצוגעבן אַ טאָגבלאַט אין אַדעס מיטן נאָמען דאָס פאָלק, וואָס פון אים איז נאָר איין נומער (28סטן יאַנואַר, 1907), דערשינען.

אין 1907 גייען אין אַדעס אויך אַרויס יום־טוב־בלעטער מיט פּובליציסטיש־ליטעראַרישן מאַטעריאַל. אונטער יהודה שטיינבערגס רעדאַקציע דערשײַנט לכבוד יום־טוב, און י. ח. ראַווניצקי גיט אַרויס לכבוד שבת און יום־טוב. בײדע געדרוקט אין ביאַליקס דרוק.

אויך א. ל. לעווינסקי, דער באַרימטער העברעאישער פעליעטאָניסט „רבי קרוב", אַ וואַרעמער ייִד, מיט אַ וואַרעמע באַציאונג צו ייִדיש, וואָס האָט זיך אָפּט באַטייליקט אין דער ייִדישער פּרעסע און געדרוקט פעליעטאָנען אין יוד און פרײַנד, האָט אין 1908 געפּלאַנט אַרויסצוגעבן יום־טוב־בלעטער אין ייִדיש, און זיך געווענדט צו שלום־עליכמען — בײדע ידידים נאמנים — ער זאָל זיך באַטייליקן אין די יום־טוב־בלעטער. פון שלום־עליכמס בריוו צו לעווינסקין אין דאָס שלום־עליכם בוך (226־229) און י. ד. בערקאָוויטשעס אַרײַנפיר־באַמערקונג צום בריוו, איז צו זען, אַז שלום־עליכם האָט זיך וואַרעם אָפּגערופן אויף לעווינסקיס פּלאַן און אײַנלאַדונג. „און וואָס אָנבאַלאַנגט דעם פּסח־בלאַט — שרײַבט שלום־עליכם אין זײַן בריוו פון 27סטן דעצעמבער, 1908 — דאַרפט איר שוין אַליין פאַרשטיין, אַז אײַער אַדעסער פּסח־בלאַט וועט אָן שלום־עליכמס פעליעטאָן מיטן נאָמען „דאָס פאַרפאָלק" (אַן אינדיק מיט אַן אינדיטשקע), ניט אַרויסגיין". פון לעווינסקיס פּלאַן אַרויסצוגעבן די יום־טוב־בלעטער האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזן. אָנשטאָט דעם האָט ער אין 1909 אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג שלום־עליכמס יום־טוב־ביבליאָטעק, וואוהין עס זײַנען אַרײַן עטלעכע שלום־עליכמס יום־טוב־מעשיות.

אין דעם זעלבן בריוו שרײַבט שלום־עליכם: „דער עיקר איז איר זאָלט ניט בלײַבן הענגען, ווי מיט דער אַדעסער צײַטונג, אינעם עולם־הדמיון". פון דעם איז צו זען, אַז לעווינסקי האָט שוין אין יענע יאָרן געפּלאַנט די אויסגאַבע פון אַ ייִדיש בלאַט אין אַדעס.

דאָס איז אין 1910 פאַרווירקלעכט געוואָרן מיט דער דערשײַנונג פון טאָגבלאַט גוט מאָרגן.

גוט מאָרגן איז דער ערשטער סטאַבילער אָרגאַן אין יידיש אין אַדעס, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ געזעלשאַפטלעכן און ליטעראַרישן ניוואָ. ער איז געגרינדעט געוואָרן פון אַ גרופּע ציוניסטן, אין וועלכער עס האָט זיך אויך געפונען לעווינסקי. דער ערשטער נומער איז אַרויס דעם 9טן מאַרץ, 1910. ווי אַ רעדאַקטאָר איז אָנגעגעבן ש. הערצפעלד און אַרויסגעבער — א. חלפין. שפּעטער האָט שוין חלפין פיגורירט ווי אַ רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער. הויפּט־מיטאַרבעטער זײַנען געווען משה קליינמאַן און ב. שאַפּיר. אויך שלום־עליכם האָט זיך באַטייליקט אין גוט מאָרגן. איין פעליעטאָן זײַנער האָט טאַקע געהייסן „גוט מאָרגן".

געגרינדעט דורך ציוניסטן, און די ערשטע צײַט געדרוקט אין ביאַליקס דרוק, איז דער גוט מאָרגן געווען אַ ציוניסטיש בלאַט. אויף די נומערן אין דריטן יאָר איז טאַקע אָנגעגעבן „נאַציאָנאַל־יודישער אָרגאַן געגרינדעט דורך א. ל. לעווינסקי ז"ל". סוף 1912 האָט דער גוט מאָרגן אויפגעהערט צו דערשיינען.

אויפן צווייטן יאָר פון גוט מאָרגן איז אין אַדעס צוגעקומען א צווייט יידיש בלאַט, וואָס האָט שלום־עליכמען פאַרשאַפט גרויס עגמת־נפש. דאָס בלאַט מיטן טשיקאַווען נאָמען שלום־עליכם האָט גענומען דערשײַנען אין אָקטאָבער, 1911, דורך איינעם צ. יאַנקעלעוויטש און רעדאַקטירט פון י. פרידמאַן. מיט אָט דעם נאָמען האָט אפשר דער אַרויסגעבער געזוכט רעקלאַמע פאַרן בלאַט, צוליב דעם פּאָפּולערן נאָמען פון שרײַבער שלום־עליכם. ב. באָראָכאָוו באַמערקט טאַקע אין זײַן שלום־עליכם־ביבליאָגראַפיע (צוקונפט, סעפּטעמבער, 1916), דעם צוזאַמענהאַנג צווישן בלאַט און דעם פּאָפּולערן פּסעוודאָנים פון גרויסן יידישן פאָלקס־שרײַבער. בפּרוטרוט דערציילט וועגן דעם י. ד. בערקאָוויטש אין זײַן אַרײַנפיר צו שלום־עליכמס בריוו צו מענדעלען וועגן דעם ענין (דאָס שלום־עליכם־בוך, זז' 238). שלום־עליכם איז דאַן געלעגן אַ קראַנקער אין מאָנטרע, שווײַץ, און פון אויפרעגעניש איז זײַן געזונט־צושטאַנד נאָך ערגער געוואָרן. דעם 15טן אָקטאָבער שרײַבט ער מענדעלען, ווענדט זיך צום זיידן מיט אַ בקשה, ער זאָל זיך אײַנשטעלן פאַר אים, פועלן בײַם אַרויסגעבער איבערבײַטן דעם נאָמען פון בלאַט. ער שרײַבט: „בײַ אײַך אין אַדעס האָט זיך פאַרגלוסט איינעם אַרויסצוגעבן אַ יידיש בלעטל, מהיכא־תיתי, לאָז זײַן נאָך אַ בלעטל, וועמען אַרט עס? ניין, ווילט זיך אים דאָס בלעטל אַ נאָמען געבן דווקא שלום־עליכם. דערהערט אַזאַ מעשה, האָב איך באַלד אַוועקגעשריבן צו ראַווניצקין און צום רעדאַקטאָר אַליין, און באַקומען פון זיי בײדן בריוו, וועלכע האָבן מיך נאָך מער אויפגערעגט. דער רעדאַקטאָר מאַכט נאָך חוזק. ער זאָגט, אַז נאָך דעם ווי ער האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דאָס בלעטל מיטן נאָמען ש"ע, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז עס איז דאָ אַ שרײַבער שלום־עליכם... אַ מין אַסאָציאַציע פון אידעען, מיר־שטיינס געזאָגט. אַרויסשרײַבן אײַך די מאָטיוון, פאַר וואָס דאָס איז מיר ניט אָנגענעם — פאַרשפּאָר איך אײַך, איר ווייסט עס אַליין גאַנץ גוט. איך זע אָבער, אַז אַלע מײַנע השתדלות וועלן גאָרניט פועל זײַן ביז איר, און נאָר איר, וועט זײַן אַזוי גוט און מיר קומען צו הילף. איר דאַרפט נאָר שיקן רופן צו זיך אָט דעם רעדאַקטאָר, ער הייסט יאַנקעלעוויטש, זײַן אַדרעס איז: פּושקינסקאַיאַ 57. צען מינוט ווען איר שענקט אַוועק פון מײַנעטוועגן און רעדט זיך דורך מיט אים — איז דאָס, איך בין זיכער, געמאַכט. איך שווער אײַך בהן שלי, אַז איך בין אַזוי דערהרגעט פון דער נאַרישקייט, אַז איך ווייס גאָרניט ווי איך וועל עס איבערטראָגן! איך בעט אײַך, טוט עס מיר. אײַערס אַ וואָרט וועט האָבן מער ווירקונג פון אַלע איבערשרײַבענישן". אינטערעסאַנט איז אויך בערקאָוויטשעס דערציילונג וועגן דעם דאָזיקן קוריאָזן עפּיזאָד אין דער געשיכטע פון דער יידישער פּרעסע אין אַדעס: „שלום־עליכמען האָט דער דאָזיקער פאַקט, וואָס אומבאַקאַנטע לײַט באַנוצן זיך מיט זײַן נאָמען פאַר אַ מינדערווערטיקער אויסגאַבע, שטאַרק געקרענקט, און ער האָט געשריבן צו אַלע זײַנע אַדעסער פרײַנט, זיי זאָלן ווירקן אויפן אַרויסגעבער, ער זאָל אומבײַטן דעם נאָמען פון דער צײַטונג. לסוף האָט זיך אַרײַנגעמישט מענדעלע און געפועלט בײַ יאַנקעלעוויטשן, ער זאָל שנײַדן דעם נאָמען אויף האַלב און דאָס בלאַט זאָל הייסן שלום, דערבײַ האָט יאַנקעלעוויטש אויסגענומען אַ תנאי, אַז ש"ע זאָל אים דערפאַר שענקען אומזיסט אַ פעליעטאָן פאַר זײַן בלאַט. ש"ע איז אויפן תנאי אײַנגעגאַנגען, נאָר די צײַטונג וואָס האָט זיך באַנײַט אונטערן נאָמען דער איד (דער אַרויסגעבער האָט זיך, אפנים, אַרומגעזען, אַז מענדעלע האָט פון אים חוזק געמאַכט מיטן נאָמען שלום), האָט געהאַט קורצע טעג: אָנהייב 1912 האָט זי זיך אָפּגעשטעלט.

א. קירזשניץ, אין זײַן די יידישע פּרעסע אין דער געוועזענער רוסישער אימפּעריע (זז' 43), גיט אָן וועגן דעם, אַז שלום־עליכם איז געווען אַ „טעגלעכע" בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישע צײַטונג; אין 1911 אַרויס 80 נומערן, אָפּגעשטעלט מיטן נומער 15 (צווייטער יאָרגאַנג) פון 18טן יאַנואַר, 1912, „צוליב דעם ווילן פון שלום־עליכמען, וועלכער פאַרלאַנגט, אַז אונדזער צײַטונג זאָל ניט טראָגן זײַן נאָמען". אָנשטאָט ש"ע האָט אָנגעהויבן דערשײַנען דער איד.

דער ערשטער נומער פון איד איז אַרויס דעם 18טן מאַרץ 1912, און אויף ז' 45 (נומ' 199) פון זײַן ביבליאָגראַפיע, שרײַבט קירזשניץ, „טעגלעכע נאַצ'־בורזשואַזע צײַטונג, אַרויס אָנשטאָט דער אָפּגעשטעלטער צײַטונג שלום־עליכם. אָפּגעשטעלט זיך מיטן נו־

מער 230, צווייטן אָקטאָבער, 1912". אין זלמן רייזענס לעקסיקאָן (ערשטע אויפֿלאַגע), איז וועגן דער איד אָנגעגעבן: „האָט זיך צוליב מאַטעריעלע שוועריקייטן אָפּגעשטעלט אין אויגוסט, 1912. הויפּט־מיטאַרבעטער אירע זײַנען געווען משה טײַטש, ד. קאַפּלאַנאָוויטש און אַנדערע".

אין איין צײַט מיט דער טעגלעכער פּרעסע ווערן אין אַדעס געמאַכט פּרוּוון אַרויסצוגעבן וואָכנבלעטער. דעם 27סטן סעפּטעמבער, 1912, דערשײַנט דער ערשטער נומער אַדעסער וואָכנבלאַט, אַ בונדיסטישער אָרגאַן, מיט דער באַטייליקונג פֿון אסתּר פֿרומקין, מ. ראַפֿעס און יודין. ווי אַ רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער איז אָנגעגעבן מ. טײַטש. אַרויס איז נאָר איין נומער.

דער אַדעסער וואָכנבלאַט, ווי אַ פּאָליטישער אָרגאַן האָט דערשײַנט אין פֿאַרבינדונג מיט די וואַלן צו דער פֿערטער דומע. דאָס אַדעסער לעבן, דאָס צווייטע וואָכנבלאַט, איז אויך געווען אַ ליטעראַריש. דער ערשטער נומער איז אַרויס י"ד שבט, תּרע"ג, און עס איז אָנגעגעבן, אַז ער „איז דער איינציקער וואָכנבלאַט אין גאַנץ רוסלאַנד געווידמעט די פּאָליטישע עקאָנאָמישע, געזעלשאַפֿטלעכע און קולטורעלע אינטערעסן פֿונעם אידישן פֿאָלק". צווישן די באַטייליקטע איז אויך אָנגעגעבן מענדעלע מוכר־ספֿרים, ביאַליק, ד. איינהאָרן, בערגעלסאָן, ד"ר מ. גליקסאָן, פּרץ הירשביין, זשאַבאָטינסקי, י. ח. ראַווניצקי און יעקב ראַבינאָוויטש. אין ערשטן נומער קומט מענדעלעס בילד און מענדעלעס אַ באַגריסונג — „דעם זיידנס בּרכה" צו דער דערשײַנונג פֿון בלאַט. אין דעם נומער, וואָס איך האָב געהאַט פֿאַר מיר (אין ייִוואָ־ביבליאָטעק), איז מענדעלעס באַגריסונג אַרויסגעריסן און נאָר דרײַ שורות זײַנען געבליבן. עס הייבט זיך אָן: „לייגט אַרויף אײַערע הענט אויף מײַן יונג באַשעפֿענישל אַדעסער לעבן — בעט איר מיך, העט רעדאַקטאָר — בענטשט און זאָגט אויף אים עטלעכע ווערטער בײַ זײַן ערשטן אַרויסטריט". אָנהייב־נומער קומט אַ קורצער פּראָגראַם־אַרטיקל „אונדזער אויפֿגאַבע", און עס ווערט געזאָגט: „אונדזער אויפֿגאַבע איז צו פֿאַרברייטערן און פֿאַרשטאַרקן דעם נאַציאָנאַלן זעלבסט־געפֿיל פֿון אונדזער פֿאָלק; צו פֿאַרברייטערן, פֿאַרפֿײַנערן און אויפֿהייבן דעם פּאָליטישן, געזעלשאַפֿטלעכן און גײַסטיקן צושטאַנד פֿון אונדזערע פֿאָלקסמאַסן; צו שאַפֿן אַ לעבעדיקן פֿאַרבאַנד צווישן דעם ייִדישן המון־עם און דער אידישער אינטעליגענץ"; רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער איז געווען ישׂראל ברייטער, וועמעס אַ סקיצע, „אַ ווינטער נאַכט", איז געדרוקט אין ערשטן נומער. יעדער נומער האָט געהאַלטן 20 זײַטן, די הילע אַרײַנגערעכנט. אין דעם איינציקן נומער, וואָס איך האָב געהאַט פֿאַר מיר, קומט אַ רובריק „די פּאָליטישע וואָך", געשריבן פֿון Sch. פֿון אַ ראַדיקאַלע אויפֿפֿאַסונג; „די אידישע וועלט", אַרטיקלען און נאָטיצן וועגן ליטעראַרישע און געזעלשאַפֿטלעכע ענינים ווי

מ. בן־עמיס יובילעאום; משה העס הונדערט־יאָריקן געבורטסטאָג; די מפּלה פֿון די אַנטיסעמיטן אין דײַטשלאַנד, וועגן שוואַרצמאַהדיקן דעפּוטאַט זאַמיסלאַוו און „עלילת דם", געשריבן פֿון חיים גרינבערג; אַ רובריק „די ליטעראַרישע וואָך", וועגן ייִדישע און אַלגעמיינע דערשײַנונגען (דער פּריצײַטיקער טויט פֿונעם פּאָעט ס. נאַדסאָן). די פּובליציסטיק באַרירט מערסטנס אַדעסער ענינים. עס געפֿינט זיך אָבער אַן אָפּטייל „דרום־רוסלאַנד" — קאָרעספּאָנדענציעס און ידיעות פֿון שטעט און קאָלאָניעס.

צו די פּעריאָדישע אויסגאַבעס אין 1912, איז צו פֿאַרצייכענען צוויי ליטעראַרישע זאַמלביכער: לכבוד שבועות און צײַטיק. אויך דער צווייטער זאַמלבוך איז דערשינען לכבוד שבועות. אָנהייב 1913, פּירט ש. האָכבערג אַרויס אין אַדעס זײַן טאָגבלאַט אונדזער לעבן, וואָס איז פֿון 1907 ביז 1912 דערשינען אין וואַרשע, צום אָנהייב בשותּפֿות מיט מ. ספּעקטאָר און צבי פּרילוצקי. דער לעצטער — דער פּאַקטישער רעדאַקטאָר פֿון בלאַט. די ערשטע יאָרן איז אונדזער לעבן געווען זייער דערפֿאָלגרײַך, אָבער פֿון 1910 און ווײַטער גייט ער באַרג־אַראָפּ ביז, ניט קאָנענדיק אויסהאַלטן די קאָנקורענץ פֿון הײַנט און דעם וואַקסנדיקן מאָמענט, שטעלט זי זיך, אין אַפּריל, 1912, אינגאַנצן אָפּ. צו ראַטעווען די עקסיסטענץ פֿון בלאַט, פּרובירט דער ענערגישער אַרויסגעבער, אים אַרויסגעבן אין אַדעס, וואָס נאָכן אונטערגאַנג פֿון גוט מאָרגן, האָט זיך געפֿילט די וויכטיקייט פֿון אַ טעגלעכן אָרגאַן.

אין אַ העולם פֿון 1913 (נומ' 7), ווערט אין ייִדיש אָנגעגעבן אין אַ מודעה וועגן אַדעסער אונדזער לעבן, „עס ווערט אָנגענומען דאָס אַבאָנעמענט אויף די טעגלעכע פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכע, ליטעראַרישע און האַנדלס־צײַטונג אונדזער לעבן, וועלכע ערשײַנט פֿון 15טן פֿעווראַל, 1913. פֿאַר די 6 יאָר, וואָס די צײַטונג אונדזער לעבן איז ערשינען אין וואַרשע, האָט זי זיך ערוואָרבן דעם פֿולן צוטרוי פֿון ברייטן לעזער־פּובליקום. נאָכדעם ווי די צײַטונג הויבט איצט אָן ערשײַנען אין אַדעס, איז זי באַרײַכערט געוואָרן מיט די אָרטיקע ליטעראַרישע כּוחות, צווישן וועלכע עס געפֿינען זיך די גרעסטע ייִדישע שריפֿטשטעלער, אויסער דעם וועט די צײַטונג אונדזער לעבן, אַלס די איינציקע ייִדישע צײַטונג אין דרום־רוסלאַנד, זייער אַלזײַטיק אָפּשפּיגלען די אינטערעסן פֿון ייִדן אין דרום".

אין אַ מודעה וועגן אונדזער לעבן אין אַ צײַטונג פֿון 1914, וואָס איך האָב איצט ניט פֿאַר זיך, זײַנען דערמאָנט נעמען פֿון אַ ריי חשובֿע אַדעסער שריפֿטשטעלער, וואָס באַטייליקן זיך אין אונדזער לעבן. עס איז אויך באַקאַנט די מיטאַרבעטערשאַפֿט פֿון מענדעלע מוכר־ספֿרים, ביאַליק, פֿרוג, ליניעצקי און ראַווניצקי. פֿון מענדעלעס אַרטיקלען אין אונדזער לעבן איז באַקאַנט זײַן הספּד אויף פּרץ, אויף דער הזכּרה, וואָס איז

אײַנגעאָרדנט געוואָרן אין דער בראָדער שול, מיטן נאָמען „מײַן שטימונג“, און „צו מײַנע ליבע יידן און בירגער פונעם גרויסן זיך באַפרײַטן און וועלט־באַפרײַענדן רוסלאַנד“ — אַ באַגריסונג צו דער רעוואָלוציע אין 1917, אין עכט מענדעלעס זשאַנער, מיט אַ באַוואָרעניש, אַז מען זאָל ניט אויסטײַטשן פאַלש דעם מיין פון פרײַהײַט און אַן אזהרה ניט צו פאַרטאַכלעווען די רעוואָלוציע. ענדיקנדיק „אין גאָטס נאָמען זאָג איך אײַך: אין ים אַרײַן! מאַרש, מאַרש ליבע ברידער! געלויבט און געדאַנקט איז גאָט, דײַנע העלדן, רוסלאַנד, האָבן געפאָלגט, און דער 18טער יוני איז געוואָרן דער קריעת־ים־סוף, ווי אַמאָל. די באַפרײַאונג איז געוואָרן באַפעסטיקט, האָסט פאַראײביקט דײַן נאָמען פון דײַן פאָלק אין דער געשיכטע. דו ווערסט הייסן גוטע, פרומע, פרײַע לאַנד און באַפרײַערין פון דער גאַנצער וועלט“.

בײַם אויסברוך פון דער מלחמה איז דער אונדזער לעבן, צוזאַמען מיט דער גאַנצער יידישער פּרעסע אין רוסלאַנד, פאַרבאָטן געוואָרן. דער אַרויסגעבער האָכבערג האָט אָבער, אַ דאַנק פּראָטעקציעס באַקומען אַן אוידיענץ בײַם שעף פון דער רוסישער הויפּט־קוואַרטיר, גענעראַל אַלעקסייעוו, און בײַ אים געפועלט אַ דערלויבעניש צו באַנײַען די אויסגאַבע פון בלאַט (זע האָכבערגס ביאָגראַפיע אין זלמן רייזענס לעקסיקאָן, ב׳ 1). אונדזער לעבן איז אין דער צײַט פון דער מלחמה געווען די איינציקע יידישע צײַטונג אין צאַרישן רוסלאַנד, און איר טיראַזש האָט דערגרייכט קרוב צו 60,000 עקזעמפּלאַרן. אין יענע יאָרן האָט אונדזער לעבן אויך דערגרייכט אַ הויכן ליטעראַרישן שטאַנד. פרישמאַן און ספּעקטאָר, וואָס זײַנען אין די מלחמה־יאָרן מגולגל געוואָרן אין אַדעס, זײַנען געווען שטענדיקע מיטאַרבעטער פון בלאַט. אונדזער לעבן אין דערשינען ביז סוף 1917. איז געווען דאָס איינציקע טאָגבלאַט אין אָדעס פאַר דער מלחמה און די מלחמה־יאָרן, וואָס איז דערשינען (אויסער אַ קורצע הפסקה בײַם אויסברוך פון דער מלחמה), פולע פינף יאָר. האָבנדיק אַ ציוניסטישע ריכטונג, האָט אונטער דעם רעזשים דאָס בלאַט ניט געקאָנט ווײַטער אָנהאַלטן. דער רעדאַקטאָר האָכבערג האָט אין 1922 פאַרלאָזט אַדעס און זיך באַזעצט אין וואַרשע. ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער עולה געווען אין ארץ־ישראל און אין 1942 געשטאָרבן אין ירושלים.

די בלעטער, וואָס זײַנען אַרויס אין אַדעס נאָך דער רעוואָלוציע, זײַנען פּאַרטיי־אָרגאַנען געווען, ווי אונדזער וואָרט, אָרגאַן פון אַדעסער ראַיאָן־קאָמיטעט פון דער פאַראייניקטער יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי (ס״ס און י״ס). דער ערשטער נומער איז דערשינען דעם 20סטן יוני, 1917. דער צווייטער נומער רופט זיך: אַרבײַטער צײַטונג פאַרן דרום געגנט. בסך הכל זײַנען דערשינען 7 נומערן. אונדזער וואָרט האָט זיך גערופן דער אָרגאַן פון דעם אַדעסער קאָמיטעט פון דער ציוניסטישער פאָלקס־פראַקציע „צעירי־ציון“, אַ צוויי־וואָכנטלעכע שריפט, דערשינען דורך די יאָרן 1919—1920, רעדאַקטירט פון משה לאַכמאַן. עס זײַנען דערשינען בערך 20 אָדער 21 נומערן. תיכף נאָך דער רעוואָלוציע, ווען דער פאַרבאָט אויף דעם געדרוקטן יידישן וואָרט איז אַרונטערגענומען געוואָרן, איז אין אַדעס דערשינען דער זאַמלבוך אונטערוועגנס, אין וועלכן עס איז געדרוקט אַ קאַפּיטל פון מענדעלעס „זכרונות“. צו די ליטעראַריש יידישע פּעריאָדישע אויסגאַבן אין אַדעס איז אויך צו דערמאָנען אַ פּריערדיקע אויסגאַבע שטילע שריט, זאַמלבוך, רעדאַקטירט פון משה טײַטש, געדרוקט אין 1909, אין ביאַליקס דרוק.

## ד

פון אַדעס וואָלטן מיר באַדאַרפט איבערגיין קיין קיִעוו, וואו פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז זי שוין געווען אַ קולטור־צענטער, מיט העברעאישע „תרבות“־און יידישע שולן, אָרגאַניזאַציעס און פּראַקטיקציעס, אַ בליִענדיקן יידישן לעבן, וואו ס׳האָבן אַרויסגעשפּראָצט צײַטונגען, זשורנאַלן און זאַמלביכער. אָבער אײדער איך וועל באַהאַנדלען די יידישע פּרעסע אין קיִעוו, וועל איך זיך אָפּשטעלן אויף פּראָווינץ אַרויסצוגעבן צײַטונגען אין קלענערע צענטערן, שטעט און ישובים אין תחום־המושב.

איך הייב אָן פון זשיטאָמיר, אָט די שטאָט, וואָס אין די זעכציקער און זיבעציקער יאָרן איז זי געווען אַ השׂכּלה־פעסטונג אין וואָלין. עס האָט דאָרט עקסיסטירט די רבנים־שול און פון יידישע דרוקן איז פון יאָר 1901 ביז 1917 צו דערמאָנען עטלעכע הומאָריסטישע העפטן און קליינע זאַמלביכער, ווי דער שלח מנות, אַ ליטעראַריש־הומאָריסטיש פּורים־בלאַט, אַרויסגעגעבן אין 1901 דורך ז. אָשערענקאָ; דער שפּיגל, אַ בלאַט פאַר ליטעראַטור, סאַטירע און הומאָר, רעדאַקטירט פון ע. מענקען, אין 1910; דער שלאַנג, אַ סאַטיריש־הומאָריסטישע זאַמלונג, דורך י. פּאָטעצקי. דאָס ערשטע העפט איז געדרוקט אין 1912, און דאָס צווייטע — 1913 — געדרוקט אין באַרדיטשעוו. עס איז אויך צו פאַרצייכענען דעם לוח דער נײַער יודישער פאָלקס־קאַלענדאַר, וואָס האָט פון אָנהייב צוואַנציקער יאָרן דערשינען דורך דעם פריִער דערמאָנטן אָשערענקאָ. אויפן לוח, פון יאָר תרס״ט, איז אָנגעגעבן אַ בײַלאַגע באַאַרבעט דורך ז. אָשערענקאָ, על־ידי א. פײַנבערג, אַרויסגעבער פון דעם

לוח היומי המשביר. אָט דער פֿײַנבערג איז געווען אַ שותף צו ש. כוריזאַנסקי אין דער זשיטאָמירער דרוק. אין 1917 האָט דער „בונד" אין זשיטאָמיר גענומען אַרויסגעבן דעם זשיטאָמירער אַרבעטער־בלאַט. עס זײַנען אַרויס צוויי נומערן. עס האָט גענומען דערשײַנען דעם 19טן נאָוועמבער, 1919, די קאָמוניסטישע שטים, אַ וואָכנבלאַט, „אָרגאַן פֿון דער גובערניאַל־ביוראָ פֿון דער ייִדישער סעקציע בײַם וואָלינער גובקאָם פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אויף אוקראַיִנע".

באַרדיטשעוו, די „ירושלים ד'וואָלין", און וויגעלע פֿון חסידות און השׂכּלה אין וואָלין, האָט באַוויזן אַרויסצוגעבן אויף אַ קורצער צײַט אַ טעגלעך בלאַט און עטלעכע זאַמלביכער. קליינע, ניט איבעריק באַדײַטנדיקע זאַמלונגען און קאַלענדאַרן זײַנען אין באַרדיטשעוו אַרויס אויך סוף אַכציקער און נײַנציקער יאָרן, ווי דער נײַער טעלעגראַף, 1888, דורך פּ. אײַזיקאָוויטש ; די ביבליאָטהעקע, 1892, דורך ש. הורעוויטש ; באַרדיטשעווער אילוסטראַציע, 1896, און נײַעס פֿון ארץ־ישׂראל, אַרויסגעגעבן פֿון יצחק פֿינעלשטיין אין 1898. די לעצטע — ציוניסטישע זאַמלהעפֿטן, אַ ציוניסטיש זאַמלבוך באַרדיטשעווער בת קול איז אין 1902 דערשינען דורך די ציוניסטן. אין 1910 גייט אַרויס, דורכן פֿאַרלאַג „פֿאָלקס־ביבליאָטעק" אין באַרדיטשעוו, אַ ליטעראַריש־פּובליציסטישער זאַמלבוך. מיט צוויי יאָר פֿריִער, אין 1908, גיט ר. יאַנאָפּאָלסקי אַרויס אַ סאַטיריש העפֿטל דער קאָטער און, אין 1913, ווערט געמאַכט אַ פּאַרזוך אַרויסצוגעבן אַ טאָגבלאַט אין באַרדיטשעוו מיטן נאָמען די פֿאָלקסשטימע, „אַ נאַצ'־דעמאָקראַטישע צײַטונג", ווי עס איז אָנגעגעבן, רעדאַקטירט פֿון ל. צ. פּריס. דאָס בלאַט האָט אָבער קיין אַריכות־ימים ניט געהאַט. דער ערשטער נומער איז דערשינען דעם 15טן (28) יאַנואַר, 1910, און בײַם 64סטן נומער איז עס אָפּגעשטעלט געוואָרן. ווי איינער פֿון די אַרויסגעבער פֿון דער פֿאָלקסשטימע איז אָנגעגעבן געוואָרן אברהם קין.

די שטאָט בעלאָצערקעוו, וואָס ייִדן פֿלעגן רופֿן שׂדה־לבן, האָט בײַם סוף פֿון די נײַנציקער יאָרן צו פֿאַרצייכענען אַ ציוניסטישע שריפֿט די יודישע וועלט, אַרויסגעגעבן אין 1898, דורך א. ליפּשיץ, און געדרוקט אין אַדעס. צווישן 1917־1918 איז דאָרט דערשינען אַ ציוניסטיש בלאַט דער אמת. אין 1917 האָט דער „בעלאָצערקווער קאָמיטעט פֿון פֿאַראייניקטער אידישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי" גענומען אַרויסגעבן אַ שריפֿט אונדזער שטימע, וואָס נאָר איין נומער איז דערשינען.

אין כאַרקאָוו איז ביז נאָך דער רעוואָלוציע ניט צו מערקן קיין שום סימן פֿון אַ ייִדישער פּרעסע. דאָס ערשטע בלאַט אַרבײַטער צײַטונג איז געווען דער אָרגאַן פֿון דעם צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער ציוניסטישער פֿאָלקס־פֿראַקציע „צעירי ציון". בײַם זעקסטן נומער איז די אויסגאַבע אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין קיִעוו, און מיר וועלן צו דעם אָרגאַן זיך אומקערן. דעם 28סטן אויגוסט פֿון זעלבן יאָר, דערשײַנט דער ערשטער נומער פֿון דער „ערשטער ייִדישער צײַטונג אין כאַרקאָוו", די וועכנטלעכע כאַרקאָווער צײַטונג, רעדאַקטירט פֿון משה טײַטש. בײַם זעקסטן נומער איז די צײַטונג אָפּגעשטעלט געוואָרן.

עס איז צו דערמאָנען נאָך צוויי שריפֿטן: דער אידישער אַרטיסט, אָרגאַן פֿון דער קולטור־סעקציע בײַם פּראָפֿעסיאָנעלן אַרטיסטן־און כאָריסטן־פֿאַראיין אין כאַרקאָוו, רעדאַקטירט פֿון יהודה־לייב בוימוואָל. ערשטער און אויך דער לעצטער נומער, איז דערשינען כ"ב מנחם־אָב תרע"ח (אויגוסט, 1918). אין נומער קומען אַרטיקלען וועגן טעאַטער פֿון ז. רייזען און נחמן מײַזיל ; מענדעלעס באַגריסונג־בריוו צום ייִדישן אַרטיסטן־צוזאַמענפֿאָר, וואָס איז סוף אויגוסט און אָנהייב סעפּטעמבער 1917 אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין קיִעוו. אָט די היסטאָרישע באַגריסונג, וואָס זאָל זײַן מענדעלעס לעצט געשריבן וואָרט און איז געדוקט געוואָרן 8 חדשים נאָך זײַן טויט (איבערגעדרוקט אין נחמן מײַזילס דאָס מענדעלע בוך, ניו־יאָרק, 1959). דאָס צווייטע בלאַט דער איד, אונטערן קאָפּ איז אָנגעגעבן, אַן „אומפּאַרטייאישע וואָכנטלעכע ייִדישע פֿאָלקס־צײַטונג", דערשינען י"ד אָדר, פּורים תרע"ח, רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער מ. ראָזענבלום. קליין פֿאָרמאַט, 4 זײַטן אַ נומער, אָרטאָדאָקסיש און איבערן קאָפּ שטייט ב"ה. דער לייט־אַרטיקל „די אידישע קהילה", פֿון א. ז. העלער, רעדט אַרום די פֿונקציעס פֿון אַ ייִדישע קהילה אין ליניע פֿון תורה, עבודה און גמילות־חסדים. דער שרײַבער זאָגט: „די אָרטאָדאָקסיע זעלבסט מוז איר וואָרט זאָגן וועגן אַלע לעבנס־פֿראַגן וואָס שווימען אַרויף אויפֿן טאָג־אָרדענונג פֿון רעליגיעז־נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט, און לויט איר ריכטונג דאַרף זי אויפֿנעמען די פּראָבלעמען פֿון ייִדישן פֿאָלק אין זייער גאַנצער גרויס". אין נומער קומט אַ פֿעליעטאָן „פּורים־זכרונות" פֿון מ"ר (מ. ראָזענבלום) ; אַ כראָניק ייִדישע ידיעות וועגן אַלרוסישן ייִדישן צוזאַמענפֿאָר אין פּעטראָגראַד ; נײַעס פֿון כאַרקאָוו, וועגן אַ פֿאַרזאַמלונג אין „עדת ישׂראל", וואו מען האָט אויסגעוויילט אַ קאָמיסיע צו באַזאָרגן די כאַרקאָווער ייִדן מיט מצה, און אויך אויסדערוויילט קאָמיסיעס וועגן אויסבעסערן די „אָוועגט קורסן", וועלכע „עדת ישׂראל" האָט געגרינדעט און אויסאַרבעטן אַ פּראָגראַם מיטן לערער־פֿאַראיין פֿאַר די חדרים און אויסבעסערן די לאַגע פֿון לערער.

אין קאַטערינאָסלאַוו זײַנען כמעט אין איין צײַט דערשינען דער קעמפֿער, אָרגאַן פֿון ראַיאָן־קאָמיטעט פֿון דער פֿאַראייניקטער ייִדישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, און דער אינטערנאַציאָנאַל, אָרגאַן פֿון ראַיאָן־קאָמיטעט פֿון בונד פֿאַר קאַטערינאָסלאַווער, כאַרקאָווער, טאַווּרישער גוב' און דאָנער געגנט. דער ערשטער איז דערשינען פֿון מיטן יולי 1917 ביז יאַנואַר 1918. דער

צווייטער, אַ וואָכנבלאַט, האָט גענומען דערשײַנען אויגוסט 1917. אָפּגעשטעלט און דעם ערשטן מאַי 1918 ווידער דערשינען אַ נומער. אין 1920 איז ווידער דערשינען אַ נומער, אַלס אָרגאַן פון קאַטערינאָסלאַווער קאָמיטעט פון „בונד״. אָט דער דאָזיקער בונדיסטישער אָרגאַן, ווי אויך דער אָרגאַן פון די קאַטערינאָסלאַווער „פּועלי־ציון״, דער געדאַנק, זײַנען שוין קאָמוניסטישע.

עס איז צו דערמאָנען אַ פּרואוו אַרויסצוגעבן אַ ציוניסטיש בלאַט אין קאַטערינאָסלאַוו אין 1918, ווען די אַטמאָספער דאָרט איז שוין געווען קאָמוניסטיש — דאָס איז דאָס פאָלקס־וואָרט, אַ צווייוואָכנטלעכער אָרגאַן פון ציוניסטישן געדאַנק, רעדאַקטירט פון א. ד. ליפשיץ און אַרויסגעגעבן דורך דער געזעלשאַפט „מצפּה״. ערשטער נומער דערשינען אין יוני, 1918, אָבער וועגן מער נומערן איז ניט באַוואוסט.

אויך אין ראָוונע, וואָלין, איז צו פאַרצייכענען צוויי בונדיסטישע אויסגאַבעס ראָוונער פלוג־בלאַט, און לעצטע נײַעס, ביידע אומלעגאַלע שריפטן דערשינען אין 1905. נאָך דער רעוואָלוציע האָט דאָרט גענומען דערשײַנען אַ טאָגבלאַט, אָבער וואָלין איז שוין געווען אַריבער צו פּוילן, און באַלאַנגט ניט צו דער געשיכטע פון דער ייִדישער פּרעסע אין דרום־רוסלאַנד. אַזוי אויך די צײַטונגען וואָס זײַנען אַרויס אין קעשענעוו, ווען בעסאַראַביע איז געוואָרן אַ טייל פון רומעניע.

אין פּאָלטאַווע, האָט ר׳ אליהו עקיבא ראַבינאָוויטש, אָנהייב אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, גענומען אַרויסגעבן אַ צוויי־וואָכנטלעכע אויסגאַבע פון זײַן העברעאישן המודיע אין ייִדיש. ווי דאָס העברעאישע בלאַט איז אויך דאָס ייִדישע געווען אָרטאָדאָקסיש־קעמפעריש און אַנטי־ציוניסטיש. מיטן טויט פון רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער אין 1915, האָט דאָס בלאַט אויפגעהערט צו דערשײַנען. אין 1918 האָט דער פּאָלטאַווער קאָמיטעט פון דער ייִדישער „פאָלקס־פּאַרטיי״ אַרויסגעגעבן דאָס וואָרט, איינצײַטיק איז אויך דערשינען אַן אויסגאַבע פאַר קיִעוו, געדרוקט אין זעלבן דרוק פון „האלמנה והאחים ראַבינאָוויץ״. אַ ליטעראַריש בלאַט מיטן נאָמען דער מזיק, איז אין 1918, דערשינען אין פּאָלטאַווע. דאָס איז געווען אַ הומאָריסטיש־ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעך בלאַט לכבוד פּורים, „ערשײַנט אין פּאָלטאַווע איין מאָל אין דרײַ יאָר״. עס זײַנען דערשינען צוויי נומערן. דער ערשטער נומער — פּורים תרע״ח (פעברואַר 1918), און דער צווייטער אין אַפּריל, דעם זעלבן יאָר.

## ה

מיר קומען צו קיִעוו, וואו די ייִדישע פּרעסע האָט זיך דאָרט גענומען אַנטוויקלען. דעם ערשטן דעצעמבער, 1905, דערשײַנט אין קיִעוו דער ערשטער נומער פון אַ טאָג־בלאַט דאָס פאָלק, אַרויסגעגעבן דורך ר. א. סלאָנים, און רעדאַקטירט פון מ. א. ציבולניק, וואָס איז אויך געווען אַ שותּף צו דער אויסגאַבע. עס איז געווען אַ ראַדיקאַלע דעמאָקראַטישע צײַטונג, איז אָבער גלײַך אונטערגעגאַנגען. יאַנואַר 1907, איז זי באַנײַט געוואָרן, און אָנגעהייבן ציילן אַ צווייטן יאָרגאַנג, אָבער איז ווידער אָפּגעשטעלט געוואָרן. דאָס מאָל צוליב דעם, וואָס די זעצער האָבן ניט באַקומען קיין וואוינרעכט אין קיִעוו.

אויך דער צווייטער פּרואוו אַרויסצוגעבן אַ טאָג־בלאַט אין קיִעוו איז ניט געווען קיין געלונגענער. דאָס קיִעווער וואָרט, וואָס האָט גענומען דערשײַנען אָנהייב 1910, איז אויך געווען אַ ראַדיקאַל־דעמאָקראַטיש בלאַט, האָט אָבער, ווי דאָס פריִערדיקע, געהאַט קורצע טעג. וועגן דעם אַרויסגעבן דאָס קיִעווער וואָרט געפינט זיך אָנהייב 1910 אַזאַ אַנאָנס אין העולם:

„עס ווערט אָנגענומען דאָס אַבאָנעמענט אויף אַ נײַ פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעך־עקאָנאָמישע און ליטעראַרישע צײַטונג קיִעווער וואָרט, וועלכע הייבט אָן ערשײַנען אין קיִעוו פון 1טן יאַנואַר, 1910. אין קיִעווער וואָרט וועט זיך אָפּשפּיגלען אַלעס וואָס ווערט געטאָן און געשאַפן אין יודישן נאַציאָנאַל־געזעלשאַפטלעכן לעבן; אַ באַזונדער אָרט וועט אין דער צײַטונג פאַרנעמען דאָס לעבן פון דער יודישער באַפעלקערונג אין דרום־מערבדיקן קאַנט; אין קיִעווער וואָרט וועלן אָנטיילנעמען די אָנגעזעענע יודישע ליטעראַטען״. רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער איז געווען ל. בילענקין. הויפּט־מיטאַרבעטער זײַנען געווען מ. ליטוואַקאָוו און בן־אדיר. דער ערשטער נומער איז דערשינען דעם ערשטן יאַנואַר, 1910. אין דער „ליטעראַרישער כראָניק״ אין העולם, 1910, נומ׳ 4, ווערט אינפאָרמירט דאָס אַרויסגעבן קיִעווער וואָרט אין אַזאַ נאָטיץ: „פון אָנפאַנג יאַנואַר דערשײַנט אין קיִעוו אַ ייִדישע צײַטונג מיטן נאָמען דאָס קיִעווער וואָרט. די ערשטע נומערן מאַכן אַ גוטן אײַנדרוק״. אין קיִעווער וואָרט האָט זיך אויך שלום־עליכם באַטייליקט מיט אַ פעליעטאָן „ניטאָ ווער זאָל לאַכן!״. פון בלאַט זײַנען אָבער נאָר עלף נומערן אַרויס.

אַנדערע פּרואוון אַרויסצוגעבן טעגלעכע צײַטונגען אין קיִעוו זײַנען ביז 1917 ניט געמאַכט געוואָרן. ביז מיר וועלן צוקומען צו דער דאָזיקער פּעריאָדע וועלן מיר זיך אָפּשטעלן אויף די חודש־זשורנאַלן, פּאַרטיי־אָרגאַנען און ליטעראַרישע אויסגאַבעס צווישן 1911—1917. מײַ 1911 איז אין קיִעוו אַרויס דער ערשטער נומער פון דער גאַלוועסטאָנער עמיגראַנט, אָרגאַן פון דער טעריטאָריאַליסטישער באַוועגונג. דער זשורנאַל

איז געווען „געווידמעט די אינטערעסן פון דער יודישער עמיגראַנטישער מאַסע", אונטער דער רעדאַקציאָן פון ד. ל. יאָכילסאָן. דער אַרויסגעבער איז געווען ל. א. לעוו. עס האָט געדאַרפט דינען ווי אַן אינפאָרמיר־בולעטין. דער זשורנאַל איז אָבער אָפּגעשטעלט געוואָרן. קיין צווייטער נומער איז ניט דערשינען. אָנשטאָט דעם האָט גענומען אַרויסגיין דער מאָנאַט־זשורנאַל וואוהין, וואָס אונטערן „קאָפּ" איז אָנגעגעבן „אָרגאַן פון די אינטערעסן פון דער אידישער עמיגראַציע און קאָלאָניזאַציע", אַרויסגעגעבן פון דעם זעלבן לעוו און רעדאַקטירט פון יאכילסאָנען. וואוהין איז דערשינען צווישן 1911—1912. עס האָבן זיך אין אים באַטייליקט י. לעשצינסקי, ס. דינגאָל, בן־אַדיר, י. יאַצקאן (נעקראָלאָג אויף עמנואל מאַנדלשטאַם) און דוד פרישמאַן (אַ פעליעטאָן „די קונסט פון עמיגרירן"). וואוהין האָט אויך געדרוקט קאָרעספּאָנדענציעס און אַרטיקלען וועגן עמיגראַציע, פון אויסלאַנד, ווי דינגאָלס בריוו פון לאָנדאָן („יורידישע הילף פאַר עמיגראַנטן") און „אגר' קולטור־בילדונג אין אַמעריקע" פון ל. לאקסאָן, וועגן עמיגראַציע אין גאַלוועסטאָן וכדומה. די אויסגאַבע פון וואוהין איז געווען אַ פועל־יוצא פון דעם עמיגראַציע־שטראָם אין יענע יאָרן.

יודישע נײַע לעבן, אַ משונהדיק ציוניסטיש־פּראָלעטאַרישער חודש־שריפט אין ייִדיש, וואָס איז ניט אַרויס רעגולער. אונטער „קאָפּ" איז אָנגעגעבן „אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל פאַר די אינטערעסן פון דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד". אין מיטן אַ מגן־דוד שטייט „ציון, אונזער אידעאַל". נאָך דעם: „ערשטער יאָרגאַנג נומ' (4) 1 1913 — ה תרע"ג, קיִעוו סיון־תמוז מאָנהאַט. אונזער דעוויז איז: והאמת להשלום אהבו (זכריה ח')".

פון ערשטן יאָר ליגט נאָר איין נומער פאַר מיר, אָבער פון דעם אויסגערינגעלטן 4, נאָכן „נומער 1", איז צו משער זײַן, אַז דרײַ נומערן זײַנען אַרויס אין 1912. אויך דער אַרטיקל „די באַראָנעסע קלאַראַ הירש" איז אַ „המשך פון נומ' 2, 1912". אַ צווייטער אַרטיקל „אונזער פּראָלעטאַרישער לעבען" איז המשך פון דריטן נומער.

דער זשורנאַל איז פערטל פאָרמאַט, 48 קאָלומס. דער ערשטער אַרטיקל „איין אָפענער בריעף צום יודישן פּראָלעטאַריאַט אין רוסלאַנד, געשריבן פון „אַ יוד אַ פּראָלעטאַריער, און אַ מיטאַרבעטער פון יודישע נײַע לעבן". די רעדאַקציע באַמערקט: „דער בריעף איז געווען גרייט צו דרוקען דעם 20 יאַנואַר, 1913 יאָהר; נאָר איבערן ניט בעקומינג דעם ערלויבונג פון גובערנאַטאָר אויף דעם מאָנהייטליכן זשורנאַל יודישע נײַע לעבען האָט פאַרשפּעטיגט דער נומער". פון אַרטיקל ווייסן מיר, אַז דער זשורנאַל איז אין 1912 אַרויס וועכנטלעך. עס איז דאָ אַ ווענדונג צום „ליבן לעזער" נאָך אַן אָפּהאַלט פון חדשים וואָס מען האָט צו אײַך ניט גערעדט וועגן „יודישען פּראָלעטאַרישען לעבען" — „אין 1912 יאָהר האָבן מיר פיל ווייניג עפּעס גערעדט מיט אײַך פון אונזער פּראָלעטאַרישען געדאַנק און מיר האָבען גאָר געדיינקט צו רעדען מיט אײַך זעהר אָפט... פון פרײַטאָג צו פרײַטאָג... ד. ה. אַלע וואָך... אָבער ליעבע חברים! מיר האָבען גאָר זיך געמוזט אָפּרופן אויף עטלעכע פרײַטאָגן... אויף עטלעכע וואָכען, ביז עס איז אָנגעקומען אַ נײַער 1913 יאָהר — און אין דעם נײַעם יאָהר וועלן מיר זיך זעהן מיט אײַך צו רעדען וועגן אונזער לעבען... פון מאָנהײַט צו מאָנהײַט דאָס הייסט נאָר איין מאָל אין חודש"... עס איז אַן אַגיטאַציע־אַרטיקל, קריטיקירט די ייִדישע בורזשואַזיע, וואָס קימערט זיך ניט פאַר די אָרעמע און זאָרגט ניט פאַר זייער לאַגע. „זיי", די „פּערוועגילדייצעס" אַרט ניט ווען מע מאַכט „איין אָבלאַווע" אויף דעם יודישן פּראָלעטאַריאַט, אויף די יודישע פּריקאַשציקעס בײַ טאָג און בײַ נאַכט", אָנצוהערענישן וועגן אַ גביר אַ „שוכן עפר" (בראָצקי?) און זײַן מאַדאַם די „גבירטע" און זײַן זון דער געשמדטער „געשוואָרענער אַדוואָקאַט" האָבן אין 1891, בשעת מע האָט צוגענומען וואוינרעכט פון ייִדישע איזוואָשטשיקעס אין קיִעוו, און אַ דעפּוטאַציע פון זיי האָט זיך געווענדעט ער זאָל זיך משתדל זײַן און זאָל די גזרה אויף זיי מבטל זײַן, האָט די מאַדאַם זיי געענטפערט: „וואָס דאַרפען געמיינע יודען זיך שלאָגען אין דער קדושה צו לעבען אין קיִעוו" — אַז „זיי קענען האָבען זייערע פּרנסות אין די קליינע שטעטלעך, וואו זיי האָבען די רעכט פרײַ צו לעבען?"

דער באַקאַנטער מ. שוויף, פילאָזאָפירט „וואָס איז אַ יוד?" קריטיקירנדיק יחידים און ייִדישע וועלט אָרגאַניזאַציעס וואָס טוען ניט פאַר די ייִדן אין רוסלאַנד, ארץ־ישראל און בכל העולם כולו. זײַן אַרטיקל איז אייגענטלעך אַן אַגיטאַציע פאַר דער גרינדונג פון אַ קאָנסערוואַטאָריע אין ארץ־ישראל אין צוזאַמענהאַנג מיט די גירושים פון די „קאָנסערוואַטיסטן אין קיִעוו". אין נומער באַטייליקן זיך אויך צבי אלאטין, אַ פאַרגעסענער העבּרעאישער דיכטער, מיט אַן אַרטיקל וועגן דער באַראָנעסע קלאַראַ הירש (מיט איר בילד); יוסף בן יהושע מיט אַ המשך פון צווייטן נומער: דער פּראָלעטאַרישער לעבען; ח. וועסט: „וועגן דער גרינדונג איין מעדיצינישן פאַקולטעט אין ירושלים"; אַ בריוו פון אַ „פשוטן ישראל" צו „צוועלף רועי ישראל", וועגן אַ בעל־כרחו־גט וואָס איז פאָרגעקומען אין 1905; „וועגן דער גאַלוועסטאַנער יודישער עמיגראַציע", אַ מין „במקום־פעליעטאָן", קריטיקירנדיק „די יודישע בורזשויעס", וואָס ווילן, אַז דער ייִדישער פּראָלעטאַריאַט זאָל אויסוואַנדערן פון רוסלאַנד. אין נומער איז אויך דאָ אַ דערציילונג פון ישראל וואקסער; דער פריִער דערמאָנטער, צבי אלאטין פאַרענטפערט זיך אין אַ בריוו צו דער רעדאַקציע וואָס צוליב „אורזאַכן וואָס האָבן זיך ניט געווענדעט" אָן אים, האָט ער ניט געקענט

צושיקן זײַן שיר „השטן", און במקומו שיקט ער אַ העברעאישן שיר פֿון אַ יודישן יונגן „קינד". דער נאָמען פֿון פּאָעט איז בנימין העפּנער און דאָס ליד „לבוגדים בעמנו", אַ פֿאָרוואורף אויף די וואָס האָבן אין יענער צײַט זיך געשמדט צוליב אַ קאַריערע. „איך בּין זיי מבזה, האָב זיי פֿײַנט, די פֿאָלקספֿאַררעטער, צוליבּ ווילדע תאוות און גראָבּע פֿאַרגעניגנס שפּלדיקע קנעכט, נשמה און האַרץ טרוסן, בײַטן איבּער זייער אמונה און רעליגיע", אַזוי הייבּט ער אָן דעם שיר. אין דער שמד־מגפה, וואָס האָט דעמאָלט צווישן די ייִדישע סטודענטן־יוגנט געבּושעוועט, זײַנען די פֿערזן געווען אַ פּראָטעסט, אַרויסגעריסן פֿון אַ יונג ייִדיש האַרץ.

נאָך צוויי נומערן פֿון דעם זשורנאַל, איז פֿאַרצייכנט אין קירזשניצס, „די ייִדישע פּרעסע אין ראַטנפֿאַרבּאַנד" (מינסק, 1926), און „פּרסומים יהודיים בברית המועצות", פֿון י. סלוצקי און ח. שמרוק (ירושלים, תשכ"א). זיי זײַנען דער ערשטער נומער פֿון צווייטן יאָרגאַנג, אַפּריל־מײַ 1917, און נומער 2־3, אַפּריל 1918. דער „קאָפּ" לייענט זיך: „ייִדישע נײַע לעבּן. אַ מאָנאַטלעכער זשורנאַל פֿאַר די אינטערעסן פֿון דעם יודישן פֿאָלק אין רוסלאַנד". די ריכטונג — אָרטאָדאָקסיש־ציוניסטיש מיטן לאָזונג „אם אשכחך עמי ישראל, — תשכח ימיני — אם לא אעלה את ירושלים על ראש שמחתי". דער טאָפּלטער נומער האַלט 37 זײַטן, מיט אַ הומאָריסטישער הוספה „הקיקיון". דער רעדאַקטאָר־אַרויסגעבּער איז געווען יוסף זילבּערבּערג.

אָנהייבּ צענער יאָרן ווערט קיִעוו מיטגעריסן מיט דעם רענעסאַנס פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. יונגע ליטעראַרישע כּחות, צווישן זיי דוד בּערגעלסאָן און נחמן מייזיל, גרינדן דעם „קונסט־פֿאַרלאַג", וואָס זײַן ערשטע אויפֿגאַבּע איז געווען די אויסגאַבּע פֿון אידישן אַלמאַנאַך, דערשינען אין 1910, אונטער דער רעדאַקציע פֿון ש. גאָרעליק. אין אַ געוויסן זין איז דער אַלמאַנאַך געווען אַ מין המשך פֿון די „ליטעראַרישע מאָנאַטשריפֿטן" וואָס גאָרעליק איז געווען אַ מיטרעדאַקטאָר, און אין זײַן אַרטיקל „קונסט און נאַציאָנאַלע אויפֿלעבּונג" אין אַלמאַנאַך, דערמאָנט ער אים. רענעסאַנס־קונסט און דעקאַדענטיזם, אָריגינעלע און איבּערגעזעצטע שאַפֿונגען אין ליד און פּראָזע, רוען צוזאַמען אין אַלמאַנאַך און מאַכן אַן אײַנדרוק אויף אַן אָנזאָג פֿון אַ נײַער עפּאָכע. מיר געפֿינען אין אים איבּערזעצונגען פֿון ניטשעס „אַזוי האָט געזאָגט זאַראַטוסטראַ", טורגעניעווס אַ ליד אין פּראָזע, שאַרל בּאָדלערס „קליינע פּאָעמען אין פּראָזע"; לידער פֿון ע. ליפּאָוויצקי, דערציילונגען פֿון נסתּר („פֿרילינג") און בּערגעלסאָן („דער טויבּער", „צוויי וועגן"), און אַרטיקלען און עסייען פֿון ש. גאָרעליק (וועגן אָסקאַר ווײַלד און אַנאַטאָל פֿראַנס) און נחמן מײַזיל (וועגן בּערגעלסאָנס ראָמאַן „אַרום וואָקזאַל" — די ערשטע קריטישע אַרבּעט וועגן בּערגעלסאָנען).

דורכן „קונסט־פֿאַרלאַג" איז דערשינען די פּובּליציסטיש־ליטעראַרישע זאַמלונג פֿון צײַט צו צײַט. ערשטער העפֿט, געדרוקט אין קיִעוו, תּרע"א (1911), אַכטל פֿאָרמאַט, 56 זײַטן. עס זײַנען אַרײַן אַרטיקלען וועגן העבּרעאיש, ייִדיש, שפּראַך, קולטור און ליטעראַטור־פּראָבּלעמען, געשריבּן פֿון בּן־אדיר און מ. ליטוואַקאָוו; ליטעראַרישע שטריכן „געררעכטע אונצופֿרידנהײַט" פֿון נחמן מײַזיל, וועגן טיפֿן און העלדן אין די דערציילונגען פֿון די עלטערע „מאַסן־שרײַבּער" (רייזען, יונה ראָזענפֿעלד און ליפּמאַן־לעווין) און „די יונגע אינטעליגענטן שרײַבּער" (ה. ד. נאָמבּערג, ז. י. אָנכי, ז. שניאור, יעקב שטיינבּערג, ג. שאָפּמאַן, ד. קאַפּלאַנאָוויטש), און די בּאַציאונג און טענות פֿון לייענער צו דעם ייִדישן שרײַבּער. בּערגעלסאָן איז אין העפֿט פֿאַרטראָטן מיט אַ דערציילונג „וואָוועס בּורנעס", ערשטער טייל פֿון דעם ראָמאַן נאָך אַלעמען.

דאָס צווייטע העפֿט פֿון צײַט צו צײַט איז דערשינען אין תּרע"ב (1912), פֿון זעלבּן פֿאָרמאַט, אָבּער האַלט מער זײַטן און אויך אַ רײַכערער אינהאַלט. עס זײַנען אין אים בּאַטייליקט: ז. אנכי, דוד איינהאָרן, פּרץ הירשבּיין און דוד בּערגעלסאָן — אין בּעלעטריסטיק. די פּובּליציסטיק בּאַשטייט פֿון צוויי אַרטיקלען „וואָס איז אַזוינס געשען?", פֿון בּן־אדיר און „אַ קאָנגרעס אָדער קאָנגרעסן?" פֿון ש. ניגער. דער לעצטער בּאַהאַנדלט די פֿראַגע פֿון אַן אַלוועלטלעכן ייִדישן קאָנגרעס, וואָס איז דעמאָלט אויפֿגעשוואומען. דער ערשטער אַרטיקל בּאַרירט די אָנגעוויטיקטע שמד־עפּידעמיע, וואָס האָט אין יענע יאָרן, אַרומגעכאַפּט די ייִדישע יוגנט אין רוסלאַנד. דאָס העפֿט שליסט זיך מיט נחמן מײַזילס קריטישע שטודיע: „דער ייִדישער אינטעליגענט בּײַ י. ח. בּרענער".

פֿון די אויסגאַבּעס פֿון „קונסט־פֿאַרלאַג" איז צו זען, אַז פֿאַר דער מלחמה האָט אין קיִעוו זיך גענומען שאַפֿן אַ ליטעראַרישע אַטמאָספֿערע. יונגע טאַלאַנטן גרופּירט אַרום דעם „קונסט־פֿאַרלאַג", שטרעבּן צו גרינדן אַן אייגענעם קולטור־ליטעראַרישן צענטער (דער „קונסט־פֿאַרלאַג" האָט אַרויסגעגעבּן עטלעכע לערנבּיכער און קינדער־ליטעראַטור).

בּײַ דעם רעוואָלוציע־אויסבּרוך צעבּליט זיך אין קיִעוו, ווי איבּער גאַנץ רוסלאַנד, אַ פֿאַרצווײַגטע ייִדישע פּרעסע, טעגלעכע און וועכנטלעכע צײַטונגען, איינמאָליקע אויסגאַבּעס און פֿלוגבּלעטער פֿון פֿאַרשיידענע ריכטונגען, און פֿאַרשיידענע פּאַרטייען. איך דערמאָן צום ערשטן די פֿרײַע אידישע קהילה — קיִעווער קהילה אָרגאַן. עטלעכע נומערן אַרויס אין 1917, אין ייִדיש און רוסיש, רעדאַקטירט פֿון ג. גורעוויטש, דעם בּאַקאַנטן רוסיש־ייִדישן פּובּליציסט מיטן פּסעוודאָנים גרשון באַדאַנעס. איך פֿאַרצייכן אויך די פּאַרטיי־אָרגאַנען, וואָס זײַנען דערשינען אין 1917: דער אידישער פּראָלעטאַריער, וואָכנבּלאַט, צענטראַל־אָרגאַן פֿון דער ייִדי־

שער טעריטאָריאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. דערשינען נאָר איין נומער, דעם 30סטן מײַ. דעם 16טן יוני, 1917, נעמט דערשײַנען אַ צווייט וואָכנבלאַט מיטן זעלבן נאָמען דער אידישער פּראָלעטאַריער, אַלס צענטראַל־אָרגאַן פון דער פאַראייניקטער ייִדישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. אַרויס נאָר צען נומערן. דער לעצטער נומער — דעם 10טן אָקטאָבער, 1917. אין יענעם יאָר דערשײַנען מיטן נאָמען משמרת חדשה, אַ ציוניסטישער אָרגאַן פון די „צעירי־ציון" אין קיִעוו, פון וועלכן עס זײַנען אַרויס 34 נומערן. „צעירי־ציון" האָבן אויך אַריבערגעטראָגן אין קיִעוו די אויסגאַבע פון זייער אָרגאַן ערד און אַרבעט, וואָס די ערשטע פינף נומערן זײַנען דערשינען אין כאַרקאָוו. אין קיִעוו איז דער אָרגאַן דערשינען וועכנטלעך, רעדאַקטירט פון מערעמינסקין און א. לעווינסאָנען. אַרויסגעבער איז געווען א. קאַפּלאַן. אַרום 20 נומערן זײַנען דערשינען. דעם 12טן מײַ, 1918, איז אַרויס דער ערשטער נומער ידיעות פון אָרגאַניזאַציאָנס־צענטער פון דער דעמאָקראַטישער פאָלקס־פראַקציע „צעירי־ציון". די אויסגאַבע איז ניט פאָרגעזעצט געוואָרן. פון די אויסגאַבעס אין 1917 איז צו דערמאָנען: פאָלקס ווילען, „דער אָרגאַן פון דער זאַווסטריאַנער ייִדישער קהילה. דערווײַל אַ וואָכנבלאַט", ווי עס איז אָנגעגעבן אונטערן נאָמען פון בלאַט, רעדאַקטירט פון הרב א. י. זשעטניק, וואָס האָט שפּעטער עמיגרירט קיין אַמעריקע. עס זײַנען דערשינען 2 נומערן. אַן אָרטאָדאָקסישע אויסגאַבע איז פלוג בלאַט, דערשינען 2 נומערן. אויך פון דאָס פרײַע וואָרט, אַ סאָציאַליסטישע שריפט, זײַנען צווישן מערץ־מײַ 1917 דערשינען עטלעכע נומערן.

אין איין צײַט אין 1917 דערשײַנען אין קיִעוו דרײַ טאָגבלעטער. יעדער איינער פון אַן אַנדער ריכטונג, אָרגאַנען פון פּאַרטייען און באַוועגונגען פון קעגנזעצלעכע אינטערעסן און אידעאָלאָגיעס, קריגעריש און פײַנדלעך איינער צום צווייטן. די בונדיסטישע פאָלקס־צײַטונג, סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי־אָרגאַן נײַע צײַט און דער ציוניסטישער טעלעגראַף. די פאָלקס־צײַטונג האָט גענומען דערשײַנען דעם 8טן אויגוסט 1917, ניט ווי אַ טאָגבלאַט, נאָר פון 7טן נומער און ווײַטער איז אָנגענומען, אַז זי „דערשײַנט טעגלעך". אַרויסגעבער זײַנען געווען מ. דושקאַן און ר. ווײַנשטיין; און רעדאַקטאָר מ. ראַפּעס. אויף די ערשטע נומערן איז געווען אָנגעגעבן „אָרגאַן פון „בונד" פאַר דרום־רוסלאַנד". דאָס בלאַט איז עטלעכע מאָל געוואָרן אָפּגעשטעלט און באַנײַט. איך האָב פאַר זיך נומערן פון דריטן יאָרגאַנג, וואָס ציילט זיך פון ערשטן יאַנואַר 1919, און אונטערן „קאָפּ" איז אָנגעגעבן „אָרגאַן פון „בונד" אויף אוקראַיִנע ערשײַנט טעגלעך". דער ערשטער און דריטער נומער זײַנען פון אַ גרויסן פאָרמאַט. ביז נומער 25 פעלן נומערן און פון דעם נומער אָן איז דער פאָרמאַט אַ ביסל קלענער, און אין „קאָפּ" און ריכטונג איז שוין דאָ אַ שינוי. עס שטייט „אָרגאַן פון דעם אַלגעמיינעם אידישן קאָמוניסטישן אַרבעטער־„בונד" — פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער פאַראייניקט זיך". ווערט דאָ בלאַט רעדאַקטירט פון אַ רעדאַקציאָנס־קאָלעגיע: א. טשעסקיס, י. פרענקעל און מ. ראַפּעס.

דער „בונד" מיט זײַן גרויסער השפּעה אויף דער ייִדישער גאַס, איז גלײַך נאָך דער רעוואָלוציע אויך קענטיק געווען מיט זײַן אָרגאַן און די פאָלקס־צײַטונג האָט, ווי עס איז, אָנגעהאַלטן די בונדישע אידעאָלאָגיע, אָבער ווערנדיק דער אָרגאַן פונם „אַלגעמיינעם ייִדישן קאָמוניסטישן אַרבעטער־בונד", ווערט די „בונד"־אידעאָלאָגיע אײַנגעשרומפּן, זײַן בונדישע פיזיאָנאָמיע וואָס ווײַטער מטושטשדיק ביז ער פאַרלירט זײַן פּרצוף אינגאַנצן. ער ניצט אָבער אויס די „בונד"־מעטאָדן ווי צו באַהערשן די גאַס. „דער קאָמוניסטישער בונד — ווערט געזאָגט אין אַרטיקל „פאַראייניקט די קרעפטן", פון כ. ל. מ., אין 26סטן נומער (20 מערץ 1919) — האָט פון ערשטן מאָמענט פון זײַן גרינדונג געשטעלט זיך פאַר אַ ציל פאַרבינדן אין איין אָרגאַניזאַציע אַלע אויסגעשפּראָכענע קאָמוניסטישע אויסבילדונגען אויפן גרונט פון אָפּזאָגן זיך פון יעדער נאַציאָנאַליסטישער אידעאָלאָגיע. אָנשטאָט פריִערדיקע בהדרגהדיקע טריט, בכדי מיטצושלעפּן מיט זיך דעם רעכטן פליגל אויף לינקס, די טריט וועלכע האָבן אים אַליין געשטעלט אין אַ הילפלאָזער לאַגע, האָט דער קאָמוניסטישער בונד דורך דער צעשפּאַלטונג וואָס ער האָט דורכגעפירט, אַנטשיידן באַשטימט זײַן ווײַטערדיקן וועג".

די פאָלקסצײַטונג האָט אָנגענומען אַ לינקע ליניע און געוואָרן קאָמוניסטיש בשעת דער בירגער־קריג אין רוסלאַנד האָט זיך צעפלאַקערט און אין אוקראַיִנע האָבן פּאָגראָמען אויף ייִדן גענומען בושוועון. אין דער פאָלקסצײַטונג ווערט אויף ביידע רעאַגירט געמיינזאַם און מיט איין מאָס. „די רעוואָלוציאָנערן־כוואַליע וואַקסט", איז דער נאָמען פון ל. וו. טשעסקיס אַן אַרטיקל וועגן בירגער־קריג איבער גאָר דער וועלט. און לעבן דעם אַרטיקל — „די פּאָגראָם־כוואַליע אין אוקראַיִנע" — קאָמענטאַרן, כראָניק וועגן מיטינגען וואָס דער פּאָגראָם־קאָמיטעט האָט אײַנגעאָרדנט אין קיִעוו. די פּאָגראָמען און שחיטות אין כמעט יעדער שטאָט אין אוקראַיִנע, פאַרנעמען אַ ברייט אָרט אין דער פאָלקסצײַטונג, ווערן אָפּגעשפּיגלט אין אַרטיקלען, קאָרעספּאָנדענציעס און נאָטיצן. די ידיעות וועגן די פּאָגראָמען קומען אויך מיט קאָמענטאַרן, לענגערע באַשרײַבונגען. עס ווערט אויך באַהאַנדלט דער אַנטיסעמיטיזם אין שײַכות מיט די פּאָגראָמען. אַזוי ווערט אין דער רובריק „פון צײַטונגען און זשורנאַלן" געבראַכט אויסצוגן פון אַן אַרטיקל „אַ געפערלעכע חולאת" וועגן די כאַרקאָווער ידיעות וועגן דער פּאָגראָם־העצע, וועלכע האָט אַרומגעכאַפּט כמעט גאַנץ אוקראַיִנע, אין וועלכן דער מחבר וויל האָבן, אַז אין גרויס רוסלאַנד איז שוין

דער אַנטיסעמיטיזם און די פּאָגראָמען אַריבער, ווערט רעאַגירט, „אַז דער מחבר פאַרגעסט, אַז די נעסט פון אַנטיסעמיטיזם אין רוסלאַנד איז שטענדיק געווען אור־קראַינע" און מען מוז צו דעם אַנטיסעמיטיזם שענקען מער אויפמערקזאַמקייט ווי אין גרויס־רוסלאַנד, און אָננעמען ברייטערע מיטלען, „אַנדערש וועט די חולאת ווערן אַ פאַרשלעפּטע, און קעמפן מיט איר וועט זיין זייער שווער".

בשעתן בירגער־קריג און די באָלשעוויסטישע מפּלות אין אוקראַינע איז די פאָלקסצייטונג אַרויס מיט תפילות און שבחים צו דער רויטער אַרמיי, ווי אין איר זיג וועט קומען די גאולה און ישועות אויף יידן. מען האָט דעמאָלט אויפגעוויזן, אַז די רויט־אַרמייער זיינען אויך ניט פריי פון שנאת־ישראל און אַז אין זייערע רייען הערשט אַנטיסעמיטיזם, האָט מען אין דער פאָלקסצייטונג אַרויסגעבראַכט, אַז דער אַנטיסעמיטיזם פון דער רויטער אַרמיי, איז אויך אַ פּועל־יוצא פון דער העצע פון די קעגנער פון דער ראַטנמאַכט, און פון קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן וואָס פירן מלחמה מיט די באָלשעוויקעס. אין אַן אַרטיקל „ווען דער שונא זיגט"... גאָך דעם זיג פון די ווייס־גוואַרדייער אין האָמעל, שרייבט מ. ראַפּעס: „די רויטע אַרמיי לעבט צווישן דער באַפעלקערונג און זאַפּט איין אין זיך אָט די אַנטיסעמיטישע שטימונגען. דאַן ווערט שוין לייכטער אַ טייל פון איר אַ שטויס צו טאָן אַנטקעגן די קאָמוניסטן בכלל, אַנטקעגן דער ראַטנמאַכט אַלס גאַנצע. די קאָנטער־רעוואָלוציע ווייסט גוט אירע וועגן"... אַז די פאָלקסצייטונג האָט אויף אירע זייטן אַגיטירט, אַז יידן זאָלן זיך אָנשליסן אין דער רויטער אַרמיי. מען שרייבט אין דער פאָלקסצייטונג וועגן אונדזערע נצחונות, און אויך פון נצחונות און מפּלות, פון שונאס זיגן, נצחונות און מפּלות וואָס האַלטן די יידישע באַפעלקערונג אין שרעק און קלעם. אָשר שוואַרצמאַנס ליד „אין פינסטערער נאַכט" גיט איבער די שטימונג פון מאָמענט, גרויל און שרעק פון דער צייט:

> אין בייזן געווימל פון שטורמישע כוואַליעס
> דאָס ברומען פון שלאַכט־פעלד זיך הערט
> דאָרט טראָגן אַרום זיך צעווילדעוועטע רייטער
> אויף שוואַרצע טיטאַנישע פערד.

ווי אַ בונדיסטיש־קאָמוניסטישער אָרגאַן זיינען די פּאַרטיי־ענינים דער עיקר. די רובריק „פון פּאַרטיי לעבן" פאַרנעמט אַ היפּשן פּלאַץ און די ידיעות זיינען איבערגעגעבן באַריכות פּינקטלעך, מיט אַלע איינצעלהייטן און פּאָלעמיש מיט קעגנער; אַזוי אויך די רובריק „פון פּראָפעסיאָנאַלן לעבן" און „פון אַרבעטער לעבן". אין בלאַט איז דאָ בכלל פאַרשיידענע רובריקן, אויך אַ רובריק „צווישן אידן".

די העברעאישע קולטור־אַרבעט, וואָס איז דעמאָלט אָנגעגאַנגען אין קיעוו מיט אַ טעמפּאָ, איז אין דער פאָלקסצייטונג ניט באַקעמפט געוואָרן, נאָר איינמאָל ווערט, אין אַן אַרטיקל „די תרבות־לערער", די העברעאישע תרבות־אָרגאַניזאַציע אויסגעלאַכט, און די „תרבות"־לערער דערקלערט ווי אַזעלכע וואָס פירן אַ „שאָוויניסטיש־רעאַקציאָנערע העברעאיזאַציע־פּאָליטיק", וואָס זוכן און געפינען „שטיצע ביי פרעמדע רעאַקציאָנערע עלעמענטן", און אויך דערמאָנט הלל זלאַטאָפּאָלסקי, דער „תרבות"־מעצענאַט. עס ווערט אין אַרטיקל אויך געזאָגט: „אונזער שפּראַכן־פּראָבלעם איז כלל ניט קיין היימישער ענין. אונזער קאַמף וועט ענטשידן געלייזט ווערן נאָר אין אַלגעמיינעם מאַסשטאַב". און אין דער פאָלקסצייטונג קומען אָפּט אַרטיקלען און דיסקוסיעס וועגן דער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע און דער יידישער אויטאָנאָמיע בכלל; און לאָוו דווקא פון אַ בונדיסטישן נאָר פון אַ קאָמוניסטישן שטאַנדפּונקט. אַזוי ווערט געזאָגט: „די קולטורעל־נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, אַלס אַ פּאָליטישע פאָדערונג, איז אַלזאָ אָפּגעשטאָרבן צוזאַמען מיט דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע און דאָס וועט נאָך נענטער מאַכן דעם אַלרוסלענדער פּראָלעטאַריאַט און צוזאַמען מיט אים, מיט די פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער". אָבער אויסער די קולטורעלע ענינים און די דיסקוסיעס אַרום דער „קולטור־אויטאָנאָמיע", איז פאַרן פאָלק געשטאַנען ביטערע פּראָבלעמען, ווי די שפּייז־פראַגע און דער הונגער, וואָס האָט דעמאָלט געבושעוועט, און דאָס ווערט אַרויסגעבראַכט אין דער כראָניק און אין די אַרטיקלען.

אין די ענגע קאָמוניסטישע און פּאַרטיי־ראַמען פון פאָלקסצייטונג פאַרנעמט אויך בעלעטריסטיק אַ פּלאַץ. עס וואַרפט זיך דורך אַ ליד, אַ סקיצע, אַ ליטעראַרישע נאָטיץ. ליטעראַרישער מאַטעריאַל געפינט זיך אויך אין פעליעטאָן, קריטישע אַרטיקלען פון ד. איסאַקאָוויטש, וועלכער האָט אויך געשריבן טעאַטער־נאָטיצן. און נ. אויסלענדער (דער אידישער מאָנאָלאָג ביי שלום־עליכמען); איבערזעצט — ניט־ליטעראַרישע פעליעטאָנען פון ל. טראָצקי (אין וועגעדאַנקען פון דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע), און אַנדערע רעוואָלוציאָנערע שרייבער. ביבליאָגראַפישע נאָטיצן פון י. נוסנאָוו און אַנדערע. פּרצעס פערטער יאָרצייט ווערט דערמאָנט אין פאָלקסצייטונג אין פאַרבינדונג מיט אַ ריי אינסצענירונגען פון זיינע סקיצעס און אָוונטן איינגעאָרדנט לכבוד אים.

די פאָלקסצייטונג איז אַ קיעווער צייטונג געווען, אָבער עס זיינען דאָ קאָרעספּאָנדענציעס פון דער פּראָווינץ, איבערהויפּט וועגן די פּאָגראָמען און פּאָגראָמען־שרעק. אין מיי 1919 ווערט די פאָלקסצייטונג אָפּגעשטעלט און פאָרגעזעצט אונטערן נאָמען קאָמוניסטישע פאָן אַלס „אָרגאַן פון קיעוו. גובער. קאָמ. ק. פּ. ב. או.", געדרוקט אויף שלעכטע בלויע פּאַקפּאַפּיר. פאַר מיר ליגט אַ קאָמפּלעט פון 1921, אָבער דאָס באַלאַנגט שוין ניט צו אונדזער אַרבעט.

דאָס צווייטע טאָגבלאַט נײַע צײַט האָט גענומען דערשײַנען דעם ערשטן סעפּטעמבער 1917, און אַרויס ביז דעם 28סטן מערץ 1919, ווי דער אָרגאַן פֿון דער פֿאַראייניקטער ייִדישער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי. עס איז אַרויס דורך אַן אַקציע־געזעלשאַפֿט „נײַע צײַט" און דער ערשטער רעדאַקטאָר איז געווען משה כּץ. דעם 28סטן מערץ 1919, ווערט די צײַטונג אָפּגעשטעלט, און הייבט אָן ווידער דערשײַנען דעם 8טן אַפּריל אין יענעם יאָר, ווי דער „אָרגאַן פֿון דער פֿאַראייניגטער ייִדישער קאָמוניסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי". דעם 26סטן מײַ 1919, ווערט די צײַטונג ליקווידירט און ווי די פֿאָלקסצײַטונג ווערט זי אויך אײַנגעגלידערט אין דער קאָמוניסטישע פֿאָן. די נײַע צײַט איז רעדאַקטירט געוואָרן פֿון בן־אדיר, מ. זילבערפֿאַרב, משה כּץ, מ. ליטוואַקאָוו, יעקב און יוסף לעשצינסקי, י. נאָוואַקאָווסקי און מ. לעוויטאַן. עטלעכע פֿון זיי: נאָוואַקאָווסקי, לעוויטאַן און ראַפּעס זײַנען אַרײַן אין רעדאַקציאָנס־קאָלעגיום פֿון קאָמוניסטישע פֿאָן.

דער ציוניסטישער אָרגאַן דער טעלעגראַף האָט געזאָלט זײַן דאָס ווייניק פּאַרטייאישע און מער צוגעפּאַסטע בלאַט פֿאַרן פּובליקום. אַרויסגעגעבן פֿון דער געזעלשאַפֿט „התחיה", וואָס איז פֿינאַנסירט געוואָרן פֿון זלאַטאָפּאָלסקי און אַנדערע רײַכע ייִדן אין קיִעוו, איז די עקסיסטענץ פֿון בלאַט געווען פֿאַרזיכערט. רעדאַקטאָר איז געווען מ. נ. סירקין, אַ באַגאַבטער זשורנאַליסט, וואָס האָט נאָך געאַרבעט אונטער סאָקאָלאָוו, און אין זײַנע העבראַיִשע און ייִדישע צײַטונגען אויסגעפֿורעמט זײַן זשורנאַליסטישע פֿיזיאָנאָמיע; אַ ציוניסטישער עסקן און אָראַטאָר, און בכלל אַ פּערזענלעכקייט אין ייִדישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן אין קיִעוו און אוקראַיִנע. האָבנדיק אויך אַ סטעף מיטאַרבעטער, שרײַבער און זשורנאַליסטן ווי ש. טשערנאָוויץ, מאיר גראָסמאַן, לאַצקי־בערטאָלדי און חיים גרינבערג, איז דער טעלעגראַף געווען אַ לעבעדיקע און אינטערעסאַנטע צײַטונג. עס האָבן אויפֿן טעלעגראַף געלויערט אַלערליי שטערונגען און אַלערליי מכשולים זײַנען געלייגט געוואָרן אויף זײַן וועג; ביז ער איז בײַם 49סטן נומער, וואָס איז דערשינען דעם 25סטן יאַנואַר 1925, פֿאַרמאַכט געוואָרן דורך די באָלשעוויקעס.

אַ חודש צוויי נאָך דעם אָפּשטעלן פֿון טעלעגראַף האָט מאיר גראָסמאַן גענומען אַרויסגעבן אַ וואָכנבלאַט אויף דער וואַך, וואָס איז געווען דער „אָרגאַן פֿון ציוניסטישן געדאַנק", און באַדאַרפֿט פֿאַרנעמען דאָס אָרט פֿון טעלעגראַף, ביז דער לעצטער וועט באַקומען די דערלויבעניש צו באַנײַען זײַן אויסגאַבע. דאָס וואָכנבלאַט האָט גענומען דערשײַנען ב׳ ניסן תרע״ח — 15טן מערץ 1918. מ. גראָסמאַן פֿיגורירט ווי אַ רעדאַקטאָר און כהנאָוו אַלס אַרויסגעבער. יעדער נומער האָט אַנטהאַלטן 32 זײַטן, מיט אַ הילע פֿון 4 זײַטן. אין פּראָגראַם־אַרטיקל ווערט דערקלערט: „צוליב סבות, וואָס זײַנען אַרויסגערופֿן דורך דער פּאָליטישער איבערקערעניש אויף אוקראַיִנע און די געשעענישן אין קיִעוו, זײַנען מיר געצוואונגען צײַטווײַליק אָפּצושטעלן די דערשײַנונג פֿון דעם טעלעגראַף. אין אַ קורצער צײַט אַרום וועלן מיר ווידער אַרויסגעבן דעם טעלעגראַף אין אַ פֿאַרגרעסערטן פֿאָרמאַט". כּדי ניט איבערצורײַסן די פֿאַרבינדונג מיטן לייענער איז דער אויף דער וואַך דערשינען. ווי לאַנג ער איז דערשינען איז מיר ניט באַוואוסט. צען נומערן האָב איך פֿאַר זיך, און ווי עס ווײַזט אויס, איז דער צענטער נומער אויך געווען דער לעצטער. די שטורמישע צײַטן און די שטורמישע געשעענישן, דער זיג פֿון די באָלשעוויקעס און די פּאָגראָמען אין אוקראַיִנע ברויזן אין אויף דער וואַך. ווי די הויפּט־שרײַבער זײַנען אָנגעגעבן: מ. נ. סירקין, י. שעכטמאַן, ש. האָמעלסקי. אויך קאָראָלניק האָט זיך אָפּט באַטייליקט. ש. ק. שנייפּל שילדערט קאַריקאַטורן, נעבעכדיקע פֿאַרשוינען, שונא־ציון, וואָס זײַנען געוואָרן טאָג־העלדן און פֿירער בײַ „זיי" ד״ה די באָלשעוויקעס. פֿאַר ייִדישער אויטאָנאָמיע האָבן די אויף דער וואַך־שרײַבער געקעמפֿט, און קעגן דער פּאָגראָם־כוואַליע זיך געשטעלט דעם פּאָליטישן קאַמף, ייִדישע פּאָזיציע־רעכט און דעם ציוניסטישן געדאַנק. אין דער טומלעניש האָט אויף דער וואַך זיך געראַנגלט און געקעמפֿט.

די כראָניק האָט געבראַכט ידיעות פֿון דער ייִדישער וועלט בכלל, ליטעראַרישע נײַעס וועגן העבראַאישע קולטור־אַרבעט; מיינונגען פֿון ייִדישע וועלט־גײַסטער, וועגן ציוניזם און נאַציאָנאַליזם, ווי געאָרג בראַנדעס און מאַקסימיליאַן האַרדינג; אָפּגעשטעלט זיך אויף ציוניסטישע געזעלשאַפֿטלעכע געשעענישן. אַ רײַכע ציוניסטישע און בכלל ייִדישע כראָניק וואָס האָט דעם לייענער אינפֿאָרמירט וועגן וואָס עס איז פֿאָרגעקומען אין ייִדישן לעבן אומעטום און אין די פֿון דער מלחמה אָפּגעשלאָסענע לענדער; אַזוי אַז עס האָט צו זיי דערגרייכט די ידיעה פֿון טשלענאָוס טויט אין לאָנדאָן, זאָגט מען דורכן אויף דער וואַך אָן וועגן דער גרויסער אבדה און ווערט אין אַרטיקלען באַשריבן ווי אַ ציוניסטישער פֿירער און פֿאָלקסמענטש.

אויף דער וואַך איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. דער טעלעגראַף איז ניט באַנײַט געוואָרן. אָבער אַ קורצע צײַט נאָך דעם אונטערגיין פֿון אויף דער וואַך האָט גענומען דערשײַנען אַ נײַ ציוניסטיש וואָכנבלאַט דאָס אידישע פֿאָלק, רעדאַקטירט דורך ש. טשערנאָוויץ און י. שעכטמאַן. דער ערשטער נומער איז אַרויס דעם 25סטן אָקטאָבער. בשעת דער צײַטווײַליקער ייִדישער נאַציאָנאַלער פֿאַרזאַמלונג האָט דאָס בלאַט גענומען דערשײַנען טעגלעך ווי אַן „עקסטראַ טעגלעכע אויסגאַבע" פֿון וואָכנבלאַט. אַזוי דערשײַנט די אויסגאַבע פֿון צווייטן נומער ביזן זיבעטן. דער לעצטער נומער איז אַרויס דעם 8טן נאָוועמבער 1918.

לאַנג זײַנען די ציוניסטן ניט געבליבן אָן אַן אָרגאַן. אין 1919 טרעט ש. גאָמעלסקי צו צו דער אויסגאַבע פֿון אַ ציוניסטיש טאָגבלאַט מיט נאָמען די וועלט, רעדאַקטירט פֿון מאיר גראָסמאַן; אַ ציוניסטיש בלאַט מיט אַ ליטעראַרישן ניוואָ. עס האָבן גענומען אָנטייל אין אים די בעסטע ליטעראַרישע און פּובליציסטישע קרעפֿטן, צווישן זיי א. אידעלסאָן, בעל־מחשבות, ד״ר י. ברוצקוס, ד״ר מ. גליקסאָן, וולאַדימיר זשאַבאָטינסקי, ד״ר א. קאָראַלניק, מ. קליינמאַן און א. דרויאַנאָוו. דער ערשטער נומער איז דערשינען דעם 2טן פֿעברואַר, אַרויס אין רעכטן פֿײַער פֿון בירגער־קריג, פּאָגראָמען און שחיטות אויף ייִדן, און די וועלט האָט גענומען אַ שטאַרקע שטעלונג קעגן די באָלשעוויקעס. זייער האַנט האָט זיך געלאָזט פֿילן. בײַם זעקסטן נומער (9טן פֿעברואַר) איז די וועלט אָפּגעשטעלט געוואָרן דורך די רויט־אַרמייער פֿון „פּועלי־ציון". אונטער די פּאָליאַקן האָט זי ווידער גענומען דערשײַנען. אין תשרי תר״ף איז אַרויס דער ערשטער נומער פֿון דער באַנײַטער אויסגאַבע, וואָס האָט גענומען ציילן אַ נײַ־צווייטן יאָרגאַנג. ווי אַ רעדאַקטאָר איז אָנגעגעבן ש. טשערנאָוויץ, און אַרויסגעבער: אָרגאַניזיר־גרופּע „חרמון". „צו די לעזער" אין ערשטן נומער פֿון באַנײַטן די וועלט, דערציילט די רעדאַקציע: „אין נאָמען פֿון „פֿרײַהייט" האָבן זיך דעם 5טן פֿעברואַר אַרײַנגעריסן 4 רויט־אַרמייער אין דער רעדאַקציע פֿון די וועלט און אין מיטן וואָרט איבערגעריסן די טעטיקייט פֿון דעם אָרגאַן. די פֿיר רויט געפֿאַרבטע זײַנען ניט געוועזן קיין פֿרעמדע — „אידישע גזלנים" זײַנען עס געוועזן, פֿאָרשטייער פֿון אַ פּאַרטיי, וואָס איז אַמאָל צו אונדז נאָענט געשטאַנען. געמיינט האָבן די פּאַרטיידיקער פֿון דער גרעסטער פֿרײַהייט אויף דער וועלט אויפֿצובויען אויפֿן חורבן פֿון וועלט גאַנצע בנינים. אָבער ווי שטענדיק אין לעבן, טרעפֿט עס פּונקט ווי אין „חד גדיא": די „פּועלי־ציון" האָבן פֿאַרשטאָפּט דאָס מויל פֿון וועלט כדי פּטור צו ווערן פֿון אַ „קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן אָרגאַן", און זיי אַליין האָט מען שפּעטער צו פֿאַרמאַכט, ווײַל זייערע פֿריש־געבאַקענע חברים האָבן אין זיי געפֿונען קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע באַצילן און שפּעטער וואָלט מען די באַצילן געפֿונען מסתמא אויך בײַ די וואָס האָבן זיי פֿאַרמאַכט, און אַזוי כסדר. דער אַרטיקל ווערט פֿאַרענדיקט „אַלענפֿאַלס לעבט די וועלט ווידער, און בעסער אַ האַלב געמאַטערט לעבן, ריידן מיט אַ האַלב מויל, איידער גאָרנישט".

אין אַ שווערער צײַט איז די וועלט געקומען אויף דער וועלט, און אין אַ שווערער, אומנאָרמאַלער, אומזיכערער איבערגאַנגס־צײַט איז זי אויף אַ קורצער צײַט אויפֿגעשטאַנען „תחית המתים". מען האָט איר אַפֿילו ניט געלאָזט אָפּכאַפּן דעם אָטעם, און מיט אַ האַלב מויל צו רעדן. די פֿרײַהייט איז צוגענומען געוואָרן. פֿלעצער אויסגעמעקט פֿון צענזור זײַנען ליידיק, עס בלאַנקט שטיקער אין דער כראָניק און אין לייטאַרטיקל מיט דער גלאַטקייט פֿון פּאַפּיר, וואָס די צענזור האָט אַרויסגענומען. אַזוי איז ליידיק דער לייטאַרטיקל וועגן סלאָבאָדקער פּאָגראָם. אין דרײַ שורות ווערט דערציילט: „צוליב טעכנישע סיבות איז דער אַרטיקל „סלאָבאָדקער ענויים" ניט אַרײַן אין נומער". לאַנג נאָך דער באַנײַאונג האָט די וועלט ניט אָנגעהאַלטן. דעם 23סטן אָקטאָבער 1919, האָט זי אויפֿגעהערט צו דערשײַנען. די וועלט האָט געשטרעבט צו זײַן אַ ליטעראַרישע צײַטונג. כ'האָב פֿריִער דערמאָנט די נעמען פֿון די בעסטע ליטעראַרישע קרעפֿטן וואָס האָבן זיך אין איר באַטייליקט. כ'וויל נאָר צוגעבן, אַז יונה ראָזענפֿעלד און א. קליאַטשקאָ האָבן געדרוקט דערציילונגען און אַ פּאָעט מרדכי מילער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט ימים־נוראים שטימונגס־לידער („דאָס שופֿר־געבעט" און „תשרי").

אין אַרטיקל „צו די לעזער", וואָס איז אויבן געבראַכט געוואָרן, ווערן די „פּועלי־ציון" באַשולדיקט אין אָפּשטעלן די וועלט. פֿיר טעג נאָך דעם פֿאַרבאָט אויף דעם ציוניסטישן אָרגאַן איז אַרויס דער ערשטער נומער פֿון דעם פּועלי־ציוניסטישן אָרגאַן נײַע לעבן.

דאָס נײַע לעבן — אַזוי איז דער נאָמען פֿון דער צײַטונג געוועזן, בשעת זי איז אין 1917 דערשינען אין אָדעס ווי אַ „געזעלשאַפֿטלעכע־פּאָליטישע און ליטעראַרישע צײַטונג" און פּועלי־ציוניסטישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַן, רעדאַקטירט פֿון אַ קאָלעגיום: אַ. כאַשין, י. קענדזשערסקי, אַ. רעוואוצקי, שפּעטער האָט דאָס בלאַט זיך גערופֿן נײַע לעבן. סוף אויגוסט 1918, איז די צײַטונג אָפּגעשטעלט געוואָרן און איז אַריבער אין קיִעוו. דאָרט גענומען דערשײַנען און געוואָרן אָפּגעשטעלט. מיטן אָנקומען פֿון די באָלשעוויקעס איז זי דעם 11טן פֿעברואַר 1919 באַנײַט געוואָרן.

אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע צײַטונג מיט דעם מאָטאָ „פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער פֿאַראייניקט זיך!" האָט דאָס בלאַט, ווי די פּאַרטיי וואָס ער איז איר אָרגאַן געוועזן, זיך אָריענטירט אויף דער ראַטנמאַכט. אין דער פּראָגראַם־מודעה אין ערשטן נומער איז אַפֿילו אָנגעגעבן, אַז נײַע לעבן אַלס אָרגאַן פֿון דער אידישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי (פּועלי־ציון) גיט אָפּ פֿיל אויפֿמערקזאַמקייט דער פּאַלעסטינע־פּראָבלעם פֿון דער אידישער אַרבעטערשאַפֿט", אָבער איז מיטן פּנים צום ראַטנפֿאַרבאַנד, מער קאָמוניסטיש ווי ציוניסטיש, און די „פּאַלעסטינע־פּראָבלעמען" ווערן אין נײַע לעבן אויך באַהאַנדלט פֿון אַ קאָמוניסטישן שטאַנדפּונקט, קעגנעריש, און אויך פֿײַנדלעך צום ציוניזם. די באָלשעוויקעס האָבן פֿאַרנומען קיִעוו, הערט פֿון דאָס נײַע לעבן הויכע הוראַ־געשרייען, די „נײַע מאַכט" ווערט פֿײַערלעך און מיט התלהבות באַגריסט. אין „טאָג־שטריכן" פֿון ערשטן נומער, שרײַבט מען מיט באַגײַסטערונג: „געקומען קיין קיִעוו די ראַטנמאַכט און מיר הערן פֿון אַלע זײַטן, פֿון אַלע ביז אַהער פֿאַר־

פּרווירענע אומעטיקע גאַסן אונזערע אַלטע, ליבע, שטאָלצע רעוואָלוציאָנערע לידער — און שמועסט פרײַ און הרחבהדיק וועגן דער נײַער פּראָלעטאַרישער מאַכט, וועגן דעם רו און סדר, וואָס זי איז ביכולת אײַנצופירן און עס זײַנען ווי פאַרגעסן געוואָרן דער אַמאָליקער פּחד און אומצופרידנקייט מיט די באָלשעוויקעס מצד דעם בירגער".

אַזוי קומען אין די „טאָג־שטריכן" (מערסטנס געחתמעט ש. ז. — זשידאָוויעצקי — און י. הירש) לויבגעזאַנגען צו דער רויטער אַרמיי. אַזוי איז דאָ אַן אויפרוף פון דעם אויספיר־ביוראָ פון דער י. ס. ד. אַ. פּ. (פּועלי־ציון) זיך צונויפקומען אין באָראָכאָוו־קלוב כדי אָנטייל צו נעמען אין „דער לויה פון די געפאַלענע העלדן פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע". אין אַ מודעה „מיט צער און צאָרן, מיט געבויגענע קעפּ שליסט זיך הײַנט אָן די קיִעווער אָרגאַניזאַציע פון י. ס. ד. אַ. פּ. (פּועלי־ציון) צום טרויער־צוג פון די קרבנות פון אַוואַנגאַרד פון דער וועלטלעכער רעוואָלוציע". די פּועלי־ציון האָבן זיך געהאַלטן פאַר די נאָענטסטע מחותנים צו דער רעוואָלוציע, און געהאַלטן, אַז זייער אָרגאַן דאַרף פאַרנעמען אַ וויכטיקע פּאָזיציע אין דער רעוואָלוציאָנערער פּרעסע. זייערע מאַטעריעלע מיטלען זײַנען אָבער געווען באַגרענעצט צו טראָגן די לאַסט פון דער אויסגאַבע פון צײַטונג, און אין די נומערן פון נײַע לעבן האָבן זיי זיך געווענדט מיט אויפרופן נאָך הילף. „שטיצט אײַערע טעגלעכע צײַטונג"! הייבט זיך אָן זייער קול־קורא „צו אַלע חברים, פרײַנד און לעזער", און עס ווערט געזאָגט:

„צוליב אויסערלעכע סיבות זײַנען מיר געצוואונגען געווען אָפּצושטעלן אונזער צײַטונג. אויף דער אידישער גאַס האָבן מיר ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אונזער וואָרט זאָגן און פירן אַ קאַמף פאַר אונזערע לאָזונגען. מיר האָבן געמוזט שווײַגן און אויסהערן אַלערליי זילזולים און אָנפאַלן סײַ פון דער בירגערלעכער פּרעסע, סײַ פון די וואָס ווילן זײַן די פאַרטרעטער פון די יודישע אַרבעטער־אינטערעסן. מיר האָבן געשוויגן, ווײַל מען האָט אונז דאָס מויל פאַרמאַכט. איצט אָבער לויפן די געשעענישן מיט אַ האַסטיקן טעמפּאָ. מיט יעדן טאָג וואַקסט אויס פאַר אונז אַלץ נײַע אויפגאַבן. אין אַזאַ וויכטיקן מאָמענט מוז דער באַוואוסטזיניקער יודישער פּראָלעטאַריער האָבן זײַן אייגענעם אָרגאַן, וואָס זאָל באַלײַכטן זײַן אַלטעגלעכן קאַמף און טאָג אײַן טאָג אויס שטיין אויף דער וואַך פון זײַנע אינטערעסן. דאָס קאָן אָבער דערפילן נאָר אַ טעגלעכע צײַטונג.

בײַם הײַנטיקן יקרות אויף דרוק־אַרבעט, פּאַפּיר א. אַ. וו. איז דאָס אָבער פאַרבונדן מיט קאָלאָסאַלע הוצאות, ביז 45 טויזנט רובל מאָנאַטלעך".

עס איז ניט־נייטיק איבערצוגעבן דעם גאַנצן אויפרוף. פון די פריִער געבראַכטע שורות שאַפט זיך אַ בילד פון זייער מצב און שטעלונג. זייער „אָפּרעדן זיך פון הארץ" און אַרויסטראָגן די ווייטיקן אויפן גאַס, איז פאַראַן ענלעכעס צו דער דערקלערונג פון די וועלט צו אירע לעזער. אויך די „פּועלי־ציון" באַקלאָגן זיך, אַז מען האָט זיי „דאָס מויל פאַרמאַכט". דאָס זעלבע וואָס זיי האָבן געטאָן צו די ציוניסטן בײַם פאַרמאַכן די וועלט.

קעגנעריש צום ציוניזם, אָבער ארץ־ישראל־ענינים זײַנען אין נײַע לעבן יאָ באַהאַנדלט געוואָרן. אַזוי האָט יארבלום־אניטין געשריבן וועגן „פּראָבלעמען פון פּאַלעסטינער טעטיקייט". נאָך עטלעכע מאָל קומען אַרטיקלען וועגן ישוב. מען האָט אין נײַע לעבן אויך באַרירט די אַראַבער־לאַגע אין ארץ־ישראל פון אַ סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט, זייער באַפרײַאונג און צוזאַמענלעבן מיט ייִדן, אָנפאַלנדיק דערבײַ אויף דער „בורזשואַזער ציוניסטישער פּאָליטיק" און דעם „ציוניסטישן קריגס־העלד זשאַבאָטינסקי".

אָנפאַלן אויף ציוניסטן איז ניט קיין זעלטענהייט און נײַע לעבן איז אויך, פּונקט ווי די בונדיסטישע פאָלקסצײַטונג, קעגנעריש געווען צו דער העברעאישער באַוועגונג און תרבות־שולן און קולטור־טעטיקייט. געהאַלטן די העברעער פאַר רעאַקציאָנערן, געזידלט זיי און אָנגערופן זיי סאַנטשאָ־פּאַנטשאָס. וועגן תרבות־קאָנפערענץ, וואָס איז דעמאָלט פאָרגעקומען אין קיִעוו, ווערט אין נײַע לעבן געשריבן: „אין דער צײַט, ווען די אַלוועלטלעכע רעוואָלוציע האָט אויפגעציטערט די גאַנצע וועלט, הערשט זיך בשלום ושלוה דער שוואַרץ־בלויער בלאָק, די קלעריקאַל־העברעאיש־ציוניסטישע מערהייט אויף דער אידישער גאַס. אַזאַ לאַגע קען ווײַטער ניט דערלאָזן ווערן". קעגן העברעאיש און די תרבותניקעס, דאָך געפינט זיך אַ מודעה וועגן לערנען העברעאיש. אויף דער ערשטער זײַט פון אַ נומער נײַע לעבן איז געדרוקט אַ טרייסט־מודעה אין העברעאיש פון דער שול־ועדה־קאָמיסיע בײַ דער אידיש־דעמאָקראַטישער קהילה אין קיִעוו צו דעם וויצע־פאָרזיצער פון דער „ועדה האסכולתית" א. י. סלוצקי, אויף דעם טויט פון זײַן פרוי ביילע, וואָס איז געווען אַ העברעאישע לערערין.

נײַע לעבן אָטעמט מיט רעוואָלוציע אין אַנדערע לענדער. עס ווערן ברייט באַהאַנדלט די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען אין אויסלאַנד. פיל פּלאַץ איז אָפּגעגעבן צו דער דײַטשער רעוואָלוציע. עס זײַנען דאָ אָריגינעלע אַרטיקלען און איבערגעזעצטע פון „פּראַוודאַ". אַזוי קומט אַ פעליעטאָן וועגן „די יוגנט באַוועגונג אין איראָפּע" — די פאַראייניקונג פון סאָציאַליסטישע יוגנט, זייער פּראָגראַם און זשורנאַלן, צווישן זיי ווערן אויך דערמאָנט די „פּועלי־ציון" אויסגאַבעס אין אַמעריקע. דער פעליעטאָן אַרום דער שול־פראַגע אַנטהאַלט פּובליציסטישע אַרטיקלען וועגן די פאַר־קאָנפערענצן פון די „פּועלי־ציון" אין אוקראַיִנע און די קאָנסטיטוציע פון דער רוסישער סאָציאַליסטישער פעדעראַטיווער ראַטן־רעפּובליק און דער סאָציאַלער רע־

וואָלוציע. עס וואַרפן זיך אויך דורך אין פעליעטאָן דערציילונגען ווי יונה ראָזענפעלדס „דורכגעפאַלן", בנציון בהרבס „אוספּיציעס" און דער „ציגנבאָק"; ל. קוויטקאָס טאָגבוך נאָטיצן „פון טונקעלען רוסלאַנד" און שירים. לידער זײַנען געווען געדרוקט פון משה לייב האַלפּערין און משה באַשעוועצאַק. דעם ערשטנס אַ פּרעכטיק ליד „די זון וועט אונטערגיין"... מיט אַ פאָלקלאָריסטישן מאָטיוו, איבערגעדרוקט פון אַמעריקאַנער צײַטונגען. דעם צווייטנס ליד פון אַ „דור המדבר"־ציקל, איז אַ צײַט־ליד, וואָס די ערשטע סטראָפע „און שוואַכע שטייען אָפּ אין וועגן און שמאַכטענדיקע וואַרטן בלײַבן... און זײַנען שוין אין קבורה־קליד געקליידט און קברים זײַנען שוין פאַר זיי פאַרגרייט".

אין פעליעטאָן איז אויך אָפּגעגעבן פּלאַץ פאַר ליטעראַטור־קריטיק. נ. אויסלענדער שרײַבט אַ סעריע „ליטעראַרישע שמועסן", עטלעכע המשכדיקע פּרקים. אין ערשטן, „דער צושטאַנד פון דער ייִדישער קריטיק", ווײַזט אָן אויף דער אידעענלאָזיקייט פון דער ייִדישער קריטיק און טרעט אַרויס קעגן אַרט קריטיק פון דובנאָוו, ניגער, בעל־מחשבות און ש. הירשקאָן. דער צווייטער קאַפּיטל „דער גלגול אין דער ייִדישער פּאָעזיע" — וועגן סעגאַלאָוויטשעס און בראָדערזאָנס לידער. וועגן הירשקאַנס קריטישע עטיודן איז אין נײַע לעבן וו. לאַצקי־בערטאָלדי אַרויס אין אַ פּאָלעמיק מיט מ. ליטוואַקאָוו, וואָס האָט אין די נײַע צײַט שאַרף אַרונטערגעריסן דעם בוך. לאַצקי־בערטאָלדיס פּאָזיטיווע מיינונג, ווי אַן ענטפער ליטוואַקאָוון, האָט די נײַע צײַט ניט געוואָלט דרוקן, און דאָס נײַע לעבן האָט דאָס געדרוקט ווי בריוו אין רעדאַקציע, צוגעבנדיק אַ הערה: „מיר גיבן אָרט דעם בריוו פון געערטן ה. לאַצקי כדי געבן אַ מעגלעכקייט דעם צווייטן צד זיך אַרויסצוזאָגן". עס איז צו דערמאָנען אַז דאָס נײַע לעבן איז מיטן דרוקן דעם בריוו אויך אויסן געווען צו קאָמפּראָמיטירן זייער קעגנערישן ליטוואַקאָוו. אין אַ געגראַמטן קליין־פעליעטאָן „די נסיעה" ווערט ליטוואַקאָוו צוזאַמען מיט ראַפּעסן — ביידע אידעאָלאָגישע שונאים — אויסגעחוזקט.

עס איז צו דערמאָנען, אַז דאָס נײַע לעבן איז געדרוקט מיט דער נײַער אָרטאָגראַפיע און אין נומער 22 (פון 10טן מערץ 1919) איז געבראַכט אַ „פּראָיעקט פון דער נײַער ייִדישער אָרטאָגראַפיע".

מער סאָציאַליסטיש ווי ציוניסטיש, און מער באָלשעוויסטיש ווי פּועלי־ציוניסטיש נעמט דער י.ס.ד.א.אַ.פּ. דורך איר אָרגאַן אַ ניט ייִדישע שטעלונג צו די פּאָגראָמען און שחיטות אויף ייִדן, אָן אַ ציטער אויף די ימען בלוט וואָס האָבן דעמאָלט געפלאָסן, שרײַבט ש. ז. (זשידאָוויעצקי) אין איינעם פון זײַנע טאָג־שטריכן: „שוין לאַנג צײַט צו באַטראַכטן די פּאָגראָם־אַגיטאַציע ניט אַלס ריין אידיש ענין, נאָר אַלס איינעם פון די אויסגעפּרוּווטע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע מיטלען פון דער צעפאַלענער, צעפוילטער רעאַקציע, וועלכע זוכט פאַרשיידענע וועגן, פּרוּווט אַלעס אום נור צו ראַטעווען איר קיום". — ניט מער און ניט ווייניקער ווי קלעריקאַלע אַנטי־באָלשעוויסטישע אַגיטאַציע!

נומערן פון צוויי וועכנטלעכע פּאַרטיי־אָרגאַנען זײַנען 1918—1919 דערשינען אין קיִעוו: ייִדישע פאָלקסבלאַט און צײַט־פראַגן. דער צווייטער, אָרגאַן פון די רעכטע בונדיסטן, רעדאַקטירט דורך א. ליטוואַק. דערשינען בלויז איין נומער, דעם 19טן פעברואַר 1919. דער ערשטער — אָרגאַן פון דער ייִדישער פאָלקספּאַרטיי, געגרינדעט אין 1917 אין פּעטראָגראַד, דורך י. עפּרויקין און נ. שטיף, וועלכע זײַנען אויך געווען די רעדאַקטאָרן פון בלאַט. אין 1918 איז די בלאַט אַריבער קיין קיִעוו און אַרויס דורך דער קאָאָפּעראַטיווער געזעלשאַפט „אידישער פאָלקס־פאַרלאַג", רעדאַקטירט דורך וו. לאַצקי־בערטאָלדי און נ. שטיף.

דער ערשטער נומער איז אַ טאָפּלטער (1־2), קליין פאָרמאַט, און האַלט 80 שפּאַלטן, דערשינען דעם 6טן דעצעמבער 1918. פון אַ מודעה סוף נומער: „אָנהייב דעצעמבער הײַ־יאָר ערשײַנט ווידער דאָס וואָכנבלאַט ייִדישע פאָלקסבלאַט. די רעדאַקטאָרן און מערסטע שרײַבער פון פאָלקסבלאַט זײַנען געווען פאָלקיסטן און גלות־אויטאָנאָמיסטן. די אַרטיקלען זײַנען געשריבן אי מיט האַרץ און אי מיט קאָפּ, מיט שכל און געפיל, נעמען די טאָג־געשעענישן אַרײַן אין ראַמען פון דורות, באַלײַכטן זיי פון אַ היסטאָרישן אויפפאַסונג. שרײַבט לאַצקי־בערטאָלדי אין אַ פעליעטאָן וועגן „די אַלטע דעמאָקראַטיע": „אין יאָר 1755, נאָך דער ערד־ציטערניש אין ליסאַבאָן, איז צוזאַמען מיט די אומשולדיקע מענטשן־קרבנות געפאַלן אויך אַ גרויסער גאָט: דאָס גלויבן אין השגחה־פּרטית, אינם וואַכן פון אייבערשטן איבער איטלעכעס מזל. און דעמאָלט איז אויפגעשטאַנען אַ נײַער גאָט: דער מענטש האָט אָנגעהויבן גלייבן אין זיך אַליין, אין זײַן נאַטירלעכן שכל. פּאָליטישע און סאָציאַלע פרײַהײַטס־אידעאַלן, טעכניק און וויסנשאַפט זײַנען געווען די קינדער פון דעם דאָזיקן נײַעם גלויבן, נאָר אָט איז געקומען די וועלט־מלחמה פון 1914 און עס האָט זיך אויסגעדוכט דער אינטעליגענץ פון אייראָפּע, אַז אַצינד האָט באַנקראָטירט דער גלויבן פונם מענטשן אין זיך אַליין".

דער ערשטער אַרטיקל פונם נומער אין פּוילן, פון ש"ן, באַהאַנדלט די טראַגעדיע פון די ייִדן אין דער באַפרײַטער פּוילן. פּוילן — ווערט געזאָגט — איז געוואָרן אַ נעסט פון מיטלאַלטער, פון אינקוויזיציע אויף ייִדן, וואָס האָט ניט געהאַט איר גלײַכן אין דער גאָרער וועלט. שמעון דובנאָווס אַרטיקל, „וואָס האָבן מיר צו טאָן אויף דעם שלום־קאָנגרעס"? וואָס איז געשריבן גלײַך נאָך דעם ווי דײַטשלאַנד האָט אָנגעבאָטן אַ שלום־פאָרשלאַג, אין וועלכן די הויפּט־פאָדערונג איז געווען, אַז מען זאָל אונדז אָנערקענען אָפיציעל פאַר אַ נאַציע,

וואָס האָט אירע נאַציאָנאַל־אויטאָנאָמישע פאָדערונגען, אַזוי ווי אַלע קולטור־פעלקער".

אין ייִדישע פאָלקסבלאַט איז אין 3 אַרטיקלען פון א. פערלמאַן און י. עפרויקין באַהאַנדלט „דאָס פאַראייניקטע רוסלאַנד" און „די ווידער־פאַראייניקונג פונם ייִדישן קיבוץ אין רוסלאַנד". אין בלאַט האָט מען אויך באַרירט די פראַגע פון „דיקטאַטור אָדער דעמאָקראַטיע" — דער נאָמען פון י. עפרויקינס אַרטיקל — אין דער רעוואָלוציע, אין וועלכן ער אַנאַליזירט די דיקטאַטור פון דעם פויער אין אוקראַיִנע. אין זעלבן נומער גיט י. יאַשונסקי אַן אַנאַליז וועגן דיקטאַטור און דעמאָקראַטיע אין דײַטשלאַנד. עס איז דער אָרגאַן פון דער פאָלקס־פאַרטיי, און איז ניט קעגן ציוניזם. און אין דער רעזאָלוציע פון דער פאָלקס־פאַרטיי אויף דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג וועגן ייִדישע פאָדערונגען צום שלום־קאָנגרעס, איז דער לעצטער פונקט וועגן די ייִדישע רעכט „צו שטאַרקן דעם ייִדישן ישוב אין ארץ־ישראל". לאַצקי און שטיף נעמען אָבער אין זייערע אַרטיקלען אַ קעגנערישע שטעלונג צו די ציוניסטן און זייער פאָליטיק, קריטיקירן אָבער אויך די סאָציאַליסטן, די קעגנער פון ארץ־ישראל. אַ גלות־מאָטיוו איז דורכגעדרונגען אין לאַצקיס אַ פעליעטאָן טאַקע מיטן נאָמען „די שכינה אין גלות", אַ היסטאָרישער וויכוח צווישן אַ מקובל און אַ רב וועגן גאולה, בענקשאַפט און חבלי־משיח. דער שרײַבער ברענגט אַרויס די אידעע מען זאָל ניט פאַרפירט ווערן פון כלומרשטע נביאים און כלומרשטע משיחים, ווי דער רב זאָגט צום מקובל, און דער וויכוח ענדיקט זיך אויך מיט דעם רבס רייד, אַז עס זאָל זיך ניט „אויסלאָזן מיט שמד"... בײַם סוף פון ערשטן נומער קומט אַ ליד „האַרבסט" פון פרץ מאַרקיש, וואָס איין שורה: „איך גיי אַרום צעמישט", איז זייער צוגעפּאַסט צו דעם פאַרטיי־טומל און צעמישעניש וואָס שפּיגלט זיך אָפּ אין דער דאָזיקער שטורמישער צײַט אין די פאַרטיי־אָרגאַנען אין קיִעוו — אַ דור המבול.

דער ערשטער נומער איז „ערלויבט פון דער קריגסצענזור, דעם 4טן דעקאַבער, 1918", איז אָנגעגעבן סוף נומער. דער דאַטום פון צווייטן נומער, אויך אַ טאָפּלטער: 3־4, איז 31 דעצעמבער, 1918.

אין צווייטן נומער איז דאָ צבי הירשקאַנס אַ קורצער אַרטיקל וועגן מענדעלע מוכר־ספרים און אַ רעצענזיע איבער ד"ר מ. זילבערפאַרבס (געוועזענער מיניסטער פאַר ייִדישע ענינים אין אוקראַיִנע), „דאָס ייִדישע מיניסטעריום און די ייִדישע אויטאָנאָמיע אין אוקראַיִנע". דאָס ייִדישע פאָלקסבלאַט איז דערשינען אין דער קורצער צײַט ווען די דעמאָקראַטיע האָט גובר געווען די דיקטאַטור אין אוקראַיִנע, און דער רעצענזענט פון זילבערפאַרבס בוך ענדיקט זײַן רעצענזיע: „איצט ווען די דעמאָקראַטיע איז ווידער געקומען צום רודער און מיר קאָנען שוין ווײַטער אָנהייבן שפּינען דעם איבערגעריסענעם פאָדעם, האָט דער באַריכט פון דעם ערשטן ייִדישן מיניסטער אויך אַ פּראַקטישע באַדײַטונג פאַר אונזער כלל־אַרבעט".

אין אַ צײַט פון קאַמף פאַר דער ייִדישער אויטאָנאָמיע זײַנען די צוויי טאָפּלטע נומערן פון ייִדישע פאָלקסבלאַט דערשינען און באַלויכטן דעם קריזיס פון דער ייִדישער אויטאָנאָמיע איידער זי איז אָפּגעשאַפט געוואָרן. עס איז אַ לעבעדיקער שטורעמדיקער אָרגאַן געווען, געשריבן מיט קלאָרקייט און פּאַטאָס. „אַט די געשאַפענע פּאָליטישע לאַגע מוז מען באַגרײַפן, געהעריק אָפּשאַצן און מאַכן דעם נייטיקן אויספיר, וועלכער זאָל שטימען מיט דער צײַט", שרײַבט מאיר גראָסמאַן אין אַן אַרטיקל „וואָכעדיקע טעג". אַזוי באַלײַכטן אויך א. קאָראַלניק פּאָליטישע און ליטעראַרישע עסייען.

נאָך דער מלחמה האָט זיך געפילט אַ נויטווענדיקייט אין אַ פּעדאַגאָגישן זשורנאַל אין ייִדיש, און דאָס איז דערפילט געוואָרן מיט דעם חודש־זשורנאַל שול און לעבן, וואָס האָט געגומען דערשײַנען אין קיִעוו דעצעמבער 1918, אַלס „אָרגאַן פון ייִדישן דעמאָקראַטישן לערער־פאַרבאַנד", דורך דער בילדונגס־סעקציע בײַ דער „קולטור־ליגע" אין קיִעוו. אָנשטאָט אַ פּראָגראַם־אַרטיקל ווערט אין ערשטן נומער דערציילט וועגן דעם חורבן וואָס די מלחמה האָט געבראַכט אויף דער ייִדישער שול און די מלחמה־קללה, וואָס איז געפאַלן אויפן קינדס קאָפּ, באַרויבנדיק אים פון דאָס שענסטע און דאָס הייליקסטע, און איצט, אַז עס איז געקומען אַ סוף צו דער מלחמה פילט זיך נאָך אַלץ דער פאַרגאַנגענהייט־קאָשמאַר. עס ווערט געזאָגט: „אומערטרעגלעך איז געווען די לאַגע פונם לערער אין דער צײַט פון דער מלחמה. ער, וועלכער האָט תמיד געשילדערט די אומאויפהערלעכע אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, וואָס שטײַגט אַלץ העכער אַרויף, וועלכער האָט זיך געמיט צוצובינדן זײַנע תלמידים צו דער מאָדערנער קולטור און מאַכן ליב און טײַער אין זייערע אויגן אירע נײַע באַשטרעבונגען און פּערספּעקטיוון, — ער איז מיט אַמאָל געבליבן שטיין אַ פאַרשעמטער, אַ באַגנבעטער... מענטשן — הרגענען, קוילן, שטעכן איינער דעם צווייטן..."

„אַ קללה האָט פאַרכאַפּט די גאַנצע וועלט און איז אויפן קאָפּ פון קינד געפאַלן"... שול און לעבן איז געווען אַ פּעדאַגאָגישער זשורנאַל מיט ערנסטע אַרטיקלען וועגן דערציאונגס־פּראָבלעמען און שול־פּראָבלעמען, אין אָנהאַנג מיט דער רעוואָלוציע, אין אַלגעמיין און ייִדישע דערציאונג בפרט, וועגן לימוד פון ייִדיש און אַלגעמיינע לימודים איז געווען רײַך אין רובריקן ווי „פון שול און לעבן", און „פון שול־לעבן", שול אין בילדער, קריטיק איבער פּעדאַגאָגישע און קינדער־ליטעראַטור, און אַ רײַכע כראָניק וועגן חינוך־ענינים, ייִדישע און אַלגעמיינע. עס האָט געזאָלט זײַן דער זשורנאַל פון און פאַרן לערער. „שול און לעבן — ווערט גע־

זאָגט — איז דורכאויס אײַער זשורנאַל, חברים־לערער. דורך אײַך און פֿאַר אײַך געגרינדעט, דאַרף ער זאַמלען אײַערע כוחות, וואָס זײַנען נאָך דערװײַל צעוואָרפֿן און צעשטויבט. אין אײַער אַרבעט האָט איר ניט פֿאַר זיך קיין גרייטע ירושה פֿון פֿריערדיקע דורות, איר האָט ניט פֿאַר זיך קיין אויסגעטראָטענע וועגן. מיט אײַער אייגענער מי און אַרבעט דאַרפֿט איר זיי אַליין דורכשלאָגן". דער ערשטער נומער האָט אַכציק זײַטן, אויסער דער הילע, און עס באַטייליקן זיך אין אים א. פּ. מוזישטשענקאָ, ח. ש. קאַזשדאַן, א. סלוצקי, א. גאָלאָמב, נ. שאַכער, שמעוני און י. קאַנטאָר.

פֿינף נומערן (צוויי, 2־3 — 4־5, טאָפּלטע) זײַנען רעגלמעסיק דערשינען. דער זעקסטער־זיבעטער נומער האָט זיך צוליב דעניקינס הערשאַפֿט פֿאַרשפּעטיקט אויף זיבן חדשים און דערשינען אין נאָוועמבער־דעצעמבער 1919 (תר"ף). אין אַ מעלדונג פֿון דער רעדאַקציע ווערט געזאָגט: „מען האָט שוין אויפֿן שול און לעבן קיין ערלויבעניש ניט געגעבן. דעמאָלט האָבן מיר גערעכנט אַרויסצוגעבן דאָס בוך ווי אַ זאַמלונג, האָט מען אָבער בײַ אונדז צוגענומען דאָס פּאַפּיר. מיר האָבן זיך געמוזט קליגן און זוכן תחבולות, און די רעדאַקציע איז געווען געצוואונגען דעם כראָניקאַלישן טייל כמעט אין גאַנצן אַראָפּצונעמען".

„און ניט דאָס אַליין. עס איז שוין געווען די צײַט, ווען עס האָט אָפּגענומען דאָס לשון, דאָס קלאָרע וואָרט האָט געמוזט אַרויס פֿאַרשלײערט. „געזעלשאַפֿטלעכקייט" האָט געמוזט פֿאַרבײַטן „רעוואָלוציע".

„די אַלע פּגימות, וואָס וועלן אַרויסטרעטן פֿאַרן אויפֿמערקזאַמען אויג, זײַנען אין בוך געבליבן. זאָל שוין דאָ בלײַבן דער שטעמפּל פֿון דער 'געשיכטע'". דער נומער וואָס האַלט, אויסער דער הילע, 128 זײַטן, האָט אַ רײַכן אינהאַלט. צווישן די באַטייליקטע איז אויך ד"ר פֿישל שניאורסאָן מיט אַן אַרבעט „קאַטאַסטראָפֿאַלע געשעענישן און זייער ווירקונג אויף דער פּסיכיק פֿונם קינד".

די הויפּט קולטור־טוער אין קיִעוו האָבן אין יענער צײַט אויך געלייגט אַ יסוד צו אַ קריטיש־ביבליאָגראַפֿישער זשורנאַליסטיק אין ייִדיש, אַרויסגעבנדיק דורכן „קיִעווער פֿאַרלאַג", יאַנואַר 1919, דעם ערשטן נומער פֿון דעם קריטיש־ביבליאָגראַפֿישן זשורנאַל ביכערוועלט, מיט דער באַטייליקונג פֿון נ. מײַזיל, מ. ליטוואַקאָוו, א. ליטוואַק, י. דאָברושין, יעקב לעשצינסקי, ב. דינאַבורג (דער איצטיקער דינור), ד. בערגעלסאָן און א. טשעריקאָווער. עס זײַנען אַרײַן לענגערע אָפּהאַנדלונגען וועגן ליטעראַטור, רעצענזיעס, ביכער־און זשורנאַלן־פֿאַרצייכענונגען, ליטעראַרישע נײַס און „מאַטעריאַלן צו דער פֿאָרשונג פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור" (רשימה פֿון אַרטיקלען אין זשורנאַלן). עס האָבן געזאָלט אַרויסגיין 8 העפֿטן אַ יאָר. דער ביכער־וועלט אין וואַרשע איז אַ פֿאָרזעצונג פֿון אָט דעם זשורנאַל — דער ערשטער קריטיש־ביבליאָגראַפֿישער זשורנאַל אין ייִדיש.

אין יוני 1919 דערשײַנט אין קיִעוו דאָס ערשטע בוך פֿון חודש־זשורנאַל באַגינען, אויסגאַבע פֿון אַל־אוקראַיִנישן ליטעראַרישן קאָמיטעט, ייִדישע סעקציע. אין אים איז אויך געדרוקט לייוויקס סיביר־לידער „אין שניי" (אונטערגעשריבן לייוויק האַלפּערן), מיט אַ פֿאָרבאַמערקונג פֿון דער רעדאַקציע וועגן זײַן רעוואָלוציאָנערן עבר, זײַן אַרעסט און זײַן פֿאַרשיקונג אויף פֿינף יאָר אין סיביר.

צו די ליטעראַרישע אויסגאַבעס אין קיִעוו איז צו דערמאָנען אַ ייִדיש וואָרט, „אַ פֿרילינג־זומערבלאַט פֿאַר ליטעראַטור, קריטיק און קונסט", רעדאַקטירט און אַרויסגעגעבן דורך ראזעט, און תשרי — ליטעראַריש־געזעלשאַפֿטלעכע בלעטער צום נײַעם יאָר, אַרויסגעגעבן דורכן פֿאַרלאַג „עתיד". בײדע זײַנען דערשינען אין יאָר תרע"ח — 1918.

מיט 1919 ענדיקט זיך מײַן איבערבליק איבער דער ייִדישער פּרעסע אין דרום־רוסלאַנד. פֿון 1920 און ווײַטער פֿאַרשווינדט די אייגנאַרטיקייט פֿון דעם ייִדישן בלאַט, עס פֿאַרשווינדט פֿון דער פּרעסע אין דרום־רוסלאַנד, ווי אין רוסלאַנד בכלל, איר אינדיווידועלע גײַסטיקע און געזעלשאַפֿטלעכע פֿיזיאָנאָמיע. אויס ריכטונגען, בירגערלעכע און פּאַרטיי־אָרגאַנען און אויס אידעען־ראַנגלענישן, אַלע צײַטונגען באַקומען איין פּנים: איין פּאַרטיי־אָרגאַן און איין ריכטונג — קאָמוניסטיש־באָלשעוויסטיש. עס הייבט זיך אָן אַ נײַ קאַפּיטל אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער פּרעסע.

